# דער וואונדער-אוצר
## פון דער יודישער שפראך

פאלקסטימליכע
רעדענסארטען
גלייכווערטלעך
און
אנעקדאָטען

געזאמעלט און דערקלערט
דורך
**יהודה עלזעט.**

ISBN:0-657-12442-7

# דער וואונדער-אוצר

# פון דער יודישער שפּראך.

פאָלקסטימליכע רעדענסאַרטען.

גלייַכווערטלעך און אַנעקדאָטען.

נעזאַמעלט און דערקלערט

דורך

**יהודה עלזעט.**

ערשטער טייל.

**דאָס דאַווענען.**

ווארשא, תרע״ח.

געזעצט אין דרוקערײַ פון אָ. ראָם און א. י. האַלטער, נאָוואָליפּיע 7.

דרוק. „בר. לעווין-עפשטיין, פּאַוויע 88

# Wunderschatz der Jüdischen Sprache.

von

**Jehuda Elset.**

WARSCHAU, 1918.

Gesetzt bei O. Rom und A. I. Halter. Nowolipie 7.

Druck. von Lewin-Epstein, Pawia 38.

# עטליכע ווערטער פון דעם מְחַבֵּר
# וועגן דעם „וואונדער־אוצר" אין אַלגעמיין.

— „דער וואונדער־אוצר פון דער יודישער שפּראַך?" — וועט געוויס פרעגען נישט איינער פון די לעזער מיט דערשטוינונג.

— „יודיש — די אָרימע צוזאַמענגעבעטעלטע שפּראַך — און אַנ׳אוצר און נאָך א וואונדער־אוצר? — אַזוי הער איך שטימען פון אַרום.

לייענענדיג איינינע דייטשע ווערק, דערהויפּט ד"ר שראַדערס „בילדערשמוק דער דויטשען שפּראַכע", „וואונדערגאַרטען דער דויטשען שפּראַכע", „שערץ אונד ערנסט אין דער שפּראַכע", — וועגען דער אונגעהויערער רייכקייט פון דער דייטשער שפּראַך אין בילדער־אויס־דריקען, בלומען־בעפּוצונגען, געזונדען הומאָר און סאַטירע, — האָב איך באֱמת, צו מיין גרויסער שאַנד, געקוקט אויף אונזער שפּראַך, ווי אויף אַ לשון פון בעטלער, וואָס האָבען נישט מעהר, ווי אַ ביסעל אָבגעריבענע אַלטוואַרג אויף זיך און אַלטע טרוקענע ברעקלעך אין טאָרבע.

ווי דערשטוינט בין איך, אָבער, געוואָרען, ווען איך האָב מיך אָנגעהויבען נעהנטער און מיט מעהר בעאָבאַכטונג צוצוהערען צו דער פרישער אומיטעלבאַרער פליסיגער שפּראַך פון אונזער פאָלק. איך האָב אויך מיט מעהר אויפמערקזאַמקייט געלייענט מענדעלי מוכר־ספרים, שלום עליכם[1]) און פּרץ, וועלכע האָבען פערשטאַנען

1) מענדעלי מוכר־ספרים ווערט ביי מיר ציטירט לויט דער אויס־גאַבע פון יאָהר 1913 (פּרעמיע פון „מאָמענט"); שלום־עליכם — לויט דער אויסגאַבע פון „פּראָגרעס". —

ניִשט צו שלאָגען אַ כּפּרה די זאַפטיִגע, בלומען־רײַכע פאָלקסטימליִכע שפּראַך פאַר אַ פריִש־געבאַקענעם, טרוקען־אויסגעקוועטשטען, כּלומר'שט ליִטעראַרישען סטיִל.

גאָט, מײַן אײנציִגער! ווי רײַך, ווי שײן איז דער אוצר, וואָס איך האָב געפונען אײַנגעװעהט איִן די צוזאַמענגעבעטעלטע בגדים! ווי שטײן־רײַך איז די כּלומר'שט אָריִמע שפּראַך! קרח'ס אוצרות האָט זי דאָך!

ווי אויפמערקזאַם איז דער ייִד געווען אויף אַלץ, וואָס אַרום איהם! ווי האָט ער געװאוסט אַלץ צו בעטראַכטען; ווי שאַרף איז זײַן אויג, ווי שאַרף זײַן אויער און דערהויפט זײַן מח, די תּפיסה, דער אײַנפאַל!

און ווי האָט ער פערשטאַנען צו נעמען פון אַלעם, וואָס עס איז נאָר פאַראַן איִן דער ברײטער גאָט'ס וועלט, איִלוסטראַציעס צו בעציִרען און צו בעפוצען זײַן שפּראַך! און ניִשט נאָר גײַסטרײַך, פול מיִט הומאָר, קלוג און שפּיִציִג איז די יודיִשע שפּראַך, ווי עס האָט, לײדער, געמײנט איִן זײַן יוגענד אויך י. ל. פּרץ, שרײַבענדיִג [2]:

„אונזער יודיִש האָט נאָר וויִצען,
„האָט נאָר שפּיִצען, בלאַנקע בליִצען"...

די יודיִשע שפּראַך איז אויך בעפוצט און בעציִרט מיִט כּל־ערלײ דעקאָראַציעס און בלומען, וואָס רײַסען אויף מיִט'ן געשמאַק און זענען אַ פערגעניגען פאַר'ן אויג. און דאָס האָט דוקא מאָרים ראָזענפעלד, מיִט דער בלײַכער, קאָליִרען־אָריִמער שפּראַך זײַנער, ריִכטיִג פערשטאַנען. ער שרײַבט [1]:

„עס קלאָגען מאַנכע גראַמען־פלעכטער,
„דאָס אונזער לשון איז אַ שלעכטער,
„דאָס יודיש איז צו פראָסט, צו טרוקען,
„ער האָט קײן בלומען און קײן פאַרבען
„און קראַצט די זעלע ווי אַ שאַרבען,
„און איז פערוויִערט און מסוּכּן.

---

1) איִן זײַן „מאָגניִש".
2) „יודיש".

— — — — — — — — —

„מײַן שפּראַך איז ברײט, װי אַלע ים'ן
„און שײן, װי מאי אין פֿולען בליהען.
„איך זינג, און מײַנע לידער גליהען
„אין טויזענד-פֿאַרביגע פֿלאַמען".

און אין דער בילדער-גאַלעריע פֿון אונזער שפּראַך זענען די סיטואַציעס, װי געזאָגט, גענומען פֿון אַלץ, װאָס איז נאָר פֿאַראַן אין גאָטס ברײטער װעלט, פֿון יעדען אבר פֿון מענש, פֿון אַלע זײַנע אײגענשאַפֿטען, קלײדער, הױז און װירטשאַפֿט, פֿון דער פֿיזיאָלאָגיע און זאָאָלאָגיע, פֿון הימעל און ערד, פֿון בױמער און געװיקסען, פֿון תנ"ך און גמרא, פֿון אותיות און צאָהלען, פֿון מנהגים און זיטען. און װי רײַך אין צאָהל, װי רײַך אין גײַסט זענען די אַלע רעדענס-אַרטען.

גרױס איז דאָס פֿעלד, װינציג איז אָבער די צאָהל פֿון די אַרבעטער, װאָס זאָלען מיט אָט דער װיכטיגער און העכסט-אינטערעסאַנטער אַרבעט זיך בעשעפֿטיגען.

דאָס זאַמלען פֿון רױען מאַטעריאַל איז אַן אַרבעט אױף יאָהרען, און די אַרבעט, גענוי אױסצופֿאָרשען, דערקלערען און װיסענשאַפֿטליך צו בעאַרבעטען דעם מאַטעריאַל, — איז אַן ענין אױף דורות. בײַ אַנדערע פֿעלקער און אַנדערע לשונות זענען אױף אָט דעם געביט פֿון פֿאָרשען די פֿאָלקס-רעדענס-אַרטען גאַנצע ליטעראַטורען געשאַפֿען געװאָרען, — בײַ אונז אָבער קױם װאָס ס'זענען דאָ סימנים פֿון אַזאַ אַרבעט.

איך האָף אָבער, אַז פֿיעל װעלען דאָך פֿערשטעהן די װיכטיגקײט פֿון דער אַרבעט, און קודם-כל זיך נעמען צו זאַמלען דעם רױען מאַטעריאַל, װײַל, לײדער, דורכדעם, װאָס דער עולם בעמיהט זיך צו רײדען אין דער כלומר'שטער ליטעראַרישער צײַטונגס-שפּראַך, װערען אַ סך אמת'ע פֿאָלקס-רעדענס-אַרטען און אױסדרוקען אַרױסגעשטופּט פֿון געברויך, און אַזױ װערען אױף אײביג פֿון אונז פֿערלױרען װערטפֿולע שפּריכװערטער און פֿאָלקס-אױסדרוקען.

יעדער, װאָס פֿערצײכענט הײַנט די ספּעציפֿיש-יודישע אױסדרוקען, איז אַ משיב-אֲבֵידָה דעם יודישען פֿאָלק.

# ז. דאָס דאַוונען.

איהר געדענקט אַודאי די שײנע סצענקע באַלד אין אָנהויב „פֿישקע דער קרומער", ווי ר' מענדעלע מוכר־ספֿרים פֿאָהרט מיט זײַן בײַדעל שבעה־עשר־בתמוז פֿריה, זיצענדיג אויף דער קעלנע אין טלית־און־תפֿילין, דאַוונענדיג און זאָגענדיג סליחות; און ווי ס'פֿערטשעפּעט זיך אומגעריכט זײַן בײַדעל אָן אַ צווייט בײַדעל פֿון אַ צווייטען מוכר־ספֿרים — אַלטער'ל, — וועלכער זיצט אויך אין טלית־און־תפֿילין, — און בײדע בײַדלעך פֿאַלען אַרײַן אין אַ קאַליזשע וואַסער.

איהר געדענקט אַודאי אויך, ווי זיי נעמען זיך „בײדע אין טליתים מיט גרויסע של־ראש'ן אויף די קעפּ" אַרויסשלעפּען די בײַדלעך, און אַז פֿערבײַגעהער לאַכען און שפּעטען אָב פֿון דעם, „וואָס זײ געהען אָנגעטהון, ווי גלחים, להבדיל, נעבען די פֿערד אין וועג, און דינען דעם בורא מיט דער בײַטש אין האַנד"... מאַכט ר' אַלטער'ל מיט אַ קנײטשעל: פֿאַר וועמען, מ'שטײנס געזאָגט, מען האָט זיך דאָ צושעמען!...

לײענענדיג די סצענקע, און נאָך געשילדערט דורך אַזאַ הומאָריסטיש־סאַרקאַסטישער פֿעדער, ווי אַבראַמאָוויטשעס, ברעכען מיר נישט אײן מאָל אויס מיט אַ געלעכטער פֿונ'ם גאַנצען האַרצען, מיט'ן אמת'ן רײנעם, געזונדען און אָבפֿרישענדיגען געלעכטער.

נאָר הגם דאָס בילד איז געמאָהלט דורך אונזער גרעסטען קינסטלער און מאָלער, קאָן עס דאָך אויף אונז קוים־קוים מאַכען דעם רושם פֿון אַנ'אמת רעאַליסטיש בילד. ס'איז אונז הײַנט עפּעס שווער פֿאָרצושטעלען זיך, ווי מ'פֿאָהרט עפּעס אַזאַ אונטערוועגס, אין טלית־ותפֿילין און מ'זאָגט סליחות אויף דער קעלניע מיט'ן בײַטש אין האַנד.

דאָס איז אָבער געווען „מעשים בכל יום", אַ גאַנץ געוויינליכע און אָפֿטע דערשײַנונג. אונזערע זיידעס און טאַטעס, זײַענדיג זעהר נזהר צו דאַוונען דרײַ מאָל טעגליך, ווי גאָט האָט געבאָטען, האָבען זיך ווײניג־וואָס גערעכענט מיט די אויסערליכע אומשטענדען, און ווי בער יוד איז נישט געווען פֿערנומען, וואו ער האָט זיך נישט געזאָלט געפֿינען, און וואָס ר'האָט נישט געזאָלט טון, — קוים האָט אָנגערוקט די צײַט פֿון דאַוונען, האָט ער גענומען און געדאַוונט, ווי ס'דאַרף צו זײַן, נישט געהיפּט, נישט מקצר געווען. בײַ געוויינליכע מענשען

איז דאָס אויסגעקומען גאַנץ פּשוט און נאַטירליך, און קיינעם האָט זיך עס נישט געוואָרפען אין די אויגען אָבצושטעלען זיך דערויף, נאָר דער קינסטלער פון גאָטס גנאָד האָט פערשטאַנען זיך אָבצושטעלען און אָבצוכאַפּען עס און פעראייביגען מיט זיין קינסטלערישער פעדער.

דאָס אייגענאַרטיגקייט דערפון איז אויך נישט פערבאָרגען געוואָרען פונ׳ם גרעסטען דיכטער, קינסטלער, בעאָבאַכטער און פסיכיאָג — דאָס פאָלק, — וואָס האָט עס גאַנץ בולט אויסגעדריקט אין פאָלגענדער דערציילונג וועגען גרויסען מליץ־יושר און אוהב־ישראל: דעם קדושת־לוי ז״ל.

איינמאָל — דערציילט דאָס פאָלק — האָט ר׳ לוי־יצחק פון בערדיטשעוו געזעהן, ווי אַ פוהרמאַן שטייט און דאַוונט שמונה־עשרה ביי זיין וואָגען און שמירט דערביי אויס די רעדער.

— „אַ גראָבער יונג!“ — רופט אויס איינער פון רבי׳נס סוויטע: — „ביים דאַוונען שמירט ער די רעדער!“

— „ווי אַ הייליג פאָלק האָסט דו, רבונו־של־עולם, — זאָגט אָבער ר׳ לוי יצחק — „אַפילו ווען זיי שמירען די רעדער, דאַוונען זיי אויך!“

מיר ברויכען צו רעכענען, אַז אַזאַ מין פאָלק, וואָס דאַוונט אַפילו ביים שמירען די רעדער, האָט געוויס אויך אין זיין אַלטעגליכער שפּראַך זיך בענוצט מיט ווערטער, אויסדרוקען, בילדער און מאָמענטען פון דאַוונען, הן אין אייגענטליכען זין זייערן, הן די טראַוועסטיעס, פּאַראָדיעס, פּאַראַפראַזען, ווערטלעך און חכמה׳לעך, בכלל: די רעדענסאַרטען פון אַלע מינים.

לאָמיר אָט די דאָזיגע רעדענסאַרטען זוכען און גענוי בעטראַכטען, און דורך זיי תופס זיין דעם בעאָבאַכטונגס־כשרון, שאַפונגס־כח פון פאָלק, און דערביי אויך גענוי פערשטיין דעם אייגענטליכען זין און מיין פון די ווערטלעך, ווען מיר געברויכען זיי אין אונזער לשון, אָדער ווען מיר בעגעגנען זיי ביי אונזערע שריפטשטעלער.

איך געפין פאַר געוואונשען צו בעקענען אויספיהרליכער דאָס פּובליקום, ערשטענס, מיט דער אָבטיילונג פון דאַוונען, ווייל זי איז כסדר אָריגינעל־יודיש, דען די רעדענסאַרטען, וואָס זענען נוגע צום דאַוונען, אָדער גענומען דערפון, פערשטייט יעדער, אַז נאָר דער יודישער מח האָט זיי געשאַפען און בלויז דער יודישער גייסט שוועבט איבער זיי.

## II. דאָס דאַווענען פֿון פּאָרענט.

נאָך דער הקדמה ווערט אונז קלאָר און פֿערשטענדליך, פֿאַרוואָס, ווילענדיג אויסדריקען בילדליך, אַז אַזאַך איז פֿאָרגעקומען כסדר, אָהן איבערהיפּונג, זאָגט מען: „ווי אַ יוד פֿערפֿעהלט נישט דאַווענען".[1]

מיר בעגרייפֿען אויך, וואָס ס'אַנטהאַלט אין זיך דער זלזול: „אומגעדאַווענטער שייגעץ".

ווען איינער זאָגט נאָך דעם צווייטענס רייד וואָרט ביי וואָרט, אָדער נישט בעטראַכטענדיג, צי זיי זענען יאָ ריכטיג צי נישט ריכטיג, — זאָגט מען: „ער זאָגט איהם נאָך, ווי נאָך אַ סידור".[2]

אַ כלה, פֿערציילט מען, האָט מען אַמאָל געגעבען אַ סידור צום דאַווענען; זי האָט אָבער נישט געקאָנט, האָט זי געזאָגט אַ תירוץ, דאָס „זי קאָן נאָר אין איהר מאַמענס סידור". מיט די ווערטער לאַכט מען אויס יעדען שלים־מזל, אַז דאָס, וואָס מען זאָגט איהם נישט, ווייסט ער נישט.

„איך וועל עס אייך זאָגען ווי פֿון אַ סידור"[3], הייסט: כ'וועל עס זאָגען קלאָר און דייטליך, דען עס איז מיר גענוי בעקאַנט.

איינער, וואָס טרעט נישט אָב פֿון זיין „אָקסען־שריט", זאָגט מען, דאָס „ער גייט נישט אַרויס פֿון זיין ראש־חודש־סידור'ל" (וואָס עס בעטייט אַ „ראש־חודש־סידור'ל", איז מיר אומבעקאַנט).

ווילענדיג זאָגען אויף איינעם, אַז ער האַלט נאָך נאָר אין אָנהייב פֿון אַ זאַך, — זאָגט מען: „ער האַלט נאָך אין פּעטריקאָוו". דאָס נעמט זיך דערפֿון, וואָס ס'רוב סידורים'לעך זענען געדרוקט אין דערדאָזיגער שטאָדט, און דער נאָמען פּעטריקאָוו שטעהט געדרוקט אויף די שערים מיט דיקע אותיות. אַלזאָ: ווען

1) מענדעלע־מוכר־ספרים VI, 23: „אַלע טאָג אין דער פֿריה האָב איך בעדאַרפֿט, ווי אַ יוד פֿאַרפֿעהלט נישט דאַווענען, אָבפֿיהרען די ציג אין דער טשערעדע"... —

2) שלום־עליכם, „סענדער בלאַנק" 19. —

3) שלום־עליכם XI, 378. —

מ׳עפֿענט דעם סידור צום דאַוונען, גלײַך בײַם אָנפֿאַנג, האַלט מען בײַ פּעטריקאָוו.

מ׳זאָגט אויך: „ער האַלט נאָך גאָר פֿון פֿאָרענט“[1], אָדער: „ער האַלט נאָך בײַ מה־טובו“, דען ס׳דאַוונען הײבט זיך כּידוע אָן מיט׳ן פּסוק „מה־טובו“.

דעריבער הײסט אויך יעדער אָנפֿאַנג: „מה־טובו“.[2]

נישט גענוג פֿערשטענדליך איז מיר אָבער דער שמועס פֿון איציקעל שאָסטערפֿאַל מיט זײַן טאָכטער[3]. זי זאָגט איהם, אַז נאָכ׳ן ענדיגען די גימנאַזיע האַלט זי ערשט בײַ „מה־טובו“, — זי מוז ערשט אָנהײבען לערנען אין אוניווערזיטעט, — זאָגט ער צו איהר: „האַלטסט נאָך גאָר פֿון פֿאָרענט? ווען וועסטו קומען צו גאָט?“

אָנטועגדיג דעם טלית, וואַרפֿט מען איהם איבער דעם קאָפּ און, בשעת מ׳איז זיך מתעטף, זאָגט מען עטליכע פּסוקים. דער אָנפֿאַנג פֿון זײ איז: „מה־יקר“... דאָס פֿאָלק בענוצט זיך אַ ביסעלע קאַטאָוועסדיג מיט דידאָזיגע צוויי אָנפֿאַנג־ווערטער „מה־יקר“, צו פֿרעגען אויף אַ זאַך, ווי טײַער זי איז. „אַזוי איז דער שטײַנער אַטאַפּ צו טון יענעמס נײַע קאַפּאָטע מיט אַ פֿרעג: מה־יקר? וואָס קאָסט אַנ׳אַרשין“[4].

דאָס איז אויך דער בעהאַלטענער זין פֿון דער פֿראַגע, וואָס מ׳פֿרעגט יונגע לײַט, די ערשטע צײַט נאָך דער חתונה, צי זײ קאָנען שוין „מה־יקר“. הײסען הײסט עס כּלומר׳שט, מ׳פֿרעגט זײ, צי זײ קאָנען דידאָזיגע פּסוקים, וואָס ס׳קומט אוים באַלד פֿון אָנפֿאַנג צו זאָגען פֿון אויסווייניג, ווײַל די אויגען זענען דאַן פֿערשטעלט מיט׳ן טלית. אין דערדאָזיגער, אויפ׳ן ערשטען בליק, פּשוטער פֿראַגע, ליגט אָבער בעהאַלטען אַ צווייטע פֿראַגע: צי זײ ווייסען שוין, „ווי טײַער ס׳קאָרן גילט“?

אין דערדאָזיגער תּפילה בעגעגענען מיר ס׳ערשטע מאָל אין דאַוונען דאָס וואָרט „וצדקתך“, וואָס ס׳פֿאָלק בענוצט עס אויף אַ מענש, וועלכער איז צו־פֿרום, וואָס מוז זײַן אַ סימן, אַז ער איז אַ

---

1) שלום־עליכם XI, 250; „יאָסעלע סאָלאָוויי“ 70, 149. —

2) שלום־עליכם XII, 273; XIII, 163: „און ווידער די אַיגענע געשיכטע פֿון „מה־טובו“; VIII, 177: „מען האָט איהם גענומען ווידער אַמאָהל פֿון „מה־טובו“ בעטראַכטען“. —

3) שלום־עליכם, „מבול“, 35. —

4) מענדעלע מוכר ספרים, ב. 1, ז. II. —

בעהאַלטענער, פֿערשטעלטער רשע, ווי עשו, אַ שטייגער, מיט זײַנע שאלות וועגן מעשר׳ן שטרוי און זאַלץ[1].

דאָסדאָזיגע וואָרט „וצדקתך" אין אָט דעם זין געפֿינען מיר ס׳ערשטע מאָל אין ספר „קב־הישר", פּרק נ״ב, מיט אַ גאַנצער מעשה דערויף. פֿון דאַנען איז דאָס וואָרט מיט דער מעשה געוואָרען פּאָפּולער בײַם פֿאָלק. פֿון וואַנען נעמט זיך, אָבער, אַרײַנצופֿלעגן אין אָט דעם וואָרט דעם דערמאָנטען אינהאַלט, איז מיר אַביסעל נישט קלאָר. זאָל דאָס הייסען, ווײַל „ויו מוסיף על ענין ראשון"? אַלזאָ, זאָל דאָס הייסען, פֿרומקייַט מיט אַ צולאָג? און „וואָס צו, איז איבריג", זאָגט ס׳פֿאָלק[2]. — וואָלט דאָך שוין בעסער געווען אָנצורופֿען „וצדיק", אַזוי ווי מען זאָגט אויף אַן׳איבערגעשפּיצעלטען חכם להרע — „וחכם"!

איך מאַך נאָך אויפֿמערקזאַם, אַז אין פֿאָלקס־מויל קלינגט אין אָט די צוויי ווערטער דער עיקר דער אָנפֿאַנג: „וועה" — „וועה־חכם", „וועה־צדקתך"... אויף דעם ברויך מען זיך אָבער נישט אָבצושטעלען, דען אויך אָדר שני, „ואדר", רופֿט מען אָן: „וועה־אדר".

אויף אַן׳עגאָאיסט, וואָס קוקט נאָר פֿאַר זיך — ער וויל פֿון יעדער זאַך האָבען אַ טובה, — זאָגט מען, דאָס „ער זאָגט נאָר מה־טובו!" ד. ה. ער דרשה׳נט נאָר פֿאַר זיך, דען, ווי בעקאַנט, קלינגט אין יודיש אָפּט די פּתח מיט אַ נאָז־קלאַנג, קומט אויס: „מה־טובו" — „מײַן טובה".

נאָך „מה־טובו" זאָגט מען: „אדון־עולם". דאָס האָט געדינט דעם פֿאָלק צו דעם שענעם גלייַכוווערטעל: „ס׳זאָגט קיינער נישט אדון־עולם, אַז עס איז נישט פֿריהער מה־טובו" — ווען איינעם געהט צוערשט גוט, דאַנקט ער ערשט שפּעטער גאָט דערפֿאַר[3].

מ׳בענוצט אָבער דאָס שפּריכוואָרט אין אַלגעמיין צו זאָגען, אַז נאָר ווען מ׳האָט פֿון איינעם אַ טובה — קען מען איהם זײַן אַ גוטער פֿרײַנד און ליבען און ריהמען.

די ווערטער פֿון „אדון־עולם": „ואחרי ככלות הכל",

1) שלום־עליכם X 152: „אָט די וצדקתך נעהע"... —

2) שלום־עליכם VII, 135, XI, 193. —

3) איגנאַץ בערענשטיין „יודישע שפּריכווערטער" (ווארשע 1908) אדון עולם". —

ווערען בענוצט אין יורדיש צו בעצייכענען, אז ס׳איז שוין נאך אלעמען[1].

נאך יענע פיזיאלאגישע טאטען, צו וועלכע „דער קיזוער קאן קיין שליח ני־שט שיקען״, זאגט מען די ברכה: „אשר יצר״... דאס פאלק אין זיין רייכער און שענער איינהילונגס־שפראך בענוצט זיך דערמיט אנצורופען פאפיר, וואס ווערט דאן געברויכט,— „אשר־יצר־פאפיר״. פון דאנען האט זיך נאכהער ענטוויקעלט, דאס אויף א וועקסעל, א כתב א. ד. ג., וואס האבען פערלוירען זייער ווערט און טויגען שוין צו גארנישט, זאגט מען, אז „ס׳איז גוט אויף אשר־יצר...״ (פאפיר)[2].

אויף איינציגע ערטער ביי ממ״ס געפינען מיר די אויסטערלישע ארט רעדען: „סיור־בור ומפליא לעשות״. ערשטענס, מוזען מיר זעהן, אין וואס פאר א זין דיזאזיגע ארט רעדען ווערט בענוצט. אין „ווינשפינגעריל״ 365 לייענען מיר וועגען אקציזני־קעס: „דעם ראוונען פלעגען זיי אבמאכען בקיצור, ווי מען זאגט סיור־בור ומפליא לעשות״. אין „פישקע״ 96 לייענען מיר: „איך האב עס אבגעמאכט בקיצור שבת־שטעך, סיור בור ומפליא לעשות״. דער געדאנק פון אט דעם אויסדריק קומט אונז ארויס קלאר: דא וויל מען זאגען, אז מען האט געמאכט א זאך איינס־צוויי און אוועק פון דער האנד, בקיצור — בקיצור!

פון וואנען נעמט זיך אבער דיזאזיגע משונה׳דיגע רעדענסארט?

אין פאלקס־מויל האב איך געהערט דערויף זאגען: „ער מאכט עס שור בור״. געהערט האב איך אויך: „ר׳מאכט עס שור בור״. די לעצטע ארט גיט אנצוגעהערען אן שור בור פון די ארבעה אבות נזיקין,— שיינט, אז אט דער אויסדריק האט א שייכות צו די לעצטע דריי ווערטער פון דער גרעסערער ברכה: „אשר יצר״, וואס א יוד קומט אוים צו זאגען א סך מאל אין טאג[3]), און וועלכע ענדיגט זיך מיט די ווערטער: „רופא כל בשר ומפליא לעשות״. ווען איינער מאכט די ברכה אין איי־לעניש, געשווינד, זייענדיג פערנומען, בפרט אנ׳עם־הארץ, קאן איהם

1) שלום־עליכם VII, 11: „ס׳איז שוין אחרי כבלות הכל״.—
2) איגנאץ בערנשטיין („וועקסעל״): „זיינע וועקסלען ועגען גוט אויף אשר־יצר׳לעך״.—
3) מענדעלע מוכר ספרים—XII („א סגולה צו צרות״ 3): „אשר־יצר זאגען הונדערט מאל אין טאג״.—

אויסקומען דאָס וואָרט „בשר"—„סר־בר", וואָס קלינגט ענליך צו „שור בור" פון די אבות נזיקין.—

ווען די זאַך זאָל זיין אַזוי, וועלען מיר אויך בעגרייפען דעם אַנדער־ען זין פון דער דאָזיגער נישט קלאָרער רעדענסאַרט, ווי מיר געפינען זי ביי ממ"ס אויף אַנ'אַנדער אַרט [1]: „אַזוינע מיינע סטאַטיי־קעס (אַרטיקלען), אין וועלכע ס'איז אויסגעמישט בוידעם־פּאָלעצע, סיור בור ומפליא לעשות" [2]).—

בדרך הלצה זאָגט מען אויף מענשען, וואָס האָבען ליב צו לערנען, ווען אַלע הערען און זעהען, דאָס זיי זענען מקיים „ותלמוד תורה כנגד כלם".

פון דער פרשת העקדה, אין וועלכער עס שטעהט אַסך מאָל איבערגע'חזר'ט דאָס וואָרט „נַעַר", האָט זיך דאָס פאָלק אויס־געזוכט עטליכע שטעלווערטלעך פאַר די „חזנים־נאַראָנים". אַזוי זאָגט מען, אַז דער עמוד שטעהט און רופט: „מי פֶּתִי יסיר הנה!" [3]), ענטפערט דער חזן: „אני והנער נלכה עד כה".—
אויך זאָגט מען, אַז „אַ חזן טאָר מען קיין שלום־עליכם נישט געבען". שטאַמען שטאַמט די זאַך פון דער צייט, ווען ס'האָבען זיך געפונען פיל וואַנדער־חזנים, וואָס זענען געפאָהרען פון שטאָדט צו שטאָדט דאַוונען. צום דאַוונען הערען האָבען זיך, פער־שטעהט זיך, געפונען אַסך אַמאַטאָרען,— ווייניג בעלנים האָבען זיך אָבער שפּעטער געפונען, וואָס זאָלען וועלען צוזאַמענשאַפען דעם חזנ'ס האָנאָראַר. דער אומגליקליכער חזן האָט זיך געמוזט אָנטשעפּען אין די ווייניגע בעקאַנטע, וואָס ער האָט בעת זיין קורצען זיין אין שטעדטעל זיך געשאַפט. פאַר די בעלי־בתים איז בכן געווען געוואונשען זיך צו האַלטען פונדערווייטענס פון דעם וואַנדערנדיגען קינסטלער און נישט ווערען מיט איהם „פאַן־בראַט". דאָס פאָרזיכטיגע פאָלקס-אויג האָט געזעהען, אַז ס'לוינט איהם באַלד דעם ערשטען שלום־עליכם נישט צו געבען, כדי ער זאָל זיך נישט ווייטער טשעפּען, און מ'האָט די קלוגע עצה אָנגעשפּאַרט אָן פסוק פון דער עקדה: „אַל תשלח ידך אל הנער".

פון סדר־הקטרת האָט מען זיך געבאָרגט אויסדרוקען צו.

---

1) XII, „אַ סגולה צו יודישע צרות", 4. —
2) זעה שלום-עליכם, XIII 252: „האַ־חאַ כלי־זמרים, גריזלצערים „שאָרים, באָרים!"— פערגלייך אויך מיט'ן דייטשען "Schurr-murr"
3) „משלי".—

בעצייכנען נאָר דאָס ערגסטע און גאָר ס'בעסטע. זעהענדיג אין דער וועלט, אז בלויז גוטס, אָהן צומישונג פון שלעכטס, איז נישטאָ, האָט מען דערצו גענומען אַ בייַשפּיל פון דעם, וואָס לויט די חז"ל (כריתות ו') איז חלבנה, איינס פון די עלף מינים געווירצען פון קטורת, געווען גאָר פון שלעכטען, איבלען געשמאַק, און דאָך האָט מען עס גענומען „צו די קטורת. פון דעם ווערט יעדע אויסמישונג פון שלעכטס און גוטס, ווי אַ שטייגער, אַ נידריגער אונווירדיגער מענש אין אַ גוטער געזעלשאַפט א. ד. גל., אָנגערופען „חלבנה". אַזוי זאָגט אויך דאָס שפּריכוואָרט[1]: „אין די קטורת איז דאָ חלבנה און אין דער פיינסטער משפחה איז פאַראַנען אַ משומד".

נאָר אַזוי ווי אָט דער אויסדרוק, וואָס בעצייכענט דאָס שלעכטע, איז גענומען אויף אַ גאַנץ ערנסטען אופן, אַזוי איז דער צווייטער אויסדרוק, צום בעצייכנען דאָס גוטע, גענומען נאָר אויף אַ חוזק'דיגען אופן. צו די קטורת האָט מען גענומען „יין קפריסין". אַלזאָ, בעצייכענט דאָס פאָלק אַ זאַך גאָר אַ גוטע מיט'ן נאָמען „קפריסין'דיג"[2].

פון די ווערטער פון קטורת: „חמר חורין עתיק, מלח סדומית", נעמט אויך דאָס פאָלק, על פּי הלצה, אַז „דער מלך פון סדום האָט געהייסען אַנטעק" (Antek): „עַתִּיק מלח סדומית". אויך דאָס האָט אַ שייכות מיט דעם, וואָס מען פלעגט די גע'פּתח'טע „עין" אויסרעדען, ווי די פראַנצויזישע „ען".

די ווערטער „שיריים לחצאין" טייַטשען חסידים: „שיריים העלפט".

דער יוד, וואָס איז געוועהנט מיט צרות מכל המינים, האָט זיך געמאַכט אַ ווערטעל אפילו אויף נשרפים, איינס פון די גרעסטע און אָפּטסטע יודישע אומגליקען, — און ער רופט זיי אָן „פרים הנשרפים", גענומען פון „איזהו".

ביי שלום-עליכם'ן[3] געפינען מיר נאָך אַזאַ מין אויסדרוק: „פון די אמת'ע פרים הנשרפים, וואָס אין סידור".

און דעריבער איז אויך נישט אינגאַנצען משוגע יענער עם־הארץ, וואָס פערשטעהט, נעביך, נישט דעם שפּאַס, און אַז ער קומט צו צו „פרים הנשרפים", דערמאָנט ער זיך נעביך אָן דעם טרויריגען גורל פון די נשרפים און וויינט ביטערליך.

---

1) איגנאַץ בערנשטיין „חלבנה". —

2) מענדעלע מוכר ספרים, „פרזיזו", 9, 51: „אַ בחור אַ חתן, טאַקי גאָר קפריסין"; שלום עליכם VII, 82; „טאַקי עפּעס קפריסין". —

3) „כתבים פון אַ וואָיאַזשער" 204. —

אין די פאַריגע יאָהרען, בעת דער מסחר מיט וואַלד איז געַ־ווען פערשפּרייט ביי יודישע גבירים, פלעגען זיי האָבען מענשען אין די וועלדער, וועלכע דאָס פאָלק פלעגט סתם רופען „שרייבער". — געוועהנליך פלעגען אין אַזאַ וואַלד זיצען צוויי אַזעלכע שרייבערס און פיהרען דאָס געשעפט. גאַנץ אָפט האָט זיך געטראָפען, אַז די צוויי „שרייבערס" האָבען נישט געלעבט בשלום און זיך אַרומגעריסען, אויפוויַיזענדיג איינער דעם צווייטענס גנבות, און דער סוף פלעגט זיין, אַז ס'איז געקומען אַ דריטער שרייבער און זיי ביידע פון ברויט געבראַכט. אויף אַזאַ מין געשעהעניש פלעגט מען פאַראָדיש טייטשען דעם סוף פון די ברייתא דר' ישמעאל: „שני כתובים[1]) המכחישים זה את זה עד שיבא הכתוב השלישי ויכריע בניהם"[2]) דאָס ווערט אויך בכלל בענוצט, ווען צוויי רייסען זיך אַרום, און מ'זעהט פאָראויס דעם סוף, אַז ביידע וועלען אַ מפלה האָבען, און אַ דריטער גאָר וועט דערפון געניסען.

דער עולם האָט בעמערקט, אַז בחורים האָבען אַ בעזונדערע שוואַכקייט צו האָבען מעסערלעך צו שניצען, צו מייסטרעווען און צו פּרעזענטירען מיט זיי, — דעריבער זאָגט מען אַלס פאַראָדיע אויף דער משנה פון „איזהו מקומן": „הבכור והמעשר" — „הבחור והמעסער". אויף אַ בחור אַ עזות פּנים מיט אַ שאַרפער צונג און אַ ביַיסענדיג מויל, זאָגט מען ווידער: „אַבחור ווי אַ מעסער".

אַז מען וואַרפט אַרויס פון אַ שטוב, פון אַ חברה א. ד. ג. עטליכע פּערשוין, איז פאַראַן דערויף אַן אַלטע יודישע רעדענסאַרט: „יוחנ'ע וואָן! ישמעאל וואָן!" וואָס לאַפט מען עפּיס אָן פונקט די נעמען יוחנן און ישמעאל? — כ'האָב געהערט, אַז דאָס זאָל זיך בעציהען צו אַן אַנעקדאָט וועגען אַן אַרענדאַר, וועלכען עס איז בעזונדערס שווער אָנגעקומען אין דאַווענען די ברייתות פון ר' ישמעאל אין „איזהו" און פון ר' יוחנן צום סוף פון „ויתן לך". דעריבער, אַז ער האָט געגעבען זיין סידור צום איינבינדער צו בינדען, האָט ער איהם אָנגעזאָגט, די דערמאָנטע ערטער אַרויסצווואַרפען פון סידור: „יוחנן וואָן און ישמעאל וואָן!"

אַז איינעם פערדריסט, וואָס דער אַנדערער זאָגט איהם אַדעה אין זיינע ענינים, זאָגט ער: „מיין סידור — מיינע גריַיזען!" — אַזוי זאָל האָבען געענטפערט אַ עם־הארץ איינעם, וואָס האָט איהם אויפמערקזאַם געמאַכט אויף זיינע גריַיזען.

1) „צוויי שרייבערס". —

2) „ביז עס קומט אַ דריטער שרייבער און לעגט אַוועק זייערע קינדערלעך". —

## III. פְּסוּקֵי דְזִמְרָה.

מ'הייבט אָן שחרית מיט „מזמור שיר חנוכּת״. — דעם פּראָסטען יוד, וואָס איז געווען שטומפּיג אויף עברי, און אַ שטיקעל יוצר א. ד. ג. איז איהם אָנגעקומען, נעבעך, ווי קריעת ים־סוף, דאָך תהלים, וואָס ער פּלעגט גאַנץ אָפט זאָגען, איז איהם גאַנץ גרינג אָנגעקומען — דערהויפּט די מזמורי תהלים, וואָס זענען אַריינגעגאַנגען אין דאַוונען. דעריבער, ווילענדיג בעציילנען אַ זאַך, וואָס געהט גרינג און לייכט, — זאָגט מען: „ס'געהט ווי אַ מזמור״[1].

אין מסחר טרעפט גאַנץ אָפט, אַז מען וויל אויף קרעדיט נישט געטרויען — מען איז אָבער נישט דרייסט, עפּעס האָט מען קיין לֵב נישט יענעם צו בעליידיגען און איהם אַרויסצוזאָגען אָפען די פאָדערונג, אַז ער זאָל באַלד צאָהלען. „אַיוּד, אַ תּלמיד־חכם, זאָגט מען אָבער, גיט זיך אַן עצה״; און ער מאַכט דאָס דורך אַ ווערטעל. דערי־בער האָבען מיר אויף דעם טאַקי אייניגע רעדענסאַרטען; אַזוי זאָגט מען דעם פּסוק פון „מזמור שיר חנוכּת״: „זיי מקיים: פּתחתּי שקי! ותּאזרני שמחה״ (עפען דעם בייטעל), אָדער: „נו, למען תּספּר״ (זאָלסט צעהלען), ציז: „וכל המרבה לספּר הרי זה משובּח״ (פון דער הגדה)[2].

אום צו בעצייכנען אַן'עם־הארצ'ישען איינפּאַל, אַ טייטש פון אַ גראָבען יונג, פערטייטשט מען דעם לעצטען פּסוק פון „מזמור שיר חנוכּת״ אויף אַזאַ אופן: „למען יזמרך — ער זאָל דיר צו־שניידען, כּבוד — די לעבער, ולא ידום — און עס זאָל נישט בליטען״.

ווען עס שטאַרבט אַן'אויסוואורף, אַ מוסר א. ד. ג., זאָגט מען, אַז מען ברויך צו דאַוונען נאָך איהם און זאָגען „בּרוך שאָמר״ (געשטאָרבען — אויף פּויליש: umarl).

צו „בּרוך שאָמר״ בעציהט זיך נאָך דאָס פאָלגענדיגע שפּריכוואָרט:

---

[1]) „פּריזיוו״ 66; „פּישקע״ 83. — שלום־עליכם VII ז. 25: „ס'פּערדעל איז געלאָפען ווי אַ מזמור״; ז. 39: „און ס'איז אַוועקגעגאַנגען אַ נייער מזמור״. — [2]) זעה אויך ס'דאַוונען פון „מעריב״, ווייטער. —

„פֿון ברוך שאמר — ביז ברוך משלם איז ווײַט״. דער געדאַנק איז דערזעלבער, ווי פֿונ׳ם שפּריכוואָרט, וואָס בעציהט זיך צו דער עבֿודה פֿון יום־כּפּור: „פֿון וכך היה אומר ביז וכך היה מונה פֿאַלט מען זיבען מאָל״ [1].

די רעדענסאַרט „געזאָגט און געטון״ [2] איז אַ פּאַראָדיע אויף די ווערטער פֿון „ברוך שאמר״: „אומר ועושה״. מ׳זאָגט אויך: „ער מאַכט עס אײנס־צוויי — אומר ועושה״ [3].

מ׳פֿערצעהלט אויך אַ זעהר שענעם אַנעקדאָט: אַן אָרימאַן איז אין אַ רעגענוועטער אַרײַנגעקומען צו אַ גביר נאָך אַ נדבה. דער גביר האָט זיך אָנגעבייזערט, אַז ער שמוצט איהם אײַן די אָבגעפּוצטע פּאָדלאָגע מיט די בלאָטיגע פֿיס. זאָגט דער אָרימאַן צו איהם: „ברוך מרחם על הארץ — ברוך מרחם על הבריות! — ווען דו האָסט רחמנות אויף דער פּאָדלאָגע, ברויכסטו דאָך אויף אַ מענשען אודאי רחמנות האָבען!״ —

דרײַ מאָל טעגליך זאָגט מען „אשרי״. דעריבער, וועלענדיג בילדליך אויסדריקען, אַז אײנער קען די זאַך קלאָר, ווי נאָר מעג־ליך, זאָגט מען: „קלאָר, ווי אַ ייד אין אשרי״ [4]; אָדער: „ער קען עס אויסענווענדיג, ווי אַ ייד אשרי״ [5].

אַ וואוילערישע אַרט געפֿינען מיר ביי ש״ע [6]: „ער איז קלאָר אומעטום, ווי אַ גוי אין אשרי״.

אויך דאָס שפּריכוואָרט, וואָס מיר געפֿינען ביי א. ב. [7]: „וואויל איז דעם, וואָס זיצט אין דער הײם״, איז נישט מעהר ווי אַ פּאַ־ראָדיע אויפ׳ן פּסוק: „אשרי יושבי ביתך״. — ממ״ס האָט דאָס געוואוסט, און ער שרײַבט: „גלײַכער נישט אַהין, נישט אַהער, אשרי יושבי ביתך — דאָס פֿויערישע ווערטעל טאַקי: סידי דאָמאַ דאַ ני ריפּאַיסאַ״! [8]

מ׳זאָגט אויך: „ימי שנותינו בהם שבעים שנה — אַ מענש ברויך צו לעבען 70 יאָהר. ס׳איז אָבער אַזוי: אשרי יושבי ביתך — עוד, אַז מ׳זיצט אין דערהײם, לעבט מען 80 יאָהר [9].

---

1) ביי א. ב. „פֿון וכך היה אומר ביז וכך היה מונה איז אַ גרויסער חילוק״. —

2) מענדעלע מוכר ספרים I „אַלטע מעשה״ 23. —

3) שלום־עליכם XIV 60: „ביי איהם איז אומר ועושה — געזאָגט און געטון״; אויך XIII 49: „אומר ועושה — געזאָגט און געטון״. —

4) מענדעלי מוכר־ספרים IV 140. —

5) איגנאַץ בערנשטײַן „אשרי״. —

6) „לכבוד יו״ט״ 110.

7) „היים״ 3. — 8) „אַלטע מעשה״ 19. — 9) בגמטריא עוד. —

ענה בדרך כחי, אַז מ'ווערט אָבער פֿערשוואַרצט אונטערוועגענס, קצר ימי — לעבּט מען נאָר 60 יאָהר"[1].

אויפֿ'ן מזמור קמ"ו איז פֿאַראַן די פּאַראָדיע: „אל תבטחו בנדיבים — פֿערלאָז דיך נישט אויף אַ פּאַרך"[2].

מעהר האָט מען שוין אויסגענוצט דעם צווייטען מזמור, קמ"ז: „איזה עם הארץ?" פֿרעגט מען, און מען ענטפֿערט: „המכה בדופי והאומר יכנס הרופא", ד. ה. ביי „וידוי" קלאַפּט ער זיך אין האַרץ ביי „דברנו דופי" — צוויי מאָל, און ער זאָגט אינאיינעם אַריין ס'וואָרט „יכנס" פֿון ענדע פּסוק ב' מיט'ן וואָרט „הרופא" פֿון אָנפֿאַנג פּסוק ג', נעמליך: „נדחי ישראל יכנס הרופא".

אַ פֿראַגע ביי בחורים א. ד. ג. איז דער לעצטער פּסוק פֿון מזמור. „דאָ שטעהט: לא עשה כן לכל גוי, — און סוף בראשית שטעהט אין דער תּורה בפירוש: ונח מצא חן בעיני ה'?" — די פֿראַגע איז אויסגערעכענט פּסיכאָלאָגיש גוט, ווייל דער געפֿרעגטער הויבּט זיך וואַרפֿען אין אַ ויכוח, צי נח הייסט אַ גוי, צי ניין, און פֿערגעסט דערווייל צו בעמערקען אַנ'אונטערשיעד צווישען „כן" און „חן".

די לעצטע ווערטער פֿון מזמור: „משפטים בל ידעום" געברויכט דאָס פֿאָלק צו בעצייכנען, אַז אין געריכטען און פּראָצעסען[3] קאָן מען קיינמאָל נישט וויסען דעם סוף, ווער ס'וועט געווינען, ווייל אין איין געריכט געווינט דער, אין צווייטען — דער צווייטער, און אַזוי בייטען זיך די אורטיילען פֿון אינסטאַנץ צו אינסטאַנץ. דערביי איז דאָס אויך אַ מין וואונש, אַז „ווער אונז גוטס גינט, זאָל דעם טעם פֿון משפטים נישט וויסען"[4].

פֿון שירת „אָז ישיר" איז גענומען דאָס וואָרט „ירגזון" צו בעצייכנען דאָס אַרויסטרעטען פֿון איינעם מיט כעס און צאָרן": „מיט'ן ירגזון"[5].

פֿון דעם זינגען „וכרות" בעת'ן דאַווענען ביי אַ ברית-מילה[6] שטאַמט דאָס ווערטעל: „איבער מיר האָט מען אויך

1) בגמטריא „מי. — 2) א. ב. אל תבטחו". —

3) אין פֿאָלקס-מויל הייסען זיי סתם: „משפטים". זעה שלום-עליכם, „סענדער בלאַנק" 28. — 4) זעה פּרץ'ס „רייזע-בילדער" 140, „התועה" 174. —

5) פּרץ'ס „שטריימעל"; שלום-עליכם X 124. —

6) היינט זאָגט מען עס נאָר פּסוקים-ווייז; אָבער צי האָט מען אַמאָל טאַקי נישט עפּעס געזונגען „וכרות"? — זעה אויך מ. ראָזענפֿעלד „שריפֿטען" 109 זעהר געלונגען: „און זינגט דעם באַס וכרות". —

אמאָל געזונגען זכרות״, וואָס ווערט געברויכט, ווען מ׳וויל אויסדריקען, אַז מען איז אויך אַזאַ יחסן, ווי דער צווייטער [1].

דאָס פאָלק האָט אויסגעלאַכט דעם יודישען אָפּאָרטוניזם און אָפּטימיזם, וועלכע געפינען עפּעס גוטס אויך אין יעדען שלעכטען צופאַל, און דער יוד פרעהט זיך אויף יעדער קלייניגקייט. — ווען אַ קינד פון גלות־פאָלק, וואָס איז געוועהנט מיט צרות און ווערט גע־האָרעוועט אין קוועהל, געפינט אַ נחמה אין אַנ׳אומגליק דאָס, וואָס דאָס האָט געקאָנט זיין נאָך גרעסער, רופט מען אוים מיט שפּאָס: „אַנ־עלט יודיש גליק״. — אַ „יודיש גליק״ מיינט מען דאָס, וואָס ביי „אַ יוד, אַז ער צוברעכט איין פוס, אָדער איין האַנד, זאָגט ער: אַ גליק, וואָס כ׳האָב דעם אַנדערן אויך נישט צובראָכען״. ווען אַ יוד פרעהט זיך מיט אַ קלייניגקייט, אָדער מיט אַ נישטיגער זאַך, זאָגט מען: „אויך אַ יודיש גליק: ער האָט בע־וויזען קומען צו ברכו״ [2], ווייל אַ יוד, ווען ער פערשפּעטיגט זיך אַביסעל צום מנין און בעוויזט אָנצוקומען נאָך צו ברכו, רע־כענט ער עס פאַר אַ גאַנץ גליק און חסד [3].

בעת דער חזן איז אַביסעל מאריך ביי „ברכו״, זאָגט קהל „יתברך״. דאָס בעניצט ס׳פאָלק אַלס סימבאָל, אַז אַ יוד האָט ליב שטענדיג צו זאָגען פערקעהרט, ווי דער צווייטער, און מען זאָגט אויף איינעם, וואָס טוט נאָך להכעיס דעם צווייטען: „ווייל דער חזן זאָגט ברכו, זאָגט קהל יתברך״ [4]. מ׳זאָגט אויף דעם אויך, אַז אַ יוד, ווען מען זאָגט איהם „שלום־עליכם״, מוז ער דוקא ענטפערן פערקעהרט: „עליכם־שלום״. אויך ווערט וועגען דעם דערצעהלט די מעשה פון צוויי דאָזאָרעס, וואָס האָבען זיך אַרומגעריי־סען, און אַז איינער האָט געלאָזט די נאַכט צו ראש־חודש אויסרופען פאַר שמונה־עשרה: „יעלה ויבא״, האָט דער צווייטער אַ קלאַפּ געטון: „לא יעלה ולא יבא!״

היינט איז דער שטייגער ביי חזנים אויסצולאָזען „תתברך״, אָנהייבענדיג ביי „יוצר משרתים״. מ׳פערצעהלט, אָבער, אַז

1) א. ב. „זכרות״. — 2) זעה א. ב. „יודיש״ 11. —

3) זעה שלום־עליכם „לכבוד יו״ט״ 114: „לויפען אין איין אָטהעם האָמש פערהאַפּען אַ ברכו״. זעה אויך שלום־עליכם XIII, 117: „איך האָב מורא געהאַט, טאָמער האָב איך פערשפּעטיגט אַ ברכו און אייגענטליך מיינט ער דאָרט... אַ גוטע סעודה״. —

4) „ווייל״ איז אויך דער טייטש; „בעת, בשעת״. זעה א. ב. „חזן״ 17. — בעזונדערס בעניצט עס אין דעם זין שלום־עליכם גאַנץ אָפט. —

אַמאָל פֿלעגען זײ אָנהײבען בײַ „כּלם אהובים“: פֿון וואַנען, פֿרעגט מען אָבער, האָט זיך גענומען די דאָזיגע ענדערונג בײַ די חזנים? און מען פֿערענטפֿערט, אַז די זאַך שטאַמט פֿון פֿאָלגענדיגען: אַמאָל, אַז דער חזן האָט געגעבען אַהײב אויף די אויגען פֿון זײַן מחזור, פֿלעגט ער דערזעהען אַ „מזרח־וואַנט“ בלויז שענע יודען, לומדים, מיוחסים, בעלי־צדקה ומעשים־טובים, און פֿון זײַן האַרץ פֿלעגט זיך דערום אַרויסרײַסען דער אויסרוף: „כּלם אהובים, כּלם ברורים“... הײַנט, אָבער, אַז דער חזן גיט אַ קוק אויפ'ן מזרח, און ער דערזעהט אַ חבֿרה אויפֿגעקומענע פּאַרשוינען, געוועזענע יונגען, משרתים, ווערט איהם אַזש פֿינסטער אין די אויגען, און פֿונ'ם פֿערוועהטאָגטען האַרץ שרײַט ער: „יוצר משרתים, ואשר משרתיו כּלם עומדים בּרום עולם“[1] ...

די ווערטער „יוצר משרתים ואשר משרתיו“ טײַטשט אויך ס'פֿאָלק אויף טוביה דעם מילכיגענס שטײַגער: „שאַף דיר משרתים, און געה דיר אַלײן“[2].

דאָס פֿאָלק האָט אויך געוואוסט, אַז יעדע נײַע אײַנפֿיהרונג קומט לײַכט נישט אָן, און נור דורך אַ שווערען קאַמף קאָן דאָס אַלטע איבערגעענדערט ווערען, — און יעדער רעפֿאָרמאַטאָר מוז דערי־בער זײַן אַ קעמפֿער. אויף דעם טײַטשט מען זעהר געלונגען די ווער־טער פֿון „בּרכּת־המאורות“: „עושה חדשות — בּעל מלחמות“[3].

שלום־עליכם'ס פּאַרשוינען האָבען ליב אָפֿט זיך צו בּענוצען מיט דעם משונה'דיגען אויסדרוק: „וואָט טיבע יוצר המאורות“[4]. —



[1] ד. ה. אויף דער מזרח־וואַנט. —
[2] זעה אויך ש"ע VIII 243: „אַ גאַנצע חאַליאַסטרע יוצר משרתים ואשר משרתיו“. — [3] שוין דער מהר"ם שיק ברענגט דאָס דאָזיגע פֿאָלקס־וואָרט. —
[4] „מבול“ 367, 373; XIII, 4, 12. —

## IV. קְרִיאַת־שְׁמַע און שְׁמוֹנָה־עֶשְׂרֵה.

פֿאַר קריאת־שמע זאָגט מען די ברכה „אהבה־רבה״. ווען איינער באַלעמוטשעט ביי „אהבה־רבה, בעוויַיזט ער נישט צו זאָגען „שמע־ישראל״ מיט׳ן עולם. דערפֿון איז ענטשטאַנען דאָס פֿאָלקס־וואָרט: „פֿאַר לויטער אהבה־רבה קומט ער נישט צו שמע־ישראל״. — אַזוי טײַטשט א. בערנשטיין[1].

דאָס ווערטעל ווערט אָבער בענוצט על פּי הלצה אויף איינעם, דערהויפּט אַ יונגעמאַן, וואָס קומט שפּעט צום דאַווענען, ווייל ער באַלעמוטשעט אין דערהיים און הייבט זיך שפּעט אויף.

אויף אַ גרויסען ליגנער זאָגט ס׳פֿאָלק מיט גוזמא: „קיין וואָהר וואָרט קומט איהם נישט פֿון מויל אַרויס״. געלאָסענערע און איבערגעלעגטע מענשען, וואָס זענען נזהר מיט דער צונג, פֿער־וואָרענען זיך און זאָגען: „אויסער שמע־ישראל קומט קיין וואָהר וואָרט פֿון זיין מויל נישט אַרויס״[2].

בעת זאָגען „שמע־ישראל״ מאַכט מען, ווי בעקאַנט, צו די אויגען. דאָס שאַרפֿע פֿאָלקס־אויג, וואָס האָט קיין איין מענשליכע בעוועגונג נישט דורכגעלאָזען נישט בעמערקטערהייד, האָט אויפֿ׳ן דאָ־זיגען מנהג געבויט איינע פֿון די שענסטע קראַפֿט־אויסדרוקען. ווע־לענדיג זאָגען אויף די איינוואוינער פֿון אַנ׳אָרט, אַז זיי זענען גרויסע גנבים, מיט וועלכע מען מוז שטענדיג זיך האַלטען אויף דער וואַך, זאָגט מען: אַז אויף דעם אָרט „טאָר מען קיין שמע־ישראל נישט זאָגען״, ווייל ווען מען זאָל אויף איין רגע נאָר אַנ׳אויג צומאַכען, שטעלט מען שוין דאָרט דעם מענש בדיל הדל[3].

ביי שלום־עליכם געפֿינט מען אין איינציגע ערטער דעם אויסדרוק „אין איין שמע־ישראל״ אין זין פֿון: „אין איין מינוט״[4].

ווען מען איז אין סכנת נפשות, שרייט מען: „שמע־ישראל״.—

---

1) איגנאַץ בערנשטיין, „אהבה־רבה״. —
2) איגנאַץ בערנשטיין: „שמע־ישראל״. —
3) זעה איגנאַץ בערנשטיין: „גניטרא״. —
4) „ווערען אין איין שמע־ישראל אַ נגיד״ (VIII 97, XIII 231). —

ווילענדיג זאָגען אויף איינעם, דאָס קיין שום זאַך אין דער וועלט וועט איהם שוין נישט העלפען, זאָגט מען: „ס'וועט נישט העלפען קיין שמע ישראל"[1].

ווען מען וויל אויסלאַכען איינעם, וואָס האָט מורא, צי ער קלערט איבער אויף אַ ליאַדע זאַך,— זאָגט מען צו איהם מיט ליצנות: „האָסט מורא — לייען קריאת-שמע!"[2] דאָס בעציהט זיך צו דער גמרא מגילה ג. . דאָס ווען איינעם בעפאַלט אַן'אינסטינקטיווע מורא, אַליין נישט וויסענדיג פאַרוואָס, זאָל ער לייענען „קראת-שמע". אין חסידישע ספרים'לעך שטעהט אויך אַ תורה: „מאימתי — פון מורא, קורין את שמע — לייענט מען קריאת-שמע"[3].

אַ עם-הארצ'ישע קשיא אילוסטרירט מען מיט דער קשיא פון אַ גראָבען יונג: „ווי קומט עשו אין קריאת-שמע אריין?" די קשיא זיינע האָט זיך בעצויגען צו די ווערטער — „ונתתי עשב בשדך".

ווען איינער לאַפּט אַרויס יענעמס אַ וואָרט און מאַכט דערפון אַ גאַנצען וועזען, נישט רעכענענדיג זיך מיט דער פערבינדונג, וואָס דאָס וואָרט האָט געהאַט אין יענעמ'ס רייד, זאָגט מען, דאָס ער מאַכט, ווי יענער, וואָס האָט געפונען אין קריאת-שמע אַ מצות עשה צו דינען די עבודה-זרה — דעם פסוק: „ועבדתם אלהים אחרים".

אַלס אילוסטראַציע צו דער פראַזע: „אַז דו וועסט גוט זיין,— וועל איך פרום זיין", בענוצט מען אַ שענעם אַנעקדאָט. ער איז ענטשטאַנען אויפ'ן גרונד פון דער טרויעריגער דערשיינונג פון די שטענדיגע מחלוקת צווישען די רבנים און די שטעדטלעך, און איז נוגע דעם מנהג, וואָס נאָכדעם, ווי דער עולם ענדיגט קריאת-שמע, זאָגט דער רב דעם סוף פון ק"ש הויך אויפ'ן קול, און דער עולם וואַרט שווייגענדיג, ביז ער ענדיגט. אויך ביי שמונה-עשרה וואַרט מען מיט דער הויכער שמונה-עשרה, ביז דער רב ענדיגט און געהט אויס שמונה-עשרה. אַזוי דערצעהלט מען, אַז איין רב האָט אַמאָל דערקלערט דעם סוד, פאַרוואָס ביי איהם דויערט אַזוי לאַנג קריאת-שמע און שמונה-עשרה, מיט פאָלגענדיגער טענה:

— „וואָלט מיך קהל געוואָלט בעהאַנדלען, ווי ס'געהער צו זיין, וואָלט איך ביי קריאת-שמע אָנגעהויבען: „למען ירבו ימיכם וימי

---

1) שלום-עליכם, „כתבים פון אַ וואָיאַזשער" 261; XIII :74 „ס'האָט נישט געהאָלפען קיין שמע-ישראל". —

2) מענדעלע מוכר ספרים „טאַקסע" 37. —

3) זעה: גאָלאָמב „מלים בלשוני". —

בניכם"..., און ביי שמונה־עשרה וואָלט איך אויסגעגאַנגען פאַר קהל. איצט אָבער, אַז מען טיילט מיר אויס געבערענטע צרות, הייב איך אָן „וחרה אף ה' בכם", און ביי שמונה־עשרה זאָל קהל אויסגעהן פאַר מיר!"

פאַראַן ווידער מקומות, וואָס ווען דער רב קומט צו צו די ווערטער „אני ה' אלהיכם אמת",—לאָזט שוין דער חזן אויס און וואַרט נישט אויפ'ן רב [1]. — אויף אַזעלכע ערטער פרעגט מען אויף קאַטאָוועס: „פאַרוואָס וואַרט מען אויפ'ן רב, ביז ער געהט אויס שמונה־עשרה, און נישט ביז ער ענדיגט קריאת־שמע?" — און מען ענטפערט: „אַז אַרב זאָל אויסגעהן — קאָן מען זיך דער־וואַרטען; אַז ער זאָל אָבער צוקומען צום אמת — דאָס איז אונמעגליך צו דערוואַרטען זיך".—מ'זאָגט אויך: „דער רב באַלעמוטשעט, ווייל ס'איז איהם שווער צו־צוקומען צום אמת און צום שלום".

שטעלענדיג זיך שמונה־עשרה דאַוונען, געהט מען, כידוע, אויס ביי די ווערטער „גאל ישראל". ווען איינער געהט אַרויס פון אַ געשעפט נקי, גאָלע בחוסר כל, זאָגט מען: „ער איז אַרויסגע־גאַנגען גאַל [2]) ישׂראל".

בשעת שמונה־עשרה מאַכט מען דרייערליי בעוועגונגען מיט'ן קערפער: ביי „קדוש"—שפרינגט מען; ביי „מודים"—בייגט מען זיך, און ביי „עושה־שלום"—רוקט מען זיך צוריק, אָדער מען געהט אויס.

פאַר'ן פאָלק איז קיין איינע פון די דאָזיגע בעוועגונגען נישט אַריבערגעגאַנגען אונבעמערקט. היינט זאָגט מען: „שפרינגען קדוש"; פערציימטענס פלעגט מען זאָגען: „געהיפט קדוש".— צוליב דעם בעצייכענט דאָס פאָלק יעדען אינהאַלטסלאָזען ויכוח, יעדען סכסוך איבער אַ וואָרט, איבער אַ נאָמען אָהן שום אונטערשיד אין עצם, מיט דער רעדענסאַרט: — „אַ חילוק: געהיפט אָדער געשפרונגען!" [3])

אַ גרויסאַרטיגער אויסדרוק איז אויך די גוזמא אויף אַ קליין גע־וויקסיגען מענשען: „ער קאָן אין אַהאָזען־ניסעל קדוש שפרינגען" [4]).

---

1) כדי דער רב זאָל נישט זאָגען חויך די ווערטער: „אני ה'..." —

2) וואָרטשפיל: „גַאל — גאָל" (פוילישׁ: goły). —

3) איגנאַץ בערנשטיין „מה שינוי". — :

4) א. ב. „שפרינגען" 1. —

שען איז אויך די רעדענסאַרט: „אז מען איז ברוגז או יפ׳ן חזן — שפּרינגט מען קיין קדוש ניש ט״[1]), מיט וועלכער מען בעציילעכנט יעדע נאַרישע נישטיגע נקמה.

נישט אין יעדען מין שוהל שפּרינגט מען אויף א גלייכען אופן קדוש: ביי חסידים, למשל, שפּרינגט מען ווי הויך מען קאָן; ביי בעלי־בתים — אַביסעל סטאַטעטשנער; ביי דייטשען — קוים מ׳בע־מערקט. און אויך דער אונטערשיד איז אויסגענוצט געוואָרען גע־לונגען אין בילדער־אוצר פון אונזער שפּראַך, און וועלענדיג אויס־דריקען דעם געדאַנק, אַז „אזלת לקרתא זיל בנימוסיה״ — אַז „נהרא, נהרא ופשטיה״, אַז די פיהרונג און האַלטונג ברויך צו זיין געפּאַסט צום אָרט, וואו מען געפינט זיך, זאָגט מען: „ווי די שוהל איז, אַזוי שפּרינגט מען קדוש״[2]).

פאַראַן מענשען, וואָס זענען לייכט בטבע אַליאַדע וואָס צו שפּרינגען און צו בייזערן זיך אויף יענעם, און דערנאָך, אַז זיי דער־קענען זייער עולה, בעטען זיי ווידער יענעם איבער און זענען צערטליך צו איהם. צו אַזאַ מענש זאָגט מען: „שפּרינג נישט קיין קדוש און בוק דיך נישט קיין מודים״[3]), ווי מען זאָגט: „לא מעוקצך ולא מדובשך״.

די צבוע׳קעס האָבען ליב זיך אויסצוציילעכנען מיט די שטאַרקע בעוועגונגען ביים דאַוונען, ווי פערבייגען זיך שטאַרק, צום ביישפּיעל, ביי „מודים״, אויך ביים צוריקרוקען זיך „עושה שלום״, נישט געהן עקב בצד אגודל, ווי ס׳פאָדערט דער דין[4]), נאָר מאַכען שפּריי־זען, אַז אַלע זאָלען זעהן, דאָס פלוני בן פלוני געהט־אויס שמונה־עשרה מיט רעש, און מאַכען אַ וואַרע.

דאָס פאָלק ליידט נישט אַזעלכע העויות און וואָרענט מענשען פאַר אַזעלכע פאַרשוינען, דען עס גיט „מודים ביז צו דער ערד, שמד־שטיק ביז צום הימעל״[5]).

אין אַ צווייט שפּריכוואָרט זאָגט ס׳פאָלק: „וואָס טיפער מען בוקט זיך מודים, דאָס ווייטער געהט מען עושה־שלום

---

1) איגנאַץ בערנשטיין: „ברוגז״ 1. —

2) א. ב. („שוהל״ 2) טייטשט: „ווי קהל איז, אַזוי זענען די מנהגים אין שטאָדט״, — נישט גענוי און נישט ריכטיג פערשטאַנען. —

3) א. ב. „שפּרינגען״ 2, — נישט גענוי פערשטאַנען. —

4) ביי שלום־עליכם „לכבוד יו״ט״, 14, געפינען מיר אפילו נאָך גאָר אַזאַ אויסדרוק: „מאַכען קליינע טריט, ווי בשעת מען געהט אויס שמונה־עשרה״. — 5) א. ב. „מודים״. —

צוריק". ווען מיר זאָלען נעמען די ווערטער בוכשטעבליך, — זענען זיי אונז נענוג פערשטענדליך, דען, ווי געזאָגט, איז עס אַזוי מעשה בכל יום, אַז דער, וואָס בוקט זיך טיף „מודים", געהט אויך ווייט צוריק „עושה שלום". — וואָס איז דאָ, אָבער, דער געדאַנק אַלס שפריכוואָרט? אויף וואָס און ווען ווערט דאָס דאָזיגע שפריכוואָרט אָנגעווענדט? — א. בערנשטיין[1]) טייטשט דאָס: „אַזוי זאָגט מען וועגען אַ פאַלשען מענשען, וואָס ער וויל זיך פאַר דער וועלט אויספּיי-נען, אָבער דורך זיינע מעשים דערוויטערט ער זיך תמיד דערפון". צי ליגט אָבער דער זין אין דאָזיגען שפריכוואָרט? — עס שיינט דע-ריבער, אַז דאָס שפריכוואָרט זאָל זיין געווענדט געגען אַ פאַלשען מענשען, וואָס ביי איהם איז אחת בפה ואחת בלב: ער חנפה'ט זיך כלומר'שט צו צו יענעם, ער בייגט זיך פאַר איהם און לעקט איהם, אָבער אין אמת'ן איז ער יענעמס אַ שונא און קוקט נאָר אויס די מינוט, ער זאָל קאָנען יענעם שלעכטס טון. דאָס שפריכוואָרט וואָ-רענט דערום, אַז וואָס טיפער מ'בייגט זיך „מודים" פאַר איינעם, אַלס וויטער געהט מען צוריק ביי „עושה שלום", אַלץ וויטער איז מען אין דער ווירקליכקייט פון אמת'ן שלום און פריינדשאַפט מיט יענעם.

ווי געזאָגט, ענדיגט מען שמונה-עשרה, ווי אויך קדיש, אויסגעהענדיג ביי „עושה שלום". דער תשב"ץ[2]) ברענגט[3]), דאָס אפילו ווייבער און עמי-הארצים, ווילענדיג זאָגען, אַז זיי ווילען טון אַזאַך נאָך דעם, ווי זיי ווילען עפּעס ענדיגען, זאָגען זיי: „נאָך עושה שלום ווילען מיר עס טון".

היינט, ווילענדיג זאָגען אויף אַליכט, בהמה, עוף און מענש, אַז זיי האַלטען ביי ענדיגען, ביים אויסגעהן, זאָגט מען מיט קאַטאָ-וועס: „זיי האַלטען ביי עושה-שלום". — גאָלאָמב אין „מלים בלשוני" ברענגט, דאָס מען זאָגט אַזוי אויך אויף אַ סוחר, וואָס האַלט ביים באַנקראָטירען.

ווען איינער וויל זיך צוריקציהען פון אַ געשעפט, און דער שותף איז נישט מסכים, זאָגט ער: „צוריק געהט מען נאָר ביי עושה-שלום"[4]).

---

1) „מודים" 1. —

2) געלעבט אין ערשטען יאָהרהונדערט פון היינטיגען טויזענד אין טוניס (אַפריקע). — 3) אין צווייטען הלק „תשובה" י"ב. —

4) אינגנאַץ בערנשטיין: „צוריקגעהן". —

פֿון דער שמונה־עשרה זענען גענומען אויך פֿאָלגענדיגע רעדענסאַרטען און שפּריכוועֶרטער:

בײַ דער שטילער שמונה־עשרה איז, כּידוע, „שטיל, ווי אין אַ אויער״ — דעריבער זאָגט מען אויך: „שטיל, ווי צו דער שטילער שמונה־עשרה״[1].

די ווערטער אין שמונה־עשרה „קונה הכּל וזוכר חסדי אבות ומביא גואל״, זאָגט מען, זענען סימנים פֿון אַ סוחר, וואָס נעמט סחורה אויף קרעדיט באַלד מיט דער דעה צו באַנקראָטירען: ראשית, איז ער אַ „קונה־הכּל״[2] — וואָס פֿאַר אַ סחורה מען גיט, נעמט ער, — יאָ לויט דער מאָדע, נישט לויט דער מאָדע — אַלץ איז פֿאַר איהם גוט; דערנאָך איז „וזוכר חסדי אבות״ — וואַרפֿט זיך אויף, אַז זײַן זיידע, זײַן פֿאָטער זענען אַלע געווען יודען סוחרים; „ומביא גואל״ — דערצו ווײַזט ער אויסגעלײַזטע וועקסלען, אַ סימן, אַז ער איז אַנ׳עהרליכער מאַן און צאָהלט די וועקסלען.

נאָך קדושה זאָגט דער חזן „לדור ודור נגיד גדלך״. אונפֿערשטענדליך איז מיר, אָבער, דאָס, וואָס ש״ע שרײַבט[3] וועגען אַ קללה: „ס׳זאָל פֿון דיר ווערען אַ לדור ודור״.

ווי בעוואוסט, זאָגט מען ווינטער אין דער שמונה־עשרה, אין דער נײַנטער ברכה די ווערטער „טל ומטר״. אין די סידורים שטעהען די דאָזיגע צווײ קלײנע ווערטער מיט קלײנער שריפֿט. ווײַלענדיג בעצײכענען אַ גאַנץ קלײנע און קורצע זאַך, זאָגט מען: „גרוים, ווי טל־ומטר״[4].

נאָך שאַרפֿער אויסדריקענדיג זיך, זאָגט מען: „ווי טל־ומטר אין אַ קלײן סידור׳ל״; נאָך שאַרפֿער: „ווי טל־ומטר אין אַ קלײן סידור׳ל מיט רש״י־כּתב״.

די צווײ ווערטער פֿון דער צעהנטער ברכה: „וקבּצנו יחד״, בענוצט מען מיט ליצנות אויף אַ חברה קבּצנים: „עני ואביון עטקעטעראַ.״ ווילענדיג זאָגען פֿערשטעלט אויף אַ משפּחה א. ד. ג., אַז זײ זענען לויטער אָרימעלײַט, זאָגט מען: „ס׳איז אַ וואָכענדיגע שמונה־עשרה״, אָנמערקענדיג אויף דעם „וקבּצנו יחד״, וואָס געפֿינט זיך נישט אין דער שבּת׳דיגער שמונה־עשרה.

פֿאַרוואָס הײבּט זיך אָן די דרײַצעהנטע ברכה: „על הצדיקים

---

1) שלום־עליכם VI: „גוֹלנים״ 119. —

2) זעה אויך בײַ שלום־עליכם, „יוסעלע סאָלאָוויי״ 105: „מאיר ווײַטשיק איז געוועזען דאָס, וואָס מען רופֿט בײַ אונז אַ קונה הכּל״.

3) XIII, 60. — 4) פּרץ, „אַ משולח״: „אַ טאָג אַ טל ומטר׳ל״. —

ועל החסידים", און נישט „על החסידים ועל הצדיקים"?— זאָגט דאָס פאָלק שערצהאַפט: „ווײַל מיט חסידים טאָר מען נישט אָנהײבן"[1].

פון די צוויי ווערטער צום סוף פון דער דאָזיגער ברכה: „משען ומבטח" האָט זיך אַעם־הארץ געדרונגען, אַז דינסטאָג הײסט אויף לשון קודש „משען", דען ער האָט געפלעגט זאָגען: „משען ומטבח",— איז „משען" מסתמא דינסטאָג, ווײַל עס שטעהט פאַר מיטוואָך.

דאָס ווערט געברויכט צו בעצײַכנען יעדע נאַרישע עם־הארצישע השערה, וואָס ווערט בעגרינדעט אויף אַפאַלשער פערגרײַזטער אַקסיאָמע. אויף דעמזעלבען ווערט אויך בענוצט דער צווײטער עהנליכער טײַטש פון אַעם־הארץ: „אַז בעגלא איז אַוואָגען[2], איז ובזמן קרוב אַשליטען"[3].

עטוואָס טונקעל איז דער זין און די בעגרינדונג פון דער רעדענסאַרט, וואָס מען זאָגט, הערענדיג עפּעס אַנאַרישע אונגלויבליכע מעשה: „האָסטו אַשמע קולנו".

מעגליך, אַז דאָ דריקט מען אויס פערדרוס, וואָס מען זאָל אויסהאָרכען אַזאַ נאַרישקייט.

ווען אײנער בעמיהט זיך צו טרעפען אַזאַך און טרעפט אַלץ דערנעבען, זאָגט מען: „האָסט דו די מעשה מיט'ן ליטוואַק'ס שים שלום". דען מען פערצעהלט, אַז אַמאָל האָט געדאַוועגט פאַר'ן עמוד אין פוילען אַליטוואַק, וועלכער מאַכט, כידוע, קײן אונטערשיד נישט צווישען שי"ן און סי"ן. אַז ער איז געקומען צו „שים שלום", וואָס דאָס ערשטע וואָרט איז מיט אַסי"ן און ס'צווײטע מיט אַשי"ן, האָט ער געזאָגט „סים סלום"—בײדע מיט סינ'ס, ווי זײַן שטײגער איז. אַז דער עולם האָט אָנגעהויבען צו קלאַפּען אין די שטענדערס, האָט ער זיך פערריכט—„שים שלום", בײדע מיט שינ'ס. דער עולם האָט ווײַטער געקלאַפּט,—זאָגט ער „שים סלום", און אויף ריכטיג „שים שלום" האָט ער אויף קײן פאַל נישט געקאָנט טרעפען.

נאָך יעדער ברכה ענטפערט מען, ווי בעוואוסט, „אמן". וועגען אמן האָבען מיר פאָלגענדיג שפּריכוואָרט: „פאַר אמן קומט קײן פּאַטש נישט"[4]. וואָס איז דער זין פון דעם שפּריכוואָרט, איבער וועלכען א. ב. איז איבערגעגאַנגען בשתיקה?.

1) עהנליכס האָט דער משומד סאַפיר געזאָגט: „פאַרוואָס האָט מען ס'ערשטע נישט בעשאַפען חוה'ן נאָר אדם'ן? ווײַל מיט אַפרוי טאָר מען נישט אָנהײבן".— 2) „עגלה".— 3) א. ב. „בעגלא".— 4) א. ב. „אמן".—

מעגליך, אז מען מיינט: „פאַר'ן אמת שלאָגט מען נישט". מע זאָגט זיך אָבער, אז דאָס איז געזאָגט, אז ווען איינער קריגט געשלאָגען, מסתמא איז ער עס ווערט, דען פאַר אמן קומט קיין פאַטש נישט.

איך רעכען אויך, אז דאָס זאָל זיין אַנ'אַלטער כלל פאַר שמשים, וועלכע קלאַפּען און פאַטשען אָפט אין שלחן, שטיל צו מאַכען דעם עולם. פאַר „אמן" קומט אָבער קיין פאַטש נישט צו געבען, דען ביי דעם פאַטשען וועט מען נאָך גיכער דעם חזן נישט דערהערען און אמן נישט נאָכזאָגען. אלס שפּריכוואָרט מיט'ן אויבענדערמאָנטען זין איז עס ערשט שפּעטער אָנגעווענדט געוואָרען.

ביי תחנון פאַלט מען אויפ'ן פּנים און מען זאָגט עס גאַנץ שטיל, אָבער איטליכער ווייסט פון דעם סוד, דעריבער זאָגט דאָס שפּריכוואָרט: „תחנון איז קיין סוד נישט"[1]. עס שיינט, אז דאָס דאָזיגע שפּריכוואָרט זאָל בענוצט ווערען, זעהענדיג, ווי איינער רוימט דעם צווייטען איין אַ סוד, און מען פערשטעהט, וועגען וואָס עס האַנדעלט זיך דאָ, און מען וויל יענעם אויך געבען אָנצוצעהערען, אז די זאַך איז אונז בעקאַנט און איז קיין סוד נישט, הגם ער פּערצעהלט עס אַזוי אין דער שטיל.

אַ־יום־נעמענדיג דאָס ספר־תורה פון אָרון, זאָגט מען אין „ויהי בנסוע" אויך דעם פּסוק: „כי מציון תצא תורה".

אויף יונגעלייטלעך, וואָס ציהען זיך די בערדלעך קלערענדיג, זאָגט מען מיט ליצנות, דאָס זיי „ציהען" די בערדלעך, כדי זיי זאָלען לענגער וואַקסען, דען ס'שטעהט דאָך: „כי מציון תצא"...

רבנים און מגידים ענדיגען תמיד זייערע דרשות מיט דעם פּסוק „ובא לציון גואל". מען זאָגט, אז דאָס איז דעריבער, ווייל עס שטעהט דאָך: „כל האומר דבר בשם אומרו מביא גאולה לעולם" (אבות פ"ו מ"ו). די דרשות זענען אָבער על פי רוב גע'גנב'ט פון אַנדערע און פון ספרים, קומט דאָך אויס, אז זיי זענען מעכב די גאולה, לאָזען רבנים און מגידים דעריבער אויס מיט אַ תפלה: „ובא לציון גואל".

אין „מלים בלשוני" פון גאָלאָמב ברענגט ער, דאָס „זאָג מיט איהם עננו" איז געזאָגט אויף אזעלכען, וועלכער געניםט גוט און מאַכט גרימאַסען, העוויות פון אַנ'אָבגעקומענעם. איך האָב עס אָבער נישט געהערט. —

---

[1]) זעה א. ב. „תחנון". —

# V. עָלֵינוּ און קַדִּיש.

ווי מיר האָבען שוין געזעהן, איז אַ „יודיש גליק" אָנצוקומען צו „ברכו". זעהר נישט אָנגענעם איז עס אָבער זיך צו פֿערשפעטיגען און צו קומען צו „עלינו". דאָך זאָגט דאָס פֿאָלק זעהר קלוג און געלונגען: „בעסער אָנצוקומען צו עלינו, איידער צום בעסטען מענשען"[1].

ביי „עלינו", וואָס איז צום סוף פֿון דאַווענען, שפּייט מען, ווי בעקאַנט, אויס. אויך דער דאָזיגער פֿאַקט איז בענוצט געוואָרען אין אונזער „בילדער=שפּראַך", און ווען איינער קומט שוין צום סוף פֿון אַ געשעפֿט א. ד. גל., זאָגט מען: „ער איז שוין געקומען צום אויסשפּייען", ד. ה. צום סוף, שוין נאָך אַלעם. גאַנץ מעגליך איז — אַז צו דער ענטשטעהונג פֿון דער דאָזיגער רעדענסאַרט זאָל נאָך האָבען געדינט פֿאָלגענדיגע דערשיינונג: עס טרעפֿט אַמאָל, אַז דער מקח פֿון עפּעס אַ פּראָדוקט הייבט זיך, און עס האַלט אַ געוויסע צייט אין איין שטייגען; די סחורה געהט געוועהנליך איבער פֿון האַנד צו האַנד און אַלע פֿערדינען; פּלוצים — קראַך! דער פּרייז פֿאַלט — און אַלע שפּייען אויס דעם ריוח מיט נאָך אַ צוגאָב פֿון קרן. די, וואָס האַנדלען מיט דעם פּראָדוקט פֿון אָנהייב אָן, איז נאָך אַ האַלבע צרה — זיי האָבען דאָך שוין פֿאָרט עפּעס דערביי פֿערדינט. ערגער איז אָבער דער גורל פֿון די, וואָס האָבען זיך דערצו גענומען צום סוף. זיי האָבען געצאָהלט זעהר טייער, און צום סוף אַזאַ מפּלה. זיי זענען שוין געקומען צום אויסשפּייען. דען צום סוף פֿון יעדען ספּעקולאַציע=געשעפֿט שפּייט מען אויס דעם ריוח.

ביי א. בערענשטיין[2] געפֿינען מיר אַ גאַנץ טונקעלע רעדענסאַרט: „אַז מען קומט נאָך עלינו, שפּייט מען אויס און מען געהט אַהיים". א. ב. פֿערטייטשט: „מען מיינט דערמיט אַ מענשען, וואָס קומט תמיד צו=שפּעט און פֿערזוימט די וויכטיגסטע זאַכען".

די דערקלערונג שטעלט אונז אָבער ווייט נישט צופֿרידען, דען וואָס זאָגט מען דאָ און וואָס מיינט מען דאָ מיט'ן אויסשפּייען און מיט'ן אַהיים געהן?

---

1) א. ב. „בעסער" 21. 2) „אָנקומען" 2.

ווי מיר האָבען שוין נישט איינמאָל בעמערקט, האָט ס׳פֿאָלק ליעב צו שפּילען זיך מיט די ווערטער. מען זאָגט אַ זאַך, וואָס איז יערען בעקאַנט און בעוואוסט, מען וואַרפֿט אָבער אַריין עפּעס אַ כּונה, עפּעס אַ מיין, עפּעס אַ וואָרטשפּיל. ווען מען זאָגט אין אונזער שפּריכוואָרט „אויסשפּייען" בנוגע צו „עלינו", הייסט עס כּלומר׳שט: מען שפּייט אויס, ווי אַ יוד בײַ „עלינו"; מען מיינט אָבער דערבײַ „אויסשפּייען" אין גאָר אַנ׳אַנדערן זין.

עס איז גענוג בעקאַנט דער משל פֿון ר׳ מאיר׳ן וועגען פֿוקס, וואָס גלוסט צו די ווייַנטרויבען פֿון אַ הויכען בוים, און ווען נאָך אַלע אָנגענומענע מיטלען מוז ער זיך, נעבעך, איבערצייַגען, אַז ער וועט די ווייַנטרויבען אויף קיינמאָל שוין נישט דערגרייכען, און זיי זענען פֿאַר איהם אויף אייביג שוין פֿערלוירען, דאַן—בעזידעלט און בעפּרי־דעלט ער זיי, אַז זיי זענען זויער, אַז זיי טויגען צו גאָרנישט א. אַ. וו. דאָס איז אין אַלגעמיין אייך די נאַטור פֿון אַ מענשען: ווען ער קאָן אַ זאַך נישט דערגרייכען, עס איז איהם אָבער פֿאָרט שווער שלום צו מאַכען מיט׳ן געדאַנק, אַז ער מוז זיך דערפֿון אָבזאָגען, נעמט ער זיך גאָר צו פֿעראַכטען די זאַך, ער פֿער׳מיאוס׳ט זי זיך אַליין, ער בעשפּײַט עס: טפֿוי זאָל עס ווערען! און דאַן ערשט געהט ער אַוועק דערפֿון מיט אַ גרינג געמיט.

אַצונד פֿערשטעהט איהר, פֿאַרוואָס „ס׳קליינע מענשעלע"[1], אַז ער זעהט, דאָס ער קאָן גאָלדע׳ן נישט אַרייַננענאַרען, קלערט ער: „לאָמיך איינגאַנצען אַ שפּײַ טאָן און זי פֿאַרגעסען!"

מען שפּייט בכלל אויס אויף אַ זאַך, וואָס מען אַנטלויפֿט פֿון איהר און מען וויל זי שוין פּטור ווערען. אַזוי עצה׳ט יאָנטעל פּישקע׳ן[2], וואָס ווייס נישט, וואָס צו מאַכען מיט׳ן ווייַב, וואָס טײַלט איהם אויס צרות: „נאַרעלע! טהו דאָס אייגענע, וואָס איך, אַ שפּײַ אויף איהר און אײַן עק. לאָז זי געהן צום רוח".

און מענדעלע[3] פֿערציילט, ווי ער איז אָבגעשטאַנען צוויי שעה אין רעש אין קלויז און, נישט קענענדיג זיך דערוואַרטען דעם סוף: „האָב איך געטהון אַ שפּײַ און אַוועקגעגאַנגען".

דאָס איז אויך די קלוגע עצה פֿון שפּריכוואָרט: ווען דו ביזט געקומען נאָך „עלינו" — פֿערשפּעטיגט, מעג זיין דאָס ווילכטיגסטע,

---

1) מענדעלע מוכר ספרים 113.—

2) מענדעלע מוכר ספרים: „פּישקע דער קרומער" 160.—

3) מענדעלע מוכר ספרים: „פּרזיוו" 56.

זאָלסטו דיר צום האַרצען צופיל נישט נעמען, דען ס'איז סײַ־ווי־סײַ פערפאַלען, — נאָר שפּײַ אויס און געה אַהיים. — שײַנט, אַז די רייד און דער געדאַנק זענען איצט קלאָר גענוג.

נאָכ'ן דאַוונען זאָגען יתומים „קדיש". בײַ דעם פלעגט זיך מאַכען צווישען זײ גרויסע מחלוקת: ווער ס'זאָל זאָגען קדיש בײַ עלינו, ווער נאָכ'ן יום א. ד. גל.

די אַלע תקנות פון די אחרונים וועגען אײַנטײלען די קדיש־זאָגער'ס אין פערשידענע קאַטעגאָריעס, האָבען ווייניג וואָס געהאָלפען, דעריבער האָט מען אין פיל מקומות אײַנגעפיהרט אַ גורל, און ווער ס'האָט זוכה־בגורל געווען, דער האָט קדיש געזאָגט.

אויף דעם בעציהען זיך די איראָנישע ווערטלעך: „אַ יודיש גליק — אַ שײנע לויה", „אַ יודישער געווין — דער גורל צו קדיש"[1].

דאָס פאָלק האָט אָבער גאַנץ ריכטיג פערשטאַנען, אַז אַלע מחלוקת זענען נישט לשם שמים, אַז קײנער מײנט נישט אַזוי דעם קדיש, ווי צו ווײַזען, דאָס ער איז עס; דעריבער זאָגט מען אויף יעדען, וואָס לײגט נאָר די טמאה אין דער יראה אַרײַן: „עס געהט איהם נישט אַזוי פיל אין קדיש, ווי אין נצחון"[2]. מען איז זיך נוקם אין אַזעלכע בעלי־מחלוקה מיט דעם בײַסענדיגען עלט יודישען ווערטעל, געבענדיג אָנצוגעהערען, אַז אַזעלכע מחלוקות זענען נישט פון גוט־יודישקײט, נאָר אַ מדה פון עשו הרשע. מען זאָגט: פאַרוואָס האָט עפעס עשו, ווילענדיג הרג'ענען יעקב'ן, געזאָגט: „יקרבו ימי אבל אבי ואהרגה את יעקב אחי?"[3] פאַרוואָס האָט ער עפעס אָבגעלעגט דאָס הרג'ענען יעקב'ן, ביז ער וועט זײַן אנ'אבל נאָכ'ן פאָטער? — עשו האָט זיך אַזוי געטראַכט: גלאַט געהן און הרג'נען אַ ברודער, פאַסט דאָך עפעס נישט, וואָס וועלען מענשען זאָגען? — איך וועל וואַרטען, ביז מ'וועט ווערען אבלים, וועל איך פערפיהרען מיט איהם אַ מחלוקה איבער אַ דאַוונען פאַר'ן עמוד, אי־בער אַ קדיש, און דאַן וועל איך איהם הרג'ענען פרײַ. ס'וועט נאָך הײסען, אַז כ'האָב מיך געשלאָגען איבער יודישקײט, איבער כבוד־אב.

אין פאַסענדיגע אָנגעלעגענהײטען בענוצט מען זיך מיט אַ

---

1) איגנאַץ בערנשטײן: „יודיש" 11 (צווײטע העלפט). —

2) איגנאַץ בערנשטײן: „קדיש" 2. ס'וואָרט נצוה — זאָגט דער המון „צנוח", חסידים — זאָגען זײ „סהידים", „מייבש זײן" — אָנשטאָט מבייש זײן. —        3) בראשית כ"ז, מ"א. —

שערצהאַפטען דין פון „פיפטען שולחן־ערוך“[1]: „אַז מען נעמט קיין ירושה ניש ט, זאָגט מען אויך קיין קדיש ניש ט“. דאָס בעגרינדעט מען אויף דעם פסוק פון תרגום, וואָס מען זאָגט אין „ובא לציון“: „ומקבלין דין מן דין, ואמרין קדיש“.

אַזוי ווי קדיש זאָגט מען דאָך נור נאָך אַ געשטאָרבענעם, אַ כ׳דפאַלענעם, דעריבער ווילענדיג זאָגען איינעם, אַז ער מעג זיך פון אַ געוויסער זאַך שוין מיאש זיין, ס׳איז שוין פערפאַלען, אָהן האָפנונג, זאָגט מען: „מעגסט שוין דערנאָך אַ קדיש זאָגען“, אָדער שאַרפער נאָך: „מעגסט שוין דערנאָך זאָגען אַ רבנן־קדיש, ד. ה.: „געשטאָרבען, בעגראָבען כי לעולם חסדו!“

ביי שלום־עליכם[2]) געפינען מיר אויך אַרעדענסאַרט: „האָבען אַ ידיעה אין דער זאַך, ווי אַ טערק אין אַ רבנן־קדיש“.

אַ זוהן רופט מען אויך אָן, איבערהויפט מיט איראָניע—„קדיש“[3]).

מיט די ווערטער פונ׳ם זונטאָגדיגען יום — „נקי כפים“, בעצייכענט מען אַ בעאַמטען, וואָס נעמט קיין שוחד נישט, אַ זאַך וואָס פלעגט זיין אַ גרויס זעלטענקייט[4]).

דאָס דאַוונען פון אַ בעל תפילה ווענדט זיך איבערהויפט אין זיין „זעצען ווערטער“[5]). אַ גוטער בעל תפילה „זעצט ווערטער ווי פערי לעך“[6]), אַ עם־הארץ אָבער „זעצט, ווי אַ בעקער“.

אַ בעוואוסט שפריכוואָרט איז דאָ: „אַחזן עסט פאַר׳ן דאַוונען“. דאָס פאָלק שפילט זיך מיט די ווערטער. אייגענטליך מיינט מען דאָ אין אמת׳ן צו כאַראַקטעריזירען די חזנים, וועלכע פלעגען זיין פושעים קלים, ווי זיי ווערען געשילדערט אין „בכור שור“ אויף תענית, אין פרץ סמאָלענסקינס „התועה“ און ביי נאָך מחברים פון יענער צייט. נאָר אַז מען וויל, דרעהט מען זיך אַרויס, אַז דאָס איז אַנ׳אומשולדיג ווערטעל, און מען מיינט נאָר צו זאָגען, אַז דער חזן קריגט זיין חיונה, פרנסה פאַר דעם דאַוונען פאַר׳ן עמוד.

מיט דער אומעטום פערשפרייטער רעדענסאַרט: „אויפ׳ן היי־מעל אַ יריד“[7]), מיינט די וועלט, ווי איהר שטייגער איז, גאַנץ

---

1) אַזוי רופט מען אַ פאָלקס־דין, וואָס לא היה, ולא נברא, דען דער שולחן־ערוך האָט נור 4 חלקים. — 2) I 72. —
3) שלום־עליכם VIII 148, 229; IX 259: „דער זוהן דער טײַערער קדיש“. — 4) שלום־עליכם VIII 180, 205; II 215: „אַ נקי כפים׳ניק“.
5) „ווינשפינגעריל“ 57. — 6) דאָרט 83, 417. —
7) די דאָזיגע רעדענסאַרט ווערט פערשידענאַרטיג געברויכט. זעה ביי מענדעלע מוכר ספרים IV 5, „הגלגולים“ II, 12, 30.

אָפּט צו זאָגן אַ ווערטעל אויף אַ ווערטעל, אַז דאָס שטאַמט פֿון דאַוונען, דען בײַם דאַוונען האָט יעדער אין זין די געשעפֿטען, אײַנער פֿערד, דער צווײַטער קיה, דער — וואַלד, יענער — וואָל, א. אַז. וו. — קומט אויס, אַז אין הימעל איז אַ גאַנצער יריד.

מיט דעם דאָזיגען טרויעריגען שטריך — דאָס בײַם דאַוונען פֿערטראַכט מען זיך אָפּט מיט די געשעפֿטען און מען האָט נישט אין זין ס'דאַוונען, — דערקלערט מען אויך אויף ליצנות זעהר געלונגען דאָס, וואָס בײַם אויסרוקען זיך „שמונה-עשרה", אין אײַניגע סעקונדען, ביז מען קעהרט זיך צוריק צום אָרט, טאָר מען דערווײַל דעם דאַוונער דעם וועג נישט דורכגעהן.

מען דערקלערט דאָס זעהר וויציג: „יענער האַלט בײַם ענדיגען די בעסטע געשעפֿטען, טאָר מען איהם נישט געהן אין וועג אַרײַן"...



הויפּטזעכליך הײַסט עס: „אײַנרעדען אײנעם אַ זאַך, וואָס איז נישט געשטויגען און נישט געפֿלויגען", „אײַנרעדען אין הימעל אַ יריד". זעה שלום-עליכם XI 156: „אָבבלאָפֿען, ד. ה. פֿערצעהלען, דאָס אויפֿ'ן הימעל איז אַ יריד"; XIII 139: „בבא מעשיות — אויפֿ'ן הימעל אַ יריד"; XI 379: „אויסטראַכטען אויפֿ'ן הימעל אַ יריד".

אַלס אינטערעסאַנטע כאַראַקטעריסטיק צו מענדעלע מוכר-ספֿרים'ס סטיל, וועל איך דאָ ברענגען זײַנע אַ שילדערונג פֿון אַ פֿערוואָלקענטען הימעל: „אין דרויסען האָט געבלאָזען אַ וואַרעם ווינטעל; שטיקער שוואַרצע און ברוינבלויע וואָלקענס האָבען זיך געטראָגען אין דער הויך און זיך געצויגען אײַנע נאָך די אַנדערע, גלײַך ווי טויזענדער טשומאַקעס געהען דאָרט מיט אָנגעלאָדענע פֿוהרען סחורות, און יאָגען זיך בעצײַטענס אָנצוקומען אין הימעל אויף דעם יריד" (X 112). —

# VI. נוּסַח סְפָרַד.

(דער חסידישער נוסח אין דאַוונען).

דאָס פֿאָלק האָט נישט דורכגעלאָזען קיין איין זאַך אומבֿעמערקט. אויף אַלעם האָט זיך זיין שאַרף אויג אָבֿגעשטעלט, אַלץ האָט דאָס פֿאָלק דערזעהן און יעדע דערשיינונג שאַרפֿזיניג אויפֿגעפֿאַסט און געלונגען אויסגענוצט צו בֿעפּוצען און דעקאָרירען זיין שפּראַך, שענער און לעבֿעדיגער זי צו מאַכֿען.

די חסידים לייגען, ווי בֿעוואוסט, אויסער רש"י'ס תּפילין, נאָך תּפילין פֿון רבינו תם. ביז דאָס חסידות איז אויפֿגעקומען, האָבֿען פּראָסטע מענשען גאָר נישט חושר געוועזען אַמאָל, אַז עס זענען פֿאַראַן נאָך עפּעס אַ מין תּפילין, אַנדערע, ווי די פֿון אַלעמען געלייגטע, און לאַנג־לאַנג האָט געדויערט, ביז דער גרויסער עולם האָט תּופֿס געוועזען דעם ענין פֿון צוויי ערליי מינים תּפילין. פֿון דעם איז גענומען געוואָרען פֿאָלגענדיגער אַנעקדאָט.

אַן עם־הארץ האָט אַמאָל געוואָלט בּאָרגען תּפילין בּיי אַ חסיד און האָט פּונקט גענומען רבינו תם'ס תּפילין. זאָגט איהם דער חסיד: „נעמט נישט, ס'איז רבינו תם'ס תּפילין". פֿערשטעהט דער עם־הארץ נישט, וואָס מען רעדט צו איהם, און ער מיינט, דאָס די תּפילין געהערען צו איינעם, וואָס הייסט רבינו תם, און ער זאָגט: „ס'שאָדט נישט! ביז רבינו תם וועט קומען, וועל איך שוין לאַנג האָבֿען אָבֿגעדאַוונט".

אויף אַ מענש, וואָס לייגט־אַריין די טומאה אָדער שמד־שטיק אין דער יראָה אַריין, אָדער אויף אַ מענש, וואָס לאָזט־אַוועק אַ גרויסע וויכטיגע זאַך צוליבֿ אַ נישטיגע קלייניגקייט,— זאָגט מען: ער מאַכֿט, ווי יענער פּושע־ישראל און אפּיקורס, וואָס האָט געזאָגט, דאָס צוליבֿ דעם לייגט ער נישט קיין תּפילין, ווייל ער האָט אַ צואה פֿון זיין פֿערשטאָרבֿענעם פֿאָטער, זיך נישט אַריינצולאָזען אין קיין שום מחלוקת און צו אַנטלויפֿען פֿון איהר, ווי פֿון פֿייער. דעריבֿער, אַז רש"י מיט'ן רבינו־תם קריגען זיך, ווייל ער זיך אין דער מחלוקה נישט אַריינמישען, און ער וויל קיין תּפילין נישט לייגען, ווי לאַנג זיי וועלען זיך נישט אויסגלייכֿען.

 די חסידים הייבֿען־אָן ס'דאַוונען, ווי בֿעקאַנט, נישט פֿון

„מזמור שיר חנוכּת״ און „בּרוך שאמר״ נאָר פֿון „הודו״.
געגוג פֿלעגט זיך אָבּטהון מחלוקות, פּעטש, לאָרעניִשען, מסירות א.
ד. גל. איִבּער דער שפּאַרעניִש, וואו אָנצוהייבּען ס׳דאַוונען[1]). אַלס
אַטריִבּוּט פֿון אַ חסיד איז דעריִבּער דאָס זאָגען „הודו״ פֿון פֿאָרענט,
און מיִט איִראָניע און שפּאָט זאָגט מען אויף אַ חסיד: „ער זאָגט
הודו נאַפּשוּד״[2]).

אָבּער וואָס שטעקט דאָ פֿאַר אַ חכמה? וואָס איז דאָ דער
שמייכעל, וואָס מיר האָבּען בּירושה אויף די ליִפּען בּיי דער דאָזי־
גער רעדענסאַרט?

מיר מוזען צום ערשטען בּעטראַכטען אַ צווייט טונקעל שפּריִכ־
וואָרט, וואָס געהער צום וואָרט „הודו״ פֿון גאָר אַן׳אַנדער בּעדייטונג, —
אפשר וועט אונז פֿאָרט עפּעס קלאָר ווערען.

לײַדער, קומט אונז דאָ אוים זיך אָבּצושטעלען אויף אַ ניִשט
איִבּעריִג־רייגעם שפּריִכוואָרט[3]). יעדען יוד זענען בּעקאַנט די צוויי
מלוכות הודו און כּוש. איִבּערהויפּט פֿון „אַחשורוש המולך מהודו
ועד כּוש״. מיִט ליצנות זאָגט אָבּער ס׳פֿאָלק: „וואָס גלייכסטו
הודו צו כּוש[4])? הודו איז אויבען און קיִש אונטען״![5])

בּעהאַלטענדיִג אין דעם ווערטעל דעם שערצהאַפֿטען זין, בּע־
ציִהט עס זיך אָבּער צום זאָגען „הודו״ פֿון פֿאָרענט פֿון דאַוונען
און צום שטייגער פֿון קושען דעם סידור בּיים ענדע פֿון דאַוונען.
בּנוגע חסידים האָט די ענדע פֿון ווערטעל געהאַט אַ בּעזונדערס שטאַר־
קען אָנגעהער. אויף אַ גרויסען שכּור זאָגט מען: „ער קושט
ס׳גלעזעל אין בּאַדעם״. דערמיִט וויל מען בּעצייכנען די גרויסע
ליִבּשאַפֿט צום גלעזעל, אַז, אויסטריִנקענדיִג, קושט ער עס אַזש. און
ווילענדיִג אייגעם זאָגען, ער זאָל געשוויִנד אויסטריִנקען אַ גלעזעל
משקה, זאָגט מען איִהם אויף ליצנות: „נו, גיִבּ אַקיִש אין בּאַ־
דעם״[6]) (כּדי צו קאָנען קושען דעם בּאַדעם פֿון גלעזעל, מוז מען
עס דאָך פֿריִהער אויסטריִנקען).

די אַמאָליִגע חסידים פֿלעגט מען בּעזונדערס קריִטיקיִרען
און ליצנות מאַכען פֿון זיי, דאָס זיי האָבּען ליִעבּ „דעם בּיִטערן

1) זעה, צום בּיישפּיִעל, בּיי שלום עליכם: „די גרויסע בּהלה פֿון די קליינע
מענשעלעך״, 40. — 2) פּויליִש: naprzód (=„פֿון פֿאָרענט״). —
3) בּיי פֿאָלקלאָריִסטיִשער אַרבּייט קומט, אָבּער, אָפֿט אוים, אַז מען טאָר
צופֿיִעל איִסטניִם און מפּונק ניִשט זיין. — 4) אויסגעשפּראָכען: „קיִש״. —
5) וואָרטשפּיִל צוויִשען „כּוש״ און „קיִש״... (א. בּערנשטיין, „הודו״ 1). —
6) אייִדעל פֿון אַקוּש אונטען. —

טראָפּען״[1]. איבּערהויפּט פֿלעגען די חסידים ליב האָבּען צו טרינ־קען „תּיקון״ נאָכ׳ן דאַווענען. אַזוי, אַשטייגער, רעכענט מענדעלע מוכר־ספרים אויס: „יאָהרצייט־בראָנפֿען, סיום־בראָנפֿען, ראש־חודש־בראָנפֿען, ל״ג־בּעומר־בראָנפֿען, שה״י־פּה״י־בראָנפֿען און פראָסט, גלאַט אַזוי זיך בראָנפֿען״[2]. גאַנץ געלונגען האָט עס דעריבּער בּיים עולם געהייסען, דאָס בּיי חסידים איז „הודו פֿון פֿאָרענט און קיש[3] פֿון אונטען״.

דעם נישט איידעלען סוף פֿון דעם גלייכווערטעל האָט מען שפּעטער יוצא געווען מיט אַ אָנגעהער, בּיז ער איז פֿערגעסען געוואָרען.

דאָך אויף וויפיל איך בּין בעקאַנט מיט׳ן כאַראַקטער פֿון די פֿאָלקסווערטלעך און רעדענסאַרטען, בּין איך בּטוח, אַז עס מוז זיין נאָך עפּעס אַנ׳אַנעקדאָט, אויף וועלכען עס בּעציהט זיך דאָס זאָגען אויף פּויליש: „הודו נאַפּשוד״. דעריבּער רעכען איך, אַז עס איז ריכטיג דאָס, וואָס איך האָבּ אַמאָל געהערט, אַז די רעדענסאַרט שטאַמט דערפֿון, וואָס אַמאָל איז געוועזען אַ משפּט אין געריכט איבּער אַ מחלוקה צוליבּ „הודו״, האָט דער ריכטער אויף די אַקטען אויפֿ־געשריבּען: „Akta o Hojdi naprzód“.

נישט פֿערשטענדליך איז מיר די רעדענסאַרט: „וואו קומט הודו אין מקוה אַריין?״.

לויט נוסח אשכנז זאָגט מען אין „עזרת״: „משפּיל גאים ומגבּיה שפלים״; די חסידים אָבּער זאָגען: „משפּיל גאים עדי ארץ ומגבּיה שפלים עדי מרום״.

דאָס פֿאָלק זעהט אין דעם איין אַנ׳אָבּשפּיגלונג פֿון דער חסידי־שער נאַטור, וועלכע קאָן נעמען דעם גרעסטען מענש און איהם ליייגען ארצה, מאַכען איהם מיט דער בּלאָטע צוגלייך, אַז ער זאָל שוין קיין תּחית המתים נישט קאָנען אויפֿשטעהען, — און, ווען זיי ווילען, קאָנען זיי אַ ליאַרע נישט אויפֿהייבּען בּיז צום הימעל.

די חסידים האַלטען איבּערהויפּט שטאַרק פֿון יחוס און די קינ־דער פֿון זייערע גדולים פֿערהייליגען זיי, שוין נישט קוקענדיג — צי זיי פֿערדינען עס מכּח יחוס עצמם אויך. אויף דעם טאַקי, זאָגט די וועלט, בעטייט דאָס, וואָס עס שטעהט צוגעשריבּען אין דער הפטורה פֿון „יתרו״, בּיים פּסוק „זרע קודש מחצבתה״: „כּאן מסיימין הספרדים״.

---

1) זעה, למשל, די שפּריכווערטער בּיי איגנאַץ בּערנשטיין: „רבּי״ 3, 4 און 8. — 2) „ספר הגלגולים״ 9. — 3) „קוש אין גלעזעל״. —

די מוספ׳דיגע קדושה הייבט זיך לויט נוסח ספרד אָן מיט דעם וואָרט „כתר“. אויף דעם בעציהט זיך דאָס פאָלגענדיגע שפּריכ־וואָרט, וועלכעס ווערט געברויכט אויף איינעם, וואָס פערלאָזט ס׳אַלטע, נישט האָבענדיג נאָך קיין נייעס, בעסער׳ס: „כתר האָט ער פערגעסען—און נעריצך האָט ער זיך נישט אויסגעלערנט“[1]). געמומען איז דאָס שפּריכוואָרט פון דעם, וואָס טרעפט אַמאָל, אַז א „כתר־מענש“ ווערט קאַליע און הערט אינגאַנצען אויף דאַווענען, אַזוי אַז קיין „נעריצך“ זאָגט ער אויך נישט.

גענוג בעקאַנט איז, דאָס די אַטאָליגע מתנגדים האָבען געקוקט אויף די חסידים, ווי אויף פושעים, קלים און זיי זאָגאַר מחרים גע־ווען. גאַנץ געלונגען שילדערט מען דעם טיפּ „באַלאַבאַן“, א פערביסענעם בעל־הבית־מתנגד, דאָס ער ווערט פערציטערט, הערענדיג חסידים דאַווענען אין בית־המדרש, און מיט שרעק און קרענקונג כאַפּט ער זיך אָן ביים קאָפּ און רופט אויס: „כתר אין א מקום קדוש“!

אויף אַלטע מתנגדים פלעגט מען אויך פערצעהלען, דאָס זיי האָבען זיך ביי אַ כתר־קדושה אַפּילו נישט אויפגעשטעלט פון די ערטער.

פון דעם „בני היכלא“, וואָס חסידים זינגען ביי שלש־סעודות, ווערען זעהר אָפט געברויכט די אויסדריקען: „הני כלבין דחציפין“— צו בעצייכנען מיט שאַנד די פערשייטע דרייסטע זינגער אַליין, און דאָס וואָרט „בגילופין“ — צו בעצייכענען דאָס אויפגערוימטקייט, בעקוראַזשט־זיין פון אַנ׳איבריגען זופּ [2]).

1) אינגאַנץ בערנשטיין „כתר“ פערטייטשט: „ווען איינער וויל א נייַ לעבען פיהרען, צ. ב. ווען ער איז רייכער געוואָרען און קאָן זיך נישט צוגעוועהנען צו די נייע מנהגים“.—

2) זעה שלום־עליכם XII 176: „געוועזען מבוסם טאקי בגילופין“; „מבולבל“ 280: „לעבעדיג בגילופין“.— זעה אויך VI 113, 124.—

## VII. קְרִיאַת־הַתּוֹרָה.

אויף דער סדר קריאת־התורה איז אויסגעניצט געוואָרען פילפאַליג אין דער יודישער שפּראַך. אויסטערליש קומט־אויס, וואָס אויף איינעם, וואָס האָט געקריגען גוט געשלאָגען אַזוי, אַז ס'איז איהם געווען סמוך למיתה, זאָגט מען: „ער האָט געקריגען אַן־עליה“[1].

שיינט, אַז גיכער האָט ער געקריגען אַ ירידה, — וואָס פאַר אַ שייכות האָט שלאָגען צו אַן'עליה? גאַנץ מעגליך, אַז דאָ וויל מען מרמז זיין, אַז ער האָט געקריגען געשלאָגען, אַז ס'איז איהם געווען „אַ מינוט צום טויט“, און ער האָט דערנאָך געקריגען אַ עליה, אום גומל צו בענשען, דאָס ער איז געבליבען לעבען; דאָך מוזען מיר דאָ בעטראַכטען אַ צווייטע עהנליכע רעדענסאַרט, וואָס אַן־און־פאַר־זיך איז זי נישט קלאָרער, ווי די ערשטע. אָבער אַז מען שטעלט ביידע צוזאַמען, ווערט דער זין און בעגריף עטוואָס קלאָרער.

ווען איינער פאַלט אַריין אין אַ ביטער געשעפט אַזוי, דאָס איהם שטעהט פאָר אַ גרויסער היזק, אָדער צו קריגען אַ חלק אַ גוטס, ער זאָל זיין אַ לוקה בגופו, הייסט דאָס: „ער האָט זיך געקויפט מפטיר“[2]. וואָס פאַר אַ שייכות און אָנגעהער האָט דאָס צו מפטיר?

זיך צוקוקענדיג צו דיזאָזיגע ביידע רעדענסאַרטען, זעהט מען, אַז מען האָט דאָ איינפאַך צו טון מיט אַ וואוילערישען סגי־נהר־לשון. דען דאָס איז דאָך ידוע, אַז קריגען אַ עליה האָט זיך גערעכענט פאַר אַ גאַנץ אָנגענעהמע זאַך און „נישט עולה לתורה צו זיין אויף אַ געוויסער צייט“ האָט זיך גערעכענט פאַר איינס פון די שטאַרקסטע קנסות אין די יודישע קהלות. ווער שמועסט נאָך מפטיר — איז דאָך אַודאי געווען פון די בעסטע זאַכען, וואָס לאו כל אדם זוכה. דעריבער איינער, וואָס האָט געקריגען געשלאָגען, הייסט עס בלשון סגי־נהר: „ער האָט שוין געקריגען זיין עליה“; איינער, ווי־

---

1) זעה שלום אַש „מאָטקע גנב“ 119: „לאַפּט ער די עליה“, אַ חלק, אַ פּסק, גוט אָנגעזידעלט. —

2) זעה מענדעלע מוכר ספרים VI 38; שלום־עליכם I 41. ביי שלום־עליכם X 193 געפינען מיר נאָך אַן'אונפערשטענדליכע רעדענסאַרט: „ער האָט זיך געקויפט מיט וויי, ווי מען זאָגט: „ליבענע מפטיר“. —

דער, וואָס ברויך ערשט צו קריגען ס'חלק, הייסט: „ער האָט זיך געקויפט מפטיר", און די „פעטע עליה" וואַרט ערשט אויף איהם.

ביי א. בערנשטיין[1]) געפינען מיר פאָלגענדיג שפּריכוואָרט: „אַז מען פרעגט, פרעגט מען זיך אָן מפטיר". א. ב. פער-טייטשט עס אַזוי: „אַז מען פרעגט אַסך, ווערט מען אַמאָל געוואָר פון זאַכען, וואָס זיי זענען נישט אַנגענעהם". אויך ביי שלום-עליכם[2]) געפינען מיר: „הכלל — מאיר סטעלמאַך האָט זיך מיט איהר אָנגעפרעגט מפטיר", ד. ה. מיט דעם, וואָס ער האָט לאה די חזנ'טע געבראַכט קיין אַמעריקע, האָט ער אַליין אויף זיך געבראַכט אַ צרה.

אויך דאָס איז ענטשטאַנען פון דער יודישער טבע צו רעדען בלשון סגי-נהר, ווי מיר האָבען שוין אָנגעוויזען. דאָסזעלבע האָט אויך גורם געווען, אַז „מאַכען איינעם אַ מי-שברך" הייסט גאָר— איהם גוט אָנזידלען[3]).

דאָ קומען מיר אויך צו צו איינעם פון די רעדענסאַרטען, וואָס ווייזען אונז אויף דער אייגענאַרטיגקייט פון יודען, אַז קוים קומט איהם אָן צו זאָגען אַ גלייכווערטעל, קוקט ער נישט אויף הייליג און טמא, שען און מיאוס, אָנשטענדיג און אומווערדיג; נישט בחנם זאָגט ס'פאָלק אַליין: „נישטאָ קיין קרומער'ס ווי אַ גלייכ-ווערטעל". וואָרום דאָס בעקאַנטע רוסישע זידעלוואָרט, וואָס בע-שטעהט פון דריי ווערטער, וועלכע דער יוד וויל נישט איבער זיין מויל ברענגען, האָט מען אויך אָנגערופען מיט'ן נאָמען „מי-שברך": „אַ פאָנישער דרייגאָרענדיגער מי-שברך"[4]), אָדער: „אַ דרייגאָרענדיגער מי-שברך מיט אַ בגמטריא"[5]). מיט'ן וואָרט „בגמטריא", גלייב איך, בעצייכענט מען דעם רוסישען זלזול „ו'מאַטערי". דעם דערמאָנטען זלזול פון די דריי רוסישע ווער-טער רופט מען, לויידער, אויך אָן—„די רוסישע ברכה-המשולשת".

מפטיר איז אויך דער גרעסטער כבוד, מיט וועלכען ס'שטעדטעל איז בכח וועמען מכבד צו זיין. דעריבער, ווילענדיג בעצייכנען, דאָס קוים הייבט זיך איינער אָן צו פיהרען אַ ביסעל נגידיש, גביריש,

1) „פרעגען" I. — 2) XI 248. — 3) פרק VIII 196: „עפּענט ס'מויל אויף אַ מי שברך". — זעה אויך ווייטער ביי'ם דגלג'ען. —

4) שלום-עליכם „מבול" 376. —

5) שלום-עליכם XIII „פיר זענען מיר געוועזען" 222. —

טײלט מען איהם צו כבוד, איבערהויפט אין די קלײנע מקומות, זאָגט מען: „קוים פוצט זיך אײנער אָב די שטיוועל, רופט מען איהם שוין אויף צו מפטיר״[1].

די ערשטע ברכה, וואָס מען זאָגט פאַר דער עליה, ענטהאַלט אין זיך די ווערטער: „ונתן לנו את תורתו״, און די צווײטע ברכה פון נאָך דער עליה — די ווערטער: „ונתן לנו תורת אמת״. די פוילישע יודען געפינען אײן, אז דער ליטוואַק, וואָס בעטאָנט איבעראל יעדעס וואָרט שטאַרקער, ווי דער פוילישער יוד, שטרײַכט בעזונדערס אונטער אין דיזאָזיגע ברכות דאָס וואָרט „לנו״, און זײ פרעגען דעריבער: וואָס דאַנקט דאָס אַזוי בעזונדערס דער ליטוואַק אויף דעם, וואָס די תורה איז געגעבען געוואָרען אונז, יודען? און מיט אַ אָנצוהערעניש אויף דער לײַכטער אויפפיהרונג פונ׳ם ליטוואַק, זאָגט מען: „ער דאַנקט טאַקי נאָר אויף דעם, וואָס די תורה איז געגעבען געוואָרען יודען דוקא, אַ פאָלק, וואָס איז אָהנמעכטיג און קאָן קײנעם נישט צווינגען פרום צו זײַן, און דעריבער — וואָס אײנער וויל, טוט ער. וואָלט, אָבער, דאָס מלכות געזאָלט האָבען די תורה, וואָלט מען מיט׳ן חיות נישט זיכער געווען פאַר אַ ליאַדע עבירה׳לע—פאָליצײ און זשאַנדאַרמען וואָלטען נאָכגעשפירט יעדענס מעשים, און פאַר אַ עבירה וואָלט מען שטרענג בעשטראָפט געוואָרען״.

גאַנץ פערשטענדליך איז דאָס, וואָס, ווען אײנער זידעלט און שילט דעם צווײטען, הײסט עס: „ער גיסט אויף איהם אוים די תוכחה״ „ער שילט מיט דער תוכחה״[2].

פון דעם ענין, וואָס יעדע וואָך לײענט מען אַן׳אַנדערע סדרה, זענען געגומען געוואָרען די בעגריפען: „נו, וואָס פאַר אַ סדרה גײט הײַנט?״ — צו בעצײכנען די פראַגע: „בײַ וואָס פאַר אַן׳ענין האַלט מען איצט?״ און: „אַ נײַע סדרה הײבט זיך אָן״ — צו בעצײכנען, אַז ס׳הײבט זיך אָן אַ פריש שפּאָגעל-נײַ געשעפט[3].

פון די נעמען פון די סדרות, וואָס צווײ נעהען טײלמאָל צוזאַמען אין אײן וואָך, זענען אויך געשאַפען געוואָרען רעדענסאַרטען. ווענען „ויקהל-פקודי״ ברענגט א. בערנשטײן[4] פאָלגענדיג שפּריכוואָרט: „ויקהל-פקודי געהען, מיטאײנאַנדער צו דער

---

1) איגנאַץ בערנשטײן „מפטיר״. — 2) שלום-עליכם VII 25. —
3) שלום-עליכם „לכבוד יום-טוב״ 246: „איצטער געהט אַ סדרה פערוואַרפען געגנז״; XII 245: „הײבט זיך אָן אַ סדרה בילעטען״. זעה אויך V 39; V 93: „ווײסט איהר, פאַר אַ סדרה עס געהט בײַ אונז הײַנט?״. — 4) „סעודה״. —

סעודה״, און ער שרײַבט, דאָס מען מײנט צװײ מענשען, װאָס מען זעהט זײ תמיד צוזאַמען געהן, אַזױ װי די סדרות „ויקהל״ און „פקודי״. זײַן טײַטש קאָן איך פאַר ריכטיג נישט אָננעהמען, דען װי קומט דאָ עפּעס אַהער אַ סעודה? צי איז דאָס גלאַט צוליב׳ן גראַם?— איך האָב דאָס שפּריכװאָרט אין לעבען נאָך נישט געהערט, דעריבער קאָן איך אױף גענױ נישט פעסטשטעלען נישט דעם נוסח און נישט דעם זין דערפון. אַ השערה, זעהר נאָהנט צום אמת, שײַנט צו זײַן, אַז דאָס שפּריכװאָרט ברױך אײַגענטליך בענוצט צו װערען אױף מענשען, װאָס פערשפּעטיגען אַ סעודה: װען „ויקהל-פקודי״ געהען צוזאַמען, ד. ה. אַלע נישט עיבור-יאָהרען [1]), קומען זײ אין דער װאָך נאָך פּורים און שטענדיג פערשפּעטיגען זײ די „סעודה״ אױף אַ װאָך [2]), דען פּורים געפאַלט אין פּרשת „תשא״; אַלזאָ, געהען „ויקהל-פקודי״ בײַנאַנד צו דער סעודה און פערשפּעטיגען שטענדיג. נאָר דאָך איז נישט אױסגעשלאָסען, אַז דאָס שפּריכװאָרט האָט עפּעס אַ שײַכות צו אַ צװײַט שפּריכװאָרט, װאָס דערצעהלט, אַז אַ עם-הארץ דרינגט זיך, דאָס װען „ויקהל״ איז אַ קניש [3]), איז „פקודי״ מסתמא אַ װאַרעניק [4]), אַלזאָ, האָט דאָך „ויקהל״ אַ שײכות צו דער סעודה.

נאָך דעם אַלעם געשריבענעם בין איך געװאָר געװאָרען אַ נײַעם נוסח פון דעם שפּריכװאָרט, װעלכער שטאַמט פון אונזער קינדער-װעלט, װאָס איז, לײדער, נאָך אַזױ װעניג אױסגעפאָרשט און שטודירט געװאָרען.

בײַ קינדער הײסט עס: „ויקהל — מאַך אַ שהכל [5]), פקודי — מאַך אַ סעודה״. שטאַמען זאָל עס פון דעם, װאָס די קינדער לערנען אין חדר בײַנאַכט װינטער פון פּרשת „לך-לך״ (זאָגען קינדער: „לך-לך — געה בײַנאַכט אין חדר״) ביז פּרשת „תרומה״ (זאָגען קינדער: „תרומה — שײדט דיך אָב פון חדר און געה אַהײם״). אין אַ עיבור-יאָהר, אָבער, לערנט מען ביז „ויקרא״. אַלזאָ, די לעצטע װאָכען, װען מען זאָל שױן אױפהערען לערנען בײַנאַכט, מאַכט מען אַ סעודה. פון דאַן נעמט זיך דער שײכות פון „ויקהל-פקודי״ צו אַ סעודה.

---

1) אױסער, װען שבת געפאַלט ערב-פּסח.—

2) אין פאָלקס-מױל הײסט די פּורים׳דיגע סעודה סתם „סעודה״.—

3) דער תרגום מאַכט אױף ויקהל: „ואכניש״.— 4) זעה א. ב. „ויקהל״.—

5) אַ טרונק בראָנפען הײסט אין פאָלקסמױל — „אַ שהכל״. זעה א. בערנשטײן „שהכל״, אױך „לעבען״ 1. שלום-עליכם (XII 178) שרײַבט אפילו: „דער ערל האָט שױן געמאַכט אַ שהכל״. —

אויף צוויי שלעכטע מענשען, וואָס האַלטען זיך באַנאַנד, זאָגט מען זינרייך: „זיי געהען אינאייִנעם, ווי תזריע מצורע“[1].

דעם געדאַנק, אַז „Nieboszczyk dobry był“, דאָס נאָך דעם טויט זאָגט מען יעדען נאָך שבחים, איז אויך גאַנץ געלונגען אָנגעשפּאַרט אויף די נעמען פון די סדרות „אחרי מות, קדושים, אמור“, וועלכע געהען כסדר.

צו בעצייכענען צוויי זאַכען אָדער מענשען, וואָס איינס לויפט נאָך דעם צווייטען, זאָגט מען: „זיי געהען אינאייִנעם, ווי מטות־מסעי“[2], דען „מטות“ קלינגט, ווי דער מענשען־נאָמען מתת, פון מתתיה; און „מסעי“ איז דער טייטש: ציהען, געהן.

געלונגען איז אויך ס׳ווערטעל: „לך־לך איז בעסער ווי שלח־לך“—בעסער מען געהט אַליין, איידער מען הייסט געהן[3]. מעגליך, אַז דער זין איז אויך: בעסער מען געהט זיך אַליין, איידער זיך צו פערלאָזען אויף שליחים, דען געבענשט זענען די הענד, וואָס טוהען זיך אַליין, זאָגט די וועלט.

אויף אַ יונגעל, וואָס ווערט בר־מצוה, מאַכט דער פאָטער ביי׳ם מפטיר די ברכה: „ברוך שפטרני מענשו של זה“. מיט די ווערטער „ברוך שפטרני“ דריקט מען דעריבער ביי יודען אויס צופרידענקייט אויף דעם פּטור־ווערען פון יעדען מין אָנשיקעניש[4].

מען זאָגט אויך זעהר שען: „ביי אַ יונגעל מאַכט מען ברוך שפטרני צו דער בר־מצוה, ביי אַ מיידעל—צו דער חתונה“[5].

דאָס איז אָבער נישט בלויז קיין פוסטע מליצה. שלום־עליכם[6] פערצעהלט אונז, דאָס ווען מאיר זייטשיק האָט חתונה געמאַכט די טאָכטער, האָט ער אויפגעהויבען די הענד און געזאָגט: „ברוך שפטרני!“ זעה אויך „סטעמפעניו“ 93, 96, ווי שלום־עליכם פיהרט אַ גאַנצען דרוש און ווי אויפגעבראַכט ער איז אויף דעם, וואָס ביי יודען, אַז מען מאַכט חתונה אַ טאָכטער, זאָגט מען: „אַבי געפּטר׳ט אַ קינד!“

מען ברויך זיך אָבער גאָר נישט וואונדערן דערויף, ווי שרייבט מענדעלע־מוכר־ספרים: „ערגערס איז שוין, דאַכט זיך, גאָר נישטאָ,

1) אינגאַנץ בערנשטיין „געהען“ 11.— 2) מענדעלע מוכר ספרים XII, „אַ סגולה צו צרות“ 12.— 3) א. בערנשטיין „לך־לך“.— 4) זעה מענדעלע מוכר ספרים: „ווינשפינגערל“, 200, 290, זעה אויך ביאַליק: „בעיר ההריגה“.— 5) אינגאַנץ בערנשטיין: „יונג“ 5.— 6) „יוסעלע סאָלאָוויי“ 107.—

ווי צו זיצען ביז דעם גרויען צאָפּ און בפרט נאָך ביי יודען!"[1].
און ווי זאָגט דבורהלע'ס מוטער: „חלילה, איך זאָל גאָרנישט דער-
לעבען, מען זאָל אויף מיין קינד זאָגען „ביז דעם גרויען צאָפּ!"[2].

איינעם, וואָס מאַכט אַ נדר, מאַכט מען אַ „מי שברך".
„אַ טרוקענער מי שברך", אָבער, [3] זאָגט מען, „העלפט, ווי
טרוקענע באַנקעס"[4].

אַ חתן דעם שבת פאַר דער חתונה בעזינגט מען ביי'ם מפטיר.
אַז מען גיט איינעם אַ חלק, מען זידעלט איהם אָן אויפ'ן קול און
מען שייגעצט איהם אויס. הייסט דאָס אַ לשון סגי-נהר: „מען האָט
איהם בעזונגען".

גאַנץ געלונגען משל'ט מען דאָס עם-הארצות פון אַנ'אַרענדאַר.
מען איז איהם מכבד מיט הגבה, זאָגט ער: ער איז הייזעריג, —
דען ער ווייסט נישט, וואָס דאָס איז, און ער מיינט, מען מוז דאָ
עפּעס אַ ברכה מאַכען[5].

שמחת-תורה קריגט יעדער יוד אַ עליה. די קינדער רופט מען
אויף, ווי בעוואוסט, אַלע בייַנאַנד צום סוף: „יעמוד כל הנערים"!
ווילענדיג אויסדריקען גרינגשעצונג צו איינעם, דאָס מען האָט איהם
קיין בעזונדערע געהעריגע אַכטונג נישט געוויזען, זאָגט מען דאָס
גאַנץ געשיקט: „מען האָט איהם אויפגערופען עם כל
הנערים"[6].

ביי א. בערנשטיין געפינען מיר[7], דאָס אויף אַ שלעכטען
חוב זאָגט מען: „שרייב דערויף צוויי פייען"[8], דען צוויי
פייען מאַכען: „פער-פאַלען"[9]. ביי פרץ'ן געפינען מיר אָבער:
„שרייב דערויף דריי פייען"[10]. די לעצטע רעדענסאַרט איז
גענומען פון די דריי פייען, וואָס שטעהען אין חומש צום סוף פון
יעדער סדרה, וואָס ענדיגט זיך מיט אַ פרשה פתוחה. דער עולם זאָגט
אויף ליצנות, אַז ס'מאַכט: „פּעוונע פער-פאַלען". אויף דייטש
האָבען דריי עפ'ן אַנ'אַנדער זין. עהנליכע שערצליכע בענוצונגען און
ליצנות'דיגע פערטייטשונגען פון ראשי-תיבות'ן אין אַנדערע שפּראַכען זעה
אין ד"ר שראַדער'ס „שערץ אונד ערנסט אין דער שפּראַכע" ז"ז 65--86.—

---

[1]) IX 95. — [2]) שלום-עליכם, „יוסעלע סאָלאָוויי" 149 (זעה אויך
141 און 146). — [3]) ד. ה. אָהן אַ נדר. — [4]) א. בערנשטיין: „מי שברך".—
[5]) א. ב.: „רענדאַר" 1. — [6]) א. ב.: „אויפגערופען". —
[7]) „שרייבען" 5. — [8]) פּ. פּ. — [9]) וועגען דייטשישען „עף-עף" זעה:
„בילדערשמוק" פון ד"ר שראַדער 112. — [10]) א „כלי-זמר-טויט" 211; „מרת
חנה" 326. —

# VIII. מַעֲרִיב.

(פון דער וואָכען און שבת).

ווײַל מנחה בעשטעהט בלויז פון טײלען, וואָס געהען אַרײַן אויך אין שחרית: אשרי, שמונה־עשרה, תחנון און עלינו, דעריבער איז פון און וועגען מנחה בענוי ווי נישטאָ קײן ספּעציעלע ווערטלעך און רעדענסאַרטען.

די ווערטער אין „וישלח" (ל"ב—י"ד): „מנחה לְעֵשָׂו" וואַרפען זיך יעדען אין מויל און בעטען־זיך צו מאַכען פון זיי „עפּעס לײַט", אָבער ביז הײַנט איז קײנעם נישט געלונגען אַרויסצוזאָגען אַזוינס, וואָס דאָס פאָלק זאָל מקבל זײַן.

דאָך ווען אײנער מאַכט מנחה בקצור, צי ער פערפעהלט גאָר אינגאַנצען, זאָגט מען: „ער האָט געמאַכט מנחה לעשו".

בײַ שלום־עליכם [1]) געפינען מיר נאָך: „ווי זאָגט איהר: מנחה איז נישט קײן ציג, זי וועט נישט אַנטלויפען"; אויך: „מנחה איז נישט קײן ציג, זי געהט נישט אין שאָ־דען" [2]), ד. ה. זי טוט נישט דערווײַל קײן שאָדען, מען ברויך זיך דעריבער נישט אַזוי צו אײַלען פטור צו ווערען פון איהר.

ווי ווײַט ס'פאָלק איז געווען דורכגענומען מיט'ן דאַווענען און מיט די בעגריפען פון דאַווענען, קאָן אונז אויך בעווײַזען דאָס, וואָס אויף עכט־יודיש הײסט די בין־השמשות־צײַט— „בין מנחה למעריב" [3]), „צווישען מנחה און מעריב" [4]).

רעדענדיג וועגען דער שילדערונג פון יודישען לעבען בײַ קריסטליכע ליטעראַטען, איז מען גאַנץ געוואוינט אויסצולאַכען זײער אונוויסענהײַט בנוגע דעם אמת'ן יודישען לעבען. דערבײַ איז מען גע־וואוינט אָנצווײַזען, אַלס אויף דער בעסטער אילוסטראַציע, אויף זײערע טעותים, שילדערענדיג די יודישע זיטען און מנהגים. אַזוי לאַכט מען אין די פויסטען אויף דעם, וואָס בײַ עליזאַ אָרזשעשקאָ, למשל, קומט־אוים, אַז פרײַטאָגצונאַכטס מאַכט מען קידוש אין טלית ותפילין.

---

1) VII .12 —. 2) „יוסעלע סאָלאָוויי" 93 .—

3) שלום־עליכם VI ,206 ,238 .— 4) שלום־עליכם V, 36 .—

דאָס, וואָס מיר קאָנען, אָבער, נאָך ווי ס'איז דערליידען ביי אַ פּרעמדען שרייבער און אָננעמען אַלס טעות-גוי, קאָן, אָבער, אויף קיין פאַל נישט געדולדט ווערען ביי יודישע שריפטשטעלער.

ליידער, געפינען מיר, אָבער, גאַנץ אָפט פערגרייזטע ידיעות בנוגע די יודישע מנהגים א. אַז. וו. נישט נאָר ביי אונזערע גרויסע, נאָר אויך ביי אונזערע גרעסטע. אויף אַ פּאַסענד אָרט וועל איך אָנ-ווייזען אויף אַ מענגע ביישפּילען. דאָ וועל איך נאָר אָנווייזען אויפ'ן שווערען איינדרוק, וואָס עס מאַכט, ווען מען עפענט למשל פּרץ'ס „פאָלקסטימליכע געשיכטען" און באַלד אויף דער ערשטער זייט בע-געגענען מיר דעם מלאך, וועלכער וואונדערט זיך, וואָס ער הערט עפּעס נישט ר' ליבל קאָנסקיוואָליערס „שמע ישראל" היינט צו מנחה, און ווי דער מלאך קלערט: „צי האָט ר' ליבל קאָנסקיוואָ-ליער פערגעסען צו דאַוונען מנחה? וועט ער זאָגען צוויי שמונה עשרה'ס ביי מעריב?"

דער לעזער שטעהט דערביי און וואונדערט זיך אויפ'ן מלאך: ווי ווייס מען דאָס נישט, אַז נישט צו מנחה, נאָר צו מעריב זאָגט מען קריאת-שמע? צייט אַלטונג צו געבען אויף אַזעלכע קליינינקייטען!

פון דעם וואָכעדיגען מעריב איז אויך קיין בעזונדערס נישט גענומען געוואָרען, אויסער די ווערטער „המכה בעברתו" וואָס מענדעלי מוכר-ספרים 1) טייטשט: „שטופּיג אויף דער עברי", ריכטיגער זאָגט מען אָבער: „גע'הרג'עט אויף דער עברי". מען פער-טייטשט עס אויך: „ער האָט אַ שעה אַ מיאַל" 2). דאָס ווערט געזאָגט אויף איינעם, וואָס איז נישט מקפּיד, יאָ גוט, נישט גוט, גרייזען, געהיפּערט — אַבי געזאָגט כסדר.

אויך איז פון מעריב גענומען דער אויסדרוק: „בשמחה רבה", ווען מען טוט אַ זאַך מיט גרויס צופרידענקייט 3).

אין מעריב פון יום-טוב זאָגט מען, אָבער: „בגילה ברינה בשמחה רבה". אויף דעם איז אַנטשטאַנען די פּאַראָדיע: „בגעלע, בגרינע—בשמחה רבה", ווען מען פרעהט זיך מיט אַ זאַך, נישט קוקענדיג, צי זי איז גוט, אָדער נישט. בפרט זאָגט מען עס אויף אַ חתן, וואָס פרעהט זיך מיט אַ מיאוס'ער כלה 4).

צו דער ברכה „השכיבנו" בעציהט זיך דאָס שפּריכוואָרט 5):

---

1) „קליין מענשעלע" 74. — 2) דער אויסדרוק: „אַ שעה אַ מיאַל", איז גענומען פונ'ם פּורטאַנישען לעבען, וואָס „אַ שעה אַ מיאַל" איז די מאָס פון אַ גוט פאָהרען. — 3) זעה שלום-עליכם III: „די פרעהליכע קאָמפּאַניע" 40. — 4) זעה איגנאַץ בערנשטיין: „געל" 1. — 5) א. בערנשטיין: „העלפען" 13. —

„עס העלפט ניִשט כי אל שומרנו ומצילנו—נור ובצל"[1]).

מעהר צו פערציַיכנען איז שוין יאָ דאָ פונ'ם שבת'דיִגען מעריב.

אין „לכו נרננה" זאָגט מען די בײדע קאַפּיטלעך פון תהילים צ"ו און צ"ח, וואָס ענדיגען זיך בײדע מיט איין און דעם זעלבען פסוק, נור די שלוסווערטער פונ'ם ערשטען קאַפּיטעל זענען „ועמים באמונתו", און פון אַנדערן „ועמים במישרים". די חזנים זענען זיך אָפּט דעריבער טועה און ענדיגען דאָס צווייטע קאַפּיטעל אויך „באמונתו". זיי בעמערקען, אָבער, באַלד דעם טעות און חאַפּען זיך צוריק. — עס טרעפט, אָבער, אַז אין צומישונג רופט דער חזן אויס אויפ'ן קול אויף יודיש: „ניין, ניין, ניין". —פון דאַן, ווען איינער זאָגט עפּעס און קריגט באַלד חרטה, תוך כדי דיבור, מאַכט מען נאָך, ווי אַ חזן דאַוונט: „ישפוט תבל בצדק ועמים באמונתו... ניין, ניין, ניין — במישרים!"

אַ שלעכטער זינגער הייסט אויפ'ן חזנ'שען זשאַרגאָן—„דראָנג"[2]).

דעריבער, ווען מען הערט דאַוונען אַזאַ חזן, מיט שלעכטע משוררים דערצו, זאָגט מען: „ס'איז משיח'ס צייטען, דען ס'איז שוין מקוים געוואָרען דער פּסוק[3]): אז ירננו כל עצי יער".

פון „לכה דודי" זענען גענומען פאָלגענדיגע רעדענסאַרטען:

ווילענדיג איינעם אַרויסבעטען בדרך כבוד, אָדער הייסען ערגעץ געהן, זאָגט מען איהם: „נו, לכה דודי".

אָנזאָגענדיג איינעם, ער זאָל זיך האַלטען פעסט בײַ איינס, זאָגט מען איהם: „זכור ושמור—זיך צו האַלטען—בדיבור אחד". און אין אַלגעמיין בעניצט מען גאַנץ אָפּט די ווערטער „זכור ושמור" אָנצוזאָגען איינעם, אַז ער זאָל זעהן דורכאויס אַזוי צי אַזוי צו טון.

אַ־לאַ טוביה דער מילכיגער איז די קאַטאָוועסע איבערזעצונג: „לא תבושי ולא תכלמי—בענש מיך ניִשט און שעלט מיך ניִשט"[4]).

ביַים לעצטען פערז: „בואו בשלום", דרייט מען זיך אויס מיט'ן פנים צו דער טיר פון שוהל—צו דער מעריב־וואַנד, און מיט אַ נייג און מיט אַ בייג איז מען מקבל פנים די מלכה שבת. דעריבער

1) וואָרטשפּיל: „ובצל" און „אויפצעהל" (געלד).—

2) זעה שלום־עליכם IV: „לאָנדאָן". — 3) פון „לכו נרננה" מזמורים, תהלים צ"ו י"ב. — 4) איגנאַץ בערנשטיין „לא תבושי". —

געפֿינען מיר בײַ שלום-עליכם'ן: „ער האָט געמאַלט אַ בואו-בשלום-רעווערענסיל, ווי אַ עלטער אָפּיציר"[1], „געמאַלט אַ פֿרײַנדליכען בואו-בשלום מיט אַ ברייטען ברוך הבא"[2].

אונפֿערשטענדליך איז, אָבער, וואָס בײַ מענדעלי-מוכר-ספרים[3] הייסט עס פונקט קאַפּויר ווי פֿרײַנדליכקייט: „ער מעג זיך בייזערן, שפּרינגען בואו-בשלום, וויפֿיל ער וויל".

אויך איז אונפֿערשטענדליך, וואָס שלום-עליכם שרייבט: „מאַכען אַ בואו-בשלום צוויי טריט צוריק"[4], „אָבגעמאַכט אַ גאַנץ פֿיינעם בואו-בשלום, ד. ה. אָפּגעטרעטען אויף אַ פּאָר טריט צוריק, געמאַלט אַ מין רעווערענס"[5]. אויך אין „יוסעלע סאָלאָוויי"[6] שרייבט ער: „געמאַלט אַ היפּשען בואו-בשלום צוריק".

איך בין חושד, אַז דאָ האָט בעדאַרפֿט זיין, „עושה-שלום", דען בײַ „עושה-שלום" צום סוף שמונה-עשרה און קדיש געהט מען, ווירקליך, עטליכע טריט צוריק און מען פֿערנייגט זיך אין אַלע זייטען.

צו דער דערמאָנטער בעוועגונג בײַ „בואו-בשלום" געהער אויך דער ווייטער דערצעהלטער פֿאָלקס-אַנעקדאָט, וואָס בעצייכענט, אַז יעדע זאַך האָט איהר צייט און אין לך דבר שאין לו שעה.

מען דערצעהלט אַזוי: דריי האָבען געהאַט אַ טענה צו כביכול: „עלינו", די מעריב-וואַנד[7] און אַ ממזר.

„עלינו" האָט געטענה'ט, פֿאַרוואָס בײַ איהם שפּייט מען, — האָט כביכול געענטפֿערט: „וואַרט, ימים נוראים וועט בײַ דיר זיין פּתיחת ארון-הקודש און מען וועט פֿאַלען כורעים".

די מעריב-וואַנד האָט געטענה'ט, פֿאַרוואָס מען שטעהט צו איהר מיט'ן אונטען, האָט מען איהר געענטפֿערט: „וואַרט, צו בואו-בשלום וועט מען זיך צו דיר פֿערדרעהען מיט'ן פּנים און בוקען זיך"[8].

די הויפּט-טענה האָט, אָבער, געהאַט דער ממזר: ס'טייטש, וואָס איז ער עפּעס אסור לבוא בקהל? אבות אכלו בוסר ושני בנים תקהנה? — און דאָ האָט די שטעלענדיגע ביסענדיגע פֿאָלקסצונג

---

1) I „דרײַ אַלמנות" 75. — 2) X 207. — 3) VIII 322. — 4) XI 280. — 5) XIII 85. — 6) 105. — 7) אַ צווייטע ווערסיע: „דער אָרעמאַן". — 8) צווייטע ווערסיע: דער אָרעמאַן האָט געטענה'ט, פֿאַרוואָס שטעהט ער פֿון אונטען, — האָט מען געענטפֿערט: „בײַ בואו-שלום שטעהט דער אָרעמאַן אויבען-אָן" (פֿון דאָנען שטאַמט: איגנאַץ בערנשטיין, „אָרעמאַן" 25). —

נקמה גענומען פון די פּאָלקסאונטערדריקער, די אַמאָליגע תקיפים, פּרנסים, וואָס פלעגען זיין די אָנפיהרער פון די „כאַפּערם” און „קאָ־ראָבקעלייט”,— און מען פערצעהלט, אַז כביכול האָט איהם געענט־פערט: „נאַרעלע, וואָס אַרט עס דיך, אַז דו טאָרסט אין קהל נישט קומען? ווערסט ווערען פרנס, וועט קהל אָנקומען צו דיר!” —

צו דער ברכה „מעין שבע” „מגן אבות” בעציהט זיך דאָס ווערטעל: „דער געזונדסטער מאָגען—איז דער מגן אבות” [1].

אַז מען האַלט פאַר'ן עסען און מען האָט אַ גאַסט, וועלכען מען וויל פּטור ווערען, פרעגט מען איהם אַ קשיא: „וואו קומט דאָס, וואָס בעקומענדיג פּרייטאָגצונאַכטס אַזעלכע געסט, ווי מלאכים, מיט וועלכע מען פרעהט זיך אַזוי און מען זינגט זיי: שלום־עליכם... און פּלוצלונג זאָגט מען זיי גאָר „צאתכם לשלום?” — דער תירוץ איז, אַז געהענדיג עסען, מוז מען אַזעלכע טייערע געסט, ווי די מלאכים, אויך זאָגען: „צאתכם לשלום”. — אַז יענער איז קיין נאַר נישט, זאָגט ער אַ גוטען טאָג און נעמט די קליאַמקע אין דער האַנד אַריין.

מען געפינט ביי שלום־עליכם'ן [2] אַ רעדענסאַרט: „אַ שליח פון די מלאכי השרת”. —



1) א. ב. „מאָגען” 4. —

2) VIII 207. —

# IX. דָאס דַאווְנֶען פון שַׁבָּת.

אויך דאָס דאַווענען פון שבת און די שבת'דיגע זמירות האָבען אונז געגעבען אַ שפּאָר ביסעל רעדענסאַרטען און שענע אַנעקדאָטען.

אין קאַפּיטעל „תפלה למשה", וואָס מען זאָגט שבת, געפינט זיך דער פסוק „בבוקר יציץ וחלף — לערב ימולל ויבש", — מען מאַכט דערויף זעהר אַ שען „פרעגעלץ" פאַר אַזעלכע, וואָס זענען וויינינ אויפמערקזאַם. מען פרעגט: דאָ שטעהט „בבוקר יציץ — וחלב לערב"[1], און אין דער תורה פרשת בשלח שטעהט: „בתת ה' לכם בערב בשר לאכל[2]) ולחם בבוקר?"

אין קאַפּיטעל „הודו לד' כי טוב" איז דאָ דער פערז: „ולעוג מלך הבשן כי לעולם חסדו". עוג מלך הבשן איז זעהר פּאָפּולער ביי יודען אַלס ריזען-קעניג. דעריבער, ווילענדיג בעצייכנען יעדען מין גרויסגעוויקסיגען מענשען אָדער בעשעפעניש, זאָגט מען: „אַ גאַנצער עוג מלך הבשן"[3]). מען מאַכט זיך נאָך אַ ווערטעל און מען זאָגט: „עוג מלך הבאָטשאַן", אָנמערקענדיג אויף דעם הויכען געוויקס פון באָטשאַן.

אַז איינער רעדט אַזוינס, וואָס איין וואָרט קומט נישט צום צעהנטען, בעזונדערס ביי מגידים און דרשנים, מאַכט מען זיי שפּאָטיש נאָך מיט'ן פאָלגענדיגען טייטש: „לעוג — אַ קולען, מלך — געזאַלצען, הבשן — געטריקענט, כי לעולם חסדו" און בכלל ווען איינער רעדט עפּעס אַזוינס, וואָס מען גלויבט עס נישט און מען וויל אויסדרוקען פעראַכטונג צו דער נאַרישער מעשה, זאָגט מען: „כי לעולם חסדו". עס איז פאַרהאַן אַ שפּריכוואָרט: „געשריבען, גע'חתמ'עט — כי לעולם חסדו"[4]). דאָס אַלעס האָט אוודאי אַ שייכות צו דעם, וואָס מען חזרט אין מזמור אַזוי פיל מאָל איבער די דאָזיגע דריי ווערטער נאָך יעדען פערז — שוין נישט אַלטענדיג, וואָס מען רעדט. מען זאָגט אויך מיט ליצנות: „כי לעולם לאַפּסטו".

1) „אויף דער נאַכט עסט מען מילך". — 2) הייסט עס: אויף דער נאַכט עסט מען פליייש. — 3) ממו"ס I „הבהמות" 28. — 4) א. ב. „שרייבען" 2, („אַזוי זאָגט מען פון אַ סוחר, וואָס ער שרייבט וועקסלען וויפיל מען וויל, אָבער צום צאָהלען איילט ער זיך נישט"). —

אויפ׳ן פסוק „עני ואביון מגוזלו״ פון נשמת, האָבען מיר ביי א. בערנשטיין די פאַראָדיע: „עני ואביון מי גוזלו״, און ער פערטייַטשט, דאָס מען מיינט צו זאָגען, דאָס ביי אַ אָרימאַן קאָן אפילו אַ גזלן אויך גאָרנישט אַוועקנעמען. ביי טוביה דעם מילכיגען אָבער הייסט אַ „עני ואביון מגוזלו״ — אַ עני שבעניים, אַ קבצן אין זיבען פּאָלעס.

ווען איינער סטראַשעט דעם צווייטען, און דער לעצטער וויל זאָגען, דאָס ער פרעגט נאָך איהם גאָרנישט, ער האָט קיין מורא נישט, מען קען איהם גאָרנישט טון, זאָגט ער: — „קאָנסט מיר דעם „הכל־יודוך״ פערביטען!״

צי ווייס היינט ווער, ווי אַזוי מען פערבאָט עפּעס דעם „הכל־יודוך״? אום די דאָזיגע רעדענסאַרט צו פערשטעהען, מוז מען וויסען, אַז אַזוי גוט ווי עס איז געווען דער שטייגער, דאָס ווען איינער האָט געהאַט אַ אונרעכט, אַ עולה פון צווייטען, און אַז יענער האָט צו אַ דין תורה נישט געוואָלט שטעהן, האָט דער געקוועלטער „מעכב־הקריאה״ געווען, נישט געלאָזט לייענען אין ספר, ביז אַלע זאָלען זיך אָננעמען פאַר איהם, — אַזוי איז אויך אין פאָריגע צייטען געווען דער מנהג, ווי עס זאָל אונז היינט נישט אויסקומען „פשיקרע״ און אויסטערליש, זיך אַוועקצושטעלען נאָך „ישתבח״ פאַר „יוצר־אור״ און נישט לאָזען ווייטער דאַווענען, ביז קהל זאָל זיך אַריינמישען און צווינגען דעם תקיף צו אַ דין תורה [1].

געוועהנליך, האָט מען מעהר פועל יוצא געווען, ווען מען האָט שבת זיך אַוועקגעשטעלט אין שוהל מיט׳ן געוואַלד, ווייל שבת איז דער עולם גרעסער און צייטיגער. דער רבינו גרשום [2], וועלכער איז בעקאַנט מיט זיינע תקנות, האָט מתקן געווען, אַז קיינער זאָל נישט צורודערן ס׳שבת׳דיגע דאַוונען, סיידען ער האָט שוין דאָס גע־טון דריי מאָל אינדערוואָכען און עס האָט נישט גע׳פּ׳על׳ט.

מיר זעהען, בכן, אַז פערצייטען איז דאָס געווען אַנ׳אויסער־געוועהנליך ווילדיג געוועהר אין האַנד פון געקשיוודעטען, אַוועקצו־שטעלען זיך שבת נאָך „ישתבח״ פאַר „הכל־יודוך״ און פערביטען, נישט לאָזען ווייטער דאַוונען.

ווי מיר זעהען, אָבער, פון אונזער אַרט רעדען, האָט אָט דאָס מיטעל מיט דער צייט פערלוירען זיין ווירקונג און כח, ביז ס׳איז אינגאַנצען בטל געוואָרען.

1) זעה שלחן־ערוך, אורח חיים, סימן נ״ז, און רמ״א סימן נ״ד. —

2) געלעבט מיט קנאַפּע טויזענד יאָהר צוריק. —

אויפ׳ן ראַדזינער רבי ר׳ גרשון־הענִיך, וואָס האָט ערפונ־דען דעם תכלת, האָבען זיינע געגנער אויסגעטראַכט פערשידענע בלבולים. זיי האָבען אָבער פאָרט בשום אופן נישט געקאָנט אָב־לייקענען זיינע גרויסע מעלות, למדנות און געלערנטקייט,—האָבען זיי דעריבער אויף איהם געזאָגט אַ ווערטעל: „הכל יודוך, והכל ישבחוך והכל יאמרו—אין קדוש״...

אַז איינער בייזערט זיך אויפ׳ן צווייטען מיט אַ געשריי, זאָגט מען: „ער איז אויף איהם אַרויס מיט׳ן אָז בקול״. — דאָס האָט אַ שייכות מיט די ווערטער „אז בקול רעש גדול״ פון דער שבת׳דיגער קדושה. דאָס איז בפרט ענטשטאַנען אַ דאַנק דעם, וואָס דער שטייגער פון חזנים איז צו נעמען די דאָזיגע ווערטער מיט די העכסטע טענער.

„צו וואָס, פרעגט די וועלט, זענען עפּעס דאָ צוויי יקום־פורקן׳ס?״ און מען ענטפערט, אַז דאָס איז: „טאָמער קומט איינער אַוועק, זאָל דער צווייטער בלייבען״. — „פאַרוואָס זשע, פרעגט מען ווייטער, איז נאָר דאָ איין מי שברך?״ איז דער תירוץ: „ס׳זענען טאַקי געווען צוויי, איז איינער אַוועקגע־קומען און געבליבען איז בלויז דער צווייטער״.

ביי פראָסטע מענשען איז עס אַ גאַנצער ענין צו וויסען, ווען דער מולד איז. אַסך לומדים און רבנים פעראינטערעסירען זיך אָבער דערמיט גאַנץ ווייניג, און אַז מען פרעגט אַ רב, ווען דער מולד איז, און ער ווייס נישט, קומט עס עפּעס אויס, גלייך ער איז אַנ׳עם הארץ. אַ פאַקט איז, אַז ר׳ חיים וואָלאָזשינער איז נישט געוואָרען רב אין ווילקאָמיר, ווייל ווען איינער פון די הויפּט־בעלי־בתים האָט איהם געפרעגט, ווען איז דער מולד, האָט ער נישט געוואוסט [1].

מען פערצעהלט דעריבער פערשידענע איינפאַלען פון רבנים, ווי אַזוי זיי האָבען זיך אַרויסגעדרעהט פון דער פערשאָלטענער קלאָץ קשיא [2].

---

1) זעה „תולדות ר׳ חיים מוואָלאָזין״. —

2) מען זאָגט, אַז אַ קלאָץ־קשיא הייסט נישט אַ קשיא, וואָס ליגט ווי אַ קלאָץ איבער׳ן וועג (זעה א. ב. „האָץ״: „זאָג נישט האָץ, ביז ביסט אַריבער־געשפרונגען דעם קלאָץ״). נאָר דאָס שטאַמט דערפון, וואָס אַ סוחר האָט געגעבען אַ האָלצזעגער אַ קלאָץ און איהם געזאָגט: „נאַ דיר דעם קלאָץ און צושנייד אויף צוויי!״ דער זעגער שטעהט און קלערט: צי האָט דער סוחר געמיינט, דאָס איך זאָל איינמאָל איינזעגען, אום פון קלאָץ זאָל ווערען צוויי, אָדער ניין, איך זאָל שניידען צוויי מאָל און פון קלאָץ זאָלען בלייבען דריי שטיקער?״

אפשר קען ווער פון די לעזער טרעפען אָט די „קלאָץ־קשיא״?

איין רב, אז ס'איז צו איהם געקומען אַנ'אַלטער „באַלאַבאָן" מיט דער שאלה: „ווען איז דער מולד?" — האָט ער זיך פשוט געגעבען אַ בייזער אָב: „אַ חרפה, אַ בושה, אַזאַ אַלטער יוד זאָל נאָך נישט וויסען, ווען דער מולד איז!" און יענער האָט זיך געשווינד אָבגעטראָגען בחרפתינו...

אַ צווייטער רב אין אַ ישוב האָט עס קליגער געמאַכט: ער האָט געזאָגט, אַז דער דין איז, אַז קוים איז דאָ אויפ'ן אָרט אַ ספר, טאָר דער רב נישט פסק'ענען פון אויסוועניג. מען מוז בכן זוכען אומעטום, ווי מען וועט נישט געפינען אַ לוח. צום סוף, אַז עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז אויף דעם גאַנצען ישוב איז קיין לוח נישטאָ, איז דער רב שוין געווען בטוח, אַז קיינער וועט איהם ביי קיין גרייז נישט כאַפּען, און ער האָט געזאָגט, ווי עס איז איהם סתם איינגעפאַלען.

דעם לעצטען פסוק פון „אב הרחמים" טייטש מען פורים'דיג אַזוי:

— „ידון בגויים" — ווי לאַנג יודען זענען צווישען די גויים — „מלא גויות" — אפילו זיי זאָלען טרינקען פולע בעכערס[1]), „מחץ ראש" — וועלען זיי אַרומגעהן מיט צוהאַקטע קעפּ; „על ארץ רבה" — אין ארץ ישראל אָבער, „מנחל בדרך ישתה" — אפילו זיי זאָלען נאָר טרינקען פּראָסט וואַסער, „על כן ירים ראש", וועלען זיי אויך געהן מיט'ן קאָפּ אַרויף".

ביי שלום עליכם[2]) געפינען מיר די רעדענסאַרט: „דרעהט זיך ווי אַ חזן אויף נעריצך", און באמת האָבען די חונים זעהר ליב צו בעווייזען כל המיני קונצען ביי דער מוסף'דיגער קדושה.

ביי „צדקתך צדק" פון דער שבת'דיגער מנחה זאָגט מען: „אדם ובהמה תושיע ה'". דערויף דערציילט מען, אַז אַנ'עם־הארץ האָט אַמאָל געגעבען געלד דעם גבאי, ער זאָל איהם שטעלען אויף די שטעל ביי'ם רב אויפ'ן סאַמי מזרח. דער עם הארץ האָט אָבער אויך געוואָלט וויזען דעם רב, דאָס ער פערשטעהט אין די קליינע אותיות. פרעגט ער איהם צו מנחה: „וואָס שטעהט עפּעס „אדם ובהמה"? ווי קומט אַנ'אדם צו אַ בהמה?"

ענטפערט איהם דער רב: „די דאָזיגע קשיא מוזט דו פרעגען דעם גבאי"[3]).

---

1) מלשון „גָבִיעַ". —

2) IX, „בלאָנזשענדע שטערען" 286. —

3) „וועלכער האָט דיך, בהמה, אוועקגעשטעלט ביי אַ אדם". —

# X. זְמִירוֹת פוּן שַׁבָּת.

פרײַטאָגצונאַכטס פלעגען יודען איבעראַל עסען לאָקשען [1]. ווען אײַנער פערשפּעטיגט אונטערוועגס און קומט אַהײם אַבּיסעל אין שבת אַרײַן, הײסט עס דעריבער: „ער איז אַרײַנגעפאָהרען מיט דעם דישעל אין דער שיסעל לאָקשען" [2].

ווען בײַ אַ זאַך איז, ווידער, דאָ אַסך געררעדאַכץ און ווײניג פּרנסה, הײסט עס: „אַסך זמירות און ווינציג לאָקשען" [3].

טרויעריג בּעריהמט איז געוואָרען דער זמר „מה־יפית", וועלכען מען זינגט פרײַטאָגצונאַכטס. אַמאָל פלעגט יעדער זמר האָבּען זײַן בּעזונדערע מעלאָדיע. אַזוי געפינען מיר אין סוף „חַוַּת יָאִיר" אַ זמר, וואָס שטעהט אויף איהם, מען זאָל איהם זינגען מיט'ן ניגון פון „כל מקדש שביעי". אויף אַ צווײטען שטעהט: מיט'ן ניגון פון „אַדיר אָיום" אָדער „בּמוצאי יום מנוחה". לעוואַנדאָווסקי אין זײַנע „העבּרעאישע מעלאָדיען" האָט פערצײכענט אַ טיפּישע מעלאָדיע פון זמירות, מיט וועלכער עס זינגען די חסידים פון דרום־פּוילען און נאָ־ליציען „מה יפית". די מעלאָדיע זינגען חסידים טײלמאָל אינגאַנצען אָהן ווערטער בּעת'ן רעליגיעזען עקסטאַז. דער ניגון פון „מה־יפית" איז בּעזונדערס געפעלען געוואָרען די פּאָליאַקען, אַזוי אַז אין די פּוילישע פאָלקס־ניגונים האָבּען זיך אָנגעהויבּען אַרײַנכלאַפּען טענער פון דעם יודישען ניגון, וואָס עס האָט שאַפען'ען בּעזונדערס פערדראָסען, און ער זאָגט: „אָרימע פּוילישע אַריעס, איהר זײַט גאָרנישט חושד, אויף וויפיעל איהר זײַט דורכגענומען מיט „מה־יפית"! [4]) די פּוילישע פּריצים פלעגען פערלאַנגען פון זײערע „יודלעך" גאַנץ אָפט צו זינגען פאַר זײ „מה־יפית". דערבּײַ פלעגט מען זיך לוסטיג מאַכען איבּער'ן אָרימען זינגער. „שפּיעוואַי מה־יפית" דאָס פלעגט נאָכדעם זײַן דער אויסרוף צום יוד, איהם צו דערנידעריגען און אויסצולאַכען. אַ „מה־יפית־זינגער" אַ „מה־יפית־יוד" אַ „מה־יפית'ניק" הײסט הײַנט

---

1) ממו"ס: „שלמה ר' חיים'ס" XXVII. —

2) ממו"ס: VII 150. —

3) ש"ע: „יוסעלע סאָלאָוויי" 138. —

4) די רוסיש־יודישע ענציקלאָפּעדיע: VII 732. —

דער יוד, וואָס ווייס ניט צו אַלטען דעם כבוד פון זיין פאָלק און לעקט זיך צו צום פריץ.

אין זמר „יום שבת קודש" שטעהט: „ואל ישים אל לבו הכים רק ואין בו ישמח וירוה" וכ"ו, מען זאָגט אויף דעם אַלם פּאַראָדיע: „הכּים ריק—וויין" [1]) (אַז דו האָסט נישט קיין געלד, וויין-ושען); „בּו ישמח וירוה" (האָסטו אָבער, פרעה זיך און לעב אַגוטען טאָג).

דאָס איבעראַל בעניצטע ווערטעל „דאָפּעלט איז שטאַר־קער" שטעהט אין צוזאַמענהאַנג מיט'ן פאָלגענדען אַנעקדאָט: „אַ ישיבה־בחורל האָט בעקומען צו עסען דעם שבת'דיגען טאָג ביי אַ שניידער. איינמאָל זונטאָג פריה קומט דער שניידער צום ראש־ישיבה, ער זאָל איהם אויפ'ן צווייטען שבת שיקען אַ צווייטען בחור. אויפ'ן צווייטען זונטאָג האָט ער פערלאַנגט ווידער אַ דריטען בחור. דעם ראָש־ישיבה איז די זאַך געוואָרען פערדעכטיג, און ער פרעגט איהם: „וואָס איז די מעשה, וואָס דיר געפעלען נישט די פאָריגע בחורים"? ענטפערט איהם דער שניידער, אַז ער האָט זיי געפרעגט, פאַרוואָס מען דאַרף דעם לעצטען פערז פון „יום שבת": „התקוששו", זאָגען צוויי מאָל, און זיי האָבען אַזאַ פראָסטע זאַך נישט געוואוסט. דער ראש-ישיבה פרעגט איהם, וואָס איז לויט זיין מיינונג דער תירוץ? ענטפערט ער איהם, אַז די זאַך איז גאָר פשוט: אַז ער ענדיגט צו נעהען — נעהט ער אויך צום סוף דאָפּעלט, ווייל „דאָפּעלט איז שטאַרקער", כדי ס'זאָל זיך נישט איינרייסען; דעריבער זאָגט מען אויך צום סוף דעם לעצטען פסוק דאָפּעלט.

דאָס ווערטעל ווערט בעניצט אין אַלגעמיין צו בעצייכנען, אַז „מיט וואָס איינער האַנדעלט—שלעפּט עס זיך איהם נאָך", און יעדער פערטייטשט זיך לויט זיינע בעשעפטיגונגען.

שבת פריה מאַכט מען קידוש עפ"י רוב איבער בראָנפען. מען זאָגט אפילו, אַז „ווען מען מאַכט קידוש איבער בראָנ־פען — איז מען ממה נפשך אַפויער": טרינקט מען ווענינ, ד. ה. נישט אַרוב־כּוס, ווי עס פאָדערט דער דין, איז מען דאָך אַפויער; טרינקט מען אַרוב־כּוס בראָנפען — טרינקט מען דאָך ווי אַפויער.

דאָס איז אָבער נאָר אַ ווערטעל. און שבת פריה מאַכט מען טאַקי קידוש איבער בראָנפען. דער קידוש הויבט זיך אָן מיט די ווער־

---

1) „וויין" = „ואין". —

טער „על כן ברך“. דעריבער בעניצט מען זיך מיט די דאָזיגע ווערטער אַלס התחלה צו שפּריכווערטער און לידלעך וועגן בראָנפן און טרינקערס. זעה א. ב. [1]) „על כן ברך — דער רבי האָט ליב אַ שוואַך“ [2]).

די ווערטער פון זמר „ברוך ד׳ יום יום“ ווערען געברויכט אויף צו זאָגען: „געלויבט איז השי״ת פאַר היינט — און לאָמיר נישט זאָרגען, וואָס ס׳וועט זיין מאָרגען“ [3]). אָדער: „אויף מאָרגען זאָל גאָט זאָרגען!“ — פּרץ: I 43 און III 26; אינטערעסאַנט איז, וואָס אויף ביידע ערטער זאָגען עס פרויען.

אין זמר פון מוצאי־שבת — „המבדיל“ געפינט זיך די בעקאַנטע תפילה „זרענו וכספנו ירבה כחול“. זאָגט מען אַזוי:

— גאָט גיט יעדען יוד איינס פון די ביידע זאַכען: דעם אָרעמאַן — „זרענו“, דעם גביר ווידער — „כספנו“, און דעריבער טאַקי האָבען אָרעמע לייט אַסך קינדער, און די גבירים נישט [4]).

צו די ווערטער „המבדיל בין קודש לחול“, גיט מען צו: „ווער עס האָט געלד, דעם איז וואויל“ [5]), אָדער: „אַז עס גראָט, איז טאַקי וואויל“ [6]).

דאָס, וואָס מען זאָגט: „אין פּינטשעוו טאָגט שוין“, וואָס לויט א. בערנשטיין („פּינטשעוו“) און נח פּרילוצקי („זאַמעלביכער פאַר פאָלקלאָר“ I), האָט עס אַ שייכות עפּעס צו אַ גאַנצער מעשה, איז אין דער ווירקליכקייט נאָר אַ פּאַראָדיע אויף דעם פּסוק פון משלי, וואָס ווערט געזאָגט אין זמר „המבדיל“ —: „בנשף בערב יום“. „בנשף“ זענען די אותיות פון „פּנשב“; „בערב יום“ —„איז באַלד אויף דער נאַכט טאָג“.

די רעדענסאַרט „הערען, זעהן און שווייגען“ [7]) איז אויך נאָר אַ פאָלקסטייטש אויפ׳ן פּסוק, וועלכען מען זאָגט מוצ״ש

---

1) „רבי“ 8. —

2) לויט א. ב. פערזיכערט, הייסט „שוואַך“, שוועכען“ אין אַ טייל געגענדען: „אַ טרונק, טרינקען“.

זעה אויך ביי ממו״ס: „דער פּריזיוו“ 104.

אין „פנקס“ תרע״ב: „על כן ברך — מיט׳ן הענטעל (ביי ממו״ס — „מיט׳ן גלעזעל“) אַ מאַך, מיט׳ן פּיסל אַ טופּ, און פון גלעזעל אַ זופּ!“. —

3) דאָס איז לויט בית־הלל אין דער גמרא ביצה ט״ז. —

4) זעה ש״ע: VII 22. —

5) א. ב. „געלד“ 29. —

6) א. ב. „גראָטען“ 1. —

7) א. ב. „הערען“ 2; ממו״ס VI 87. —

אין זמר „אגיל ואשמח״:—„משמע ודומה״. מען זאָגט עס
אויך גלײַך אויף לשון־קודש: „משמע ודומה ומשא״[1].

די ווערטער „אגיל ואשמח״ טײַטש מען אויף ליצנות:
„קײַלעכדיג און שפּיצעכדיג״[2]. אויף שנײַדער-לשון הייסט עס
ווידער: „אגיל ואשמח—צוגעשניטען און אויפגענעהט״[3].

מוצ״ש בײַ דער הבדלה מאַכט מען איבער דער „הבדלה״ די
ברכה: „בורא מאורי האש״. אַז מען וויל אויף איינעם זאָגען
פערשטעלט, דאָס ער האָט אַליין זײַן הויז אונטערגעצונדען, כּדי צו
נעמען די פערסטראַכירטע סומע, אַנ׳אפּותיקו, זאָגט מען: „ער
האָט געמאַכט אַ בורא מאורי האש״[4].

מען פרעגט אויך: פאַרוואָס האָט דאָס ווײַב געזאָגט צום „איש
חסיד״: „ותורה מצאת כי יגעת—מה נאכל מעתה?״
(„לערנען קאָנסטו — וואָס-זשע וועלען מיר עסען?״). איז דען זײַן
קענען לערנען געווען אַ חסרון צו דער פּרנסה? און מען זאָגט אַזוי:
אַ רב טאָר קיין חסיד נישט זײַן, און אַ רבי ברויך נישט צו קענען
לערנען, דעריבער האָט ס׳ווײַב געקלערט: וואָס מאַכט מען מיט׳ן
מאַן? זאָל ער ווערען אַ רב—איז ער דאָך אָבער אַנ׳איש חסיד, זאָל
ער ווערען אַ רבי—קאָן ער דאָך אָבער לערנען!

ווען אין רעדען קומט אויס צו דערמאָנען צוויי מענשען, וואָס
מען קאָן איינעם צום צווייטען נישט גלײַכען, למשל: אַ צדיק און אַ
רשע, אָדער אַ מענש און אַ הונט א. ד. גל., זאָגט מען דערבײַ:

---

1) בראשית כ״ה י״ד.

לויט ווי עס שרײַבט מיר ר׳ ישכר משה שוואַרץ פון זנערוש,
ברענגט שוין די דאָזיגע מליצה ר׳ יהודא אריה די מודינא אין זײַן
ספר „צמח צדיק״ פרק י״א. אויך מאַנדעלשטאַם אין זײַנע אָנמערקונגען
צו זײַן דײַטשער איבערזעצונג פון תנ״ך ברענגט, דאָס אין מיטעלאַלטער האָט מען
דעם פסוק בענוצט אַלס שפּריכוואָרט צו „הערען און פערטראָגען״.

דרך אגב וויל איך ברענגען דאָ נאָך איין זעהר שענע און געלונגענע
השערה פון דעם דערמאָנטען געלעהרטען. ער שרײַבט מיר, דאָס מעגליך, אַז די
פערשפּרייטע יודישע רעדענסאַרט „ווײַטער פּטור״ איז אַ פּאַראָדיע אויף די
ווערטער „פּטור ועטיר״, וואָס מען פלעגט שרײַבען אין אַ שטר-שחרור פון
אַ עבד, דאָס ער איז פּטור און אָבגעשיידט פון ווײַטערדיגע אַרבייט (זעה
גטין פ״ו). —

2) אַזוי טײַטשט אַנ׳עם־הארץ, ווײַל „אגיל״ קלינגט ווי „עגול״ (א. ב. „קײַ-
לעכדיג״; ממו״ס: VI 139, 153). —

3) ש״ע „מבול״ 14; „טוביה״ 67. אויף ביידע ערטער זאָגען דאָס
שנײַדערם. —

4) זעה ש״ע „נײַ כתריליעווקע״: 42; VIII, „אַ נשרף״ 204. —

להבדיל". טײל זאָגען: „המבדיל". נאָך שטאַרקער זאָגט מען: „להבדיל אלף אלפי הבדלות", אָדער: „להבדיל בין טומאה לטהרה".

װען מען װיל אָבער אויסדריקען אונזער פֿעראַכטונג צו'ם בלומר'שטען צדיק און זאָגען, דאָס אין אמת'ן איז פֿון איהם ביז דעם דערמאָנטען רשע אָדער הונט קײן אונטערשיעד נישטאָ, זאָגט מען: „המבדיל װעל איך זאָגען שבת'צונאָכטס", דען מוצאי-שבת זאָגט מען „המבדיל". —



# XI. סְלִיחות.

ווי בעקאַנט, האָט יעדע שטאָדט און יעדעס שטעדטיל ביי יודען אַ צונאָמען, און אַמאָל אויך עטליכע צונעמענישען.

ה׳ נח פּריִלוּצקי האָט זעהר גוט געטון, וואָס ער האָט אָנגעהויבען זאַמלען אָט די אַלע צונעמענישען און אַ גרויסע צאָהל פון זיי פערעפענטליכט אין זיינע „זאַמעלביכער פאַר פאָלקלאָר" באַנד I און II.

ניִשט איבּריג אָנגענעהם מוז אָבער זיין אַ לאָדזער יודען צו געפינען אין דער דערמאָנטער זאַמלונג אונטער׳ן נומער 508, אַז לאָדזער יודען רופט מען „סליכענערס".

וואָס איז אַזוינס סליכענערס? אויפ׳ן אָרט שטעלט דער מחבר אַוועק אַ פראַגע-צייכען, נאָר אין די אָנמערקונגען און אויסבעסערונגען צום סוף פון ווערק, האָט ער אָנגעגעבען, אַז אין פּויליִשען יודיש הייסט „סליכענען" — אויסגעבען „סליכען ניִשט" — גיב-ניִשט אויס, „סליכענער" — „אַ גנב, וואָס גיט אויס די גנבה, בכלל — אַ מסור".

אין אונזערע געגענדען ווייסט יעדער, אַז סליכענען — הייסט מסר׳ן. אָבער וואָס איז דאָס פאַר אַ וואָרט, פון וואַנען האָט עס די אָבשטאַמונג?

איך רעכען דאָס מען ברויך צו שרייבען „סליחה׳נערס", „סליחה׳נען", און דאָס וואָרט שטאַמט פון אונזער בעקאַנטער סליחה[1]), וועלכע מיר זאָגען אין די סליחות-טעג און ימים-נוראים. אַי, ווי קומט סליחה׳נען צו מסר׳ן? עס שיינט דאָך גיכער,

---

1) ווי בעקאַנט האָבען די יודישע גנבים אַריינגעבּרענגט אַ מענגע לשון קודש-ווערטער אין דעם גנבה׳שען זשאַרגאָן פון אייראָפּע.

„פנקס" תרע״ב, „פאָלקסלידער", נומער 60: „מאַרעוויכער" (דער נאָמען פון אַ גנב). איך גלויב, אָבער, אַז אויף גנבה׳יש לשון הייסט אַ גנב „מאַרעוויכער" פון לשון-קודש׳דיגען וואָרט „מַרְוִיחַ׳ר" — אַ פערדינער.

אין אַ פּויליִש בוך פון קאָשוטסקי, אויך ביי לעאָ בעלמאָנט האָב איך בעגעגענט, דאָס אויפ׳ן גנבה׳שען זשאַרגאָן הייסט אַ מעסער „מייכער", און אויך דאָס גלויב איך האָבען געבּרענגט די יודישע גנבים, דען אויפ׳ן פסוק „כלי חמס מכרותיהם" (בראשית מ״ט—ה׳) שרייבט רש״י: „סייף בלשון יוני מכי׳ר", און ווירקליך הייסט עס אַזוי אויף גריכיש און לאַטיין.

פון איינעם, וואָס איז אַ לענגערע צייט געזעסען אין רוסישע טורמעס, האָב

אַז אַ ס ל י ח ה׳נ ע ר פּרויך צו הײסען אַ יוד, וואָס זיצט אין בית־המדרש און זאָגט סליחות, נישט אַ אויסוואורף אַ מסור? האָבען אָבער יודען אַ טבע צו רעדען בלשון סגי־נהר. ש ל ו ם ־ ע ל י כ ם זאָגט גאַנץ ריכטיג: „יודעלעך האָבען ליב צו רעדען פערשטעלט, בלשון סגי־נהר, אָנרופען איטליכע זאַך קאַפּויער, אויף יעדען איינציגען האָבען זײ אײַך אַ צונעמעניש, אַזוי, אַז פון צונעמעניש בעדאַרפט איהר לערנען פונקט דעם היפך. למשל, „אַ ח כ ם“ איז אַ טפש, לאָטש בראָק איהם אין קרויט אַרײַן, אַ„וואָרטסמאַן“ איז אַ ליגנער, אַ„ב ע ל ל ש ו ן“ איז אַ זאַאיקע“ [1].

אָט אַ דאַנק דער דאָזיגער יודישער אײגענשאַפט איז ענטשטאַנען דאָס, וואָס „ס ל י ח ה׳נ ע ן“ הײסט נישט זאָגען סליחות, נאָר גאָר דער היפך דערפון — אַ בלבול, אַ מסירה. אַזוי געפינען מיר בײַ ממ״ס [2]: „ד ו וועסט ז י ך ס ט אַ ר ע ן עפּעס צ ו ט ו ן, עפּעס צו פ ע ר ב ע ס ע ר ן, פּ ל ו צ י ם וועט ק ו מ ע ן א י י נ ע ר און וועט אָ ב ז אָ ג ע ן אַ ס ל י ח ה, אַז דו ביזט אַ אפּיקורס“.

און נישט בלויז בלויז דער בעגריף ס ל י ח ו ת איז אַזוי בעניצט געוואָרען אין יודיש, נאָר נאָך אַנדערע אויסדריקען.

יעדער ווײס, אַז אַ „ס ג ו ל ה“ איז אויף צו העלפען און נישט מזיק צו זײַן. דאָך אַז „גיטעל פּורישקעוויטש“ [3] זאָגט: „ד אָ ס ק אָ ן נ אָ ך זײַן אַ ס ג ו ל ה צום ק ר ע ד י ט“ מײנט זי, אַז עס קאָן איהר שאָדען צום קרעדיט, נישט העלפען.

יעדען איז אויך בעקאַנט, דאָס אַ „פּ ז מ ו ן“ איז אַ תּפילה אין די סליחות, בײַ וועלכער דער עולם שטעלט זיך אויף און זינגט זי מיט כונה; אַ „ש י ר ה מ ע ל ו ת“, ווידער, שרײַבט מען כידוע אַלס סגולה בײַ אַ יולדת אויף טיר און פענסטער; „אַ ש פּ ר ו ך“ איז אויף צו הײלען אַ קראַנקען פון אַ עין־הרע און דאָס גלײַכען אָנשיקענישען, — אַלטע ווײַבער פלעגען אויך „ל י י ג ע ן ק נ י י ט ל ע ך“. דאָס איז אָבער אַלץ בדרך פּשט. אין יודישען ווערט עס אָבער בענוצט אויך בדרך

---

איך ערפאַהרען, דאָס איבעראַל אין פּ ו י ל י ן און ר ו ס ל אַ נ ד רופען די אַרעסטאַנטען אַ רעוויזיע: „חַ פּ וּ ש“.

אַ גנבה׳ש פערד ווערט בײַ בעלי־עגלות און גנבים אָנגערופען „אַ י ו ס ע ל ע“. איך גלויב, אַז דאָס בעציהט זיך צום פסוק אין בראשית מ׳, ט״ו, וואו יוסף זאָגט צום שר המשקים: „כִּי גֻנֹּב גֻּנַּבְתִּי“...—

1) שלום־עליכם באַנד XIII „די רויטע יודעלעך“ ז׳ 59. —

2) מענדעלי־מוכר־ספרים „טאַקסע“ 27. —

3) שלום־עליכם XIII 142. —

רמז, אויף אַגאַנץ אַנדערען זין, ווי דעם לעזער וועט לייכט זיין איבערצייגען זיך פון די פאָלגענדע ציטאַטען פון מענדעלי-מוכר-ספרים, וועלכע זענען עפּעס ווי ספּעציעל צוזאַמענגעשטעלט, כּדי צו קאָנען דינען אַלס אילוסטראַציע פאַר אונז:

—„ליגנערס, פּלאָטקע-מאַכערס, בריות אויף אָבצוזאָגען אויף דעם, אויף יענעם אַ פּזמון, אַ בלבול, נישט פויל אויף דער פען אָנצושרייבען אַ „שיר המעלה"[1], צולייגען אַ קניטעל"[2].

—„האָבען איהם אָבגעטראָגען... פּזמונים, תמיד פערטיג געווען מיט אַ שפּרוך און געקאָנט צולייגען אַ קניטעל"[3]...

—„אַ שפּרוך, אַ שיר המעלה, אַ דאָנאָסעל הייסט עס, וואָס מיר פּלעגען שיקען אַהין וואו מען דאַרף"[4]...

ביי שלום-עליכם'ן, ווידער, הייסט גאַנץ אָפט „אַ פּזמון"— אַ אויסגעטראַכטע מעשה פון טויזענד און איין נאַכט, וואָס נישט געשטויגען נישט געפלויגען[5].—

רעדענדיג וועגען פּזמונים, געפין איך אויך פאַר נויטיג צו פערצייכנען אַ משונה'דיגע רעדענסאַרט, דער פּשט פון וועלכער ס'איז מיר לײדער אונבעקאַנט.

א. בערנשטיין[6] ברענגט, דאָס ווען מען הערט דערצעהלען אַנ'אומגלויבליכע אָדער אונמעגליכע מעשה, זאָגט מען דערויף: „אַ פּאָטשט פון ראש-חודש קרעמעניץ". דאָס קאָמישע צונויפשפּאַנען פון ראש-חודש מיט דער שטאָדט קרעמעניץ האָט ער לײדער נישט געקאָנט דערקלערען.

נח פּרילוצקי אין זיין אויבענדערמאָנטער זאַמלונג קאָפּירט א. בערנשטיינען און ברענגט נאָך אַ ווערסיע[7]: „אַ פּוץ פון ראש חודש קרעמעניץ". איך וועל דאָ פערצייכנען, דאָס, לויט ממו"ם[8], ווערט גאָר געזאָגט: „אַ פּזמון פון ר"ח קרעמעניץ".

„ראש חודש קרעמעניץ" הייסט בכלל אַ טאָג, וואָס לא

---

1) ביי אונז: „אַ שיר המעלות".— 2) I „אַלטע מעשה" 4. — „מסעת בנימין" ז' 70: „אָבזאָגען אַ פּזמון" (אַ מסירה).

3) דאָרט 31.— 4) „דאָס קליינע מענשעלע" 135; זעה אויך ז' 84; אין „ווינשפּ." 324 און 404.— 5) זעה III „גרויסע בהלה" 27; „פרעהליכע קאָמפּאַניע" 32; VI, 206, 225: „דאָס האָט ער זיך אויסגעטראַכט אַ פּזמון מיט'ן גענעראַל"; „מבול", 102.— 6) נומער 2751.— 7) נומער 204.—

8) פּריזיוו 16. לינעצקי אין „דאָס חסידי'שע יונגעל" (ווילנע 1909) ז' 124, שרייבט, דאָס אויף „דערצעהלען אַ פּאָטשט" זאָגט מען אַ „פּזמון".—

היה ולא נברא[1]. בעזונדערס צו אילוסטרירען דעם געברויך פֿון דער דאָזיגער רעדענסאַרט, קאָן אונז דינען די פֿאָלגענדע שטעל ביי שלום־עליכם[2]: „מען וועט דאָס דאַרפֿען פֿערשרייבען אין ספר פּראַלניק[3]), אַז ר״ח קרעמעניץ האָט זיך געטראָפֿען אַ נס — עס איז געפּגרט אַ בער אין וואַלד!״.

אויף אַ שפּאַס הייסט דאָס — ס׳האָט געמוזט עפּעס אויסטערליש געשעהן. זעה מענדעלי־מוכר־ספרים[4]), ווען ר׳ אברהם קומט צו רייזען נאָכדעם, ווי ער איז שוין ביי איהר נישט געוועזען אַלאַנגע צייט, זאָגט זי: „אַ בער אין וואַלד האָט געמוזט פּגר׳ן!״

וועגען פּזמונים זאָגט דאָס פֿאָלק אויך אַזאַ ווערטעל: „פֿאַר וואָס עשרה בטבת, אַזאַ קליינער טאָג, איז דאָ אַ גרויסער פּזמון, און שבעה עשר בתמוז, דער גרעסטער תּענית־טאָג, האָט אַ קליינעם פּזמון?״ — דער תּירוץ איז, אַז די נאַכט צו עשרה בטבת איז אַ גרויסע, האָט דער בעל הפּזמון געהאַט גענוג צייט צו מאַכען אַ גרויסען פּזמון; דאַגעגען די נאַכט צו שבעה עשר בתמוז איז אַ קורצע, האָט ער נישט בעוויזען מעהר אָנצושרייבען.

אין די גרויסע ווינטער־נעכט שפּילט דער עולם אין קאָרטען, דעריבער בעציהט זיך צום פּזמון פֿון עשרה בטבת אַ קאָרטען־לידעל:

אבותי כי בטחו —
ברידערשי, וואָס האָסטו?
האָסטו מלכה, מלך, טויז,
טאָ נעם[5]) אויס;
האָסטו, אָבער, ניש,
טאָ לאָז ס׳געלד אויפ׳ן טיש.

סליחות זאָגט מען, ווי בעקאַנט, פֿאַרטאָג. כּדי דער עולם זאָל נישט פֿערשלאָפֿען, געהט פֿריהער דער שמש אַרום, וועקט דעם עולם מיט׳ן בעקאַנטען רוף: „שטעהט אויף צו סליחות!״

דעריבער, ווען מען וועקט איינעם, ער זאָל אויפֿשטעהן, זאָגט מען אויף קאַטאָוועס: „ע, שטעהט אויף צו סליחות!״[6]).

---

1) זעה שלום־עליכם I „פֿינף און זיבעציג טויזענד״ 60; VI 119. —
2) VI „אַ טוידטער אתרוג״ 179. —
3) דער דאָזיגער לא היה ולא נברא׳דיגער ספר ווערט אויך דערמאָנט זייט 119. אויף וואָס בעציהט זיך אָבער דאָס? —
4) VII 144. — 5) ס׳געלט. —
6) שלום־עליכם X „בלאָנזענדע שטערען״ 48. —

ווען מען רעדט צו אַמענש פֿון אַ ענין, וועגען וועלכען ער האָט די מינדסטע אַהנונג נישט, זאָגט מען: „גע ה ד ע ר צ ע ה ל אַ הונד אַסידילקאָווער סליחה, גע ד ר ו ק ט אין ס לאַוויטא!“ [1]). דאָס מוז שטאַממען פֿון עפּעס אַנ'אַנעקדאָט.

אין די סליחות פֿון ערב ראש-השנה איז דאָ אַקאַפּיטעל, וועלכעס הויבט זיך אָן מיט די ווערטער „אדון בפקדך“. מיט די דאָזיגע ווערטער בעצייכענט מען אויף יודיש איינעם אַטשינאָווניק, וואָס האַלט זיך פֿאַר אַגאַנצען קנאַקער [2]) שיינט אויך, אַז אַזוי רופט מען אָן אַרעוויזאָר, אַסישטשיק, אַשפּיצלער וכדומה [3]).

אין די סליחות בײַ די י"ג מדות זאָגט מען אָפּמ דעם פּסוק פֿון במדבר י"ד—י"ט: „ממצרים ו ע ד הנה“. ווען איינער מאַכט אַסמיכות הפרשיות פֿון צוויי זאַכען, וואָס איינס קומט נישט צום צעהנטען, זאָגט מען: „ממצרים ועד הנה ושם נאמר“ [4]).

אַס ענדע ברענג איך נאָך פֿון גאָלאָמב'ס „מלים בלשוני“ מיט זײַן משונה'דיג לשון, דאָס, „אַוועק געגעבען אַפּזמון“ הייסט: „אַרײַנגעזאָגט, אַז עס האָט געקלעקט“. — זעה נאָך בײַ א. בערנשטיין: „אַז מען געהט צו סליחות, בלײַבען אין דערהיים די רוחות“ [5]), און: „אַקאָסע מיט אַלוח, און אַסליחה מיט אַ פֿײַערצײַג“ [6]).

---

1) זעה שלום-עליכם „מבול“ 189.—

2) זעה שלום-עליכם VIII 161; III גרויסע בהלה 21. — מבו"ס ב. XV ז' 72: „אַיאַ טעבי דאַס — אַ אדון בפקדך“.

3) זעה שלום-עליכם III „פרעהליכע קאָמפּאַניע“ 36: „גאָט ווייס וואָס פֿאַר אַ נפש דאָס איז? אפשר איז דאָס אַ „אדון בפקדך“.—

4) אָנשטאָט „ושם נאמר“,—

5) איגנאַץ בערנשטיין „סליחות“: די יונגעלײַט, וואָס בלײַבען אַליין אין דערהיים, ברויען אַרום.

6) איגנאַץ בערנשטיין „קאָסע“: אַז מען וויל קאָסען הײַ מוז מען נאָכקוקען אינ'ם לוח, וואָס פֿאַר אַ וועטער עס וועט זײַן, און אַז מען שטעהט אויף בײַ נאַכט צו סליחות, מוז מען האָבען פֿײַערצײַג אַ פֿײַער צו מאַכען. די רעדענסאַרט ווערט אָבער געברויכט אויף צוויי זאַכען, וואָס פּאַסען ניט איינס צום צווייטען.

## XII. דאָס דאַווענען פון די יָמים נוֹרָאים.

צו זײַן אַ שליח ציבור און דאַוונען פאַר'ן עמוד ימים נוראים, איז גאָר נישט קיין קלייניגקייט, גאָר נישט פון די לײַכטע זאַכען.

שוין נאָך שבת־נחמו הויבען די בעלי־תפילות אָן צוצוגרייטען זיך צום דאַוונען, זיי שטעלען די „כלי", פּרובירען דעם האַלז, פערהערען זיך אין שטייגער א. אַז. וו.[1]), און עס איז קיין וואונדער נישט: אין די תּפילות פון די ימים נוראים זענען פאַרהאַן זעהר פיל זאַכען צו זינגען — ווי אַ „הבן־יקיר", „כּבקרת" און אַנדערע. אַצינד איז נאָך דאָ גרויסע רעציטאַטיוועןן, אָדער, ווי עס הייסט אויף חזנות־לשון—„זאָגעכץ"[2]): אַנ'„אתּה נגלת" אַנ'„אתּה זוכר" א. אַז. וו. בקיצור ס'איז דאָ „צו זינגען און צו זאָגען"!

שײַנט, אַז פון דאַנען האָט זיך בײַ יודען גענומען: ווען מען וויל זאָגען אויף אַנ'אַרבייט, אַז זי וועט גרינג נישט אָנקומען, ס'איז דאָ דערבײַ געגוג מיה און מאַטערניש, זאָגט מען: „ס'איז דאָ צו זינגען און צו זאָגען"[3]).

איך האָב אָבער געהערט, אַז אין טייל ערטער איז דער מנהג, איבערהויפּט בײַ חסידים, אַז ווען מען איז מכבד מיט הקפות אין שמחת תּורה, רופט מען בײַ יעדער הקפה אויף דעם, וואָס זאָל פיהרען דעם עולם צו דער דאָזיגער הקפה: „דעם און דעם איז מען מכבד מיט דער הקפה—צו זינגען און צו זאָגען".

קאָן אַלזאָ זײַן, אַז דער אויסדרוק שטאַמט פון הקפות.

אינטערעסאַנט איז, ווי דער גרויסער דיכטער היינע האָט שוין אויסגעניצט די פערבינדונג פון „זינגען" און „זאָגען", און אין איינעם פון זײַנע לידער קלאָגט ער זיך אויף זײַן גורל, אַז איבער איהם וועט מען נישט דעם יודישען קדיש „זאָגען" און נישט קיין קריסטליכע מעססע „זינגען".

---

1) ממו"ם „ווינשפּ." 56. —

2) ש"ע „בלאָנזוענדע שטערען" 50: „זאָל דער חזן עפּעס זאָגען".—

3) ממו"ם IV 19; VII 207. —

Keine Messe wird man singen;
Keinen Kadosch wird man sagen;
Nichts gesagt und nichts gesungen
Wird an meinen Sterbetagen.

פֿון די ימים-נוראימדיגע תפלות זענען ענטשטאַנען פֿיל גלייכווערטלעך. די, וועלכע געפֿינען זיך שוין ביי א. בערנשטיין אויף פֿערשידענע ערטער, וועלען מיר דאָ נישט איבערחזר'ן. איך וועל דאָ פֿערצייכנען נאָר די, וואָס געפֿינען זיך נישט דאָרט.

ווי עס איז באַקאַנט, זאָגט דאָס פֿאָלק, אַז ביי אַ ווערטעל איז מען נישט מבחין פֿון הייליג ביז וואָכענדיג, — דעריבער זעהט מען, אַז דער יודישער פֿרעהליכער קבצן, ווען ער האָט צוריסענע שטיוועל, הייסט עס ביי איהם, אַז ס'האָט זיך געמאַכט אַ „פּתיחה ביי די שטיוועל"[1]. מען זאָגט אויך אין אַזאַ פֿאַל אויף לשון קודש: „הנעלים פותחים את פיהם ואומרים שירה".

דער בעל-תפלה ציהט, זינגענדיג לאַנג ביים אָנהויב פֿון ראש-השנה'דיגען און יום-כפור'דיגען שחרית דאָס וואָרט „המלך". דערפֿון איז ענטשטאַנען דאָס, אַז ווען מען מאַלט איינעם אַ ברייטען ברוך-הבא, הייסט עס אויף ליצנות: „מען האָט איהם געמאַכט אַ ברייטען „המלך"[2].

פֿון דעם שטיקעל פּיוט „אדירי איומה" איז גענומען דאָס, וואָס אויף אַ שלעכטע געמיינע דירה זאָגט מען: ס'איז „אַ דירה-איומה". פֿערקעהרט, ווידער, אויף אַ גוטע דירה זאָגט מען: ס'איז „אַ דירה-מלוכה"[3].

אויף יעדען מישמאַש פֿון אַלערליי מינים זאָגט מען: „פֿון כל מאמינים שהוא"[4], גלייך ווי עס וואָלט געשטאַנען „כל מינים שהוא". (ש"ע „יוסעלע סאָלאָוויי" 70: „אויסגעמישט כל מאמינים שהוא"). —

די ווערטער פֿון דער שמונה-עשרה פֿון ראש-השנה, נאָך די תקיעות: „היום הרת עולם", ווערען אין יודיש בענוצט צו בעצייכנען, אַז פֿון דעם היינטיגען טאָג איז אַלס אָבהענגיג, און היינט ווערט די זאַך ענטשיידט[5].

---

1) פּרץ II „די צייט" 128. —

2) ממו"ס „אַלטע מעשה" 12. — 3) ש"ע VII 141. —

4) זעה ש"ע IV 22; XII 251. — 5) ממו"ס „פּריזיוו" 66. —

צו דער תּפילה „ונתנה תּוקף״ געהערען זיך אויך אָן אײַ־ניגע ווערטלעך און רעדענסאַרטען. בײַ אָט דער תּפילה פילט זיך די העכסטע פײַערליכע ימים־נוראים׳דיגע שטימונג, דעריבער שרײַבט פּרץ[1]: „א י ל ל ה  ה אָ ט  ז י ך  צ ו ג אָ ס ע ן, ו ו י  צ ו  ו נ ת נ ה  ת ּו ק ף״, — און שײַנט, אַז דאָס האָט אויך געגעבען אָרט צו דעם פּאָפּולערען אויסדרוק: „ק אָ נ ס ט  מ י ך  ל אָ ד ע ן  צ ו ם  ו נ ת נ ה  ת ּו ק ף״, וואָס מען געברויכט, ווען מען וויל אײַנעם זאָגען, אַז ער קאָן אונז גאָר נישט טון[2]. דער זין שײַנט צו זײַן: קאָנסט מיך נאָר סטראַשען און דראָהען מיט׳ן „אימת יום־הדין״, אָבער נישט מיט פיזישער מאַכט.

אַז אײנער זאָגט נאָך דעם צווײַטען, נישט וויסענדיג אַלײן געננוי די זאַך, זאָגט מען, אַז ער טוט ווי די ווײַבער, וועלכע קענען אַלײן נישט דאַווענען אין סידור און גרופּירען זיך ראש־השנה און יום כּפּור אַרום די „ז אָ ג ע ר י ן״, אַ וואוילקענעוודיגע, און זאָגען איהר נאָך וואָרט בײַ וואָרט, האָט זיך געטראָפען, אַז בעת די „זאָגערין״ האָט געזאָגט אין „ונתנה תּוקף״: „ו י כ ו ן״ — „עס זאָל ווערען אָנגעברײַט״, „ב ח ס ד״ — „מיט גנאָד״, „כ ס א ך״ — „דײַן שטוהל״, — האָבען די ווײַבער נאָכגעזאָגט: „עס זאָל ווערען  אָ נ ג ע ד ר ע ה ט  מ י ט  ד ר אָ ה ט״... ווילענדיג אײַנעם זאָגען, אַז ער ווייס נישט, וואָס ער רעדט, זאָגט מען אויך בקיצור: „ס׳ זאָל  ד י ר  ז ײַ ן  אָ נ ג ע ד ר ע ה ט״...

צום „ונתנה תּוקף״, האָבען אויך אַ שייכות די שפּריכווערטער: „ער  ווייַנט  נישט  אויפ׳ן  „מי  ימות״, נאָר  אויפ׳ן  „מי  יחיה״[3]), אויף אַ פּערזאָן, וואָס איהם אַרט נישט אַזוי פיעל, וואָס ער האָט נישט, ווי דאָס, וואָס דער צווײַטער האָט יאָ.

בײַ שלום־עליכם׳ן[4]) געפינען מיר אַ פּאַראָדיע: „מי  באש ומי  במים, מאַכט  רש״י: ווער  עס  פאָהרט  אויף  וואַסער, ווער עס געהט צו פוס״.

אויך געפינען מיר בײַ איהם[5]) די טונקעלע רעדענסאַרט: „ער מאַכט עס קײַלעכדיג מיט׳ן כּבקרת״. דאָס, שײַנט, האָט אַ שייכות צו דעם שטײַגער פון די חזנים אָבצוואַרבײַטען דעם „כּבקרת״ מיט דער גאַנצער בריה׳שקייט.

---

1) „פאָלקסטימליכע געשיכטען״ 174. —

2) ממו״ס „פישקע״ 24, 40; „יודעל״ 30. — 3) א.ב. „וויינען״ 3. —

4) V „בלאָנזענדע שטערען״ 213. — 5) „צו אַלמנות״ 84. —

אויף אַ שלעכטען אומגעלומפּערטען משל, זאָגט מען מיט ליצנות: „ס'איז אַ משל כּחרס הנשבּר"[1]. דאָס איז אַ פּאַראָדיע אויף די ווערטער „משל כּחרס הנשבּר". —

דעם ערשטען טאָג ראש השנה זאָגט מען צו מלכיות דעם פּיוט „אנסיכה", דעם צווייטען טאָג — „אהללה". ווען דער ערשטער טאָג ר"ה געפאַלט אום שבּת, זאָגט מען דעם ערשטען טאָג „אהללה", און דעם צווייטען — „אנסיכה". ווען איינער מאַכט אַ חילוף, וואָס טוט בּיי איהם וועניג אויף, — זאָגט מען מיט שפּאַס: „ער האָט געמאַכט אַ חילוף — אנסיכה אויף אהללה".

די תּפילות־מוסף פון ראש־השנה און יום־כּפּור ענדיגען זיך מיט היומ'ס: „היום תּאמצנו" „היום תּברכנו" א. אַז. וו. ווען איינער קומט נאָך די היום'ס, איז ער, זעלבּסטפערשטענדליך, געקומען שוין נאָך אַלעמען. פון דאַנען איז ענטשטאַנען די רעדענס־אַרט, וועלכע ווערט געבּרויכט אויף איינעם, וואָס האָט פערשפּעטיגט: „ער איז געקומען נאָך אַלע היום'ס"[2]. דערנאָך איז ווידער פון דעם ענטשטאַנען, צו זאָגען אויף איינעם, וואָס האָט זיך מקדים געווען און געקומען פאַר אַלע: „קודם כּל פאַר אַלע היום'ס"[3].

אונפערשטענדליך, אָדער פערגרייזט איז, אָבער, דאָס, וואָס ש"ע שרייבּט[4]: „ס'איז שוין געוועזען נאָך אַלע עד היום". —

ערב יום־כּפּור, צו כּפּרות, האַלט מען דעם האָהן אין האַנד און מען זאָגט „בּני אדם". דער האָהן קוקט זיך אַרום און ווייס דאָ גאָר נישט, וואָס דאָ טוט זיך. מיט דער דאָזיגער סצענע אילוס־טריזט מען, ווען איינער קוקט אָן אַ זאַך און הויבּט גאָרנישט אָן צו וויסען, אום וואָס דאָ האַנדעלט זיך, און אַמאָל ווערט ער דערבּיי טאַקי די כּפּרה, און מען זאָגט: „ער קוקט דערויף, ווי דער האָהן אויפ'ן בּני אדם"[5]. א. בּ.[6] בּרענגט אַ שפּריכוואָרט: „וואָס קומט אַרוים דעם האָהן, אַז ער קוקט אַריין אין בּני אדם — די כּפּרה איז ער דאָך".

---

[1]) ש"ע VII 16. —

[2]) זעה א. בּ. „קומען" 5; ש"ע „פרעהליכע קאָמפּאַניע" 23. —

[3]) ש"ע I „פינף און זיבּעציג טויזענד" 87; XIII 216. —

[4]) I 248. —

[5]) ש"ע IX „קינדער־שפּיל" 234. — [6]) „האָהן" 2. —

ביי די „יעלות" צו „כל נדרי" שרייט מען הויך: „יעלה תחנוננו, יעלה קולנו א. אז. וו." דעריבער, ווען איינער שרייט, זאָגט מען: „ער מאַכט יעלות"[1]) גאָלאָמב אין זיין „מלים בלשוני" שרייבט, דאָס „אָנגעמאַכט אַ גאַנצע יעלה, זאָגט מען, ווען יעמאַנד מאַכט פון אַוואָרט אַגאַנצע סומאַטאָכע און אַ געטומעל".

וועגן בעלי-עגלות זענען פעראַן פיל אַנעקדאָטען און ווערט-לעך, דער הויפטמאָטיוו פון וועלכע עס איז דאָס, אַז זיי הייסען נישט בעלי-עגלות נאָר „בעלי-גלות", און מען איז ביי זיי עלט אין גלות: וואָס זיי ווילען, מאַכען זיי מיט די פאַרשוינען: וויל מען, זיי זאָלען שטעהן—פאָהרען זיי, וויל מען, זיי זאָלען פאָהרען—שטע-הען זיי[2]). דעריבער זאָגט מען אויף פאַראָדיש: „כהנה כחומר ביד היוצר — ווי דער פאַרשוין ביים בעל-עגלה"[3]).

מען פרעגט אָבער נאָך אַ קשיא: „פאַרוואָס שטעהט אין „כהנה כחומר" אויסגערעכענט: ווי דאָס ליים אין האַנד פון טעפער, ווי דאָס גלאָז ביים גלעזער א. אַז. וו., און ס'שטעהט נישט, ווי דער פאַרשוין ביים בעל-עגלה?" און מען ענטפערט, דאָס דעם בעל-עגלה האָט מען אויך טאַקי געהאַט אַריינגעשטעלט, איז ער להכעיס אַוועקגעפאָה-רען.

ביי על-חטא שלאָגט מען זיך אין האַרצען. דעריבער, ווילענ-דיג זאָגען, אַז איינער האָט חרטה אויף זיינע מעשים, און איז מודה ומתודה, זאָגט מען: „ער שלאָגט זיך (ער קלאַפּט זיך) על חטא"[4]).

פון „על חטא שחטאנו לפניך ביודעים ובלא יודעים" שטאַמט, דאָס, ווען עס ווייזט זיך אויס, אַז איינער האָט עפעס געגנב'ט, און מען איז איהם חושד, דאָס זיינע גנבות און שווינדלען זענען נאָך גרעסער, זאָגט מען: „דאָס איז ביודעים— היינט בלא יודעים?!"

---

1) זעה מאָריס ראָזענפעלד II 309: „און די וועלט איז פריי פון „יעלות", ד. ה. פון געוואלדען און געשרייען. — פרק I 28: „און צו-לאָזט זיך חיים יונה וויטעלס אין אַ„יעלה"; אויף אַ צווייט אָרט, אָבער, זייט 157, שרייבט פרץ: „אַ שטילע יעלה", „איז וויטער אַראָב צו אַ יעלה", פון וואָס עס שיינט, „אַ יעלה" הייסט עפעס אַ מין ספּעציעלער טרעל. —

2) זעה ש"ע „לכבוד יו"ט" 198: „ווער עס מיינט, אַז אַ בעל עגלה איז אַ מענש, וואָס קיינער איז נישט מחויב צו ליידען פון איהם גלות, האָט אַ טעות".—

3) א. ב. „פאַרשוין" 2. — 4) ממו"ס „בישיבה" 20; ש"ע X 91. —

בײַ „היו כורעים״ פֿאַלט מען. דערײַבער יעדע זאַך, וואָס האַלט בײַם אײַנפֿאַלען, ווי אַ וואַנד א. ד. ג., זאָגט מען, אַז ס׳שטעהט אָנגעבױגען, „ס׳פֿאַלט כורעים״ [1].

אין סדר פֿון דער עבודה שטעהט, דאָס דער כהן גדול האָט געצעהלט: אחת, אחת ואחת. אויף יודיש, ווילענדיג זאָגען, אַז מען האָט אײנעם אָבגעצעהלט געלד צו קלעפּ, אײנס בײַ אײנס גוטע, זאָגט מען אויך, דאָס מען האָט אָבגעצעהלט אחת ואחת, אחת ושתים [2].

צו נעילה זאָגט מען אָנשטאָט „כתבנו״—„חתמנו״. ווען אײנער קריגט פֿון צווײטען אַ גוטען קלאַפּ, אַזוי אַז עס מאַכט זיך איהם אַ צײכען אויף אַ לאַנגע צײַט, הײסט עס: „ער האָט איהם געגעבען אַ „חתמנו״.

צו מפטיר יונה בעציהט זיך פֿאָלגענדער שענער אַנעקדאָט, וועלכער בעצײכענט מיט קורצע ווערטער דאָס גאַנצע לופֿטיגע לעבען פֿונ׳ם גלות-יודען, וואָס „היום כאן ומחר בבאהן״, ער האָט קײן פֿעסטע הײם, קײן בעשטימט לאַנד, און צו דעם האָט ער „הונדערט מלאכות און ווייניג ברכות״. אָט דאָס אַלעס, וואָס אונזער גרויסער קינסטלער שלום-עליכם האָט דערצו געבראַכט זײַן בעוואוסט ווערק „מנחם מנדל״, דאָס געפֿינט דאָס פֿאָלק אין פֿאָלגענדע קורצע פּסוקים:

— אַלס מען פֿרעגט יונה׳ן אויף דער שיף: „וואָס איז דײַן בעשעפֿטיגונג? פֿון וואַנען קומסט דו? וועלכעס איז דײַן לאַנד? צו וואָס פֿאַר אַ פֿאָלק געהערסט דו?״ („מה מלאכתך ומאין תבא? מה ארצך ואי מזה עם אתה?״), האָט ער דערויף אויף די אַלע שאלות אײן קורצען ענטפֿער: „עברי אנכי!״ („כ׳בין אַ יוד!״), און פֿון דעם קורצען ענטפֿער מוז דער פֿרעגער שוין וויסען, אַז ער האָט שוין נישט צו וואַרטען אויף אַ גענויען אַנטוואָרט אויף זײַנע שאלות.

אין די עשרת ימי תשובה זאָגט מען אין קדיש, ווי בעוואוסט, אָנשטאָט „לעילא״—„לעילא ולעילא״. אויף יודיש געבראַכט מען אין דער אַלטענגלײַכער שפּראַך די דאָזיגע צווײ ווערטער. אַז מען גײט זאָגען, דאָס אײנער האַלט פֿון צווײטען „עולם ומלואה״, זאָגט מען: „ער האַלט פֿון איהם גאָר לעילא ולעילא״ [3]. ווילענדיג אויך זאָגען אויף אַ זאַך, אַז זי איז גוט געראָטען, זאָגט מען אויך: „ס׳איז גאָר „לעילא ולעילא״.

---

1) ש״ע XIII 40, VI 173. —

2) ש״ע VI 218; VIII 324; „סטעמפּעניו״ 79. — 3) ש״ע „מבול״ 308. —

די עשרת ימי תשובה זאָגט מען אויך די תפלה פון „אבינו מלכנו״, וואָס ענטהאַלט 44 פערזען, וואָס יעדער הויבט זיך אָן מיט די דאָזיגע צוויי ווערטער. מען פרעגט יונגלעך: „ווי פיעל אבינו מלכנו׳ס איז דאָ?״ און זעלטען ווער עס טרעפט, אַז עס איז נאָר דאָ איין אבינו מלכנו אין הימעל. —

# XIII יוֹצְרוֹת און דאָס דאַוונען פון יָמִים טוֹבִים.

אַזוי ווי מיט די יוצרות, וועלכע מען זאָגט נאָר פון צייַט צו צייַט, איז דער עולם ווייניג בעקאַנט, טרעפט עס דעריבער גאַנץ אָפט[1], אַז איינער איז זיך טועה און פערבייַט די יוצרות, ער זאָגט גאָר אַנדערע יוצרות, ווי די, וועלכע מען ברויך אין דער ווירקליכ־קייט זאָגען. דאָס טרעפט אָבער נישט בלויז מיט אייַנפאַכע מענשען. סאָקאָלאָוו פערצעהלט, אַז, זייַענדיג אמאָל יום כפור אין פאַריז, האָט ער לויט אַ בעזונדערער רעקאָמענדאַציע פון אָבערראַבינער ר׳ צדוק הכהן געדאַוונט אין דער שוהל נעבען די ראָטשילדס, און זיי האָבען זיך גאַנץ אָפט טועה געווען אין די יוצרות, האָט ער, סאָקאָלאָוו, געמוזט זייַן זייער וועגווייַזער — טשיטשעראָנע אין מחזור. צוליב דעם, ווען איינער פערבייַט על פי טעות עפּעס אַנ׳ענין, זאָגט מען: „ער האָט פערביטען די יוצרות"[2].

אויך ווען מען קומט צו צו אַ שמועס און מען ווייסט נישט, ביי וואָס דער עולם האַלט א. ד. ג., זאָגט מען: „ווי האַלט מען אין די יוצרות"?[3]

דאָס, וואָס מען זאָגט אויף יודיש: „קעלבערנע יוצרות"[4], איז פערגרייַזט אָדער שערצהאַפט אויסגעלייגט פון „כל בו יוצרות"[5].

די ספּעציעל יום־טובדיגע ברכה אין „שמונה עשרה" הויבט זיך אָן מיט די ווערטער „אתה בחרתנו מכל העמים". ווילענ־דיג בעצייכנען דעם עקסטרעמען יודישען שטאָלץ, דעם יודישען שאָ־וויניזם, זאָגט מען: „מ׳איז דאָך עפּעס אתה־בחרתנו־מענ־שען", „אתה־בחרת׳ניק׳עס"![6] מערקווירדיג איז, דאָס פאָלק בעציהט זיך אַליין צו דעם מיט גרויס איראָניע[7].

1) איבערהויפּט פלעגט עס טרעפען מיט אַרענדאַרען. —
2) מענדעלי־מוכר־ספרים, „פישקע" 74, „קליין מענשעלע" 64, 85. —
3) שלום־עליכם VIII 131. אויך זאָגט מען: „ער פערגעסט, ווי ער האַלט אין די יוצרות" (שלום־עליכם IIX 124, XIII 227).
4) פרץ, „אויך אַ פעליעטאָן" 27. — 5) „אוצר ישראל" V 77; —
6) זעה מענדעלי־מוכר־ספרים, „ווינשפ." 16. —
7) זעה איגנאַץ בערנשטיין, „אתה בחרתנו". —

אין די יוצרות ווערט אויך הויך אויסגערופֿען דער פּערז „ואתה קדוש יושב וכו׳“. די דאָזיגע ווערטער בעניצט מען מיט ליצנות אויף איינעם, וואָס מען האָט איהם איינגעזעצט, איינגעזעצט אין תּפיסה, און ס׳הייסט: „ער איז געוואָרען אַ קדוש“[1]).

איך מיין, אַז דער „ואתה קדוש יושב“... איז תּחילת נאָר בעניצט געוואָרען אויף צדיקים און רביים, וועלכע מען פּלעגט גאַנץ אָפט איינזעצען לויט מסירות פֿון מתנגדים און משכּילים. די לעצטע פּלעגען זיך דערויף נאָך פֿרעהען און מיט אונפֿערשעמטקייט און חוצפּה זיך מאַכען דערויף כּל המיני ווערטלעך און לידלעך. אַזוי האָב איך געהערט אין ליטע אַ ווערטיל: י״ט כּסלו, ווען חב״ד׳דער חסידים מאַכען דעם גרויסען יום־טוב צוליעב דער אַמאָליגער בעפֿרייאונג פֿון רב ר׳ שניאור־זלמן מלאַדי, איז געקומען אַ מתנגד זיך אויך משמח זיין. פֿרעגען איהם די חסידים: „וואָס איז די שמחה מיט דיר?“ זאָגט ער: „איך פֿרעה מיך, וואָס מיין רבי׳ן האָט מען באַלד נישט איינגעזעצט“.

אויך דער גרויסער יהודה ליב גאָרדאָן האָט מיט מאָדנע קאַלטקייט ליצנות געמאַכט פֿון דעם צער פֿון די חסידים אויף דעם אַרעסטירען זייער רבי, און האָט פֿערפֿאַסט זיין נאָכאַהמונג פֿון היינעס „צוויי גרענאַדירען“: „צוויי חסידים זענען געגאַנגען נאָך ריזשין“.

פּרץ האָט זיך בעניצט אויף דעם זיצען אין תּפיסה, מיט די ווערטער, וועלכע מען זאָגט פֿון אָנהויב פֿון די י״ג־מדות: „אל מלך יושב“... אַזוי: ווען „דער בעל עגלה“ (I 268) דערצעהלט, ווי דער עולם האָט נישט קיין פּרנסה און מען מוז האַנדלען מיט פּערבאָטענעם בראָנפֿען און דערפֿאַר זעצט מען אין תּפיסה, זאָגט ער: „פֿריהער זיצען זכרים, דערנאָך די נקבות... אין אל מלך יושב“.

בעקאַנט איז די רעדענסאַרט: „שרייַ חי וקים“, וועלכע ווערט בעניצט צו בעצייכנען אַ בחנם׳דיג געשריי, וועלכעס קאָן קיין פּעולה נישט האָבען און קיין נוצען נישט ברענגען. א. בערנשטיין שרייבט[2]), דאָס מען מיינט צו זאָגען, דאָס ס׳אומגליק איז אַזוי גרויס, אַז קיין שום תּפילה העלפֿט שוין נישט. און ווירקליך, איז דאָ אויף יודיש נאָך אַ אויסדרוק אין ענליכען זין: „ס׳האָט נישט געהאָלפֿען

1) איינער, וואָס איז שוין אַ סך מאָל געזעסען, הייסט „תּושב“, „אַלט־געזעסענער“. —

2) איגנאַץ בערנשטיין, „שרייען“ 2. —

קײן רבונו של עולם״, „ס׳וועט ניט העלפן קײן רבונו של עולם״ [1]).

גאָלאָמב אין זײַן „מלים בלשוני״ טײַטשט: עס איז ניטאָ, ווער ס׳זאָל העלפן, בלויז צו שרײַען צו רבש״ע („צום חי וקים״). עס ווערט אָבער בעניצט, צו בעצײַכנען אַ בחנם׳דיג געשרײַ, וואָס איז ניט מעהר ווי זיך צו נאַר געמאַכט [2]).

שטאַמען שטאַמט די רעדענסאַרט דערפון, וואָס אַמאָליגע צײַטען פלעגט מען דעם פערז „חי וקים״ אין די יוצרות נישט אַרויסשרײַען, ווי הײַנט, נאָר דער רב אָדער אַנ׳אַנדערער חשובער בעל־הבית, וועלכען מען פלעגט דערמיט ספּעציעל מכבד זײַן, און צו וועלכען דער שמש איז צוגעקומען מיט די ווערטער „שרײַ חי וקים״. מיט דער צײַט אָבער פלעגט בײַם עולם אויסקומען גאַנץ קאָמיש און לעכערליך דער משונה׳דיגער כבוד זיך אַוועקצושטעלען גלאַט אָבשרײַען פון דער הוילער הויט, און יעדער האָט זיך דערנאָך אָבגעזאָגט פון דעם כבוד; דעריבער רופט מען יעדעס אומזיסטע שרײַען: „שרײַען חי וקים״. דעם עולם האָט אָבער געוואונדערט, ווי אַזוי דער אַלטער מנהג איז בטל געוואָרען, און מען זאָגט דערויף אַזאַ ווערטעל: אַמאָל האָט דער עולם געטון, וואָס ס׳האָט זיך איהם פערגלוסט, און דער רב האָט געשריגען „חי וקים״; הײַנט אָבער טוט דער רב, וואָס ער וויל, און קהל — שרײַט „חי וקים״. — מען דערצעהלט אויך, אַז אַ רב איז אַמאָל געקומען אין אַ שטאָדט אָנגעהמען אַ שטעל; געווען איז עס אין אַ יום־טוב אָדער אַ שבת, אין וועלכען מען זאָגט יוצר; קומט צו איהם דער שמש, בכן, קהל איז איהם מכבד מיט „חי וקים״. דעם רב גליסט זיך אָבער נישט שרײַען, גלאַט אָבזאָגען זיך פּאַסט אויך נישט, דרעהט ער זיך אַרויס פון דער פערלעגענהײַט מיט אַ ווערטעל: „געה זאָג, דאָס איך בעט, אַז דער „חי וקים״ זאָל מיך בעסער מכבד זײַן מיט קהל״.

ווי בעקאַנט, זאָגט מען מוצאי שבת: „דוד מלך ישראל חי וקים״ [3]). אויסטערליש איז, אָבער, וואָס אויף יודיש זאָגט מען אויף אַ גאַנץ פּראָסטען מענש: „ס׳איז אַ פּראָסטער חי וקים״ [4]). נאָך משונה׳דיגער און אונפערשטענדליכער איז די פאָלגענדע שטעלע

1) שלום־עליכם, „סטעמפעניו״ 66; V 33, 59; „לכבוד יום־טוב״ 138, ב—

2) זעה מענדעלי־מוכר־ספרים, „פישקע״ 40, „ווינשפ.״ 284. אין „יודעל״ 8: „שרײַ חי וקים — ס׳איז אומזיסט — די טרחה גאָר״. —

3) שטאַמט פון ר״ה־כ״ה. —

4) שלום־עליכם X 47, 250; VII 80. אויך מענדעלי־מוכר־ספרים

בײַ פּרץ'ן: „איך װערטעל מיך שנײַדעריש, פֿאַר איהם איז עס חי וקים"[1].

אחרון של פּסח זאָגט מען „בּגזירת חי!" זאָגט מען דערויף מיט ליצנות: „בּגזירת חי — די קנײדלעך זענען פֿערבײַ!"

אויך „הלל" האָט אונז געגעבּען אײניגע רעדענסאַרטען און גלײַכװערטלעך.

די אַמאָליגע חברה־קדישא־לײַט פֿלעגען כּידוע ליב האָבּען צו מאַכען סעודות און צו כּוסה'נען. דערויף זאָגט די װעלט אַ זעהר שײנע און געלונגענע הלצה: אין הלל זאָגט מען: „הים ראה וינוס" („דער ים האָט געזעהען און אַנטלאָפֿען") — װאָס האָט דאָס דער ים געזעהען אַזױנס, פֿאַר װעלכען ער איז אַנטלאָפֿען? זאָגט דער מדרש, אַז דער ים האָט געזעהען דעם אָרון פֿון יוסף'ן, װעלכע יודען האָבּען מיטגענומען פֿון מצרים, און פֿאַר איהם איז דער ים אַנטלאָפֿען[2]). פֿרעגט מען: װאָס האָט דאָס דער ים אַזױ מורא געהאַט פֿאַר יוסף'ס אָרון? און מען ענטפֿערט: װער טראָגט אַן'אָרון? די חברה־קדישא, און חברה־קדישא קאָן דאָך, כּידוע, איהם אױסטרינקען, האָט דער ים מורא געהאַט און געמאַכט אַ ויברח...

אַן'עם־הארץ, דערצעהלט מען, האָט געפֿרעגט אַ רב אַ קשיא: װאָס שטעהט עפּעס אין הלל: „הים ראה וינס הירדן"? אַז דער ים האָט געזעהען, האָט דער ירדן געבּרױכט צו אַנטלױפֿען? — דער רב האָט געזעהען, אַז ער איז צו שװאַך דעם אַרענדאַר אױפֿצוקלערען דעם אמת'ן פּשט, זאָגט ער: אָט דאָס פֿרעגט טאַקי דוד המלך: „מה לך הים — כּי תנוס הירדן"?

װען אײנער טענה'ט, אַז ער האָט נישט צו בּעצאָהלען, זאָגט מען צו איהם: „לא לנו — שטעהט אין הלל" [3]).

---

XIV „חילוף", 7, שרײַבּט: „איך בּין מיר אַ יוד פֿון אַ גאַנץ יאָהר אַ פּראָסטער „חי וקים". —

1) פּרץ, II 156. — 2) מדרש שוחר טוב קי"ד. —

3) איגנאַץ בּערנשטײן, „לא לנו".

דער יודישער שטײגער איז אױף אַזאַ אופן מדחה צו זײַן יענעמס טענות: װען אײנער דערצעהלט עפּעס אַ אױסטערלישע מעשה, זאָגט מען: „ס'איז אַ מעשה אלקינו" (בּעציהט זיך צום פּזמון פֿון ר"ה יו"כ). אױף אײנעם, װאָס קלעהרט איבּער: טאָמער..., זאָגט מען: „תמר איז אַ יודענע" (א. בּ.). װען אײנער טענה'ט: ער שעמט זיך, — זאָגט מען: „שמן איז בּױמאײל". (בּײַ א. בּ. „שעמען" 5: „שמן איז גוט צום לאָמפּ"). װען מען עצה'ט װעמען, ער זאָל עמיצען בּעטען, זאָגט מען: „בּטן איז אַ בּויך". מען זאָגט אױך: „װאָס טויג מיר „מע"?-„מע" איז אַ ציג!" (א. בּ. „ציג"; ש"ע, „יוסעלע

ווען איינער בעט שטאַרק דעם צווייטען — זאָגט מען: „ער האָט איהם שטאַרק „מן־המיצר" געווען"[1]). דעם פּסוק „ה׳ לי בעוזרי ואני אראה בשונאי" טייטשט מען: „העלף מיר גאָט קעגען מיינע פריינד, קעגען די פיינד וועל איך מיר אליין העלפען" (ווייל ער ווייס זיך צו היטען פאַר זיי).

„אודך" זאָגט מען צוויי מאָל, דעריבער, אז מען וויל זאָגען, אז מען זאָל אַ זאַך איבערחזר'ן, זאָגט מען: „נו, אודך! נאָכאַמאָל אודך!"[2]). שיינט, דאָ האָט מען הויפּטזעכליך אין זין דעם עהנליכען קלאַנג — „עוד".

אויך צום דוכנען בעציהען זיך אַ שפּאָר ביסעל ווערטלעך און רעדענסאַרטען. שוין אין די גאָר אַלטע צייטען האָט מען געהאַלטען די כהנים פאַר בייזע מענשען, כעסנים[3]), און צוליעב דעם האָט מען געשאַפען ספּעציעלע תקנות פאַר זיי[4]). דאָס פאָלק זאָגט דעריבער: „ער ווייזט שוין אַרוים דעם כהן"[5]); „דער כהן האָט זיך אין איהם צורעדט"[6]); „ר׳איז גאָר כהנ׳דיג"[7]). אויף גאָר אַ גרויסען כעס׳ניק זאָגט מען: „צווישען כהנים אַ כהן"[8]), און דאָס פאָלק זאָגט אַ ווערטעל: „די כהנים זענען בייז דערפאַר, ווייל זיי וואַשען זיך און בענשען און קריגען נישט צו עסען".

ווען מען פרעגט אויף איינעם, פאַר וואָס זיצט ער אין תפיסה, און מען וויל ענטפערן: מסתמא האָט ער געזינדיגט, — זאָגט מען: „ר׳זיצט, ווייל ער האָט געקוקט, ווי די כהנים דוכנען"[9]). מען פרעגט: „וואָס האָט דער כהן אין זין ביי׳ם דוכנען?"

---

סאָלאָוויי" 145). ווען איינער וויל מבטל זיין דעם ווערט פון כבוד, זאָגט ער: „כבוד איז לעבער" (ש"ע XIII 13). ווען מען זאָגט צו פיעל „ביטע", זאָגט מען: „ביתה איז אַ טאָכטער" (א. ב. „טאָכטער" 6). און ווען מען וויל אויסלאַכען איינעם, וואָס האַלט זיך פאַר אַ חכם, זאָגט מען: ער איז „אַ חכם פון די מה נשתנה", אָדער „אַחכם בלילה" (זעה ש"ע, VI 119, VIII „מילכיגס" 7). די אמת׳ע פאָרם איז: „אַחכם בלילה — ושיכור ביום"; אָדער: — „ושוטה ביום". —

1) זעה איגנאַץ בערנשטיין „יצר": „דער יצר איז מצר". —
2) שלום־עליכם I 48; איגנאַץ בערנשטיין „אודך — איז אַ באָרשט". —
3) זעה קדושין ע: אויפ׳ן פּסוק „ועמך כמריבי כהן". —
4) זעה בבא בתרא ק"ס. — 5) שלום־עליכם I 101, 189. —
6) „יוסעלע סאָלאָוויי" 140. — 7) „מבול" 38, 39. —
8) שלום־עליכם XII „מאַריענבאַד" 87. — 9) שלום־עליכם I 45. —

און מען ענטפערט מיט ליצנות, אז ער האָט אין זין, מען זאָל איהם נישט צוגנב'ענען די שטיוועל.

ווען איינער קריגט אָנגעזידעלט, הייסט עס אויף סגי-נהר-לשון: „ער האָט בעקומען אַ יברכך"[1].

די חכמים זאָגען: „יברכך — בממון, וישמרך מן המזיקים". אַ עם הארץ, זאָגט מען, אָבער, האָט געטייטשט: „יברכך במזיקים, וישמרך מן הממון".

ווי בעקאַנט, טאָר מען נישט קוקען, ווי די כהנים דוכנען, און ווער עס קוקט, ווערט בלינד[2].

מען פרעגט, דעריבער, איבערהויפט יונגלעך: „ווען איינער קוקט איינמאָל, ווי די כהנים דוכנען, ווערט ער בלינד; וואָס ווערט ער, ווען ער קוקט ס'צווייטע מאָהל?" דער געפרעגטער הויבט אָן קלעהרען, און זעלטען ווער ס'פאַלט אויפ'ן שכל צו ענטפערן, אַז קוים איז ער נאָך דעם ערשטען מאָל בלינד געוואָרען, קאָן ער שוין קיין צווייט מאָל נישט קוקען.

אין יוצר פון שבת פרשת זכור פאַר דעם אויסרוף „ימח שמו וזכרו" שטעהט אָנגעצייכענט: „חזן וקהל". ווי בעקאַנט, האָט אין די קהלות געפלעגט צו זיין גאַנץ אָפט מחלוקת צוליב'ן חזן; על פי רוב זענען ביידע צדדים, הן דער חזן, הן קהל, נישט גערעכט געוועזען; אין אַזאַ פאַל זאָגט מען: „חזן וקהל ימח שמו וזכרו"!

דער מוסף פון פרשת החודש ענדיגט זיך מיט די ווערטער: „ברכנו בשלום בחדש הזה". די וועלט פרעגט אָבער: וואָס בעט מען עפּעס אויף שלום נאָר אויף חודש ניסן? און מען ענט-פערט, אַז כל המחלוקות טרעפען זיך אין חודש ניסן, ווייל דער עולם האָט אָנגעגרייט מצות, קאַרטאָפעל און שמאַלץ אויף פסח, האָבען זיי נישט וואָס צו זאָרגען, רייסט מען זיך אַרום.

ווען מען וויל זאָגען „שוין גענוג אויף היינט", זאָגט מען: „עד כאן אומרים בשבת הגדול"[3].

דער אויסדרוק: „ער האָט געמאַכט פון איהם כעפרא דארעא", שטאַמט פון דעם סדר בדיקת חמץ.

צו דער הגדה בעציהען זיך אַ מעננע ווערטלעך און אַנעקדאָטען,

---

[1]) שלום-עליכם VII, 92; „מבול" 15. —

[2]) אין דער ווירקליכקייט איז דאָס נאָר געזאָגט געוואָרען אויף דער צייט, ווען ס'בית המקדש איז געשטאַנען. זעה „חגיגה" ט"ז. —

[3]) מענדעלי-מוכר-ספרים VI, 44, שלום-עליכם VI 125. —

וועלכע זענען מעהרסטענס שוין פֿערפֿענטליכט געוואָרען אין פֿערשידענע ערטער. איך וועל זיי דאָ נישט איבערחזר'ן — איך וועל נאָר ברענגען אייניגע ווערטער, וואָס ווערען גאַנץ אָפֿט געברויכט אין דער שפּראַך. מען זאָגט „אין סדר לישראל" והראיה — איין מאָל אין יאָהר מאַכט מען אַ סדר, פֿרעגט מען באַלד מה נשתּנה. בכלל בעצייכענט מען אַ קשיא מיט'ן נאָמען: „פֿרעגען מה נשתּנה", און אַ תּירוץ הייסט: „ענטפֿערן עבדים היינו"[1]... עס שיינט אָבער, אַז די קשיות פֿון מה נשתּנה האַלט די וועלט פֿאַר שאַרפֿע קשיות. אַזוי הייסט ביי פּרץ'ן אַ שאַרפֿע קשיא: „די פֿינפֿטע קשיא צו מה נשתּנה"[2]. מיט די ווערטער פֿון די קשיא: „שאר ירקות" רופֿט מען אָן יעדע אויסמישונג פֿון פֿערשידענע קלייניגקייטען[3]. אין דער הגדה זענען אויסגערעכענט פֿיל נעמען: מעשה בר' אליעזר ור' יהושע ור' אלעזר בן עזריה ור' עקיבא ור' טרפון... ווען איינער וויל זיך אויסטראַכטען עפּעס אַ נאָמען, איז איהם לייכט אָנצוכאַפּען אַ נאָמען פֿון דער הגדה, איבער דעם רופֿט מען אָן יעדען אויסגעטראַכטען נאָמען: „אַ נאָמען פֿון דער הגדה"[4]. אויף איין אָרט שרייבט שלום-עליכם[5]: „נעמען פֿון דער הגדה, פֿאַרשוינען פֿון שושן הבירה". דאָס לעצטע בעציהט זיך אודאי צו די נעמען פֿון די סריסים און די שרים היושבים ראשונה במלכות און פֿון די עשרת בני המן, וועלכע זענען אויסגערעכענט אין מגילת אסתּר.

אין „חד גדיא" קומען כידוע פֿאָר אַ גאַנצע חברה: פֿערשידענע חיות, אַ שטעקען, פֿייער, וואַסער, אַ שוחט, דער מלאך המות, א. אַ. וו. דעריבער הייסט אויף יודיש אַ גאַנצער טאַראַראַם: „אַ גאַנצער חד-גדיא"[6].

---

1) שלום-עליכם VII „טוביה דער מילכיגער" 34: „וועט איהר דאָך פֿרעגען מה נשתּנה... וועל איך אייך ענטפֿערן עבדים היינו". זעה אויך „טוביה" 21.

איגנאַץ בערנשטיין פֿערזיכערט („תירוץ" 1), דאָס ווען מען פֿערענטפֿערט אַ וויכטיגע פֿראַגע מיט אַ קאָמישען תירוץ, הייסט עס: „דער תירוץ איז „עבדים היינו", דען מען האַלט עבדים היינו נישט פֿאַר קיין תירוץ מספיק צו דער זאַך; אָדער אפֿשר געהער עס צום זעלבען אָרט רעדען, וואָס מיר האָבען אויבען געברענגט ביי „לא-לנו". —

2) „פֿאָלקסטימליכע געשיכטען" 58. —

3) שלום-עליכם „טוביה" VII 92: „דאָס, יענץ, שאר ירקות". —

4) שלום-עליכם III 6: „איך טראַכט אויס אַ נאָמען פֿון דער הגדה"; XI „בלאָנזענדע שטערען" 82; XIII 85. —

5) XI „בלאָנזענדע שטערען", 289. — 6) ממו"ם „יודעל" 144. —

משונה איז, אָבער, וואָס ווען מען זעצט איינעם אײַן אין תּפיסה, הייסט עס: „מען האָט איהם אײַנגעזעצט אין חד־גדיא"[1]. אויך דאָס אָבער פון זיצען הייסט: „חד גדיא"[2].

אַ בחור אַ פּאַרשוין, הייסט: „אַ בחור כּהלכה!"[3], גענומען פון „אדיר במלוכה, בחור כּהלכה"... אַ אָפּעקון הייסט אויף ליצנות — „אפיקומן"[4].

„בּכבודו ובעצמו", וואָס גאָלאָמב אין „מלים בלשוני" האָט קיין קוועלע נישט אָנגעוויזען, שטאַמט אויך פון דער הגדה: „אלא הקב"ה בּכבודו ובעצמו"...

אַז איינער זאָגט מבינות אויף אַ זאַך, וואָס ער האָט אין איהר קיין ידיעה נישט, זאָגט מען אויף איהם מיט שפּאָט: „בּיזט אַ מבין, ווי אַ קאַץ אויף הייוועזן"[5]. דאָ, ווייזט אויס, האָט מען דערעיקר געמיינט דעם גראַם פון מבין און הייוועזן, און די קאַץ איז אומשולדיג אַריינגעפאַלען. בּיי א. בערנשטיין[6] געפינען מיר אָבער נאָך אַ צווייטען נוסח: „ער פערשטעהט זיך דערויף, ווי אַ קאַץ אויף אקדמות". ווי קומט אַ קאַץ צו אקדמות? דאָ האָבען מיר דאָך שוין קיין גראַם אויך נישט!

עס איז אָבער מעגליך, אַז דאָ מיינט מען אַ „כ"ץ" (כּהן צדק), דען כּידוע רופט מען שבועות אויף דעם כּהן צום ספר און דער חזן זאָגט „אקדמות". דער כּהן שטעהט דערווייל, „ווי אַ נאַר אויפ'ן מאַרק"; גאַנץ אָפט טרעפט עס גאָר אָן אויף אַ כּהן אַ עם־הארץ, וואָס איז בּכלל אַ קנאַפּער מבין אויף דעם אַראַמיש לשון פון אקדמות, וועלכעס איז פאַר איהם טאַקי „תּרגום".

ווי בּעקאַנט, איז אַ סברה, אַז דאָס שפּריכוואָרט „אַ קאַץ קאָן אויך קאַליע מאַכען"[7] איז טאַקי אויך נאָר אַ רמז, דאָס אַ שדוך קאָן קאַליע ווערען, ווען די כּלה איז אַ גרושה און דער חתן איז אַ כ"ץ (כּהן צדק). —

אַ געצייכענטער מענש הייסט אַנ'„אתרוג". אַזוי זאָגט דער

1) שלום-עליכם VIII 42, XII 197. —

2) „אַרײַנצוּמבלען אין חד־גדיא אַרײַן" (שלום-עליכם X 86, 87). —

3) שלום-עליכם XIII 20. —

4) שלום-עליכם „כתבים פון אַ וואָיאַזשאָר" 224. —

5) שלום-עליכם XIII 249; בּיי איגנאַץ בערנשטיין, „מבין": „ווי אַ חזיר אויף הייוועזן". — 6) „פערשטעהן" 4. —

7) איגנאַץ בערנשטיין „קאַץ" 13. —

שמש צום בעל־הבית אויף דעם ארץ־ישראל־יוד: „ס'איז אַ אתרוג, נישט קיין אורח!"... אַ אתרוג הייסט „אַ יוד פֿון סאַמע זייד, אַ שיינער יוד אַ פּאַרשוין" [1]. בעזונדערס זענען געריהמט די קאָרפֿירער אתרוגים; דעריבער אַ בעזונדערס אויסגעצייכענטער מענש אָדער אַ זאַך הייסט „אַ קאַרפֿירער אתרוג": (ממו"ם „פּריזיוו" 51, „הגלגולים" 5: „אַ קאַרפֿירער אתרוג'ל, אַ חשוב בחור'ל"). אַז מען קויפֿט אַ אתרוג, איז מען מדקדק, ער זאָל זיין אַ הדר — דעריבער הייסט אויך אַ שיינע זאַך: „אַ אתרוגיל אַ הדר" (פּרץ „פֿאָלקסט." 200), — בעטראַכט מען דעם אתרוג פֿון אַלע זייטען, צי ער האָט נישט עפּעס אַ פּגם אויף זיך, דעריבער ווען מען בעטראַכט אַ זאַך גוט, זאָגט מען: „ער בעטראַכט עס פֿון אַלע זייטען, ווי מען בעטראַכט אַ אתרוג" [2].

געווען אַמאָל דער שטייגער אויך צו נעהמען אַ קעסטעל אתרוגים מכל המינים, מובחרים און שלעכטע אויסגעמישט, איינגעוויקעלט אין פּאַקעלעס, און איין פּרייז אויף אַלע גלייך, און יעדער האָט געצאָהלט און גענומען אַנ'אתרוג „בלינד". האָט ער געהאַט הצלחה— האָט ער דערטאַפּט אַ „מובחר"; ווען נישט, איז געווען פֿערפֿאַלען. אַזאַ אתרוג האָט געהייסען „אַ בלינדער אתרוג". ווען מען קויפֿט אַ זאַך אומגעזעהען, הייסט עס: „גענומען ווי אַ בלינדען אתרוג" [3]. ווען ער וויל נישט קויפֿען אומגעזעהען, זאָגט ער: „כ'האָב פֿיינד אַ בלינדען אתרוג" [4]. ווען איינער קריגט על פּי מקרה אַ גוט שטיקעל סחורה, הייסט עס: „ער האָט דערטאַפּט אַנ'אתרוג'ל" [5]. ווי וויים דער אתרוג איז געווען טייער דעם עולם, זעהט מען אַמבולט'סטען ביי ש"ע אין דער דערצעהלונג: „אַ טויטער אתרוג" (אָהן אַ פּיטום).

אַ זאַך, וואָס האָט שוין פֿערלוירען די ווערט, הייסט „אַ אָבגעשלאָגענע הושענא" [6].

ביי די הקפות פֿלעגט זיך דער עולם שטאַרק משמח זיין,

---

1) שלום-עליכם II „דער אורח" 57; זעה אויך שלום-עליכם XII „מאַריענבאַד" 94. —

2) שלום-עליכם, „יודישע קינדער" 203. —

3) מענדעלי-מוכר-ספרים I „אַלטע מעשה" 5. —

4) שלום-עליכם, XI 267. — 5) שלום-עליכם, X 239. —

6) מענדעלי-מוכר-ספרים „פּישקע" X, 10; שלום-עליכם, „יודישע קינדער" 191 — 210; אַ „שיין" רופֿט מען אויך שפּאָטיש — „הושענה" (די ערשטע זיבע — „הו" ווערט נישט געזאָגט). —

בעזונדערס די אײַנפֿאַכע פּשוט׳ע מענשען (זעה שלום־עליכם׳ס זעהר געלונגענע שילדערונגען). מען זאָגט דערויף אַ ווערטיל: „זייער שמחה מיט דער תּורה איז פּונקט ווי אַ חסידישע חתונה — נישט דער חתן קאָן די כּלה, נישט די כּלה דעם חתן: נישט זיי קענען די תּורה — נישט די תּורה זיי". ס׳פֿלעגען אָבער אַרויסקומען דערבּײַ פֿערשידענע מחלוקות, און בּײַ ש"ע („כּתבים פֿון אַ וואָיאַזשאָר" 13) געפֿינען מיר אַ רעדענס־אַרט: „און מען שלאָגט זיך ווי להבדיל אין שוהל פֿאַר הקפות".

בּײַ „אנא ה׳ הושיעה נא", מאַכט מען נענועים, בּײַ „אנא ה׳ הצליחה נא"—נישט. זאָגט די וועלט אַ ווערטעל, דאָס, ווען אַ מענש האָט נישט קיין פּרנסה, און בּרויך געהאָלפֿען ווערען, מעג ער לויפֿען דאָ און דאָרט; ווען ער האָט אָבער פּרנסה און וויל הצלחה, זאָל ער נישט לויפֿען—דען די וועלט זאָגט: „אַז מ׳האָט בּרויט, זאָל מען נישט זוכען קיין לעקעך".

שמיני עצרת בּענשט מען כּידוע „גשם". די ערשטע ווערטער זענען: „אף בּרי"... זינגט דאָס פֿאָלק אויך מיט׳ן ניגון פֿון גשם פֿאָלגענדעם לידעל:

אף בּרי,
דער ווינטער ריקט זיך שוין צו.
דער אויווען איז צובּראָכען.
דער פּעלץ איז אויסגעקראָכען.
און קיין געלד איז נישטאָ.

# הוֹסָפוֹת און תִּקוּנִים.

צו ז. 7. זעה בײַ א. בערנשטײַן „שטעהען" 2: „עס שטעהט נישט אין זײַן מאַמעס סידור'ל". אויך „אַרויסגעהן" 2: „ער געהט פון זײַן מאַמעס סידור'ל נישט אַרויס".

בײַ שלום-עליכם'ן „כתבים פון אַוואָיאַזשאָר" ז. 203 געפינען מיר אַ ווערטעל: „מיט אַ יור איז גוט עסען קוגעל, דאַוונען פון אײן סידור, און ליגען אויף אײן בית-הקברות". (פערגלײַך מיט א. בערנשטײַן „יור" 46 און 47).

צו ז. 8. וועגען „דאַוונען פון פאָרענט" זעה בײַ ספעקטאָר'ן „עניים ואביונים" (ווילנא, תרס"ד) ז. 85.

צו ז. 9, אָנמערקונג 1. אויך מענדעלי מו"ס ב. XV ז. 45 שרײַבט: „דער פרומער, דער וצדקתך". גאָלאָמב („מלים בלשוני" — „וצדקתך") שרײַבט: „אַזוי זאָגט מען אויף אַזעלכע, וואָס ווײַזט צופיעל פרומקײַט, דערפאַר שרעקט זיך דער עולם, ווײַל על פי רוב מאַכט אַזעלכער אָן אַ רושם".

אַז מ'וויל אײנעם זאָגען: „זײַ נאָר נישט צופיעל צדיק", זאָגט מען: „זײַ נאָר נישט קײן וצדקתך".

ווערטער מיט אַנ'איבריגע וי"ו פון אָנהויב האָבען מיר אין יודיש אויך: געמאַכט אַ „ויברח". (פרץ: „שוועסטער" ז. 15. ש"ע ב. VI ז. 206); געמאַכט אַ „ויצעקו". (שלום-עליכם ב. III די „רעוואָלוציע" ז. 12)

צו ז. 10. זעה אויך ספעקטאָר, „יודישע וועלט" ז. 113: „דאָס ביכעל וועט נוצען אויף „אשר-יצר-פאַפירלעך".

צו אָנמערקונג 1. זעה אויך דינעזאָהן „הנאהבים והנעימים" (ווילנא תרע"ג) ז. 30. וועגען שור-בור וויל איך צוגעבען, דאָס מענדעלי מוכר-ספרים, אין ב. VIII ז. 365, שרײַבט: „סור בור", אין ב. XI ז. 96: „סיור ביור", און אין ב. XII „אַ סגולה צו די צרות" ז. 4: „סיור בור". הערמאַן שטראַק אין זײַן יודיש-דײַטש ווערטערבוך (לײַפּציג 1916) שרײַבט: „ס ו ר-ב ו ר; דורכאײַנאַנדער געמענגטעס, ווארען, רעדען א. ד. ג.". זעה אין ביסקאָ'ס העברעאיש-יודישען ווערטערבוך: „שור-בור-קילע" — אַ מין קינדער-שפיעל.

צו ז. 11. וועגן די חזנים און זייער אַרומשלעפּען־זיך, נישט האָבענדיג פון וועמען צו פאָדערן זייער שכירות, האָט שלום אַש אָנגעשריבן אַ גאַנצע ערצעהלונג.

ביי שלום־עליכם'ן ב. XIII ז. 9: „ותלמוד תורה כנגד כלם — אַ ביסעל מהכתיתי איז בילכער פון אַלץ".

מהכתיתי — הייסט אויף קאַטאָוועס: אַ ביסעל משקה. זעה דאָרט אויך ש"ע „יודישע קינדער" ז. 200.

צו ז. 12. וועגן „עתיק" און „אַנטעק" איז כדאי אָנצווייזען, דאָס מען זאָגט: „אַ פקח, אַ חכם עתיק" (ממו"ס XVI ז. 38) און: „אַ חכם גאָר אַנטיק" (ממו"ס IV ז. 40).

זעה אויך ביי שלום־עליכם: „סענדער בלאַנק" ז. 75: „אַ מפליא לאַיינסעם" אָנשטאָט: „מפליא לעשות". אויך: „וואָס איז די מאַנסע" אָנשטאָט: „מעשה" (ש"ע ב. XI ז. 195).

און בכלל ווערען לויט'ן פּוילישען דיאַלעקט די ווערטער מיין, דיין, זיין, ווײַן (די משקה) אויסגעשפּראָכען, ווי לויט'ן עלטען פראַנצויזישען נאָז־קלאַנג, „אַן", וואָס די פוילישע שפראַך פערמאָגט איהם לגמרי נישט.

צו ז. 13. וועגן „ר' ישמעאל וואָן און ר' יוחנן וואָן" איז די מעשה אַזעלכע: אַן'אַרענדאַר איז צוגעקומען צו דער ברייתא ר' ישמעאל, זאָגט ער: וואָס טהוט זיך דאָ עפּיס: ריבי — פּיש [1]), ישמעאל — אַ טע־רעק, אומר — אַ בינטעל [2]), בשלש עשרה מדות — מיט 13 מאָסטען, התורה נדרשת — ווערט די תורה געדראָשען, מקל — אַ שטעקען, וחומר — און ליים. משוגע, מטורף? — און נעהמט גיט אַוועק דעם סידור צום איינ־בינדער אַרויסצונעהמען דאָס בלאַט. דער איינבינדער האָט אָבער נישט געוואָלט אַרויסרייסען לגמרי דאָס בלאַט, האָט ער עס צוגעבונדען ביי „ויתן לך", ביי „אָמר ר' יוחנן". ס'קומט שבת־צו־נאַכטס, דער אַרענדאַר קומט דאָרט אַהין, זעהט ער: וויעדער דאָ רבי ישמעאל! זאָגט ער: הע, ר' יוחנן, דיך האָב איך דאָך יאָ געהאַלטען פאַר אַן'אָרענטליכען מענש, לסוף געהסטו און נעהמסט־אַריין ר' ישמעאל'ן, וואָס איך האָב אַרויסגע־וואָרפען... אַזוי, טאָ „יוחנן וואָן און ישמעאל וואָן", ביידע אַרויס!".

צו ז. 15, שורה 4: מען זאָגט אויך ריכטיגער: „פאַלט מען דריי מאָל".

אָנמערקונג 4. „ווי אַ יוד אין אשרי" איז אויך דאָ ביי דינעזאָהן „הנאהבים והנעימים" ז. 33, און עס געפינט זיך נאָך אין דער צוואה

1) אויף פּויליש. — 2) עומר. —

פון ר׳ שעפטיל ז״ל (אין 17־טען יאָהרהונדערט). זעה „התורה והחיים״, גידעמאַן (ווארשא תרנ״ט), ח״ג ז. 216: „עד שיהיו שגונים בפיכם כאַשרי״, „שתהא רגיל בו כאַשרי״.

צו ז. 16. אין אָנמערקונג 4 ברויך, אָנשטאָט „התועה״, צו זיין „הירושה״ פון פ. סמאָלענסקין, וואַרשא תרס״ה.

צום מזמור קמ״ט, אויפ׳ן פסוק: „ישמח ישראל בעושיו״ זאָגט מען, אַז איינער פלעגט נאָכמאַכען תמיד אַנ׳עם־האָרץ, דאָס יענער זאָגט כלומר׳שט „ישמח ישמעאל בעשׂו״; דער סוף איז געווען, אַז בעת ער האָט אַליין אַמאָל געדאַווענט פאַר׳ן עמוד, האָט ער מחמת הרגל שוין אַזוי געזאָגט.

ווען צוויי שלעכטע מענשען לעבען צווישען זיך גוט, זאָגט מען אויך אויף זיי: „ס׳איז — ישמח ישמעאל בעשו״.

צו ז. 17. וועגען „אַ יודיש גליק״ און „אַ יודיש — נס״ זעה אויך ביי מענדעלי מו״ס ב. XVI, ז. 45, וואו ער שרייבט: „ס׳האַקט אַ יוד אויס אַ צאָהן, מ׳נעהמט איהם אַרויס אַנ׳אויג, ער דאַנקט אָבער גאָט, וואָס מען האָט איהם נישט איסגעהאַקט צוויי ציינער, נישט אַרויסגענומען ביידע אויגען״. שלום־עליכם האָט אָבער גוט פערשטאַנען, פאַרוואָס דאָס איז אַזוי, ער שרייבט: „דאָס איז אַ יודישע טבע, אַ יוד איז אַזוי געשלאָגען, דאָס ער איז דאַנקבאַר פאַר דער מינדסטער טובה״. („מבול״ ז. 66). און איהם, שלום־עליכם׳ן, פערדריסט, וואָס מען שפעט פון דער דאָזיגער יודישער מדה. ער שרייבט: „ביי קיין אומה ולשון האָט איהר נישט אַזאַ אויסדרוק... יודישע גליקען! יודישע מעשות!...״ („מבול״ 32).

צו אָנמערקונג 4. ביי שלום־עליכם׳ן ווערט ס׳וואָרט „וויל״ בענוצט אויך אין זין: „ווילאַנג״ — „וויל איהר וועט לעבען״, ד. ה. ווילאַנג איהר וועט לעבען. ב. XI ז. 9; „מאָטיל פייסי״ ז. 107.

צו ז. 20. די קשיא, „ווי קומט עשו אין קריאת־שמע אַריין״, פערצעהלט מען, האָט געפרעגט דעם רב אַ דאָזאָר אַנ׳עם־האָרץ, ווען ער האָט זיך ס׳ערשטע מאָל געשטעלט אויפ׳ן מזרח און געוואָלט דעם רב וויזען לומדות, — האָט איהם דער רב געענטפערט: „עשו איז געוואָרען אַ דאָזאָר, האָט מען איהם אַריינגעשטעלט״.

צו ז. 22, אָנמערקונג 4. ביי שלום־עליכם׳ן שטעהט: „ווי בשעת מען שטעהט־אויס שמונה־עשרה״.

צו ז. 24. ביי מענדעלי מו״ס ב. V „איבער אַ שטאָדט״ ז. 8 געפינען מיר: „וקבצנו ביחד — גלייך מיט אַלע קאַבצאַנסקער יודען, מיר נישט, דיר נישט״.

צו ז. 26. אין יודיש בענוצט מען אויך אָפט אַלס שפּריכוואָרט די ווערטער „ומלאך רע בעל־כרחו יענה אמן“. עס איז גענומען פון דער גמרא שבת (קי״ט, ע״ב) מיט אַ קליינעם שינוי.

צו ז. 29, אָנמערקונג 2. ביי דינעזאָהן „הערשעלע“ (תרנ״ה) ז. 54 שרייבט אויך אַ מיידעל: „די פאַנאַטישע סחידים“.

נח פּרילוצקי: „דיאַלעקטאָלאָגישע פאָרשונגען“, ב. I ז. 52, ברענגט אויך „שחד“ אָנשטאָט „חשד“.

צו ז. 30. ביי שלום־עליכם׳ן („לכבוד יום טוב“ ז. 236): „ער זאָגט עברי, זעצט ווי אַ באָנדער“.

(„באָנדער“ איז לויט׳ן רוסישען. אין פּוילען זאָגט מען לויט׳ן פּוילישען: „אַ בעדנאַר“).

אין אָנמערקונג 7 זענען די מראה־מקומות פערגרייזט אָנגעגעבען. איך גיב דאָ איבער מיט ציטאַטען:

ממו״ם IV ז. 5 — „ס׳חלומט זיך איהם אויפ׳ן הימעל אַ יריד“.

צו דער כאַראַקטעריסטיק פון מענדעלי׳ס סטיל (זעה ז. 31) ברענג איך נאָך צוויי ציטאַטען. ב. II ז. 30: „עשרת ימי תשובה איז אויפ׳ן הימעל אַ יריד, עס קאָכט זיך דאָרט אַ שרעק“.

דער מלאך שרייט אויף איהם אין חלום („ספר הגלגולים“ ב. I ז. 12):

„אומעטום זייט איהר פול און קיין **יריד אויפ׳ן הימעל איז נישטאָ אָהן אייך...**“

צו ז. 31. אויך דינעזאָהן שרייבט: „ווען איז נאָך דאָ אַזוי צייט צו קלערען וועגען עסק, אָדער גאָר וועגען הויזליכע עסקים, אַזוי ווי אין דער צייט, וואָס מען שטעהט שמונה־עשרה?“ („הנאהבים והנעימים“ ב. II ז. 45).

צו ז. 33. אָנשטאָט „באַדעם“ ברויך אומעטום צו זיין „באָדעם“, ד. ה. דער „דנאָ“. אַזוי רופט מען עס אין פּוילען איבעראַל, ס׳איז פונ׳ם דייטשען: „באָדען“.

צו די ווערטער פון יום חמישי: „למנצח על הגתית“, לעגט טוביה דער מילכיגער צו: „אַז עס געהט — לויפט עס“. (שלום־עליכם ב. VII ז. 9). ביי א. בערנשטיין „געהען“ 3 און פרץ׳ן ב. II ז. 221 זענען די לשון־קודש־ווערטער נישטאָ.

צו ז. 40. מען זאָגט אויך: „תזריע־מצורע — רייסט קריעה דער בעל־קורא“.

„קריעה־רייסען“ הייסט אַ שווערע אַרבייט האָבען. זעה מענדעלי מו״ם ב. VII ז. 56, 107. ב. VI ז. 111: „זי האָט זיך געמאַטערט,

געפלאָגט און קריעה געריסען"; אין ב. IX ז. 102: „זי, וואָס האָט זיך געבאָדען אין מילך און פוטער, זאָל היינט, נעבעך, קריעה רייסען!"

צו ז. 41. אויף די דריי פיי'ען זאָגען די קינדער, אַז זיי זענען די ראשי־תבות פון די שבת'דיגע מאכלים: פיש, פלייש, פלוימען.

מען זאָגט אויך, דאָס גאָט זאָל אויסהיטען פאַר דריי פיי'ען: „פישערס, פליישערס און פורמאַנעס". דאָס זאָלען זיין די ערגסטע בעלי־דברים.

צו ז. 44. „דראָנג" הייסט נישט בלויז אַ שלעכטער „משורר" (אויף יודיש הייסט אַ משורר — אַ זינגער ביי אַ חזן), נאָר אויך יעדער שלעכטער אַרטיסט. זעה שלום־עליכם ב. X ז. 265: „וואָלט די יודישע ביהנע פערמאָגט ווינציגער אַ דראָנג". זעה אויך ב. X ז. 311: „אַרטיסטען דראָנגען, קאַטשאַנעס, שייטהעלצער".

צו ז. 45. ביי דינעזאָהן „הערשעלע" (וואַרשא תרנ"ה) ז. 49 איז טאַקי דאָ: „אַנשטענדיג זיך געגייגט צום פובליקום רעכטס און לינקס, ווי צו עושה־שלום".

צו ז. 47. צום מזמור ל"ד אויפ'ן פסוק „שומר כל עצמותיו, אחת מהנה לא נשברה" פרעגט מען יונגלעך אַ פראַגע: „אַז ס'שטעהט ווידער שובר כל עצמותיו, ווי אַזוי שטעהט גאָר דערנאָך אַחת מהנה לא נשברה?" — זעלטען ווער ס'כאַפּט זיך, אַז ס'שטעהט „שומר", נישט „שובר".

צו ז. 48. אויך יהושע הלוי מזח שרייבט אין ספעקטאָר'ס „הויז־פריינד" ב. I ז. 106: „אַ גרויסער קבצן, אַ עני ואביון מגוזלו..."

די תקנה פון רבינו גרשום איז אין ספר „תשובות מהר"ם בר' ברוך" (בודאַפּעסט, תרנ"ה) סימן קנ"ג און צום סוף ספר דף קנ"ח ע"ב בזה"ל: גם יש חרם קדמונים שלא לבטל תפלה בשבתים וימים־טובים בשביל תביעה שיש לאדם על חברו, אם לא ביטל כבר ג' תפלות קודם.

צו ז. 52. ביי שלום־עליכם'ן („יאָסעלע סאָלאָוויי" ז. 137): „אין צווייען איז שטאַרקער".

צו ז. 53, אָנמ. 2. דינעזאָהן („הנאהבים" ב. III ז. 57) שרייבט אויך: „מען האָט אָנגעהויבען צו שוועכען", „דער עולם האָט זיך איינגעשוועכט".

ביי פרץ'ן (ב. I ז. 43) זאָגט סעריל צום מאַן: „דערווייל נעהם, וואָס מען גיט דיר, און זאָג: ברוך ה' יום יום". און אין ב. III ז. 26 („שוועסטער") זאָגט נחמה: „איך זאָג ברוך ה' יום־יום, אויף מאָרגען זאָל גאָט זאָרגען".

צו ז. 4. אויך מנחם מענדל („ס'פֿידעלט נישט") שרייבט:
„אַ סך קינדער האָט אַנ'אָרימאַן, אַ נגיד האָט נישט מעהר ווי איין קינד".

צו ז. 54. דער אויסדרוק „און ווייטער פטור" איז פֿאַרהאַן אויך ביי שלום אַש, „מאָטיוועו" ז. 132.

צו ז. 55. זעה אויך ביי שלום-עליכם'ן „מאָטיל-פּייסי" ז. 173:
„צו וויען קומט עס נישט, מען דאַרף זאָגען להבדיל".

שמואל-ליב ציטראָן ברענגט אין ספּעקטאָר'ס „הויז-פֿריינד" ב. II דאָס פֿאָלגענדע לידעל, וואָס בעציהט זיך צו „ויתן לך":

ויתן לך —
קיין געלד איז נישטאָ.
מטל השמים —
נישטאָ וואו צו לייען.
ומשמני הארץ —
עס איז נישטאָ קיין פּריץ...

צו ז. 61. אויף יודיש הייסט אַ קול-נגינה, אַ שענע שטימע — אַ „כ ל י".—זעה ממו"ס „מסעות בנימין" ז. 9: „אַ כלי—אַ קול-נגינה". שלום-עליכם „יאָסעלע סאָלאָוויי" ז. 13 און ז. 43: „אַ שענע כלי — אַ האַלז". דינעזאָהן „הערשעלע" ז. 119: „אַזאַ כלי, אַזאַ שטימע". „האָסט מורא, ס'זאָל דיר נישט שאַדען צו דיין כלי" (האַלז. דאָרט ז. 70). „בעוויַז זיי דיין כלי, זינג אַ „מקימי" (דאָרט ז. 97).

צו ז. 62. מיר וועלען דאָ פֿערצייכנען אויך די, וואָס געפֿינען זיך ביי א. בערנשטיין, אָבער זיך נישט אָבשטעלען אויף זיי:
„אָדם יסודו מעפר וסופו לעפר" — בינו לבינו איז [אָבער] גוט אַ טרונק בראָנפֿען[1].
„די אכילה איז די בעסטע תפלה"[2].
„מיט אכילה הויבט-זיך-אָן זיין יוצר"[3].
„אמרו לאלהים"! — כּאָטש שריַי צו דער וואַנד"[4].
„אַ באָד איז ווי תשליך"[5].

---

1) א. ב. „אָדם" 3.
2), 3) א. ב. „אכילה" 1 און 2. וואָרטשפּיעל צווישען „אכילה" און „אוחילה". מיט „אוחילה" הויבט-זיך-אָן אַ בעקאַנטער יוצר פֿון ראש-השנה.
4) א. ב. אמרו — שריַי, אַז עס העלפֿט נישט קיין מיטעל.
5) א. ב. „באָד" 1. ד. ה. ס'ריַיניגט דעם גוף פֿון שמוץ, אַזוי ווי תשליך ריַיניגט די נשמה פֿון זינדען.

„איזה לחיים ואיזה למות — מאַלט רש״י: גאָט איז גאָט — און בראָנפֿען איז בראָנפֿען״[1]).

„האוחז ביד — אַז מען כאַפּט בײַ דער האַנד, איז מען טאַקי אַ גנב״; „האוחז ביד איז די בעסטע תּפלה״; „האוחז ביד שטעהט גרויס געשריבען״; „האוחז ביד — שלום בקעשענע״[2]).

„צום קול — ממון״[3]).

„ער איז מראה כּהן״[4]).

„עסען איז די בעסטע תּפלה״[5]).

„אַלעס נעהמט אַנ׳עק — אַפילו דער כּי הנה כּחומר״[6]).

„לפני מלך שרײַט מען הויך״[7]).

צו ז. 63. אויך יאָסעלע׳ס מאַמע זאָגט: „זאָל עס איהר בײַשטעהן (די עולה, וואָס זי טהוט מיר) צו דעם קומענדיגען יום-הדין, צום ונתנה-תּוקף, רבּונו של עולם!״ (דינעזאָהן „יאָסעלע״, „פּראָגרעס״-אויסגאַבּע, ז. 64).

מען פֿערצעהלט אויך, ווי-אַזוי ס׳האָט זיך געמאַכט אַ קאַטאַסטראָפֿע בײַם ראַוונען: די זאָגערין האָט געזאָגט: „שרף — אַ ברענענדיגער מלאך״; אַנ׳אַנדערע יודענע האָט נאָכגעזאָגט: „ס׳ברענט בײַם גלח״; די איבּריגע האָבּען גלײַך געמאַכט אַ גוואַלד, אַז ס׳ברענט — און ס׳איז געוואָרען אַ גאַנצע מהומה...

צו ז. 64. אויף אַ זאַך, וואָס טויג צו גאָרנישט, זאָגט מען: „ס׳טויג אויף כּפּרות״[8]); „טויג אויף 99 כּפּרות״[9]).

---

1) שלום-עליכם „טביה דער מילכיגער״ ז. 21. זעה אויך א. בּערנשטיין „גאָט״ 30.

2) א. בּ. „האוחז ביד״ 1 — 4.

3) א. בּ. „ממון״ 2. אין „ונתנה-תּוקף״ געפֿינט זיך אויף די ווערטער „ותשובה ותפלה וצדקה״ אַנ׳איבּערשריפֿט „צום, קול, ממון״; דער פֿאָלקס-וויץ זאָגט, אַז ווען אײַנער וויל הויך בעפֿעהלען, ד. ה. „צום קול״ — מוז ער האָבּען אויך ממון.

4) א. בּ. „מראה כּהן״. דאָס איז גענומען פֿון דער עבודה פֿון יום-כּפּור. ס׳ווערט געבּרויכט אויף אײַנעם, וואָס איז בערויטעלט פֿון צופֿיעל משקה-טרינקען.

5) א. בּ. „עסען״ 9. וואָרטשפּיעל צווישען „עסען״ און דעם יוצר „איתן הכּיר אמונתך״ (צו מנחה פֿון יום-כּפּור).

6) א. בּ. „עק״. כּאָטש עס דאַכט זיך, אַז דער „כּי הנה כּחומר״ וועט קײנמאָל קיין עק נישט האָבּען.

7) א. בּ. „שרײַען״ 3. דאָס מײנט מען, אַז ווען מען דאַרף אָנצוקומען צו אַ גרויסען מאַן, מוז מען שטאַרק מתפּלל זײַן.

8) מענדעלי מו״ס „יודעל״ ז. 108.

9) שלום-עליכם „כּתבים פֿון אַ וואָיאַזשאָר״ 178; „מבול״ — 110. ממו״ס בּ. VI ז. 124. מען זאָגט אויך: „אויף סעם סאָט כּפּרות״ (ש״ע „יודישע סינדער״

„ער שלאָגט דערמיט כפּרות״ — הייסט: ער לעגט דערויף נישט קיין אַכט, ער וואַרפט עס בידים אַוועק [1].

„ווערט ער אַ כפּרה״, אָדער: „געהט ער די כפּרה״ — איז אַ פּאָפּולערע קללה; טייל לעגען־צו: „פאַר כל עמו ישראל״. אויף צוויי זאָגט מען: „ווערען זיי אַ כפּרה בּיידע אין איין טאָג״ [2]. מען זאָגט אויך אויף לשון־הקודש: „שני (שתי) כפּרות ביום אחר״. „די כפּרה ווערען״ הייסט אויך — שטאַרבען [3], און — זיין אויף צרות [4]. „אַ שענע, רענע כפּרה!״ איז מען מצדיק־הדין אויף אַ שונא׳ס מפּלה [5]. „אַ כפּרה טעאַטער!״ [6]; „אַ כפּרה אַלע חזנים!״ [7]) — קעגען דעם שפּילען אָדער זינגען. „ער איז נאָך איהר די כפּרה״ (ס׳הייסט: ער האָט זי שטאַרק ליעב און חלש׳ט נאָך איהרע טריט); „זיי זענען פאַר מיר די כפּרה״ [8].

„אַ יוד אַ כפּרה׳ניק״ [9]) הייסט אַ ביטערער פאַרשוין, אַ שלעכטער יונג און אַנ׳עשו, וואָס מעג די כפּרה געהן פאַר אַ יודס מינדסטע נעגעלע.

דאָס, וואָס אויף לשון־הקודש הייסט „אַ שעיר לעזאזל״, הייסט אויף יודיש: „כ׳כפּרה־היהנדעל״ [10]). — אין דער שרעקליכער צייט פון דער „כאַפּעריי״ האָט „אַ כפּרה־היהנדעל״ געהייסען יעדער, וואָס מען האָט איהם געכאַפּט אָהן אַ פּאַספּאָרט און פאַר אַ סאָלדאַט אָבגעגעבען. מענדעלי רופט יענע גאַנצע צייט אָן: „ימי הכּפּרה־היהנדלעך״ [11]).

צו ז. 65. זעה אויך ביי ספּעקטאָר׳ן „עניים ואביונים״ ז. 89: „ביז־וואַנען װעלען יודען זיין אין גלות ביי יודישע בעלי־עגלות״.

---

ז. 96, „מנחם־מענדיל״ — „אַ בכבוד׳ע פּרנסה״). אויך: „טויג אויף טישטשע כפּרות״ (ש״ע XII — 59), „אויף 700 כפּרות״ (ש״ע I ז. 30, 31, 39), „אויף ניינציג טויזענד כפּרות״ (ממו״ס VI — 119).

1) „געשלאָגען כפּרות מיט דער שטעל״, שלום־עליכם „כתבים פון אַ וואָיאַזשאָר״ ז. 69; „שלאָגט ער מיט זיי כפּרות״, ש״ע II ז. 22. זעה אויך מענדעלי מו״ס ב. IV ז. 39.

2) ממו״ס „ווינשפינגערל״ ז. 352.

3) זעה מענדעלי מו״ס ב. VI ז. 61; ב. X ז. 69.

4) ממו״ס ב. IV ז. 101.

5) ממו״ס ב. VI — 3; ש״ע ב. I ז. 75.

6) מענדעלי מו״ס II — 101:

7) ממו״ס ב. VI ז. 105.

8) שלום־עליכם „יודישע קינדער״ 73; „כתבים פון אַ וואָיאַזשאָר״ ז. 30 ב. II ז. 71; ב. I ז. 22.

9) זעה שלום־עליכם „לכבוד יו״ט״ ז. 196, און ב. III ז. 11.

10) שלום־עליכם I ז. 97; II — 21.

11) זעה מענדעלי מוכר־ספרים „ווינשפּינגערל״ ז. 168, און ב. II ז. 86.

מען זאָגט אויך: פאַרוואָס הייסט ער בעל־עגלה און נישט בעל־הסוס? — ווייל ער איז נור אַ בעל איבער דער עגלה, אָבער נישט איבער'ן סוס, דען דער סוס איז מעהר לייט פון איהם.

אויך זאָגט מען: „אַ בעל־עגלה פאָהרט אַזוי לאַנג מיט'ן פּנים צו די פערד, ביז ער ווערט אַליין אַ פערד".

צו שורה 19. דעמזעלבען תּירוץ ענטפערט מען אויך אויף דער קשיה: פאַרוואָס שטעהט „חרש, שוטה וקטן פּגיעתן רעה — החובל בהם חייב והם שחבלו באחרים פּטורים" (בבא קמא פ"ז) און ס'שטעהט נישט דערצווישען אויך אַ בעל־עגלה, וואָס כּידוע איז פּגיעתו רעה?

ביי „על־חטא" שלאָגט מען זיך אין האַרצען. מען זאָגט אַלס ווערטעל: „פון על־חטא ווערט מען נישט פעט"[1])—ד. ה. פון תּשובה.

צו ז. 67. „יום־כּפּור" — הייסט אויף יודיש: אַ טרויער־טאָג.

„אָנשטאָט אַ חתונה איז געוואָרען יום־כּפּור"[2]). „און די דאָזיגע שמחת־תּורה־נאַכט איז ביי זיי געוועזען אַ יום־כּפּור־נאַכט"[3]).

די ימים־נוראים־טעג הייסען אויך: „די וויינענדיגע טעג"[4]), און די ימים־נוראים־נעכט הייסען: „די משוגע'נע נעכט", ווייל מ'וועקט פאַרטאָג צו סליחות.

„אין די ימים־נוראים, ווען אַפילו אַ פיש אין וואַסער ציטערט דענסטמאָל"[5]).

צו ז. 72. שלום־עליכם ב. XII ז. 81: „די קורלענדער זענען חכמים בלילה".

צו ז. 73. אויך סוכּות, זאָגט מען, זענען שכיח מחלוקות, ווייל דער עולם האָט דעמאָלט די „טשטערדזשעשטשע מוציא'ס (40 מוציא'ס) מיט האָניג".—(דעם חשבון קאָן איך נישט מכוון זיין).

שבת פּרשת־החודש מאַכט מען זיך אויך ווערטלעך איבער די ווערטער פון'ם מוסף'דיגען פּיוט: „אַרבע כּוסות כּבמחזה". שבת פּרשת־שקלים מאַכט מען זיך ווידער ווערטלעך איבער די ווערטער: „צורת מטבע כּחז אבי חוזה..."

---

1) א. בערנשטיין „על חטא"; ממו"ס ב. IV ז. 85; ב. VI ז. 95; ב. XIII ז. 106.

2) ספּעקטאָר „עניים ואביונים" ז. 16.

3) ספּעקטאָר ב. III ז. 178.

4) שלום־עליכם „מאָטיל־פּייסי" ז. 60. מעגליך, אַז עס איז אויך איבער'ן טריבען אָסיען־וועטער.

5) ממו"ס ב. II ז. 28; VII ז. 92. זעה אויך פרץ „פאָלקסט." 86. בּיי א. בערנשטיין „אלול" 2: „ראש־חודש אלול ציטערט אַפילו אַ פיש אין וואַסער".

אַ רעוויזיע הייסט: „בודק־חמץ־געווען״. בעהאַלטען סחורה הייסט: „מבער־חמץ־געווען״ (ש״ע ב. XI ז. 127).

„מאַכען כּעפּרא דארעא״ געפינט זיך בײַ שלום־עליכם׳ן ב. III „אַקדמות״.

צו ז. 74. „ער מיינט נישט די הגדה, נאָר די קניידלעך״ (מענדעלי מו״ס ב. VII ז. 419). אָדער: „ער מיינט נישט די הגדה, נאָר די פּאַלירטשיקעס״ (שלום־עליכם ב. XI ז. 127).

בײַ די עשר־מכּות טריפט מען מיט׳ן פינגער אַרויס פון כּוס. מען זאָגט, אַז ס׳איז אַ נס, וואָס המן האָט נישט מעהר געהאַט ווי צעהן זיהן און פּרעה האָט נישט מעהר בעקומען ווי צעהן מכּות. דען ווען המן זאָל האָבען געהאַט מעהר ווי צעהן זיהן, וואָלט דער בעל־קורא, לייענענדיג די נעמען בּנשימה אחת, דערוואָרגען געוואָרען און, טריפענדיג־אַרויס פון כּוס בײַ יעדער מכּה, וואָלט אין כּוס גאָרנישט געבליבען.

אַ יונגעל האָט געוואָלט, אויסרעכענענדיג די נעמען פון ר׳ עקיבא, ר׳ טרפון א. וו., אויך אָבטריפען פון׳ם כּוס — האָט דער פאָטער נישט געלאָזט, ווײַל דאָס זענען אַלץ גרויסע רבנים: בײַ די מכּות האָט ס׳יונגעל נישט געוואָלט אָבטריפען, ווײַל ער האָט געמיינט, אַז אויך דאָס זענען רבנים. זאָגט דער פאָטער צו איהם: „קינד, אַמאָל זענען טאַקי געווען גרויסע רבנים, יעצט אָבער זענען בלויז מכּות!״ (דאָס איז אַ קריטיק אויף די הײַנטיגע רבנים).

בנוגע צו די מכּות געפינען מיר בײַ דינעזאָהן („יאָסעלע״ ז. 86): „און מכּות פון דער דאָזיגער נאַכט פון פּסח ווילסטו?״.— אויף דעם בעסטען פון אַ חברה ריקים ופוחזים זאָגט מען: „ער איז ס׳בעסטע פון די עשר מכּות״ (מענדעלי מו״ס ב. I „הבהמות״ ז. 26). בײַ שלום־עליכם׳ן (ב. X ז. 247) געפינט מען: „ער קוקט אויף אײַך, ווי אויף דער עלפטער מכּה פון מצרים״.

בײַ א. בערנשטיין („זאָגען״ 5) געפינען מיר: „ער האָט געזאָגט „יאכלוהו״ — און איז פּטור״. און ער פערטײַטשט: מען האָט אײַנגע־רעדט אַנ׳עם־הארץ, אַז אויב מען עסט נור „כּורך״ און מען זאָגט נור דאָס וואָרט „יאכלוהו״, איז מען שוין יוצא פאַר אַנדערע מצוות.— מיר שײַנט אָבער, אַז דאָס זאָל געהן אויף אײנעם, וואָס הייסט נור יענעם טהון, אָבער ער אַליין וויל נישט. ער זאָגט אַנדערע: „על מצות ומרורים יאכלוהו״—און אַליין וויל ער קיין מרור נישט עסען.— עס קאָן אויך געמיינט ווערען אײנער, וואָס קומט־אָב מיט׳ן בלויז זאָגען, און טהון וויל ער נישט.

פּראָפ. שטראַק אין זיין יודיש-דייטש ווערטערבוך שרייבט: „יאכלוהו״ [זי ווערדען עס פרעסען].—דאָס געלד איז יאכלוהו—פערלאָרען.

צו ז. 75. ס'ווערט אַ שען ווערטעל געזאָגט: עס שטעהט, אַז ס'איז געקומען דער שטעקען און האָט געשלאָגען דעם הונד, ווייל ער האָט געביסען די קאַץ. — פאַרוואָס איז דעם הונד געקומען צו שלאָגען, ער איז דאָך גאַנץ גערעכט געווען, דען די קאַץ האָט דאָך אומזיסט-און-אומנישט אויפגעגעסען דאָס ציגעלע? — איז דער תירוץ: דער הונד איז טאַקי גערעכט, אַ הונד ברויך זיך אָבער נישט אַריינצומישען, נאָר ליגען פאַר זיך.

מען פערצעהלט, דאָס צוויי האָבען זיך אַמאָל געקריגט. איינער האָט געשריען, דאָס ער איז אַ חד-בדרא, און דער צווייטער האָט געשריען, דאָס ער איז אויך אַ חד-בדרא. פרעגט מען איהם: „ומי איכא תרי חד-בדרא?״ — ענטפערט ער: איכא ואיכא: חד גדיא, חד גדיא!

א. בערנשטיין [1]) ברענגט נאָך אַ ווערטעל: „חד-גדיא שטעהט תמיד אויף איין מקח״.

צו פסח ברענג איך נאָך פאָלגענדעס:

„יודישע פרנסות און יודיש עשירות, איז — אַן ערב-פסח'דיגער שניי אונטער'ן שליטען״ [2]). „טייערער ווי חרוסת״ [3]). „מ'כאַפּט עס, ווי מצה-וואַסער״ [4]). „איבערגעקעהרט די פינפטע פון די אַרבע כוסות״ [5]). „דעם זיבעטען כוס פון די אַרבע כוסות״ [6]). „הע־ען ווי פסח דעם קאָטער, אָדער ווי המן דעם גרעגער״ [7]).

דרך-אגב וועל איך ברענגען אויך אַ ביסעל פורים'דיגעס:

„ער לייענט אַ גאַנצע מגילה״, ד. ה. אַ ספור-המעשה. „ער לייענט אַ צעטעל, אַ גאַנצע מגילה״ [8]).

„הכלל, ס'איז ליהודים״ [9])—ד. ה. לעבעדיג, אויפגערוימט. (פונ'ם

---

1) א. ב. „חד גדיא״. ווייל ביי חד-גדיא שטעהט תמיד „דזבין אבא בתרי זוזי״.—

2) ספעקטאָר „יודישע וועלט״ ז. 109.—

3) ש. ע. ב. III „די רעוואָלוציע״ ז. 15.—

4) ש. ע. „מבול״ ז. 239; מענדעלי מו״ס IV ז. 6.—

5) ש. ע. „מבול״ ז. 265.—

6) ש. ע. „מבול״ ז. 280.—

7) ש. ע. ב. III, ז. 19. — וועגען „הערען, ווי המן דעם גרעגער״ זעה אויך ש. ע. XIII — 74.—

8) ש. ע. ב. II ז. 120, 166; ב. VII ז. 36.—

9) ממו״ם ב. I „הבהמות״ ז. 5.—

פסוק: ליהודים היתה וכו'). „ער זאָגט עס אין איין אָטעם, ווי די עשרת בני המן"[1]. „אַ מצוה — זאָל זיך אַ הונד נישט גלוסטען קיין המן־טאַשען, אַז ער הערט נישט די מגילה"[2]. „האָבען המנ'ס מפלה"[3]. „פון אסתר־תענ'ית ביז פורים"[4]. „נישט אַלע פורים טרעפט זיך אַ נס"[5]. „די גרויסע שכורים, וואָס פונקט פורים זענען זיי ניכטער"[6]. — זעה אויך ביי א. בערנשטיין „בויך" 5. — „מען הערט איהם, ווי אין טשער־נאָוויץ די מגילה"[7]. — אויף אַ שלעכטען שניידער זאָגט מען מיט קאַטאָוועס: „ס'איז אַ קראַוויעץ[8] לפורים" —, דאָס איז אַ פּאַראָדיע אויף דעם פיוט פון פורים, וואָס הייסט: קרובץ לפורים.

בנוגע חנוכה, געפינט מען ביי שלום־עליכם'ן[9] אויף אַנ'אומגע־לומפּערטען משל: „ס'איז אַ משל צו חנוכה־לעמפּלעך". — אויף דעם מזמור „מעוז צור ישועתי" זאָגט מען אַ פּאַראָדיע: „מ ע ו ת צור ישועתי" — אויף איינעם, וואָס האָט ליעב געלד.

צו ז. 76. אַ הויכער און מאָגערער מענש, הייסט: „אַ הויכער לולב"[10]. — מען זאָגט אויך: „אויסגעצויגען, ווי אַ לולב"[11]. „אַ גרינגער לולב"[12]. „ציטערט, ווי אַ לולב"[13]. „טרייסעלט זיך, ווי אַ לולב"[14]. — די לעצטע אויסדרוקען זענען גענומען פון די „נ ע נ ו ע י ם".

אויך דער פיטום אַליין איז אַ גאַנץ חשוב'ער ענין. אַזוי זאָגט פייבוש[15]: „אָבער דער קרן, דער בחור'ל איז אַ קפריסין? אַ קאַרפּי־רער אתרוג'ל, אַ פיטום'ל גאָר אַ חידוש?".

---

1) שלום־עליכם „מאָטיל־פייסי" ז. 220. —
2) ש"ע „מבול" ז. 367. —
3) ש"ע ב. XI ז. 176. —
4) ש"ע ב. II ז. 99; ב. XII ז. 277. —
5) ש"ע „יאָסעלע סאָלאָוויי" ז. 159. —
6) ממו"ם ב. XIV ז. 4 „דער חלוף". מען זאָגט אָבער אויך: „אַ גאַנץ יאָהר שכור און פורים ניכטער" אויף איינעם, וואָס פונקט אין דער צייט טהוט ער פערקעהרט. —
7) ממו"ם ב. VI ז. 91, 119; ב. X ז. 112. —
8) קראַוויעץ — הייסט אויף פּויליש: אַ שניידער. —
9) ב. VII ז. 40. —
10) שלום־עליכם ב. I ז. 101: „אַ הויכע, אַ לאַנגע, נאָר אַ דינע, אַ דאַרע, אַ טרוקענער לולב". —
11) ש"ע „כתבים פון אַ וואָיאַזשאָר" ז. 174. —
12) ש"ע ב. XII ז. 221. —
13) ש"ע ב. XI ז. 381. —
14) ש"ע ב. III ז. 45; דינעזאָהן „יאָסעלע" 45. —
15) ממו"ם IX „פרוזיוו" ז. 51. —

בײַ א. בערנשטײַן האָבן מיר װעגן אתרוג נאָך שפּריכװערטער [1]: „אַז מען האָט נישט קײן אתרוג, דאַרף מען קײן פּושקע נישט האָבן". „דער אתרוג קאָסט דאָס גאַנצע געלד, און איבער'ן לולב מאַכט מען די ברכה". „װאָס טהוט קהל אָהן אַנ'אתרוג?—מען בענשט נישט"; ד. ה. „אַז עס שטעהט נישט—זאָגט מען נישט" [2].

װעגן הדס איז פֿאַרהאַן בײַ א. בערנשטײַן („הדס") אַ שפּריכװאָרט: „הדס שטינקט די גאַנצע װאָך, און שבת־צו־נאַכטס שמעקט זי". דאָס איז אַ װאָרטשפּיעל פֿונ'ם פֿרױען־נאָמען „הדס" און דעם הדס, װעלכען מען פֿלעגט בעהאַלטען פֿון סוכּות אױף אַ גאַנץ יאָהר צו דער ברכה איבער בשמים בײַ הבדלה. (זעה שולחן־ערוך „אורח־חיים" סימן רצ"ז, און זוהר). — נאָכדעם פֿלעגט מען מאַכען זילבערנע הדסים און אַרײַנשיטען אין זײ בשמים. בײַ פּרצ'ן װערען זײ אָנגערופֿען „בשמים־שטעקעלעך" (ב. II ז. 274: „אַלט־זילבערנע כּלים: אתרוג־פּושקעלעך, בשמים־שטעקעלעך"...).

פֿון „טורי־זהב" (ט"ז) רצ"ז סק"ח װײַזט־אױס, דאָס יעדער „בשמים־ביקס" (אין פּױלען װערט עס אױסגעשפּראָכען „פּסום־ביקס") רופֿט זיך „הדס", ער שרײַבט: „וכך נוהגין רוב העולם, שמיחדין כּלי לזה (צו די בשמים פֿון הבדלה) וקורין אותו הדס, על שם שהיו מניחים שם בּדורות הראשונים הדס כּדי להריח".

בּנוגע „סוכּה" האָבן מיר בײַ א. בערנשטײַן [3] אַ װערטעל: „זײַ אַ מענש, װעסטו זיצען אין סוכּה" — אַזױ זאָגט די מוטער צום קינד. — אױך זאָל מען זאָגען אױף אַ נאַר: „מען מעג איהם שיקען נאָך אַ סוכּה־שער" [4]. בײַ שלום־עליכם'ן האָבן מיר: „דאָס איז אַ קװיטעל — אַ סוכּה־שער איז עס" [5].

צו ז. 77. בײַ א. בערנשטײַן [6]: „װי קומט אַתּה־הראית צו דער אַרענדע?" — דען אַנ'אַרענדאַר האָט בײַ אײנעם אױסגעקױפֿט „אַתּה

---

1) איגנאַץ בערנשטײַן „אתרוג" 1 און 2 און „קהל" 4. —

2) כ'האָב געהערט, אַז דאָס לעצטע װערטעל מײנט נישט, אַז ס'שטעהט נישט אין סידור, זאָגט מען נישט — דען מען קאָן דאָך זאָגען פֿון אױסװעניג?— מען מײנט גאָר: אַז די לבנה שטעהט נישט אין הימעל, זאָגט מען נישט די ברכה פֿון קדוש־לבנה. —

3) „מענש" 41. —

4) איגנאַץ בערנשטײַן „סוכּה־שער". נאַרישע יונגלעך רעדט מען אײַן, אַז ס'איז פֿאַרהאַן אַ סוכּה־שער צום סכך, און מען שיקט זײ צו די שכנים באָרגען די דאָזיגע שער. —

5) שלום־עליכם ב. I ז. 88. זעה אױך סמו"ס ב. IX „פּריזיװ" ז. 48. —

6) איגנאַץ בערנשטײַן „אַתּה הָראית". —

הראית", האָט יענער איִהם אויסגערונגען די אַרענדע, שטעהט דער אַרענדאַר און וואונדערט זיך.

די הקפה פון „עוזר דלים", הייסט: אַ חברה דלפנים [1].

ווען איינער רעדט נישט צו־דער־זאַך, זאָגט מען: „גוט יום־טוב דיר, פון וואַנען קומסטו?" [2]. ווען עס געשעהט אַנ'אונגעריכטע זאַך — דערצו אַנ'אונאָנגענעהמע — זאָגט מען: „אָט האָסטו דיר די אַנדערע טעג יום־טוב!" [3].

וועגען תשעה־באָב און די „ניין טעג" זענען אויך פאַרהאַן איי־ניגע רעדענסאַרטען:

„אַ גאַנץ יאָהר בּאָרוועס, און תשעה־באָב אין די זאָקען" [4]. „אַ יודישער תענוג, איז אַ קיהלער תשעה־באָב" [5]. „תשעה־באָב האָבען די פליי אַ יריד" [6] — ווייל מען זיצט אויף דער ערד. — מען זאָגט אויך: „אַז תשעה־באָב איז נישטאָ קיין פליי — מוז מען יוצא־זיין מיט וואַנצען" [7] — ד. ה., אַז מ'האָט נישט קיין בעסערס, מוז מען יוצא־זיין מיט וואָס עס מאַכט־זיך.

פאַרהאַן עפּיס אויך אַ קינדער־ליעדעל: „שאָבעלעך מיט פערפעל האָבען זיך גענומען — תשעה־באָב די חתונה קיינער נישט געקומען" [8].

אויך די „ניין טעג" האָבען איינינגע רעדענסאַרטען:

„פערליבט, ווי אַ קאַץ אין די ניין טעג" [9]. „ער געהט־אַרום, ווי אַ שוחט אין די ניין־טעג" [10]. — ווען איינער פרעגט זיך אויף איינעם, וואו ער וואוינט, און מ'וויל איהם נישט זאָגען, זאָגט מען: „ער וואוינט קעגענאיבער די ניין טעג".

---

1) זעה אַש „מאָטיוועו" ז. 96. —

2) שלום־עליכם ב. XII ז. 291. —

3) „יאָסעלע סאָלאָוויי" 19; „סטעמפעניו" 27; „מבול" 241. זעה דאָרט. —

4) איגנאַץ בערנשטיין „בּאָרוועס". — איינער אַ נידריגער, וואָס געהט תמיד בּאָרוועס, האָט תשעה־באָב געוואָלט זיין מיט לייטען גלייך און זיך אויך אָנגעטהון זאָקען. —

5) איגנאַץ בערנשטיין „יודיש" 14. מ'זאָגט אויך סתם: „אַ קיהלער תענית". דאָס איז אַנ'איראָניע אויף די „יודישע גליקען". זעה אויך א. ב. „יוד" 19. —

6) איגנאַץ בערנשטיין „תשעה־באָב". —

7) מענדעלי מוכר־ספרים ב. IX ז. 16. —

8) שאָבעלעך־מיט־פערפעל — דאָס פלעגט זיין פון די חשובסטע מאכלים און ס'איז געווען במקום פלייש, — לסוף מאַכט זיך אויך אַמאָל (דהיינו תשעה־באָב), ווען ס'איז נישטאָ קיין אַמאַטאָר אויף זיי. —

9) שלום־עליכם ב. III „די פר. קאָמפּ." ז. 18. —

10) איגנאַץ בערנשטיין „אַרומגעהן" 3. ד. ה. לעדיג, אָהן בעשעפטיגונג. —

„תשעה־באָב“—הײסט סתם „אַ טרויער־טאָג“: „ער האָט געטראָפען אין הויז תשעה־באָב“ [1]. „אַ יללה ערגער ווי תשעה־באָב“ [2]. „בײַ זײַ איז געװען דאַן תשעה־באָב, נישט פּסח“ [3]. —

ווען אײנער עסט מיט גרױס אַפּעטיט, זאָגט מען: „ער לאַפּט זיך־צו צום עסען, ווי נאָך אַ תענית“ [4].

איך וויל אַם ענדע צוגעבען עטליכע רעדענסאַרטען בנוגע שבת, וועלכע זענען בײַ א. בערנשטײן נישטאָ: „שטיל, ווי שבת נאָכ׳ן טיש“ [5]. „זאָל ער געהן אַהין, וואו דער ליעבער שבת־קודש געהט־אַוועק“ [6], — אַ שטיקעל קאַטאָווענסדיגע קללה. — מ׳זאָגט אויך: „ער איז אַוועק וואו דער ליעבער שבת־קודש געהט־אַוועק“ [7].

ווען אײנער גיט־זיך־אוים יונגער, ווי ער איז, זאָגט מען, אַ שטײַגער ווי בײַ שלום־עליכם׳ן: „ביסט נאָך נישט קײן 18 יאָהר?— אודאי, חוץ שבתים און ימים־טובים“ [8]. „אַ יונג קינד פון עטליכע־און־צוואַנציג יאָהר אַחוץ שבתים און ימים־טובים“ [9]. ער איז נאָך נישט קײן 20 יאָהר אַחוץ גוי׳אישע שבתים און ימים־טובים“ [10].

ווען מ׳זידעלט אײנעם א. ד. ג. און ער מאַכט זיך „כּלא־ידע“ און פרעגט זיך „פאַרוואָס?“ — ענטפערט מען מיט ליצנות: „פאַר וואָס? פאַר שבת!“ [11].

ווען אײנער מאַכט אַ מלאכה איף־געשווינד, זאָגט מען: „ער מאַכט שבת־שטעך“ [12] — דען פרײַטאָג פאַרנאַכט מאַכט מען עס אין אײַלעניש. מ׳זאָגט אָבער: „שבת־שטעך האַלטען נישט“ [13].

ווען אײנער האָט בײַ אַ מלאכה באַלאַמוטשעט פרײַטאָג ביז שפּעט אין אָוונד, זאָגט מען: „ער האָט געמאַכט אַ שטאָך אין שבת

---

1) מענדעלי מוכר־ספרים VI ז. 109. —
2) שלום־עליכם „מאָטיל־פּײַסי“ ז. 121. —
3) דינעזאָהן „הערשעלע“ ז. 154. —
4) שלום־עליכם ב. I ז. 145; ב. II ז. 116. —
5) שלום־עליכם ב. XI ז. 323. וועל אַלע שלאָפען דאַן. —
6) שלום־עליכם ב. XI ז. 19. —
7) שלום־עליכם XIII ז. 222. דאָס בעציהט זיך צו די ווערטער פון „גאָט פון אברהם“. —
8) שלום־עליכם ב. II ז. 225. —
9) שלום־עליכם „לכבוד־יו״ט“ ז. 147. —
10) שלום־עליכם XII ז. 26. —
11) שלום־עליכם II ז. 70; VII ז. 55. —
12) מענדעלי מוכר־ספרים „שם ויפת“ ז. 14. —
13) איגנאַץ בערנשטײן „שבת“ 15. —

אַרײַן". מ'זאָגט אויך: „ער מאַלט עס בקיצור — שבת=שטעך"[1]).

פֿרײַטאָג=צו=נאַכטס פֿלעגט מען עסען לאָקשען, זאָגט מען: „לאַפּ ניִשט די לאָקשען פֿאַר שבת"[2]). „מען טאָר ניִשט כאַפּען די לאָקשען פֿאַר שבת"[3]).

ווען אײַנער איז מחלל=שבת, דהיינו ער קומט אַהײַם צופֿאָהרען צו=שפּעט, זאָגט מען: „ער איז אַרײַנגעפֿאָהרען מיט'ן דישעל אין דער שיסעל לאָקשען"[4]).

ווען מ'וויל זאָגען: „כ'וועל איהם שוין גוט אָנזידלען" — זאָגט מען: „כ'וועל איהם שוין מאַכען שוואַרץ=שבת"—דען שבת האָט דער עולם צײַט געהאַט זיך אַרומצוקריגען[5]).

בײַ פּרץ'ן[6]) ווערט דערמאָהנט אַ „שבת=שענקל". וואָס דאָס איז, ווײַס איך ניִשט.

1) מענדעלי מוכר=ספרים XI ז. 96. —

2) שלום=עליכם ב. VII ז. 27. —

3) שלום=עליכם ב. I ז. 83. —

4) מענדעלי מוכר=ספרים ב. VII ז. 150 — ד. ה. ער איז געקומען צופֿאָהרען, ווען מ'האָט שוין געהאַלטען בײַ די לאָקשען. —

5) ועה „שבט=יהודה": אַז ניקאָלאַי די ליִרא זאָל האָבען געטײַטשט דעם פּסוק „לא תבערו אש בכל מושבותיכם" — דאָס מען זאָל קײַן מחלוקת ניִשט פֿערפֿיהרען אין שבת, ווי ס'איז דער שטײַגער פֿון יודען, האָבענדיג צײַט. — ועה אויך „ספר חסידים" סימן תתס"ג: וכבדתו — שיכבד השבת שלא יריב בו. —

6) „אין פּאָליש אויף דער קייט" ז. 28 און 30. —

# אינהאַלט.*)



*) צום לעצטען טייל פונ'ם ווערק וועט צוגעגעבען ווערען אַ גענויער „לוח־המפתחות" פון אַלע שפּריכווערטער, רעדענסאַרטען, גלייכווערטלעך, אנעקדאָטען א. ד. ג., וועלכע ווערען דערמאָהנט אינ'ם דאָזיגען ווערק.

דער וואונדער־אוצר פון דער יודישער שפראך.

# מלאכות

און

# בעלי־מלאכות.

פאלקסטימליכע רעדענסארטען,
גלייכווערטלעך און אנעקדאטען.

געזאמעלט און דערקלערט דורך
יהודה עלזעט.

ווארשע תר"פ

דרוק ברידער לעווין עפשטיין פאוויע 38 №

# I

# אלגעמיינע איבערזיכט.

פון אייביג אן ביי אלע פעלקער האבען מענשען דרך־ארץ געהאט פאר יענע, וועלכע לעבען רוהיג און גליקליך אין רייכטום און לוקסוס, נישט ארבייטענדיג און נישט טועענדיג אהאנד אין קאלטען וואסער, און פעראכטעט און גרינגגעשעצט יענע, וואס מוזען שווער הארעווען און פראצעווען, אום צו פערדינען אוף אנ׳ארימער עקזיסטענץ.

ביי׳ם יודישען פאלק, נישט קוקענדיג דערויף, וואס שוין מיט הונדערטער, הונדערטער יארען צוריק איז געזאגט געווארען ביי אונז: „גדולה מלאכה שמכבדת את בעליה" 1) (אגרויסע זאך איז די ארבייט—זי גיט צו כבוד די, וואס פערנעהמען זיך מיט איהר), זענען דאך די בעלי־מלאכות אין קיין גרויסען כבוד און אכטונג ביים עולם נישט געוועזען.

עס האט נישט געפועלט דאס, וואס די מלאכה האט ביי יודען געהאט א זעלכע אפאסטאלען ווי ריב"ל (יצחק בער לעווינזאהן) און זיינע חברים, די השכלה־קעמפער, וועלכע האבען כסדר געהאלטען אין איין טרייבען דאס פאלק צו מלאכה און אויסגעוויזען דערביי פון תנ"ך, מדרש און גמרא, ווי געקרוינט און געהויבט עס איז דער בעל־מלאכה און דער, וואס איז נהנה מיגיע כפו, און אז גרויסע תנאים און אמוראים זענען זעלבסט געוועזען בעלי־מלאכות; די רייד זייערע זענען געוועזען נישט אנגעלעגט, פשוט ארויסגעווארפען, די מלאכה איז געבליבען פעראכטעט און בשפל המצב.

---

1) נדרים מ"ט: בישט קוקענדיג אבער אויף דעם דאזיגען מאמר, איז דאך אין קדושין ע׳. געזאגט געווארען: „כיון שנתמנה אדם פרנס על הצבור אסור בעשיית מלאכה בפני שלשה". כאראקטעריסטיש איז וואס רש"י פערטייטשט עס בזה הלשון: „שגנאי הוא ושפלות לדור, שכפופים לזה, שאין לו מי שיעשה מלאכתו".

און נישט קיין וואונדער: וואָס האָבען דא דרשות געקאָנט העלפען, ווען דער בעל־מלאכה איז כל ימיו געווען אַ קבצן. „אַלע שוסטערס געהען באָרוועס" זאָגט דאָס שפּריכוואָרט 1), און אייזיק מאיר דיק דערצעהלט אונז 2): „כמעט אַלע בעלי־מלאכת זענען גרויסע אביונים, זעלטען דאָס איינער פון זיי איז אומשטאַנד צו לעבען ווי אַמענש, צוואַר מען געפינט צווישען זיי וואוילהאָבענדע, איז עס אָבער צו אונזערען ליידוועזען נישט פון דער מלאכה, נייִן, ער איז דערביי אויך אַפּאַקטאָר, אַסרסר, און דאָס גלייבען. איך וועל מיך נישט לאָזען איינווענדען פון קיינעם דאַרין, דען איך זעהע עס טעגליך מיט מיינע אויגען אין מיינער גרויסען פּאַטער־שטאָדט ווילנא, דאָס אַם אָרעמסטען, אַם עלענסט לעבען אונזערע האַנד־ווערקער, וואָס גראַדע זיי לויט רעכט באַדאַרפען זיי לעבען פיל בעסער אַלס מיר אַנדערע, וואָס מיר זענען נאָר נור ווינט־מענשען" 3).

און אייזיק מאיר דיק זאָגט אונז דאָ קיין ליגען נישט. אָט פערצעהלט אונז אויך מענדעלע מוכר ספרים ווי מען האָט געלעבט ביים בעל־מלאכה:

„אנאַנגע וואָך קומט מען אָב מיט אַ גאָר נישט, שבת פערזעצט מען אַמשכון, חאָטש זיך פליישיג מאַכען, חאָטשע פערזוכען אַ ביסעל געקעכץ, מיט וואָס פאַר אַשמחה קוקען די קינדערלעך נעבעך אויס אויף דעם פרייטאָג־צו־נאַכט, עפּעס אַ לעק טאָן, עפּעס אַ חאַפּ טאָן" 4).

---

1) א. בערנשטיין, „יודישע שפּריכווערטער".

2) זוין אַ ביכעל „די דינסט מיידעל" געדרוקט אין ווילנא תרכ"ה (שיינט אַז ס'איז פון אייזיק מאיר דיק), ז. 4, ווערט פערטייטשט, פאַר וואָס זאָגט מען עפּיס: „פון פּועל מלאכות קנאַפּ ברכות"?—ווייל מיר זעהען דאָש יעדער שוסטער גייט באָרוועס, יעדער שניידער גייט אָבגעריסען, ביי יעדען גלעזער זיינען די שויבען צו בראָכען, ביי יעדען מולער איז דאָש הויז אָבגעלאָזען, ביי יעדען שלייפער איז אַ טומפּער מעסער, דאַהער איז שוין לייכט צו פאַרשטיין, ווען איינער זאָל זיין אַ שוסטער און דער צו אַ שניידער, אַ גלעזער, אַ מולער, אַ שלייפער וועט ער גיין בודאי באָרוועס נאַקעט וועט האָבען צובראָכענע שויבען, זיין הויז וועט זיין אָפּגעלאָזען און וועט האָבען איין טימפּען מעסער אויך".

3) „דער בן יחיד" מאת אמ"ד ווילנא תרל"ה ז. 16

אינטערעסאַנט איז דער סיום: זיי קענען נור געבעסערט ווערען נור דורך קלוגע פריידיגטען, עס דאַרף זיי אויפגעוויזען ווערען, דאָס מען קען נישט זיין איין ערליכער יוד, וואו מען האָט נישט איין געהעריגען אונטער קאָמען (אויסקומעניש) אָן טענות און אָן קאָפּ דרייענעס".

זיינע פּראַקטישע עצות זענען: „זיי זאָלען איינפּיה־ען צעלאַדניקעס ביי זיך, דאָס הייסט זיי זאָלען האָבען ביי זיך יונגלעך, וואָס זאָלען דינען ביי זיי אויף אַ געוויסען משך... וואָס נור דאָס אַליין בערייכערט דעם בעל מלאָכה... און עס מוז געפּריידיגט ווערען פאַר זיי דאָס די אויסגעדינטע פּועלים זאָלען ציהען נאָך רוסלאַנד"...

4) „מענדלי מוכר ספרים", „מאַמענט"־אויסגאַבע, ב, ו ז. 42.

דער יודישער בעל־מלאכה „פלעגט הארעווען, ארבייטען איבער די כחות, און עסען האט ער נעבעך געגעסען יסורים, חוץ א דאר שטיקעל ברויט מיט עפעס־וואס דערצו, איז אין זיין מויל נישט געקומען, דעם טעם פון פלייש האט ער שוין לאנג פערגעסען. ביי א שמועס א מאל פלעגט ער אלץ שפאסען: פלייש—דאס איז נישט קיין יודישע זאך. איך, משוגע'נער, האב מיר טאקי איינגערעדט א שטיקעל לונג־און־לעבער אין טעפעל" [1].

און אזוי איז דער בעל־מלאכה געווען דערנידריגט אין דער יודישער גאס, נישט אלס בעל־מלאכה, נאר אלס ארימאן, אלס עקאנאמיש־שוואכער און אונבעהאלפענער מענש. כל־המיני קהל'ס־פערזארנער און בעלי־טובות פלעגען אויף איהם רייטען און איהם נישט לאזען דעם קאפ אויפהויבען. מענדלי־מוכר־ספרים האט פאר דעם יודישען בעל־מלאכה א סך מיטלייד און מיטגעפיהל, ער נעמט זיך אן זיין קשיוודע אין דער „טאקסע". בעזונדערס האט ער פאר איהם ווארימע ווערטער אינ'ם צוועלפטען פרק פון „שלמה ר' חיים'ס" אט וואס ער שרייבט:

„אייזיק דער שמיד און הערציל קייעס דער סטאליאר, וועלכע האבען זיך געדעכענט ביים שטעדטילדיגען עולם פאר בכבוד'יגע בעלי־בתים, זענען דערמיט געווען א חידוש צווישען די אלע אנדערע בעלי־מלאכות דארט... ס'איז דאך באמת טאקי א וואונדער: בעלי־מלאכות — און אפנים פון מענשען!... אזוי ווי יודען ביי די אומות־העולם, אזוי זענען בעלי־מלאכות געלעגען אין דער ערד טיעף ניין איילען ביי יודען...

„האבען א בעל־מלאכה אין דער משפחה, א שניידער, א שוסטער, אשטייגער, איז געוועזען א פלעק, א שאנדע. עס האט זעהר אפט געשאדט צו א שדוך...

„קהל האט געהאלטען בעלי־מלאכות אין דער מורא... א בעל־מלאכה האט נישט געטארט שבת אנטאן א זיידענע קאפאטע, טראגען אויפ'ן קאפ א שטריימעל [2]. אין בית־המדרש, אין קלויז איז זיין ארט

[1] מענדלי מוכר ספרים" VI—35. „איינגערעדען זיך א לונג־און־לעבער" איז א בעקאנט יודיש ווערטעל ואין אנ'אנדער ארט וועל איך עס ערקלערען). ארימע לייט פלעגען שבת זיך מאכען א יום־טוב, עסענדיג א שטיקעל לונג־און־לעבער (זעה מענדלי מו"ס V—22). פלייש קויפען האט מען נישט געקענט בעוויזען...

[2] זעה אויך ביי אייזיק מאיר דיק „נטע גנב" (ווילנא תרמ"ו) ז. 17 ווי „דער רייכער קירזנער יאסעל דער שטרייכער נעהמט זיך א לערנער פאר א איידים" „נאר אויס גאוה, דאס ער זאל קענען בעקומען איין „מורנו", טראגין א שטרייטעל און גיין אין איינע גראדיטורענע דעליע און מעגין זיין „ששי". דיק דערצעהלט אונז דארט אויך, דאס „אין יענע צייטין, וואס כבוד התורה וואר זייער גרויס אין אונזער

געוועֶן אויף דער לעֶצטעֶר באַנק הינטעֶר דעֶר בימה. צו דעֶר תּוֹרה פלעֶגט מעֶן איהם אויפרופען „החבר" ניִשט קיין „מורנו", און דאָס אויך נאָר אַ „הוספה".

אַויף אסיפות מיִט די פײַנעֶ־בריות וועֶגעֶן שטאָדט־זאַכעֶן איז זיין פוס ניִשט געוועֶן...

„זיינעֶ קינדער פלעֶגט מעֶן „חאַפּעֶן", „אָבגעֶבעֶן" צו מיליטעֶר־דינסט. אויסלעֶרנעֶן זיך אַ מלאכה האָט מעֶן אָבגעֶגעֶבעֶן נאָר יתומים אָרימינקעֶ, פעֶרוואָהרלאָזטעֶ, ניִשט געלעֶרנט אין קיין חדר, ניִשט געקאָנט קיין עברי— עֶם־הארצים 1). יאָהרעֶן לאַנג האָבעֶן זיי אַוועֶקגעֶטראָגעֶן פאָמויניצעֶם,

---

ווילנא, וואַר קיינעֶם פראָסטאַק עֶרלויבט צוא טראָגין אַ שטריימעֶלעֶ, קיין זיידענצייג־גענעם דעליע, ניט צו מאַכען אַ סנין פאַר זיך, קיין קצב האָט ניט גידאַווינט אין אַ בעזונדעֶר קלויז פאָקאַצאָווסקע, קיין שניידער פאָ שניידעריסקע, און האָט אַלזאָ גימוזט עולה לתורהזיין איינס פאַר אחרון. איין מאָל האָט זיך אַריין גיוויזין איין שוסטער אין דער גרויסע שול אָנגיטאָן אין אַ זיידענע דעליע האָט אים דער פרנס חודש ר' מאיר רפאָל'ס גילאָזט אים אַרויס פירין אויף דעם שול הויף און די משרתים האָבין גיטאַנצט מיט אים דאָרט איין ברוגז טאַנץ".

דיק גיט נאָך צו: „ווי אויך עס וואַר איין גרויסע אומרעכט דאָך וואַר עס אין מאַנכע הינזיכטין פון גרויסע נוצין".

1) צו דער גרינגשעצונג פונ'ם בעל־מלאָכה ביי יודען האָט פיעל גורם געווען דאָס, וואָס ער איז געווען אַנ'עם־האָרץ. די הויפט־סבה דערצו איז אָבער פאָרט געוועזן נאָר זיין שלעכטער עקאָנאָמישער מצב. זעה אייזיק מאיר דיק („אלטע ליבע ראָסטעט ניכט" ווילנאָ, תרל"ז, ז. 48), ווי מען שלאָגט אָן אַ בכבוד'ן יוד אַ בעל־הבית אַ שדוך מיט אַנ'אָרענטליכען באַהן־טעכניק, שרייט ער: „ווער איז ער?— איין שמיד, איין שלאָסער, גוט געזאָגט: איין מייסטער, דאָך אָבער איין בלוזער האַנדווערקער, גייט אָנגעטאָן אין אַ ריטענעם פאַרטוך. דאָס געזינט פעררוסט, און האָט זיבען הונדערט רובעלעס אַ יאָהר געהאַלט".

פון דעם גאַנצען טאָן מוזטו ענדליך פיהלען, דאָס דער הויפט־מאָטיוו פון דעם ווידערווילען זענען די זיבען הונדערט רובעלעס אַ יאָהר געהאַלט...

ניִשט אין גאַנצען אומגערעכט איז אויך די ערקלערונג פון שמ"ר'ן, וועלכער שרייבט: צו דעם פראָסטען סאָרט גיהערין אַלע אַרבייטער, ווי צום ביי שפיעל: שניידער, שוסטער, סטאָלער א. ז. וו. מיר קאָנען ניט אַבלייקענען דאָס די קלאַסע איז טאַקי ווייער אַ פראָסטע, דען וועלכער מענטש ווערט ביי אונז יודען אַ בעל־מלאכה, אַ יונגעל וואָס האָט קיין פעהיגקייט צום לערנען, אָדער אַ שאַרלאַטאַן. די יודישע עלטערען ווילען דאָך זייערע קינדער נאָר פאַר רבנים מאַכען. דער ערשטער וואונש וואָס מע'גיט די עלטערען בשעת דאָס קינד ווערט געבאָרען איז, ער זאָל זיין אַ למדן, אַ רב, אַ צדיק. נור דאַן אַלס די עלטערין זעהן דאַס זייער קינד קאָן בשום אופן קיין תנא און קיין רב ניט זיין. דען ער האָט אין זיך ווילדע זיטען און אַ גראָבע קאָפּ, דאַן גיבין זיי איהם פאַר איין בעל מלאכה אַב, דאַרום גיפינען מיר צווישען די בעלי־מלאָכות זייער האַראקטערלאָזע מענטשין, ווי צום ביי שפיעל מוסרים, גנבים, און די אָרענטליכע בעלי־מלאכות זיינען פראָסטי זעלטין גיפינען מיר

געהלאָפען דער בעל־הבית׳טע אין בעלי־בתישקייט, געבאַפט פעטש, מכות־רצח און קלעפּ, ווי האָלץ, און געלערנט די מלאכה מכות.

„דער בעל מלאכה איז דעריבער געווען אַ פאַרטאַטש, אַ פערביטער־טער, אומגליקליכער מענש און פאַר צרות ליב געהאַט דעם טרונק".

אָט דאָס איז דאָס שרעקענס־בילד פונ׳ם לעבען פונ׳ם יודישען בעל־מלאכה, ווי „מענדלי־מוכר־ספרים" האָט דאָס אונז איבערגעגעבען.

און דאָס איז גאָר נישט איבערגעטריבען, דאָס זעלבע געפינען מיר שטריכען־וויז, שטריכען־וויז אויך ביי אַנדערע יודישע שרייבער פון יענער צייט אָבער קיינער האָט עס אונז אַזוי גאַנץ, אַזוי לעבעדיג און אַזוי מיט האַרץ און בלוט נישט איבערגעגעבען, ווי מענדלי. מיר וועלען זיך דאָך נאָך אָבשטעלען אויף איינינע פּרטים פון דעם אויבערשטען בילד און ברענגען דערצו נאָך עטליכע ביישפּילען פון אַנדערע ערטער און אַנדערע יודישע שריפטשטעלער, בעזונדערס, ווען זיי גיבען אונז מוסטערן פון דער לעבעדיגער פאָלקס־שפּראַך.

טוביה דער מילכיגער זאָגט: „אין אונזער משפחה זענען דאָ מלמדים, חזנים, שמשים, קברות־יודען און גלאַט אַזוי אָרימע־לייט, אָבער נישט, חלילה, קיין שניידערס און נישט קיין שוסטערס" 1).

„דאָדי דער מוכסן, דער עם הארץ, פלעגט זיך שעמען, וואָס ער האָט „אַ שניידער אַ פאלגע" פאַר אַ קרוב" 2).

אויך זלאַטע־בתיה די אלמנה זאָגט: „מען קומט נישט אָרוים. ברוך־השם, נישט פון קיין שניידערס און נישט פון קיין שוסטערס, היינט ווי געשיקט זיך עפּעס, אַז אונזער בת־יחידה זאָל געהן צו דער חופּה נישט מיט קיין זיידען קלייד?" 3) און די מוטער פון מאָטיל דעם־חזנ׳ס זאָגט:

„די וועלט וועט נישט דערלאָזען, אַז פּייסי דעם חזנ׳ס יונגעל זאָל זיין אַ כלי־זמר, נישט קיין כלי־זמר און נישט קיין בעל־מלאָכה. פּייסי דער חזן האָט נישט פּאַרדיענט, אַז זיין זוהן זאָל זיין אַ בעל־מלאכה" 4).

„דאָס קליינע מענשעלע" דערצעהלט אונז, ווי זיין מוטער, די אלמנה האָט געלעבט אין דחקות און נויט און נישט געהאַט פּשוט מיט וואָס אַ טאָג איבערצוקומען, און דאָך, ווען די שכנ׳טעס האָבען זי געראַטען אין דער שרעקליך־מאוים׳דיגער לאַגע אָבצוגעבען דאָס יונגעל צו

---

זעלבע אַרבייטער וועלכע האָבין אין זיך בילדונג און שיינע זיטען". („דער פרומער מערדער" ז. 80).

1) שלום־עליכם VII ז. 71 פערלאַג „פראָגרעס"

2) שלום־עליכם ב. XIII — ז. 10

3) שלום־עליכם ב. IX — „יאָסעלע סאָלאָוויי" ז. 191 זעה אויך ש"ע ב. VII — ז. 40: „ער איז", חלילה, נישט פון קיין שניידערס, נישט פון קיין שוסטערס".

4) ש"ע ב. V ז. 53.

אַ בעל־מלאכה, פלעגט זי פּערוואַרפען מיט'ן קאָפּ און דערבײַ רעדען מיט האַרץ:

— די כפרה בעסער זאָל ער ווערען, איידער אָבצוגעבען איהם צו אַ בעל־מלאכה, צו פערשוואַרצען מיר דאָס פּנים און דאָס פּנים פון זיין טאַטען עליו השלום אין קבר... ער, דער טאַטע זיינער, וועט דאָך דאָרט נישט קענען רוהיג ליגען אין קבר. ס'טייטש, רב טעביל דעם מלמד'ס זוהן זאָל זיין אַ בעל־מלאכה, איינגעקויפט אין דער חברה פּ"ך!... [1]

נאָך מעהר: „אַ שניידער מעג זיך מענשלען צוואַנציג יאָהר כסדר, אויספּיינען זיך אויף'ן שענסטען אופן, וועט ער ביי אונז אין מאַזעפּעווקע בלייבען שניידער, נישטאָ נאָר אַזאַ זיין אויף דער וועלט. וואָס זאָל קאָנען אָבוואַשען ביי אונז דעם דאָזיגען פלעק" [2]

און וואָס איז דער וואונדער, דאָס אַנדערע האָבען זיך געשעמט מיט אַ בעל מלאכה, ווען אַ טאַטע אַ שניידער, אַז ער שרייט איבער זיין יונגעל, וואָס „בעגעהרט נישט צו לערנען" זאָגט ער „וואָס וועט זיין פון דיר? אַ בור, אַ שניידערוק, ווי איך?" [3] און שלום עליכם ערצעהלט אונז אַלס קוריאָז. אַז סטעמפּעניו שעמט זיך ניט דערמיט, וואָס ער שטאַמט פון צעהן דורות כלי־זמרים „ווי ביי יודען, צווישען אונז רעדענדיג, שעמט זיך דער בעל־מלאכה מיט זיין גראַד" [4].

---

[1]) מנדלי מו"ס ב. VI ז. 17, 18.

פּ"ך איז ראשי־תיבות „פּועלי־צדק", אַזוי האָבען זיך גערופען די בעלי־מלאכה'שע חברות, אויף'ן פּסוק „הולך תמים ופועל צדק (תהלים טו־ב.), אין די גרויסע שטעדט ועגען אָבער געווען חברות פון יעדער מין בעלי־מלאכות בעזונדער זעה די רוסיש־יודישע ענציקלאָפּעדיע ב. XIII־ז. 434: „חברה קדושה פלאטקימכיר ובענדערמכיר וקרעמיר", „ההבורא קדושה דפעטליצער ושמוקלער". היינט ועגען נאָר פערבליבען מעהרסטענס חברות „זבחי־צדק" (פון קצבים. אויף'ן פּסוק: ותהלים ד'־ו') און „חברות חייטים" אָקסענפעלד. „דאָס שטערינטיכעל" ז. 4.

זעה אויך פּרץ'ס „בעל־עגלה" (ב. X) דאָס די בעלי־עגלות האָבען געהאַט זייער'ס אַ שולכעל, אויך ש"ע ב. XIII־ז. 4 וועגען אַ שניידערשען שולכעל.

[2]) שלום־עליכם ב. VI ז׳ 214.

[3]) פּרץ ב. VIII „אַלט און ניי" ז. 247 אויך א. מ. דיק שרייבט „מען שעמט זיך מיט אַ מלאכה ווי אויך מען נידריג איז" („מאַטקע און הערשקע" ווילנא תרל"ג ז. 24).

[4]) „סטעמפּעניו" וואַרשאַ 1913. ז. 7.

איך געפין פאַר נישט איבריג צו געבען דאָ אַ ציטאַט פון פּרץ'ן (בילדער און סקיצען (וואַרשאַ—נויאָרק) ז. 190).

„אַז עס מאַכט זיך אַזאַ „בן" (א לא יצלה, א שלים־מזל) ביי טאַטע—מאַמע, גיט מען די סחורה אַוועק צו אַ בעל־מלאכה, איבער אַ פרעמד קינד וויל קיינער נישט שאַלטען, ווער וויל אַזוינס אויף זיך נעמען?

דער בעל־מלאָכה דער יודישער האָט זיין פאַך גרינדליך נישט דערלערנט, געבליבען כל ימיו אַ פּאַרטאַטש, נישט בלויז, ווייל דאָס לערנען די מלאָכה איז פאָרגעקומען אין אַ זעלכע שרעקליכע בעדינגונגען פון נויט, מכות־רצח, זייענדיג הפקר צו דער בעל־הבית'טע, לעהר־יונגען און דאָס גלייכען [1], נאָר ווייל ער האָט קיינמאָל נישט געוואָלט בלייבען ביי זיין מלאָכה, ער האָט שטענדיג נאָר אויסגעקוקט, צי עס מאַכט זיך נישט עפּעס אַ געלעגענהייט צו ווערען מיט לייטען גלייך. אַפילו לייזער דער שניידער, וואָס „מענדעלע" זאָגט אויף איהם עדות, דאָס ער איז געווען „מיט אַלע שניידערשע פּאָסטעמקעס, אַפּאַלגע מיט די ביינער", שווערט זיך אויך „ווי דער שטייגער פון אַלע יודישע בעלי־מלאָכות": „איך זאָל אַזוי, רבונו־ש׳־עולם, פּטור ווערען פון מיין מלאָכה און נישט בעדאַרפען זיין קיין שניידער" [2]. אויך אייזיק מאיר דיק פערצעהלט אונז. אַז ווען אַ יודישער האַנדווערקער ווערט רייך, פערוואַרפט ער גלייך זיין פּראָפעסיע. און אַ מעשה ברענגט ער פון אַ יודישען „טקאַץ" (וועבער), וואָס האָט געוואונען אויף דער לאָטעריע [3] זאָגט ער: „גאָט זיי דאַנק, דאָס איך בין לויז געוואָרען פון מיינער פערפלוכטער אַרבייט" און נעהמט און פערקויפט גלייך דעם וואַרשטאַט הכל כאשר לכל [4].

איך האָב געהערט אַן'אינטערעסאַנטען און כאַראַקטעריסטישען אַנעקדאָט פון ר' זלמן פויזנער [5]. ווען ער איז אַרויסגעגאַנגען זעהען, ווי די יודען וועלכע ער האָט קאָלאָניזירט אין זיין דאָרף „קאָבאַר" (ביי פּלאָנסק) אַקערן ס'ערשטע מאָל, האָט ער געזאָגט צו די אַרומשטעהענדיגע:

„ווייסט איהר וואָס ס'האָבען אין זינען די דאָזיגע יודען אַקערענדיג, און וואָס ס'האָבען אין זינען אָט די פּויערים, וואָס אַקערן אָט דאָרטען? יענע האָבען אין זינען: רבונו־של־עולם, שיק אונז רעגען אין דער צייט, זון אין דער צייט, דאָס מיר זאָלען האָבען ברכה אין אונזער אַרבייט. דער יוד דאָ האָבען אָבר אין זינען: ווען גאָט גיט אָזוי, איך זאָל דאָ

דער פאָטער איז געוועזען אַ יוד אַ למדן... געשטאָרבען ווי אַ צדיק... נו גייה, גיב זיינס אַ קינד צו אַ בעל־מלאכה! ווער וועט אויף זיך נעמען אַזאַ פער־ענטפער פאַר אַ שוכן־עפר?"

1) זעה בעזונדערס מענדעלי מו"ס ב. VI ז. 30 און ווייטער בפרטות.

2) מענדעלי מוכר ספרים VI ז. 33.

3) זעה פּריץ ב. II ז. 26 ווי אַ יוד בעט, גאָט זאָל איהם העלפען, ער זאָל געווינען אויף דער לאָטעריע, „דען פון סוחר'עריי נתעשר צו ווערען, איז שלא כדרך הטבע", היינט ווי נאָך פון מלאכה...

4) „דער בן יחיד" מאת אמ"ד ווילנאָ תרל"ה ז. 36.

5) וועגען איהם האָב איך געשריבען אין נח פּרילוצקים זאַמעלביכער פאַר פאָלקלאָר ב. II ז. 210—212 און אין „המזרחי" תרע"ט.

אויפ׳אָקערן אַנ׳אוצר, וואָלט איך מיט איינמאָל פּטור געוואָרען פון צו זיין אַ פּויער!״

און דערוויל „ביז גאָט וועט העלפען״, אום צו פערטרייבען דעם אומעט, צו פערגעסען די שרעקליכע געגענוואַרט, פלעגט זיך דער יודישער בעל־מלאָכה כאַפּען צום טרונק. „די מלאָכה האָט ליב דעם טרונק״—איז געוואָרען אַנ׳אַקסיאָמע 1), און די פאָלקס־שפּריכווערטער זאָגען: „די מלאָכה האָט ליב אַ כוס׳ע. אי דאָס אַ גרויסע״ „די מלאכה האָט ליב צו מאַכען אַ ברכה״ 2).

דער אומעט האָט דאָך נישט אין גאַנצען גובר געוועזען דעם יודישען בעל־מלאָכה. „ווי אָרים, פערהומערט דעם בעל־מלאכה׳ס דירה האָט נישט אויסגעזעהען פון דרויסען, אַזוי לעבעדיג־פרעהליך איז דאָרט צייטענווייז געווען פון די פּועלים בשעת דער אַרבייט״ 3).

„ביי דער אַרבייט פלעגען די שניידער־יונגען זינגען אַ „כל־נדרי״, אַ „מלך־עליון״, טשאַקענדיג, לעבעדיג, נאָכמאַכען אַ בדחן, ווי ער בעזינגט אַ כּלה א. ד. ג. אויסערדעם זינגט מען נאָך „לידלעך״ אָפּט פון אייגענער מלאָכה אויף כל־המיני געשעהענישען פון שטאָדט״ 4).

מיט׳ן זינגען האָבען זיך בעזונדערס אויסגעצייכענט, ווי ס׳איז צו זעהען פונ׳ם אויבערשטען ציטאַט, די שניידער־יונגען 5), אָבער אויך די שוסטער־יונגען פלעגען נישט אָבשטעהן און אויך ביי זיי פלעגט געהן „עד לב השמים דאָס קלאַפּען, דאָס זינגען״ 6).

די בעל־מלאָכות זענען בכלל געוועזען געוואַלדיגע ליבהאָבער פון נגינה און נאַשערס אויף אַ חזן. די וועלט פרעגט אַ קשיא: אין דער תּורה געפינען זיך כל־ערליי מחלוקות׳ן איבער מן, איבער וואַסער און נאָך און נאָך, פאַר וואָס־זשע געפינט מען נישט אַ מחלוקה איבער אַ חזן? (דען די מחלוקות איבער אַ חזן־שוחט פלעגט זיין פון די גאָר אָפטע ערשיינונגען אין די יודישע שטעדטלעך).

---

¹) א. בערנשטיין, אויך מענדעלי מו״ס ב. VI ז. 29. זעה א. מ. דיק „נטע גנב״ ז. 19; ,בפרט איז עס צו זעהן בעלי־מלאכות. וואָס פערברענגען זייער געלט און זייער צייט אין די שיינקען און ווערען מיט דער צייט שכּורים״ זעה אויך „דאָס משלחת״ פון עלי—קצין—הצחקיאולי אָדעססאָ תרל״ה. די ערצעהלונג „די וויבּאָרעס״.

²) דאָס הייסט דעם „שהכל״ איבערן בראָנפען. א. בערנשטיין.

³) ⁴) זעה באריכות מענדעלי מו״ס ב. II ז. ז. 31, 32 און ב. VI ז. ז. 87־88.

⁵) זעה אויך פרין ב. II ז. 153: „אַ שניידער זינגט אַ לידעל... און דאָרט ז. 162: „וועלכער שניידער קאָן נישט זינגען?״ און אויך שמעון אליה דער שניידער האַלט זיך גרויס, בכן „ער איז גבאי און שולכען און ... אַ יודע נגן (שלום עליכם ב. XIII־ז, 10.

⁶) פרין ב. II ז, 266.

טייל האָבען אַנ'אַנדערן נוסח אין דער קשיא:

ביים מן אין דער מדבר געפינט מען, אַז מען האָט אין איהם געפיהלט אַלע טעמים. פאַר וואָס שטעהט נישט, דאָס מען האָט געפיהלט אויך אַ טעם פון אַ חזן?

און מען ענטפערט אַזוי: ווער ברויך דען אַ חזן—איז דאָך נאָר שניידערס און שוסטערס. ביי יודען אין דער מדבר שטעהט דאָך אָבער: „שמלתך לא בלתה מעליך ורגלך לא בצקה", האָט מען דאָך אויף אַזאַ אופן דאָרט נישט בעדאַרפט און נישט געהאַט נישט קיין שניידערס און נישט קיין שוסטערס, האָט מען דאָך ממילא אויך קיין חזן נישט געברויכט.

ביים פאָלק האָבען זיך דאָך געפונען אַ פּאָר וואַרעמע ווערטער פאַר דער מלאָכה. „אַ מלאכה איז אַ מלוכה" זאָגט דאָס פאָלק [1], „אַ בעל-מלאָכה שטאַרבט נישט פאַר הונגער", „אַ מלאָכה איז אַ פּאַנצער פאַר דעם דלות" [2], דען כאָטש אָרים איז געוועזען די מאָלצייט פונ'ם יודישען בעל-מלאָכה, פאַר דעם אויסגעהונגערטען קאַבצאַנסקער יוד איז אָבער אויך דאָס געוועזען מעדני-מלך. און ביי דעם שרעקליכען דלות אין דער יודישער גאַס, האָט שוין דעם בעל-מלאָכה'ס פערזיכערטע אָרימע „קאַרטאָפעל מיט נישט" [3] אויך געהאַט אַ געוויסען ווערט.

מענדעלע מוכר ספרים גיט אונז איבער אַ שענע, קינסטלעריש געמאָלטע סצענקע פון דער אָרימער, אָבער פרעהליכער בעל-מלאָכה'שער סעודה: „די יונגען אַרבייטען און זינגען, און דאָ גיט די בעל-הבית'טע, די שניידערקע, אַ שטעל אַנידער אויפ'ן טיש אַ גרויסע פולע שיסעל אָבגעקאָכטע קאַרטאָפעל, הייסע, זידיגע מיט דער שאָלעכטס, און מען מעג געהן אָנקוקען אויף בילעטען, מיט וואָס פאַר אַ גיבקייט די קאַרטאָפעל ווערען אָבגעשיילט, אין מויל אַריינגעכאַפּט און אַראָבגעשלונגען. מייסטערהאַפט! אַזעלכע בריה'ס אויף קאַרטאָפעל-עסען, ווי שניידער-יונגען וכדומה זענען, איז שווער אויף דער וועלט צו געפינען. זיי האָבען דרינגען זיך אויסגעאַרבייט. בעקומען אַ ידיעה, ווייל דאָס, קאַרטאָפעל הייסט עס, איז זייער שפּייז, מ'שטיינסגעזאָגט טאָג-טעגליך" [4].

אום דער לעזער זאָל שוין האָבען דאָס בילד פונ'ם יודישען בעל-

---

[1]) [2]) א. בערנשטיין. זעה, ווי ער צייכענט-אָן עהנליכע שטעלען פון תלמוד.

[3]) „קאַרטאָפעל מיט נישט" רופט מען אין ליטא אומגעשמאַלצענע קאַרטאָפעל.

[4]) מענדעלי מוכר ספרים. ב. II ז. 87.

מלאכה'ס לעבען פאָלקאָם, וועל איך געבען נאָך איין בעשרייבונג פון אייזיק מאיר דיק [1], ביי איהם דערצעהלט איונגעל:

„איך וואַר ביי דעם ישראל בולקע אַגאַנצען יאָר, און האָב איך אים די מלאכה גאַנץ ווייניג גילערענט, איך וואַר נאָר אַלץ אומגעשיקט, דאָס נאָך „הוצאות" (דאָס הייסט איין צו קויפען פאָדעם, נאָדלען, קנעפלעך, קלייאָנקע, שנירלעך, העקלעך און שפּראַנצקעס.) דאָס וואַרע־מען דעם אייזען, דאָס אונטער טראָגען די באַלעבאָסטע דעם לאַבען ברויט, מעל, קרוצקע פון גאַס, און דאָס ברענגען פאַר צוויי גראָסען הערינג, פּוטער, און איינגעזייערטע אוגערקעס פאַר דעם מיטאַרבייטער און זייער אָפט אויך צו צוהאַלטען דאָס קינד, אַראָפּטראָגין די פּאָמוניצע און דאָס גלייכען, געפיהרט האָט מען מיך באָרוועס און נאַקעט. גיגעסין האָב איך קדחת, גישלאָפין האָב איך אויף הוילען, און בין דאָרט אוים־גישטאַנען קעלט, צאַד, היץ, און זייער אָפט פלעגט מען מיר אויסמעסטין די פּלייצעס מיט דעם איל, אַפילו די וואָס האָבען גאָר ניט גיקאָנט מעסטען. זעלבסט די דינסטמאָד האָט גיהאַט די שליטה איבער מיינע ביינער, מיין פּרינצעפּאַל וואַר, ווי צו זאָגען, חוץ זיינע קענטניסע אין דער שניידערייַ איין הילצערנער מענטש, מיט העכסט רויהע געפיהלע, עס וואַר דאָרט קיין גידאַנקען פון ריינליבקייט, פון אָרדנונג, עס וואַרען ביי אים דריי געהילפע (טאָוואַרעסצע) וואָס האָבען זיך אויך גישטעלט דינען ביי אים אויף זעקס יאָר, און וואָס האָבען שוין פיל פערשטאַנען פון אַרבייט, און דיזע וואַרען פון אים נאָך שלימער בעהאַנ־דעלט געוואָרין אַלס איך. דען זיי האָבען גימוזט זיצען ביי דער אַרבייט ביז צוועלף ביי נאַכט, און וואַרען גיוועקט אַרום פינפען פאַרטאָג, און מאַנכע מאָל דורך גיבראָ־כען די ביינער, און קדחת גיגעבען עסין.

דער פּרינצעפּאַל מיינער, פלעגט די וואָכעדיגע פאַרברייניגען אַ מאָל אין צעך. און אַ מאָל אין זייער שולכעל (שניידערשע שול) (דען דאָרט האָט יעדע אַרט מלאכה איינע בעזונדערע שולכעל) [2] און פלעגט צו קומען פון דיזע ביידע ערטער זייער אָפט העכסט שיכור, און דאַן פלעגט

---

[1]) „דער פאָרטעפּיאַניסט" מאת אמ"ד ווילנאָ, תרל"ח ז. ז. 35—38.

[2]) ז. 37 שרייבט דיק איבער דעם דאָזיגען מנהג פון די בעלי־מלאָכות צו האָבען אייגענע שולעכלעך, פאָלגענדעס:

„דיזע פרימע שיטה שאַדעט פיל מער אַלס זי נוצט. ערסטענס איז פיל בלייבער, דאָס דער האַנדווערקער זאָל זיינע שבתים און ימים־טובים פערברייניגען אונטער פיל איידעלע לייט, אַלס זייא זיינען, ווי דער פסוק זאָגט: הולך את חכמים יחכם". צווייטענס איזט עס פערבונדען מיט גרויסע קאָסטען און דער צו נאָך מיט

עָס צוּ גיין ווי אונזער אַלטער אידעשער שפּריכוואָרט זאָגט: „איבער־שכם און איבער יאָזעף" עָס פלעגט אים ניט גיפעלען די וועטצערע, פלעגט עָס פערשמייסען צום באָדען (צו דער ערד) און דאַן פלעגט ער לויז צו גיין מיט שטאָק און אייל איבער דער פרוי'ס רוקען.

און אַלס ער וואַר גוטער דינגע (דאָס הייסט פריינדליך) וואַר אימער געזונגען ביי דעם טיש „כל נדרי", די עבודה, די הקפות, און דאָס גלייכען. און בינו לבינו וואַר איבער גיחאַזערט דאָס וואָרט „אַרוח אין דיין טאַטען"! גאָר אָן אויף הערונג. אַ מאָל צו דער ווייב, אַ מאָל צו די מיטאַרבייטער. צו מיר אָבער וואַר עָס שוין דער געוואוינליכער אָנפאַנגס רייד, „הער וויגדערקע, אין דיין טאַטען אַריין, גיי נאָך הוצאות", און דאָס גלייכען, קורץ דערפון, מיינע ליבען, די יודעשע האַנדווערקער וואַרען דאַן איינע גאַנץ גידריגע קלאַסע, און צוא גלייך איינע העכסט אָרעמע קלאַסע, די אורזאַך דערפון איז נעגוג העל און דייטלעך פאַר יעדען דאָרט וואיינענדען וואָס נאָר אויגען האָט אין קאָפּ צו בעטראַכטען עָס און צו אורטהיילען דאַריבער מיט איינעם געזונטען מענטשען פערשטאַנד".

אויף אַ צווייט אָרט 1) שרייבט דיק ווייטער:

„דאָרט (אין ווילנאָ) איז די מאָדע, דאָס יעדער בעל־מלאכה האָט איין אַנדערען צונעמענס, וואָס בעדייטעט, ענטפער אויף איינעם גייסטיגען פעהלער, אָדער אויף איינעם קערפערליכען פעהלער. אַזוי האָט דאַן איינער גיהייסען „מאָשקע קאַרנאַץ" (ווייל ער וואַר אנידריגער) איין אַנדערער האָט גיהייסען „יודקע דרייצענהאַר" (ווייל ער האָט ניהאַט איין שיטערע באָרד), איין דריטער האָט גיהייסען „גראַף ביזען דעק" (ווייל ער פלעגט אוים צו טרינקען אַ גלאָז שנאַפּס ביזען דעק), און אַזוי אויך האָט מיין באַלעבאָס גיהייסען „ישראלקע בולקע", מהסתם אויך ניט אום איינע עהרע צו מאַכען אים דער מיט, און אַזוי בכלל וואַרען דאָרט די שניידער גירופען מיט דעם שימפּף (פאַסקודנעס) נאָמען „האַלעוועסקע", 2) אַזוי ווייט וואַר דאַן פעראַכטעט אַ „בעל־מלאכה".

אַקסענפעלד ברענגט, אַז „דער עולם זאָגט: ניט די מלאכה איז מבוזה דעם מענשען, ניין, דער מענש איז מבוזה די מלאכה" 3) ביי

---

גרויסע צייט פערלוסט, און פראָסט גיזאָגט, מיט פיאַנסטווא, לבד, וואָס עָס שאַדעט לעניני הכלל. וואָס ניט דאָ איז דער אָרט צו ריידען.

1) דאָרט ז. 35.

2) זעה אויך דאָרט ז. 39. ווי אַ יונגעל וואָס מ'האָט אים אַ וועקגעגעבען צו אַ שניידער זאָגט: „איך האָב מיך געשעמט דאָרט צו ווייזען פאַר זייא אַלס קליינער „האַלעוועסקע".

3) „דאָס שטערנטיכעל ז. 38.

לינעצקין האָבען מיר נאָך אַ שטריך וועגען דעם בעל־מלאָכהשען לעבען: ער ברענגט אַזוא מליצה:

„אַזוי ווי אַ שניידערשער צעך גייט זיך ניט אוים איין טאָג אָן משפטים, אַזוי גייט זיך ניט אוים אַ חסידיש קלייזעל איין טאָג אָן תיקון" 1).

## II

# שוסטערס.

מלאָכות פערשיעדענע זענען געווען אין דער יודישער גאַס. ביי מענדעלע מוכר ספרים אין דער „טאַקסע" האָבען מיר אַ גאַנצע „באַליאסטרע" בעלי־מלאָכות: אַ באָנדער, אַסטאָליאַר, אַ מולער, אַ קירזנער, אַ גאָלדשמיד. די שוסטערס און נאָך מעהר—די שניידערס.

געוועזען אויך שמידען 2) בעקערס 3) און וואַטענמאַכערס 4). פון די דאָזיגע מלאָכות, ווי פון אַ סך אַנדערע, האָט די פאָלקסשפראַך גאַנץ ווייניג גענומען און ווייניג מיט זיי זיך פעראינטערעסירט. אין דער שפראַך זענען הויפטזעכליך פערטרעטען נאָר שניידערס, פורמאַנעס און כלי־זמרים.

עס איז אַגרוים וואונדער, וואָס אין דער שפראַך פערנעהמט נישט דער שוסטער און זיין מלאָכה אַנ'אָנגעזעהען אָרט, ווי עס וואָלט איהם בעדאַרפט על פי יושר קומען, אַלס דעם צווייטען אין דער מדרגה נאָך שניידער: ווי דער פּאָליאַק, למשל, האָט ביידע צוזאַמענגעשפּאַנט אין דעם שפריכוואָרט: „קראַווצי אי שעווצי ניע ליודזי".

---

1) „דאַס פּוילישע יונגעל" (אַדעססאַ, תרמ"ה) ז. 14.

2) אַ שטייגער „אייזיק־שמיד" ביי מענדעלי מו"ס ב. II ז. 84 אין דעם ביכעל „דער מיליאָנער (געדרוקט און ווילנא תרכ"ט. שיינט פון אייזיק מאיר דיק) ז. 39 ווערט געבראַכט: „ווי דער שפּריכוואַרט זאָגט: „שמיד דעם אייזען בשעת ער איז נאָך הייס". דאָס איז אַ בעקאַנט רוסיש שפריכוואָרט. אויף יודיש האָב איך איהם נאָך ניט געהערט. אויף ארמיש זאָגט מען: „נגיד פרזלא כד רתה". אָדער: „אדמוקדך יקיד, זיל קוץ קרדוצלי" סנהדרין ל"ג:

3) חבר'ן זיך מיט אַ בעקער־יונג און אַ טויבען־כאַפּער—איז געשטאַנען אויף איין מדרגה. זעה פרק „פאָלקסט־געשיכטען" ז. 177.

4) עס איז בעקאַנט די הוזק'דיקע יודישע קללה: „כאַפּט איהם דער וואַטעמאַכער". א. בערנשטיין. מענדעלי מו"ס ב. V ז. 59 און נאָך, ב. XI ז. 139 איז אָבער דער נוסח: „וואַטעל־מאַכער".

ביי די פּאָליאַקען איז דער שוסטער דער ראש וראשון פון אַלע בעלי־מלאָכות; אויף זיין נאָמען ווערט בכלל אָנגערופען די מלאָכה [1].

ביי יודען האָט דער שניידער שטאַרק איבערגעשטיגען דעם שוסטער. זווערטלעך און רעדענסאַרטען „שוסטערשע" זענען דאָ גאַנץ ווייניג, דאָך זענען זיי אינטערעסאַנט און מיר ווילען זיי בעטראַכטען:

צו דער שוסטער־גאַס איז די מאָדע אָנגעקומען צום סאַמע לעצטען, זיי האָבען אַ זאַך זיך דערלערנט אַמשפּעטסטענס. אַ זאַך, וואָס איז שוין אָנגעקומען אין דער שוסטער־גאַס האָט שוין קיין שום חשיבות און ווערט נישט געהאַט: „עס שפּאַרט שוין אָן אין דער שוסטער־גאַס"—זאָגט דאָס פאָלק אויף אַ גאַנץ געוויינליכע זאַך [2].

אַ יונגעל, וואָס וויל נישט לערנען, דראָהט מען איהם, זאָגענדיג: „אַז מען איז אַ שייגעץ, גיט מען אָב פּאַר אַ שוסטער" [3].

אַז איינער וויל זאָגען, דאָס ער איז אויך נישט אַבי ווער, זאָגט ער: „איך בין אויך נישט קיין שוסטער" [4]. אויף אַ קלוגען מענש, וואָס זעהט גאַנץ געמיין אויס, ווי אויך אויף איינעם, וואָס זאָגט נאָר סברות פון אויסענווייניג, און אַז ס'קומט דערצו יכול'ט ער נישט, זאָגט מען: „אַ קאָפּ ווי אַ מיניסטער, הענד ווי אַ שוסטער" [5].

אין אַ פאָלקס־„שושנת־יעקב" זינגט מען אויף המנ'ען:

„פריהער איז ער געווען אַ רייכער מיניסטער יעצט איז ער געוואָרען אַנ'אָרימער שוסטער".

ווען איינער שפּילט אויף אַנ'אינסטרומענט, אָדער אין קאָרטען שלימזל'דיג, זאָגט מען, ווי אין פּוילישען: „ער שפּילט ווי אַ שוסטער" [6].

מען פערצעהלט אַ שענעם אַנעקדאָט: קיין יאַלטאַ איז אַמאָל אין די צייטען פון בערימטען דומבאַדזע געקומען אַ יודישע טרופּע. זי בעקומט אָבער גלייך אַ בעפעהל צו פערלאָזען די שטאָדט אין פערלויף פון פיער־און־צוואַנציג שעה. דער אונטערנעהמער לויפט נעביך אַ פערבייטערטער אַוועק צום נאַטשאַלניק. יענער דערקלערט איהם אָבער, אַז וואוינרעכט האָבען נאָר יודישע בעלי־מלאָכות, אָבער נישט קיין אַרטיסטען.

---

[1]) פערגלייך די ווערטער „רזשעמיעשניק" און „רזשעמיען". זעה ביי אַנטאָני קראַסנאָוואָלסקי Przenośnie mowy potocznej II·19.

[2]) א. בערנשטיין. שוין אין די גמרא־צייטען האָבען שוסטער געהאַט בעזונדערע גאַסען. וואָס האָבען געהייסען „שוקא־דגלדאי" חולין מ"ח: בבא־מציעא נ"ד:

[3]) [4]) [5]) א. בערנשטיין.

[6]) שלום עליכם ב. X ז. 203.

—דאָס זענען דען עפּיס אַרטיסטען ?—דאָס נענען דאָך שוסטערס !
—שרייט אוים מיט האַרץ דער יוד. —

מ'זאָגט בתורת ווערטיל, דאָס די וועלט שטעהט אויף אַ שוסטער-בענקיל. דען אַ שוסטער-בענקיל האָט דאָך דריי פיס און על שלשה דברים העולם עומד (אבות).

דאָס בעקאַנטע ווערטיל: „אַנ'אָל אין זאַק קאָן מען נישט בעהאַלטען" איז גוט פערווידישט געוואָרען: „אַנ'אָל אין זאַק קאָן נישט בלייבען פער-באָרגען. דער שפּיץ קימט אַרוים היינט אָדער מאָרגען" 1). עס איז דאָ נאָך אַ שען שפּריכוואָרט: „צווישען אַלע שוסטערס, איז דער בעסטער שניידער יוסל דער סטאָליאַר" 2).

די רעדענסאַרט „סאַם סאַפּאָזשניק" 3) האָט קיין שייכות נישט צו שוסטעריי, נאָר ס'שטאַמט פון אַנ'אַנעקדאָט: אַ זעלנער האָט געבּרענגט פערקויפען גנבה'שע תפלין. אַז מ'פרעגט איהם פון וואַנען זיי קומען צו איהם, ענטווערט ער: „יאַ סאַם סאַפּאָזשניק", דען ער מיינט, אַז מסתמא ווערען זיי געמאַכט דורך אַ שוסטער.

היינט ווערט די רעדענסאַרט בענוצט, ווען איינער שטעלט זיך אין פאַסאָן, דאָס ער בּרויך נישט קיינעם, ער קאָן זיך זיין שטעדטיל אַליין בעשטעהן.

אין'ם זין פון „מיט וואָס איינער האַנדעלט—שלעפּט זיך איהם נאָך" —זאָגט מען: „דער שוסטער רעדט פון דער קאָפּעטע, דער בעקער רעדט פון דער לאָפּעטע" 4). לעווינזאָהן אין זיין „הפקר וועלט" (וואַרשא, תרס"ב ז. 39) שרייבט: „עס זענען דאָ כמה מיני חסידים, גאָר גוזמאות, ווי ביי אַ שוסטער קאָפּיטים".

# III

# בעקערס.

איבער בעקערס זענען אויך דאָ איניגע שפּריכווערטער. ווען איינער עסט צופיל, פערענטפערט ער זיך: „בעסער דעם בעקער (געלד געבען צו לייזען), ווי דעם דאָקטאָר" 5); ווען איינער איז

1) 2) 3) 4) א. בערנשטיין.

גורם־היזק דעם צווייטען, און דער לעצטער וויל זאָגען דאָס עס אַרט איהם נישט. דען דער ערשטער איז נישט אימשטאַנד איהם עפּיס ממיטות'דיג צו שאַדען. זאָגט ער: „דער הונט כאַפּט אַ ביינעל ביים בעקער, דער הונט ב־ייבט הונט, דער בעקער בלייבט בעקער" 1). ווען איינער רעדט זיך איין, אַז ער טויג צו אַ־עמען, שפּעט מען איבער איהם מיט ליצנות: „איך מיר אַ קונץ צו זיין אַ בעקער! מען נעמט אַ טייגעל און מען מאַכט אַ ביינעל" 2). אַנ'אויסטערלישע רעדענסאַרט איז דאָ אין יודיש. ווען מ'וויל זאָגען מימ גרינגשעצונג אויף איינעם, אַז ער איז שוין געשטאָרבען, זאָגט מען: „ער באַקט שוין ביינעל". בעזונדערס ווערט עס בענוצט אַלס קאַטאָוועס'דיגע קללה: „ליג אין דער ערד און באַק ביינעל" 3). אויך אויף אַ קבצן זאָגט מען: „לישני עפר—צו די, וואָס ליגען אין דער ערד און באַקען ביינעל" 4).

וואָס איז דאָס פאַר אַ לשון? איך שטעה צוזאַמען מיט „מאָטיל פייסי־דעם־חזנ'ס יונגעל" און פרעג: „ווי אַזוי קאָן מען ליגען אין דער ערד און באַקען ביינעל? און ווער וועט זיי דאָרט קויפען?" 5)

איך גלויב נישט, אַז דאָס זאָל האָבען אַ שייכות צו דעם, וואָס דער בעקער ליגט אינ'ם גרוב ביים אויוועז בשעת'ן באַקען; גיכער גלויב איך, האָט דאָס אַ בעציהונג דערצו, וואָס דער אָבל עסט ביינעל ביי דער „סעודת־הבראה".

איך מוז אָבער נאָך צוגעבען, דאָס ביי אייזיק מאיר דיק („צוויי קליי־נע קאַטע־ינסציקעס", ווילנא, תרל"ה. ז. 27) געפינט זיך אַזאַ שטעל: „די פרויען פערטרייבען זייער צייט אום ווינטער ביי פעדערן־פליקען, ביי ערצעהלונגען פון וואונדער־געשיכטען, צום ביישפּיעל פון חלומות, פון מתים, פון שדים, פון גלגולים... אַזוי וואַר ביי זיי דאָרט אינ'ם שטעדטיל זעלווע ביי ווילנאָ. מעהר אַלס געווים, דאָס אין די לעדיגע קראָמען און בראָמען, וואָס וואַרען דורכגעבּרענט דורך די קיסעניקעס 6),

---

1) 2) א. בערנשטיין.

3) שלום־עליכם ב. I ז. 239 מענדעלי מו"ס IX—105.

4) שלום־עליכם ב. VII ז. 12. זעה אויך שלום־עליכם ב. XII ז. 113; „ווען כ'בין נישט פאַר אייך געדאַכט, געלעגען אין דער ערד און געבאַקען ביינעל" ד. ה.—געוועזען אויף צרות.

5) שלום־עליכם ב. V ז. 48.

6) דאָס הייסט דורך קעשענע־גנבים, וואָס זענען דאָרט פיל געוועזען אינ'ם שטעדטעל זעלווע, אויף דעם דאָרטיגען בעריהמטען יריד, ביז זיי האָבען ענדליך פערברענט דאָס שטעדטעל. זעה דאָרט באריכות.

צו דעמדאָזיגען ענין בעציהט זיך דער צונאָמען פונ'ם שטעדטעל „זעלוועַר גנבים". זעה „נח פּרילוצקי'ס זאַמעלביכער" ב. II ז. 167, (נומער 1115). נח פּרי־

וואוינען איצונד די יעניקעס 1), און דאָס ווי די שול ווערט צוגעמאַכט זיינען שוין דאָ מתים אַלע נאַכט, אום זומער ליגען זיי ראָיעסווייז אויף דעם בית־עולם און באַקען בייגעל".

עד־כאן דיק.

איך ווייס אָבער נישט קיין פּשט: צי האָבען זיי געגלויבט, אַז די מתים ליגען זומער אויפ'ן בית־עולם און באַקען בייגעל, אָדער דער פּשט איז, דאָס די ווייבער פלעגען זומער באַקען בייגעל אויפ'ן בית־עולם, און אויף אַזאַ אופן ערקלערט זיך אונזער רעדענסאַרט ממילא גאָר פּשוט. ווער קאָן מיר דאָס ערקלערען?

אין דעם זין פון „שמיר דאָס אייזען, ווילאַנג ס'איז הייס" 2) —זאָגט מען יודיש: „באַק, ווילאַנג דער אויווען ברענט".

ווען איינער זאָגט שלעכט עברי, ווייל ער פערשטעהט שלעכט דעם פירוש המלות, און ער בעהעפט ווערטער און פסוקים, וועלכע מען ברויך אָבצושיידען איינעם פון צווייטען, זאָגט מען: „ער זעצט ווי אַ בעקער" (א. בערנשטיין.) איך גלייב, אַז דאָס איז נישט, ווייל דער בעקער זאָל זיך בעזונדערס אויסצייכנען מיט זיין עם־הארצות, נאָר ווייל ער „זעצט אין אויווען אריין", ביי שלום־עליכם'ן איז דער נוסח: „זאָגט עברי, זעצט ווי אַ באָדנער" 3).

ווען איינער איז פערנומען מיט אַנ'אַרבייט, וואָס נעהמט קיין עק נישט, דהיינו אַ בעל־הבית'טע, וואָס רוימט די שטובען און ביז דאָס לעצטע הדר ווערט געברענגט אין אָרדנונג, איז שוין דאָס ערשטע ווייטער נישט ווי געהעריג, זאָגט מען: „ער געהט דערביי אַרום ווי אַ בעדנאַר ביים פאַס", דען אַרויפזעצענדיג די רייף אויפ'ן פאַס, מוז ער געהן אַרום און אַרום אַ מענגע מאָל און קלאַפּען, ביז די רייף קומט אויפ'ן געהעריגען אָרט.

---

לוצקי האָט פון דערדאָזיגער שטעל ביי אייזיק־מאיר דיק נישט געוואוסט און ממילא אויך נישט געוואוסט די ערקלערונג. נח פּרילוצקי האָט אויך נישט געוואוסט פון די ערצעהלונגען איבער די ווידזער (אַ שטעדטיל ביי ווילנאַ) „קיסלער און בייטעל־שניידער" ביי א. מ. דיק אין זיין „לעבענסגעשיכטע פון נטע גנב" (ווילנא תרמ"ז)• זעה אין זיינע זאמעלביכער ב. I ז. 29 נומער 311: „ווידזער קיסלער".

[1]) דאָס מיינט מען די שדים.

[2]) ע. בלאָשטיין ,שפּרינצע די פּקחית" ז. 29: ער האָט זיך ערינערט דעם מאמר ההכם: „קוי זעליעזאָ, פּאָקאַ גאָריאַטשאָ".

[3]) „לכבוד יום־טוב" ז. 236. אויף פּוליש: אַ בעדנאַר. ה' שאַכטער שרייבט מיר דאָס אין זאַווערצע זאָגט מען אויך: ,ער זעצט ווי אַ אָגראָדניק".

# שמידען. טאקערס. זייגערמאכערס. א. ז. ו.

פון שמידעריי איז גענומען א אינטערעסאנטע רעדענסארט, וועלכע מיר געפינען ביי דינעזאהן („הנאהבים והנעימים" III ז. 25): „דער שוועד איז א קאלטע קוזנע, איהם האט נישט געארט"... לויט'ן ענין, זאגט מען אזוי אויף א פלעגמאטיק. ווי דינעזאהן האט מיר מינדליך ערקלערט, זאגט מען עס אויף יעדען, וואס מען ווערט שוין פון איהם קיין שום נוצען נישט קאנען האבען.

ווען איינער טיילט דעם צוווייטען שטא־ק אוים, ער מוטשעט איהם אדן אויפהער, ער זאל איהם נאכגעבען א געוויסע זאך, זאגט מען: „ער הערט איהם נישט אויף צו זעגען און פיילען" 1), „ער פיילט איהם און פידעלט איהם" 2).

פון שפינעריי זאגט מען: „גאט שיקט־צו דעם טרינקער זיין וויין און דעם שפינער זיין פלאקס" 3); זעה „סערקעלע" ז. 21: „איטליכער שענקער לויבט זיין וויין, און איטליכער שפינער זיין פלאקס". „כ'וועל שוין דערביי נישט שפינען קיין זייד" הייסט: כ'וועל שוין פון דעם קיין גרויס נחת און פערדינסט נישט האבען. א „גאלד שפינער" הייסט א גרויסער פערדינער.

פון טאקעריי איז גענומען, וואס מען זאגט אויף א גראטען ליגען: „א געטאקטער ליגען" 4). מען זאגט אויך: „א נאז ווי אבגעטאקט" 5). אונפערשטענדליך איז מיר, וואס פרץ שרייבט: „טאנצט ווי אויף א טאקעניש" 6).

געוועזען אויך „דראט־ארבייט", ווי א שטייגער „א הדס'ל פון דראט־ארבייט" 7). דערפון זאגט מען אויף יעדען פערפלאנטערטען געשעפט:

---

1) שלום־עליכם ב. XI—ז. 92. „לכבוד יום־טוב" ז. 66.

2) ש"ע „לכבוד יו"ט" ז. 294.

3) א. בערנשטיין „גאט" 68. דיק: „אלטע ליבע", תרל"ו ווילנא ז. 54.

4) מענדעלי מו"ס ב. V. „די ענטדעקונג פון וואלין" ז. 9; „טאקט־אב א נארישען ליגען", „מבול" ז. 119; שלום עליכם ב. XI ז. 174; טאקט־אב א קיילעכדיגען ליגען, ש"ע ב. XI ז. 35; „טאקען אב זאכען" מענדעלי מוכר ספרים ב. X ז. 70.

5) פרץ, ב. VIII ז. 290.

6) פרץ ב. II ז. 151.

7) מענדעלי מו"ס ב. II ז. 13. א הדס'ל הייסט א „בשמים ביקס". זעה מיין „וואונדער־אוצר פון דער יודישער שפראך" ב. I ז. 90.

„אַ גאַנצע קאָמבּינאַציע, דראָהט-אַרבּייט״ 1). ווען איינער שטעהט בּיים פּענסטער און פערשטעלט די ליכט, זאָגט מען צו איהם: „איז דען דיין טאַטע אַ גלעזער?״ ד. ה. האָט ער דיך דען געמאַכט פון גלאָז, דורכזיכטיג?

געוועזען נאָך מלאָכות, ווי אַ שטייגער זייגערמאַכערייי, די טיפּישע מלאָכה נקיה וקלה, ווען דו האָסט נישט געוואוסט קיינמאָל, צי איז עס אַ בּעל-מלאָכה, צי אַ יוד אַסוחר; בּלעכעריי, פאַרבּעריי (אַ צבוע'ק) און נאָך, אָבּער אין דער שפּראַך האָבּען מיר פון זיי קיין ירושה נישט גענומען.

ווען איינער מאַכט אַ זאַך נישט געשיקט, אַ בּעל-מלאכה, וואָס מאַכט זיין אַרבּייט נישט ווי געהעריג, בּעזונדערס אַ רופא, וואָס איז קיין אומן נישט, זאָגט מען אויף איהם מיט פעראַכטונג: „ס'איז אַ קאָוואַל!״ פאַרהאַן בּיי מאָני דלוגאַטש 2) אַ מליצה: „ער בּלאָזט פון זיך ווי אַ קאָוועליאַרסקע בּלאָזאַק״ בּיי ליניעצקי'ן איז דאָ אַטונקעלע רעדענסאַרט: „דאָס האַרץ טהוט מיר גענוג וועה אויף דיר פון רחמנות, נאָר, אויך די אייגענע מעשה, אַ מענש איז זיך נישט קיין סטאָלער״ 3) געוועזען בּיי יודען אויך קאַפּעלושניקעס ד. ה. קאַפּעלוש מאַכער'ס 4), ווען איינער פערליערט געלד און ווערט אַ אָרעמאַן, אָדער בּכלל ווערט אוים בּריה, הייסט עס ער איז געוואָרען „אוים קאַפּעליש מאַכער״ 5)

געוועזען אויך קירזנער אָדער „שטרייכער״ 6) ד. ה. וואָס פלעגען שטרייכען די פוטער פון די פאַרצייטיקע יודישע הוטלעך און שטריימלעך 7).
אַ קירזנער איז אַ גרויסער למדן, דען ער מאַכט דאָך „אַ פירוש אויפ'ן רא״ש״. און, אַז מען איז איהם שולדיג פאַר אַהיטעל, איז מען אַ בּעל-חוב איבּער ס'קאָפּ״.

---

[1]) שלום עליכם בּ. XI ז. 349.
[2]) „דער עולם התוהו'ניק״ זיטאָמיר 1875 ז. 96.
[3]) ,דאָס פוילישע יונגעל״ (תרמ״ה) ז. 35.
[4]) דאָרט ז. 20.
[5]) שלום-עליכם בּ. XI ז. 223.
[6]) דיק, „נטע גנב״ ז. 17.
[7]) דיק אינם בּיכעל „די אידעשע קליידער אומוועקסלונג״ (ווילנאָ תרל״א) ז. 16 שרייבּט: „פון אַלע האַנד ווערקער, וואָס וואַרין בּאַשעפטיגט מיט דער אַלטער אידעשער קליידונג זיינען אַמשלימסטען אַוועק גיקומען (דאָש הייסט גילימין) די קירזנער, דען עס וואַר גרויס בּעטרוג אין זייערע פוטער וואַרגענע היטעלאַך, שטריימעלאַך, קיילאַכדיגע היטיל, ראַנאָווקעס, חאַבּאַדנעצעס. זיי פלעגען עס צווא מאַכען פון ציגענע האָר און פון קעצעשע האָר און צו שטרייכען און פלעגין עס פאַרקויפין פאַר עכטע עלק אָדער שויבּיל. און דאַהער, אַלס דער אוקאַז פון אום קלייידין זיך איז גיקומען, זיינען דיזע פאַלשע סחורות גיבּליבּין גאָר אָן אַ ווערט״.

אייזיק מאיר דיק אין דעם ביכעל „דער פאָרטעפּיאַניסט“ (ווילנא תרל"ח ז. 12) רעכענט אוים נאָך מינים בעלי-מלאכות:

„שלייער-מאַכער, אָדער שלייער וועבער, לולקע-מאַכער, העקעל מאַכער, פראָסטע קרעלען מאַכער, לבד געוועהנליכע בעלי-מלאכות. און איינער דערצעהלט וועגען פאָטער, דאָס ער איז געזעסין ביי דעם וועבער שטול מיט זיינע אייגענע צוויי מיידלעך און די מוטער וואַר די פּערקוי-פּערקע, זי פלעגט צו פאָרין דערמיט אויף ירידין און אָפּט קיין ווילנא עם דאָרטין פּערקויפין אַ טהייל אויף באַרעס געלד. אַ טייל פלעגט זי איינבייטען אויף טלית-קטנ'ס, אויף ציצית, אויף קנעפּלעך א. ד. ג.“

מענדעלע מוכר ספרים פערצעהלט אָבער, אַז די שלייער פלעגען אויסאַרבייטען גוי'אישע וועבער אין דעם שטעדטיל, איטליבער אויף זיין וואַרשטאַט ביי זיך אין דער היים, און יודען זענען געווען די אָבנעהמער פון דער סחורה [1].

אינטערעסאַנט איז, דאָס אַ מלאָכה איז אָנגערופען געוואָרען — „אַ טאַלאַנט“ [2].

V

# שניידערס.

די פעלדשערס און זייערע יונגען האָבען די ערשטע זיך אָנגעהויבען צו קליידען אייראָפּעאיש, אין קורצע בגדים.

מען דערצעהלט דעריבער וועגען איינעם אַ בטלן, אַז קומענדיג צום ערשטען מאָל אין זיין לעבען אין אַ גרויסער שטאָדט און זעהענדיג אַ סך יודען, וואָס געהען אָנגעטון אין קורצען, איז ער געשטאַנען און זיך געוואונדערט: „עפּיס אַזויפיל פעלדשערס“?...

נאָך די פעלדשערס האָבען זיך דערצו גענומען די שניידער-יונגען [3].

---

[1]) ב. V ז. 101.

[2]) זעה למשל אינ'ם מעשה ביכעל „דער קאַטאָק“ פון ש. ב. (ווילנא 1913), ז. 19 און ביי נאָך פיעל אַנדרע.

[3]) זעה פרץ: „חתונה-געהאַט“ (יובילעאום-אויסגאַבע) ז. 95: „דער פעלדשער-יונג אָנגעטון ווי אַ גוי“. „אינם פּאָסט-וואַגאָן“ ז. 50: „אויסער דעם פעלדשער-יונג און אַ יונג דאַמען-שניידער'ל טראָגען אַלע כאַלאַטען“. זעה אויך „מענדעלי מוכר ספרים“; „פּריזיוו“ ז. 89; עפּיס אַ שניידעריל, אַ פראַנצוזיק'ל בין איך, האַ, מיך צו ווייזען צווישען מענשען אין איין קאַפּאָטע?“

שניידערס זוֶנען געוֶוען מעֶנער־שניידעֶרס און פרויען־שניידעֶרס. אָדער ווי זיי הייסען ביי מענדעלי מוכר־ספרים: „אַ ווייבעֶרשעֶר און אַ מאַנסקעֶר־שניידער" [1].

אַ שניידעֶר האָט בתורת צונאָמען געהייסען „אַ פאַלגע" [2], וואָס דאָס וואָרט בעטייט אייגענטליך—בין איך נישט קלוג.

אין פוילען רופט מען מיט גרינגשעֶצונג —„אַ שניידערוואַנץ"—„אַ שניידערוועֶנצעֶל".

מעֶן פלעגט אשניידעֶר רופען אויך „אַקאַשעֶ־ת—ת".

דען פערצייטענס פלעגען די שניידעֶרס אַרומגעהן אַ גאַנצע וואָך אויף די דערפער אַרבייטען און זיי האָבען זיך נישט פערגינען אַויעקצוזעֶצען אָבעסען, פלעגט איינער זיך אָנטון דעֶם טאָפּ קאַשע, וואָס איז נאָכגעהאַנגען פון הינטען. און דער צווייטער פלעגט נאָכגעהן און מ'ט'ן לעֶפעֶל אַזוי אַרויסעֶסען.

אַ שלעֶכטען שניידער רופט מען: „אַ קראַיוועֶץ לפּורים", דאָס איז אַ פּאַראָדיע אויף דעם פּורים'דיגען יוצר, וואָס הייסט „קרובץ לפּורים".

אַז מען וויל זאָגען אויף איינעֶם, דאָס עֶר קאָן זיך אַנ'עצה געֶבען און עֶר וועט נישט פערפאַלען ווערען, זאָגט מעֶן: „עֶר איז נישט קיין הינקעדיגער שניידער" [3].

ביי פרץ'ן איז דאָ אַ רעדענסאַרט: „איך ווערטיל מיך שניידעֶריש" [4].

איבער דעם, וואָס דער בעל־מלאכה האָט ליב דעם טרונק, האָבען מיר שוין געשריבען; עס איז אָבער דאָ נאָך אַ חסרון—בעזונדערס ביי

---

„אַ פראַנצוויז'ל" איז דאָסזעֶלבע וואָס ביי אונז „אַ דייטשעֶל". זעה: אייזיק מאיר דיק: „די דינסטמיידעֶל" (געדרוקט אין ווילנאָ תרכ"ה אָהן נאָמען פונ'ם מחבר) ז. 12 „מען האָט איהם דאָרט געהאַלטען פאַר אַ פראַנצוויזען, אָדער בערלינער, וואָס לאַכט פון דער אַלטער וועלט".

[1]) ב. VI ז. 28. ביי פרץ'ן (אין דער אויבערשטער אָנמערקונג): „אַ דאַמען־שניידער".

[2]) „אַ שניידער אַ פאַלגע", „דו שניידערוק, פאַלגע"—שלום עליכם ב. XIII—ז. ז. 10, 12, 96. „סענדער בלאַנק" ז. 90. „אַ פאַלגע מיט די ביינער", מענדעלי מו"ס ב. VI—ז. 28. „אַ פאַלגע בלייבט אַ פאַלגע", שלום עליכם ב. III „אַלעמען גלייך" ז. 11.

ביי ש"ע ב. V ז. 117: אַ שניידער, „אַ גנב, אַ פאַלינגע".

[3]) שלום עליכם ב. VII ז. 10. „דער סאָלדאַטשקע סין" מאת אמ"ד, ווילנא תרל"ו ז. 15. איך גלויב, אַז דאָס שטאַמט דער פון, וואָס אַ הינקעדיקער שניידער האָט מעחר נישט געקאָנט אַרומגעהן איבער די דערפער און זיך אַ עצה געבען.

[4]) ב. II ז. 156.

שניידערם — דאָס נעהמען „יתור", אָדער „יתרת" ד. ה. די רעשטלעך, וואָס בלייבען־איבער, נעהמט ער צו פאַר זיך און גיט נישט אָב [1].

אייזיק מאיר דיק זאָגט דעריבער אונזער האַנדוועָרקער מוסר: ער זאָל היטען זיינע אַרבייט, ער זאָל קיינע יתור מאַכען נישט פערדרייען זיך אין חברות, און נישט אין די שיינקען ליגען" [2].

מען דערצעהלט, דאָס איינער האָט געגעבען זיין זוהן צו אַ בעל־מלאָכה און איז מושוה געוואָרען איהם צו געבען כך־וכך לערן־געלד: איין העלפט, ווען ער וועט קענען אַ האַלבע מלאָכה, און די צווייטע העלפט, ווען ער וועט ענדיגען און קענען די צווייטע האַלבע אַרבייט.

עס איז דורכגעגאַנגען אַ קורצע צייט און דער בעל־מלאָכה קומט און פאָדערט די ערשטע העלפט געלד: דאָס יונגעל לערנט זיך גוט, ער קען שוין די ערשטע העלפט מלאָכה. דער פאָטער איז צופרידען און גיט איהם זיין געלד. עס געהען אָבער נאָכדעם דורך ימים ושנים און דער בעל־מלאָכה קומט נישט פאָדערן די צווייטע העלפט געלד. דער פאָטער פעראינטערעסירט זיך דאָך ענדליך און פרעגט דעם מייסטער, וואָס איז די מעשה, וואָס די ערשטע העלפט מלאָכה האָט ער זיך גלייך אויסגעלערנט און די צווייטע העלפט דערלעבט ער גאָר נישט זיך צו דערלערנען?

דער מייסטער ערקלערט איהם אָבער, אַז די מעשה איז גאָר פשוט: די מלאָכה בעשטעהט פון צוויי העלפטען: ערשטענס—טרינקען בראָנפען און גנב'ענען יתור, און צווייטענס—איז די מלאָכה אַליין.

די ערשטע העלפט—טרינקען און גנב'ענען—האָט ער זיך גלייך אויסגעלערנט, די מלאָכה גופא אָבער קען ער נישט עד היום הזה.

דאָך דערצעהלט מען וועגען ערהרליכע שניידערס, וואָס האָבען קיין יתור נישט גענומען און זיך געהייסען איין. דער צוואה מאַכען אנ'אָרון פון דעם טיש, ביי וועלכען זיי האָבען זייערע יאָהרען אין ערהרליכער אַרבייט פערבראַכט.

---

[1]) ביי פרין'ן איז דאָ אַ גאַנצע ערצעהלונג „בעריל דער שניידער" ב. VIII ז. 107—164 וועגען אַ שניידער, וואָס האָט צוגענומען צוויי טייערע פעלעכלעך יתור ביי אַ פריץ און טענה'ט דערנאָך פאַר'ן רבי: נישט איך האָב יתור בעגאַפען, אַ מנהג פון קדמונים". אַקסענפעלד („דער ערשטער יודישער רעקרוט" ז. 37) ברענגט אַ ווערטעל: פאַרוואָס רופט מען דאָס וואָס אַ שניידער גנב'ת—יותר?— ווייל ער איז מייתר דעם וועג וואָס אַ פראָסטער גנב מוז געהן גנ'בנען און דער שניידער גנב'עט ביי זיך אין דער היים".

[2]) „דער בן יחיד" מאת אמ"ד. ווילנאָ, תרל"ה. ז. 16.

דעם שניידערס כלים זענען א נאדעל, שער=און=אייזען. די אלע כלים ווערען בענוצט אין דער בילדערשפראך פונ'ם פאלק:

ווענדיג זאגען, דאס פון א שניידער קאן מען זיך קיין גוטס נישט דערווארטען, זאגט מען: „וואו א נאדעל שטעקט—איז טריפה'.

אויף יעדע נייע זאך זאגט מען: „ניי פון דער נאדעל" [1]; „ערשט פון דער נאדעל" [2]. עס וואלט געוועזן נאטירליך צו זאגען: „א נייער אנצוג נאר=וואס פון דער נאדעל אוועק" [3], זאגט מען אבער אויך: „א פאר פאלק נאר=וואס פון נאדעל ארויס" [4], „א יונג אדוואקאטעל, נאר-וואס פון דער נאדעל ארויס" [5], „אויסגעקלערט א וואלאך פון דער נאדעל" [6].

ווען א שניידער לעגט אויף דער עלטער אוועק די מלאכה, הייסט עס ער האט „געלעגט שער=און=אייזען" [7]. מען זאגט אבער אזוי אויך אויף אנדערע בעלי=מלאכות [8], זאגאר אויף א מלמד זאגט מען: „ער האט געלעגט שער=און=אייזען" [9].

ביי שלום=עליכם'ן ווערען שניידער—אדער אפשר בכלל גאר בעלי=מלאכות—אנגערופען קאטאוועסדיג, אדער אויף „פאן=בראט"=לשון: „שער און=אייזען אונזער פאלק, עמך!" [10].

א שניידער, ווען ער האט קיין ארבייט נישט, הייסט עס: „ער זיצט אהן א שטאך ארבייט" [11], עס איז אבער פערברייטערט געווארען אויף אלע בעשעפטיגונגען, אזוי, דאס מען זאגט אפילו: „די מעקלערס געהען=ארום בטל אהן א שטאך ארבייט" [12].

ווען א שניידער ענדיגט א שטיקעל ארבייט פרייטאג-פארנאכט אויף

---

1) מענדעלי מו"ס, „פישקע" ז. 35.

2) מענדעלי מוכר ספרים ב. VI ז. 53; שלום=עליכם ב. IX ז. 310. פרק ב. II ז. 144.

3) שלום=עליכם ב. XI ז. 315.

4) דארט. ב. VII ז. 86.

5) דארט. ב. VIII ז. 183.

6) פרץ „אין פאליש" ז. 12.

7) א. בערנשטיין „אוועקלעגען".

8) זעה מענדעלי מו"ס ב. XV ז. 46 „ארבייטער האבען אוועקגעלעגט שער=און אייזען". שלום=עליכם ב. X ז. 17 ספעקטאר „קאליקעס" ז. 87.

9) ש"ע ב. II ז. 29.

10) זעה שלום=עליכם ב. XIII—ז. 13, 49.

11) מענדעלי מו"ס VI—34, 101. שלום=עליכם ב. I 48, X—176, מבּגל 14. פרץ VIII—109: „קיין שטאך נישט ג… א…".

12) שלום=עליכם, מנחם= דיל"„טיליאגען".

שבת, אײַ׳ט ער זיך דאָך, דעריבער װערט יעדע מלאָכה, װאָס װערט געמאַכט בקיצור און אין אײַלעניש. אָנגערופֿען „שבת־שטעך” 1).

אינטערעסאַנט איז, דאָס אויך אויף פּויליש זאָגט מען אויף געפּוּשערטע מלאָכה: „Sobotnim sztychem na niedzielny targ” 2).

מען זאָגט אויך: „שבת־שטעך האַלטען ניִשט” 3).

װען אײנער באַלאַמוטשעט כּיי אַ מלאָכה פֿרײַטאָג ביז גאָר שפּעט, זאָגט מען: „ער האָט געמאַכט אַ שטאָך אין שבת”.

אויף שנײַדער־לשון זאָגט מען: „אָגיל ואשמח—צוגעשניטען און אויפגעניהט” 4).

פון שנײַדערײַ זענען אויך גענומען די אויסדריקען: „ער האָט געכאַפּט דעם סטריה” 5).

מען זאָגט אויך: „אין די קלײנע שטעטלעך װערט אַלץ אָבגעטון פֿערנײט און פֿערדעקט” 6). אַ שענע רעדענסאַרט איז אויך: „גענײטע זאַכען טרענען זיך” 7).

די יונגעלעך, װאָס ברענגען אָב די אַרבייט, בעקומען „ביער־געלד” 8). ביי מענדעלי מו״ס הייסט עס „קריטשענע” 9).

ביי א. בערנשטיין זענען נאָך דאָ פֿאָלגענדע שפּריכװערטער װעגען „שנײַדער”: „אַז מען בעצאָהלט ניִשט דעם שנײַדער, שלעפּט ער די פאַסטריגע ניִשט אַרויס” 10).

„װען בייזערט זיך ניִשט דער שנײַדער אויף דעם שטיקעל אַרבייט?—אַז מען נעהט איהם תּבריכים”.

„װען נעהט אַ שנײַדער אומזיסט?—אַז ער פערגעסט צו מאַכען אַ קניפּעל”.

זעה נאָך א. בערנשטיין, נומער 3890.

---

1) מענדעלי מו״ס „שם ויפת” 14, XI—96.

2) ז. ביי אַנטאָני קראַסנאָװאָלסקי: «Przenośnie mowy potocznej» ב. II ז. 23.

3) א. בערנשטיין „שבת” 15.

4) ש״ע „מבול” 14, ב. VII ז. 67.

5) מענדעלי מו״ס VI—63, XI—157. (ב. VII ז. 202: „געחאַפּט דעם שניט”.)

6) „סענדער בלאַנק” ז. 74. „גענײט און פערדעקט” װערט אויך געמאַכט אַ „גט־מקושר”.

7) א. בערנשטיין, װאָרט־שפּיל צװישען „גענעהט” און „גענייט” ד. ה. געצװאונגענע זאַכען האַלטען ניִשט.

8) „ביער געלט” הייסט בכלל דאָס געלד װאָס מען גיט משרתים א. ד. ג. זעה „דער דעקטור” פון יאָזעף װער בלײנסקיא װאַרשא 1876 ז. 34 און ז. 70.

9) ב. VI ז. 33.

10) ליניעצקי „פּינ׳ם יאַריד” ז. 13: „אויף גיך אויף געסטריגעװעטער נאַציאָנאַלים”.

# VI.

# בעלי־עגלות.

„אויס ברִיקעס—וואַגאָנען!
עס פייפט שוין און קנאַקט!
טויט בעל־עגלה'ס,
בעוואַקסען דער טראַקט"... 1).

אַ היינטיגער לעזער וועט גאָר נישט פערשטעהן, וואָס איז די מעשה, וואָס די בעלי־עגלה'ס האָבען עפּעס אַזוי זוכה געווען, דאָס זיי זאָלען אין דער שפּראַך פערנעהמען אַזאַ אָנגעזעהענעם אָרט צווישען איבּ־ריגע בעלי־מלאכות. דער לעזער מוז אָבּער געדענקען, אַז היינט איז נישט אַמאָל, היינט האָט די באַהן כמעט ווי אָבּגעטויט די בעלי־העגלות מיט זייערע ברִיקעס צוזאַמען, אָבּער אַמאָל...

בעלי־עגלות האָבען זיך איינגעקויפט אַ בּיטערען שם ביים עולם. און מען זאָגט: פון דריי „פייען" זאָל דער אויבּערשטער אויסהיטען—„פון פּישערס, פליישערס און פוהרמאַנעס". דאָס זאָלען זיין די ערגסטע בעלי־דברים, בעזונדערס די פוהרמאַנעס, זיי נעהמען און פּאַקען־אָן „פּאַרשוינען" (כמעט ווי אַ ספּעציעלער בעל־עגלה'שער טערמין) וויפיל זיי ווילען, רעכ־נען זיך נישט מיט קיינעמס ווילען; הייסט מען זיי פאָהרען, שטעהען זיי, הייסט מען זיי שטעהן, פאָהרען זיי דוקא 2), דעריבּער זאָגט מען, דאָס זיי הייסען נישט בעלי־עגלות נאָר „בעלי־גלות", ווייל מען איז ביי זיי אין גלות 3).

---

1) פּרץ. ב. X „דער בעל־עגלה" ז. 130.

2) זעה א. מ. דיק „רויזע פּינקעל" ווילנאָ תרל"ד, ז. 9: „און די אורחים. וואָס האָבען זיך אָקאָרשט בעפרייט פון די טיראַניע פון זייערע בעלי־עגלות"... אויף די דאָזיגע ווערטער קומט דאָרט נאָך צו פאָלגענדע אַנמערקונג: „עס זענען דאָ דריי קלי־העולם. וואָס עס ליידען פון זיי זייער אָפט די גרעסטע נכבדי העולם. א) דער גרעסטער סוחר פון דעם בעל־עגלה. ב) די רייכסטע כלה פון'ס בדחן, ווי־פיעל ער וויל פרעסט ער אויס טרערין און דרייט זיך מיט איר צום כשר־טאַנץ. ג) דער גרעסטער עולם פון אַ חזן אַ נאַר.

זעה אויך ספּעקטאָר „עניים ואביונים" ז. 87, ווי אַלע וואַרפען זיך אונטער אָהן טענות ומענות דעם ווילען פון בעל־עגלה, „וואָרום געניטע פּאַרשוינען ווייסען שוין פאָרויס, אַז עס זענען גאָר אומזיסטע רייד. דער בעל־עגלה פיהרט שטענדיג אויס זיינס".

3) זעה שלום־עליכם „לכבוד יום־טוב" ז. 198: „ווער עס מיינט, אַז אַ בעל־עגלה איז אַ מענש, וואָס קיינער איז נישט מחויב צו ליידען פון איהם גלות, האָט אַ טעות".

מען זאָגט אויך פאַראַדיש: „כי הנה כחומר ביד היוצר—ווי דער פאַרשוין ביים בעל-עגלה" [1], מען פרעגט אויך אַ קשיא: פאַרוואָס שטעהט אין „כחומר ביד היוצר" אויסגערעכענט: ווי דאָס ליים אין האַנד פון טעפּער, ווי דאָס גלאָז ביים גלעזער א. ד. ג. און עס שטעהט נישט, ווי דער פאַרשוין אין דער האַנט פון בעל-עגלה? און מען ענטפערט, דאָס דעם בעל-עגלה האָט מען טאַקי אויך געהאַט אַריינגעשטעלט, אָבער אַ בעל-עגלה האָט שוין אַ טבע, אַז ווען מען הייסט איהם שטעהן — פאָהרט ער צו-להכעיס אַוועק, איז ער אויך דאָ אַוועקגעפאָהרען.

דעמזעלבען תירוץ ענטפערט מען אויך אויף דער קשיא: פאַרוואָס שטעהט „חרש, שוטה וקטן פגיעתן רעה — החובל בהם חייב והם שחבלו באחרים פטורים" (בבא-קמא, דף פ"ז) און ס'שטעהט נישט דערצווישען אויך אַ בעל-עגלה [2], וואָס כידוע איז פגיעתו רעה, זאָל איהם איינער נישט בעצאָהלען אַ גראָשען, איז ער מיט'ן חיות נישט זיכער, און אַז ער מאכט-אָן כל-השאָדענס, פאַלט איהם גאָר נישט איין צו צאָהלען אַ פעניג?

און מען ענטפערט אויך דעמזעלבען תירוץ: מ'האָט איהם אַוועקגעשטעלט—האָט ער גענומען די בייטש און היידאַ, אַוועקגעפאָהרען...

מען זאָגט, דאָס אויב מען ברויך ערגיץ-וואו צופאָהרען דאַרף מען בעשטעלען דריי פורען: איינע, וואָס זאָל אונז פערפיהרען, איינע, וואָס מיר זאָלען פערפיהרען, און אַ דריטע, מיט וועלכער מען זאָל טאַקי פאָהרען אין אמת'ן.

---

אויך ספעקטאָר „עניים ואביונים" ז. 90: „ביז וואַנען וועלען יודען זיין און גלות ביי יודישע בעלי-עגלות"... יעצט איז שוין פערשטענדליך, וואָס „דער בעל-עגלה" טענה'ט ביי פרץ'ן (ב. X ז. 136).

„און מיך פלעגט מען שעלטען,
און זידלען, און פליבען...
וואו נעמט מען די באהן שוין...
מען האָפט אויף משיח'ן!
איך בין דאָס גלות,
די באהן איז משיח, —
עס זאָל איהר אין טאַטענס
טאַטען אַ רוח!...

[1]) א. בערנשטיין, „פאַרשוין" 2.

[2]) מען זאָגט, דאָס אייגענטליך האָט צווישען די, וואָס „פגיעתן רעה, גע-ברויכט צו שטעהן אויך דער גביר: נאָר ווייל „רבי מכבד עשירים" האָט ער דעם גביר פערשוינט און נישט אַריינגעשטעלט.

מען פערטיידיגט אָבער אויך רבי'ן, דאָס דעריבער איז ער געווען אַ „מכבד-עשירים", כדי דאָס איהם זעלבסט—רבי'ן—זאָל מען אויך נאָר צוליב זיין עשירות מכבד-זיין און נישט צוליב זיין תורה. דען ער האָט נישט געוואָלט אַ הנאה האָבען פון זיין תורה. (זעה מהרי"ל, ליקוטים.)

ווילענדיג זאָגען, אַז די זאַך, מיט וועלכער אַ מענש בעשעפטיגט זיך, מאַכט אויף איהם אַנ'איינדרוק און ס'איז משפיע אויף זיין מהות, זאָגט מען: „דער בעל־עגלה פאַרט אַזוי לאַנג מיט'ן פנים צו די פערד, ביז ער ווערט אַליין אַ פערד".

מ'זאָגט אויך: פאַרוואָס הייסט ער „בעל־עגלה" און נישט „בעל־הסוס"? — ווייל ער איז נאָר אַ בעל איבער דער עגלה, אָבער נישט איבער'ן סוס, דען דער סוס איז מעהר לייט פון איהם.

אַ בעל־עגלה — דערצעהלט מען — האָט אַמאָל געהאַט אַ דין־תורה מיט אַ סוחר, בכן ער איז געפאָהרען מיט זיין סחורה ווינטער אין שווערען וועג, איז דאָס פערד געפּגר'ט, וויל ער, דאָס דער סוחר זאָל איהם בעצאָהלען פאַר'ן פערד. אז ער האָט דעם דין־תורה פערשפּילט, שרייט ער צום רב: וואָס זאָגט איהר מיר אַ תורה? די תורה איז געגעבען געוואָרען סיון, ווען ס'איז דער בעסטער גאָלדענער וועג, און איך בין מיט איהם געפאָהרען טבת, אַ ביטערער בלוטיגער וועג!

ווען ס'שטאַרבט ביים בעל־עגלה ס'פערד אויפ'ן וועג, מוז ער נאָך דעם וואָגען אויך איבערלאָזען הינטערוועגס ערגיץ, און ער קומט אַהיים בגפו, בלויז מיט דער בייטש אין האַנד. פון דעם איז געקומען, וואָס אויף יעדען, וואָס קומט אָהן אַ גראָשען ביי דער נשמה, זאָגט מען: „ר'איז געקומען צו פאָהרען אַהיים מיט'ן בייטשעל"; „געבליבען מיט'ן בייטשעל" 1).

מיט דער בייטש שמייסט מען. דעריבער, ווען איינער האָט אויפ'ן צווייטען אַ „רוט", ד. ה. ער קאָן איהם דראָהען, שלעכטס טון א. ד. ג., הייסט עס: „ער האָט אויף איהם אַ בייטש" 2). עס קאָן אָבער אויך זיין, דאָס איינער האָט אויפ'ן צווייטען „אַ בייטש — אַ פּעקעל בריוו" 3). ווען איינער גיט אַליין יענעם די מעגליכקייט, דאָס יענער זאָל איהם קאָנען „האַלטען ביים האַלז" — הייסט עס: „ער האָט אַליין אַרויסגעגעבען אַ בייטש אויף זיך 4).

דער דישעל האָט אויך געגעבען אונז פאַרשידענע רעדענסאַרטען: „ווי דער בעל־עגלה וויל, אַזוי דרעהט ער מיט'ן דישעל" 5). „די צונג איז, ווי אַ לעדערנער דישעל" 6), ד. ה. מען קאָן מיט איהר דרעהען

---

1) זעה שלום=עליכם ב. VII ז. 27 ב. VIII ז. ז. 48, 49. זעה אויך דיק „נטע גנב" ז. 33 „אין דער שאַפער איז אַוועק צוריק מיט דעם ביין, ווי אַ נאַר אהן אַ שקאַטולקע און אהן שכל".

2) דאָרט. ב. XIII ז. 22.

3) דאָרט. ב. XII ז. 91.

4) דאָרט ב. I ז. 87.

5) א. בערנשטיין.

6) דאָרט.

און רעדען היינט אַזוי, מאָרגען אַזוי. מענשען אָהן אַ פעסטער דעה, וועלכע בויגען זיך לויט יעדען ווינט, רופט מען אויך „לעדערנע דישלעס" [1]; אַ שלים־מזל, אַ לא־יצלח, אַ „טראַפּקע" הייסט „אַ ליימענער דישעל" [2].

צוריקדרעהען און צוריקפאָהרען הן פון אַ וועג, הן פון אַ געשעפט זיך צוריקציהען, הייסט: „פערקערעווען דעם דישעל און פאָהרען אַהיים" [3]. זעהר מאַלעריש איז דער אויסדרוק בײ שלום־עליכם („מבול" 142): „פערקערעווען דעם דישעל און שטעלען פיס".

עס טרעפט, דאָס פאָהרענדיג אין דער פינסטער ביינאַכט גיט מען אונגעריכט אַ פאָהר־אַריין אין אַ מענש, אַ הויז א. ד. ג. ווען איינער קומט און גיט אַ פאָהר־אַריין אין די רייד מיט לגמרי גאָר עפּעס אַנדערש זאָגט מען: „אַריין מיט'ן דישעל". וועלענדיג זאָגען, דאָס מען מוז יענעם איבערשלאָגען די רייד, זאָגט מען: „מען דאַרף איהם געבען אַ פאָהר־אַריין מיט'ן דישעל אין גאַניק אַריין" [4].

ווען איינער קומט צופאָהרען פרייטאָג שוין שפּעט אין אָווענד, זאָגט מען: „ער איז אַריינגעפאָהרען מיט'ן דישעל אין דער שיסעל לאָקשען" [5], ד. ה. ער איז געקומען צופאָהרען, ווען מ'האָט שוין געהאַ־טען בײ די לאָקשען, דען פרייטאָג צו־נאַכטס פלעגט מען עסען לאָקשען [6].

ווען איינער וואַרפט אַראָב פון זיך דעם עול, הייסט עס: „ער האָט אַראָבגעוואָרפען פון זיך די לייצען" [7]. בײ דינעזאָהן [8] לעזען מיר: „דערוויל האָסטו די וואָסקעס (לייצען) מיט'ן בײטש אין האַנד און קערעוועסט".

פאַרהאַן נאָך בעל־עגלה'שע ווערטלעך: „אַז מען מען שמירט, פאָהרט מען" [9], „טיטשע יעדעש, דאַלשע בודיעש" [10]. אויסער דעם האָבען מיר נאָך בײ אַ. בערנשטיין אַ רייה בעל־עגלה'שע ווערטלעך:

---

[1]) זעה מענדעלי מו"ס ב. I „אַלטע מעשה" ז. 19.

[2]) דינעזאָהן, „יאָסעלע" ז. 50.

[3]) שלום עליכם ב. X ז. 299; ב. II ז. 245, ב. IX–ז. 111. דלוגאטש „דער עולם התוהוניק" ז. 96: „אויסגידרייט דעם דישעל קאַטאַי צוריק!"

[4]) דאָרט ב. X ז. 250.

[5]) מענדעלי מו"ס ב. VII ז. 150.

[6]) זעה מיין „וואונדער־אוצר פון דער יודישער שפּראַך" ב. I ז. 93.

[7]) מענדעלי מו"ס IV–24.

[8]) „הנאהבים והנעימים" ז. 35.

[9]) ש"ע ב. VIII ז. 162. מען זאָגט אויך: „אַז מען שמירט־אָן די רעדער, סקריפּען זיי נישט". „שמירען" מיינט מען „הורש" געבען. זעה א. ב. „ראָד" 2.

[10]) מענדעלי מו"ס „טאַקסע" ז. 31.

„אַז מען וויל אָבטהון דעם בעל־עגלה אַ שפּיצעל, גנעהט מען ביים וואָגען צו פוס״.

„אַ וואָגען איז אַ זייגער, אַ שליטען איז אַ פגר״ [1].

„אויף וואָס מען זיצט פאַר אַ וועגעלע, אַזוי זינגט מען דאָס ניג'עלע״

„אַז דער וואָגען פאַלט, זענען די רעדער צו שוועֶר״.

„דער וואָגען רוהט זיך אָב ווינטער, דער שליטען רוהט זיך אָב זומער, דאָס פערד, — קיין מאָל נישט״ [2].

„ווער עס זיצט אויפ'ן וואָגען אויבען־אָן, פאַלט אויך צום ערשטען אַרונטער״.

„ניט מיט קיין וואָגען, ניט מיט קיין שליטען״ (פון אַ שווערען עסק וואָס ס'איז נישט אַרויסצוקריכען).

„נעבען אַ שווערען וואָגען איז גיט צו־פוס צו געהן״ [3].

„ביי אַ אביון אַ צווילינג, איז ווי דאָס פינפטע ראָד ביים וואָגען״ [4].

„אַ שטוב אָהן אַ בעל־הבית'טע, איז ווי אַ וואָגען אָהן רעדער״.

„אַ גילדען נעגעלע, ציהט אַנ'אייזערן וועגעלע״ [5].

„שמיים דאָס פערד מיט האָבער, נישט מיט דער בייטש״ (ד. ה. אַז די ווילסט ס'זאָל גוט געהן, גיב עס גוט צו עסען. מען זאָגט אויך: „בראַנפען רעדט, האָבער געהט״. ענהגליכעס געפינט מען אויך אין תלמוד „דוק בככי ותשכח בנגרי״ (שבת קנ״ב.), „ניגרי דחמרא שערא״ (שבת נא:)

---

[1] בערנשטיין האָט עס נישט־ריכטיג פערשטאַנען: אַ וואָגען איז אַ זייגער—גוט—צי שלעכט, קודם געהט ער, אפילו אויפ'ן שנייי; אַ שליטען—אַ פגר, דען פלוצים—צעגעהט דער שנייי און דו קאָנסט מיט איהם גאָרנישט מאַכען.

[2] מ'פערציילט: צוויי פריצים האָבען געהאַט אַ יוד אַ פאַכטשאַרש. איינמאָל האָבען זיי זיך צעקריגט, פון וועמען דער יוד איז מעהר צופרידען. איז געבליבען, מ'זאָל פרעגען דעם יוד אַליין.

מ'רופט איהם. ער זאָל זאָגען נאָר אמת, כאשר עם לבבו. דער יוד פערטראַכט זיך, און זאָגט מיט אַ משל: ס'האָבען זיך אַמאָל געשפּאַרט דער שליטען מיט'ן וואָגען, פון וועמען דאָס פערד איז צופרידענער, מ'האָט געפרעגט דאָס פערד זעלבסט, און ס'האָט געענטפערט:

— דער חילוק צווישען אייך איז דער, וואָס איינעם שלעפּ איך זומער, דעם צווייטען שלעפּ איך ווינטער, אָבער שלעפּען שלעפּ איך ביידע...

[3] אויך ביי ספּעקטאָר'ן ב. I ז. 10.

[4] יעדער איבריגער באַלאַסט רופט זיך: „דאָס פינפטע ראָד פון וואָגען״. פערגלייך „מען דאַרף איהם האָבען, ווי דאָס פינפטע ראָד ביים וואָגען״. אַ. בערנשטיין „ראָד״ 4.

[5] ד. ה. געלד איז אַלץ גובר. דאָך בעגרייף איך נישט, פון וואָס דאָסדאָזיגע שפּריכוואָרט איז גענומען.— מען זאָגט אויך:

„נעבען אַ גאָלדען וועגעלע פאַלט־אַראָב אַ גאָלדען נעגעלע״ — ד. ה. ביי אַ גביר איז זיך גוט צו רייבען.

„אַ שלעכט ראָד סקריפּעט אַמערגנסטען", ד. ה. אַ נידריגער מענש מאַכט-אָן דעם גרעסטען רעש. (זעה אויך ביי א. בערנשטיין „פּאָהרען" 1). אַ בעל-עגלה'שען רעגעל. און ראָד 2),

מען פרעגט קינדער אַ רעטעניש: צוויי גרויסע ברידער יאָגען צוויי קליינע ברידער און קאָנען זיי נישט כאַפּען?

דאָס מיינט מען די הינטערשטע צוויי רעדער פונ'ם וואָגען, וואָס זענען גרעסער פון די פאָדערשטע צוויי.

איך בין נישט בקי אין „מעשה-מרכבה" און כ'וויים נישט גענוי, וואָס דאָס הייסט אַזוינס „געברענגט אַ פערד איינגעשפּאַנט אין דראָנזשיק" 3). אָבער אַז מיר וועלען דורכלעזען אַ שען-געמאָלטע סצענקע ביי מענדעלי מוכר-ספרים 4), וועלען מיר שוין נאָכדעם פערשטעהן די רעדענסאַרטען, אין וועלכע אונז געהט דאָ:

„עס לויפט זיך אַ קליין לאָשאַקיל הינטער דעם וואָגען, וועלכען די וויסטע מאַמע זיינע, די שקאַפּע, שלעפּט נעבעך, איינרייסענדיג זיך דאָס געזונד און כאַפּענדיג הינטערווייליעכס אַ שמיצעל, גאָרנישט, עס זאָל איהם דאָס אָנהויבען צו אַרען. עס לויפט זיך פריי, יאָגט העגדום-פּענדום, דריגעט מיט די פּיסלעך, טאַנצט, שפּרינגט, האָץ-האָץ האָץ, לעבעדיג-פרעליך פערררייסענדיג דעם וויידעל, און האָט א הנאה פון ליעבען. פּלוצים טהוט מען איהם אָן אַ ציימעל, מען שפּאַנט עס צו מיט אַ שטריקעל צו דער פערוואָגעלטער מאַמען, געה, בחור, גיט מען איהם שטאַרק אָנצוהערעניש מיט דער בייטש, געה, בחור, אויפ'ן ד ר אָ נ ז ש י ק!"

דאַכט זיך, אַז מיר וועלען יעצט שוין פערשטעהן, וואָס הייסט: „ר' יוחנ'צע האָט שמחה'ן גענומען אויפ'ן דראָנזשיק, האַלט די בייטש אָנצוטרייבען" 5)... אָדער „ביי מיר, זייט זיכער, וועט ער שוין געהן אויפ'ן דראָנזשיק" 6).

ווען איינער פערשפּילט ס'גאַנצע געלד אין קאָרטען האָט מען אויף

---

1) ספּעקטאָר „עניים ואביונים" ז. 45. זעה אויך מענדעלי מוכר ספרים ב. XI-ז. 74.

2) ב. VII ז. 55.

3) מענדעלי מו"ס IX ז. 57.

4) שלום-עליכם ב. XI-ז. 330. זעה אויך ב. IX-ז. 174. זעה אויך ב. III, „דאָס נייע כתרילעווקע" ז. 10: „נעהם זיי אויפ'ן דראָנזשיק".

5) „לכבוד-יום-טוב" ז. 287.

6) צו דערקלערען וויים איך עס נישט, דאָך פערגלייך עס מיט'ן פּוילישען Drążkowy.

איהם רחמנות און מ'ערלויבט איהם מיטצושפּילען עטליכע קאָן אָהן געלד דאָס הייסט ! „ער געהט־מיט אויפ'ן דראָנזשיק" 1) .

איך וויל נאָך אויפמערקזאַם־מאַכען, דאָס ווי עס ווייזט זיך פון שלום־עליכם'ן, האָבען בעלי־עגלה'ס אויך געהאַט א מין בעזונדער לשון, אַזאַ מין זשאַרגאָן. זעה אַ ביסעל „בעל־עגלה־שפּראַך" ביי איהם ב. X ז. 137. און אַ ביסעל „בעל־עגלה־לשון" ב. III „דאָס נייע כתריליווקע" ז. 10 און ב. IX ז. 174, דערצו געהערט דער אָפּט ביי איהם בענוצטער „מאַכען לעמעל", וואָס איך קאָן נישט וויסען אויף גענוי זיין כוונה. (זעה אָבער ביי א. בערנשטיין).

צום בעל־עגלה־לשון מוז אויך געהערען די פאָלגענדע שטעל פון פרק'ס בעל עגלה :

„אַ קאַפּ" איז די טייטש :
איין איבעריגע קללה,
אומזיסטיגע בייטש.
אַ בעל־עגלה'ס
קונצעדיג מאַיען . . . (?)

זאָל אויך נישט פערגעסען ווערען דאָס, וואָס שלום־עליכם זאָגט עדות בכן. „כתריליווקער בעלי־עגלות זענען שאַרף אויף צונעמענישען" 2) .

ס'איז נאָך דאָ אַ רעדענסאַרט : „אַרוים פון די האַלאַבליעס" (ליניעצקי, „פּינ'ם יאַריד" ז. 6 שרייבט אַפילו אויף די פערד : „זי איז אַרוים פון די אַהלאָבליעס און טענטלען אנגעהויבען".

# VI

# כלי־זמרים.

דער עיקר האָבען די כלי־זמרים געהאַט זייער פרנסה פון יודישע חתונות, דעריבער זאָגט מען, אַז „ספירה—קומט אויף די כלי־זמרים אַ פגירה" 3), אָבער די כלי־זמרים פלעגען אויך אַרומגעהן שפּילען אין די הויפען ביי פריצים אויף בעלער גאַנצע וואָכען און דאָרט אויסשטעהן כל־המיני ווילדע צרות פון די צעהוליעטע שכורים 4) .

---

1) צו דערקלערען ווייס איך עס נישט. דאָך פערגלייך עס מיט'ן פּוילישען Drążkowy.

2) שלום־עליכם, לכבוד יום טוב ז. 287.

3) א. בערנשטיין. אין ספירה טאָרען, כידוע, קיין חתונות נישט פאָרקומען.

4) זעה די מוסטערהאַפטע ערצעהלונג פון ד. פרישמאַן „ביום הכפורים" כרך י״א ז. 12.

די „כלי־זמרים" זייענדיג אויף אַלע חתונות און פערוויילונגען אין דער פרויען־געזעלשאַפט, האָבען זיי ממילא שוין נישט געקאָנט זיין אַזוי שטרענג אין זייער אויפפיהרונג, ווי דער יודישער עולם איז געוועזען אין יענע צייטען, זיי זענען דעריבער געוועזען די ערשטע העלדען פון ליבע־אינטריגעס (זעה שלום־עליכם'ס „סטעמפעניו", פרץ'ס „שפּילט פאַר'ן טייוועל", אַ „כלי־זמר־טויט", אויך „מוסר" און „וואָס אין פידעלע שטעקט").

די מוטער זאָגט דעריבער ריכטיג אין דער ערצעהלונג „שאַמפּאַניער" פון פרץ'ן: „איך האָב מיין טאָכטער ווי אַנ'אויג אין קאָפּ געהיט... עס דרעהען זיך אַרום כלי־זמרים"... (דאָס זעלבע—„מוסר" ב. IV ז. 223).

אויך שלום־עליכם שרייבט [1]: „דאָס רוב כלי־זמר זענען געכאַפּט, זאָגט מען, אויף חתונות, אויף פאָרשפּילען און אויף חתן־מאָלים".

שפּילען אויף אַ חתונה האָט זיך גערעכענט פאַר גאָר נישט קיין בכבוד'ע זאַך. אַזוי דערצעהלט אונז מענדעלי [2] אויף הערצעל קיילע'ס דעם סטאָליאַר, דאָס ער „פלעגט שפּילען פידעל, אָבער נישט אויף חתונות, חלילה". מיר קאָנען זיך דעריבער שוין מעהר נישט וואונדערן, בעגעגענדיג אין די תשובות פון ר' חיים יאיר באַכראַך [3] אַזאַ שאלה: צורבא מרבנן... אם הרשות בידו לנגן בכנור לפני חתן וכלה בהליכתן לחופה או במשתה של מצות חתונה, או אסור לו לבזות עצמו? תשובה: ראוי להסתפק אם כנגן המנגן... הוי בזיון, אם כי דרך לקבל עליה שכר... הוא קצת בזיון לפי סדר והנהגת העולם. ושמם מוכיח עליהם שנקראים „לצנים". אייזיק מאיר דיק דערצעהלט אונז [4] וועגען „קאַרפּעל דער פידלער", „דאָש ער וואַר גור איין פרומער פידלער, דען ער פלעגט צו שפּילען נור אויף אָרימע חתונות אומזיסט, און האָט זיך גענעהרט נור פון פאַרבעריי".

ווען איינער האָט דעם בריהמטען סטריקאָווער רבי ר' וואָלף אָנגעפרעגט, צי ער זאָל זיך משדך זיין מיט איינעם אַ אויפגעקומענעם גביר, וואָס איז אַמאָל געוועזען אַכלי־זמר, האָט דער רבי איהם געענטפערט:

„אם כי זרחה שמש הצלחתו ויגע בצנור
עודנו נקרא בפי־כל תופש הכנור" [5].

---

[1] „לכבוד־יום־טוב" ז. 230.
[2] ב. II ז. 81.
[3] סימן ר"ה.
[4] „אַלטע אידישע זאַגען" מאת אמ"ד, ווילנאָ, תרל"ג ז. 27.
[5] דער אויסדרוק „ויגע בצנור" געפינט זיך שמואל־ב' ה' ח'. דאָ מיינט־מען אין די צנורות ההשפעה. און אין דעם פייט פונ'ם דריטען שבת נאָך פסח אינ'ם „זולת" שטעהט אויך „מתי אגע בצנורי".
„תופש הכנור" געפינט זיך בראשית ד'—כ"א.

געשפּילט האָבען יודישע כלי־זמרים אויף פאָלגענדע כלים: א פידעל 1), אַ פליוט 2), אַ פויק 3), א קעסעל־פויק 4), אַ קלאַרנעט 5), א „באָמציק־צאַק" אָדער אַ „קלאַפּטעלער", ווי מען רופט עס אין אַנדערע מקומות 6), אַ באַס 7), א באַנדורע 8), אַ צימבעל 9), אַ קאָנטראַ־באַס 10) און אַ טראָמייט 11).

„זיין פידעל רעדט ווערטער", דאָס איז ביי יודען דער גרעסטער שבח פאַר אַ כלי־זמר. אַזוי שרייבט דינעזאָהן 12): „זיין פידעלע האָט נישט געשפּילט, נאָר „גערעדט", מען האָט ממש ווערטער געהערט". אויך אויף „סטעמפּעניו", דערצעהלט שלום־עליכם 13): „ער פלעגט אַ כאַפּ־טון דאָס פידעלע און אַ פיהר־טון מיט'ן סמיק, איין פיהר־טון, נישט מעהר, פלעגט דאָס שוין אָנהויבען ביי איהם צו רעדען; אָבער ווי אַזוי מיינט איהר רעדען? טאַקי מיט ווערטער, מיט אַ צונג, ווי, להבדיל, אַ לעבעדיגער מענש".

מען פלעגט אויף אַ חתונה שפּילען לכבוד יעדען מחותן אַ „וויוואַט" 14) און צומאָרגענס ווידער אַ „פריהמאָרגענס" אָדער אַ „דושען דאָברי" 15), אויף דעם יודישען „סגי־נהור"־לשון הייסט דעריבער איינעם אָנשירטען, אַנזידלען וויפיל ס'געהט אין איהם אַריין: „אָבשפּילען אַ בייזען, אַ

1) מענדעלי מו"ס ב. VIII ז. 219, ב. XII „נשרפים" 7. פרץ „פאָלקסט. געשיכטען 152; צוויי פידעל. שלום־עליכם ב. III „ערשטער ראָמאַן" 24.
2) מענדעלע מו"ס ב. VIII ז. 219. פרץ ,פאָלקסטימליכע געשיכטען" 152 שלום־עליכם ב. III ז. 24. ממו"ס XII „נשרפים" 7.
3) מענדעלע מו"ס ב. VIII ז. 219, ב. XII „נשרפים" 7. שלום־עליכם „סטעמפּעניו" 12; ,מעכטשי פייקלער מיט'ן באַראַבאַן".
4) מענדעלע־מו"ס ב. VIII ז. 289, שלום־עליכם III—24, V—53 „סטעמ־פעניו" ז. 12.
5) פרץ, „פאָלקסט. געשיכטען" 152.
6) פרץ. דאָרט. 152 און „ביינאַכט אויפן אַלטען מאַרק".
7) פרץ, „פאָלקסט. געשיכ." 152. ש"ע „סטעמפּעניו" 7.
8) מענדעלע־מו"ס XII „נשרפים" 7.
9) דאָרט. ז. 7, ב. XI ז. 17: „צימבלען און געהען מיט די טאַצען". שלום־עליכם „סטעמפּעניו" ז. 7.
10) שלום־עליכם ב. V ז. 53, „סטעמפּעניו" 12.
11) שלום־עליכם „סטעמפּניו" 7.
12) דינעזאָהן „הערשעלע" ז. 102.
13) שלום־עליכם „סטעמפּעניו" ז. 9.
14) שלום־עליכם XII—226. ספּעקטאָר II—81, 77.
15) דאָרט.

וויסטען, אַ פינסטערען פריהמאָרגען" 1), „אָבגעשפּילט אַ דאָבראַנאָך" 2), „אָבגעשפּילט אַ וויוואַט" 3).

אַז מ'זעהט, דאָס מ'איז מיט אַ געשעפט אַריינגעפאַלען, מ'וועט שוין גאָרנישט מאַכען דערביי, הייסט עס: „די שפּיל איז פאַר'ן טייוועל" 4). ווען איינער העלפט דעם צווייטען צו מיט טענות, זאָגט מען: „ער שפּילט איהם צו". ווען ער גיט איהם צו קוראַזש מיט זיינע רייד, הייסט עס: „ער שפּילט איהם אונטער". „ס'מזל שפּילט איהם" הייסט, ס'געהט איהם ס'מזל 5).

אין דער שפּראַך זענען אַממייסטען געגומען געוואָרען רעדענסאַרטען פון פידעל. אויף וואוילעריש הייסט שניידען—„פידלען". „ער האָט איהם אַדורכגעפידעלט דער פינגער, דעם האַלז", ווייל מען פידעלט מיט'ן מעסער, ווו מיט'ן סמיק אויפן פידעל.

בדרך־ליצנות זאָגט איינער, וואָס ס'איז איהם נישט געראָטען: „לא פידלתי"—האָב איך נישט געפידעלט! ביי שלום־עליכם'ן 6) זאָגט מען: „איז לא פידלתם—האָט איהר נישט געטאַנצט מיט'ן בער!"

ווען איינער שטעהט לעדיג, למשל אַ סוחר אין געוועלב אָהן לייזונג, זאָגט מען: „זיי שטעהען ווי די פידלערס". דען ווירקליך, ווען דער כלי־זמר שטעהט אויף דער חתונה און קוקט אויס, כ'זאָל איהם ווער הייסען עפּעס אָבשפּילען, קוקט עס רחמנות'דיג אויס.

ווען איינער האַלט זיך גלייך, שטייף, זאָגט מען: „גלייך ווי אַ סטרונע" 7), „אויסגעצויגען ווי אַ סטרונע" 8).

ווען איינער „ציהט שוין איבער ס'שטריקעל", ס'הייסט ער פערלאַנגט אָדער וויל שוין צופיל, אַזוי דאָס ער בעקומט שוין גאָרנישט, זאָגט מען: „ער האָט אָנגעצויגען די סטרונע, אַז זי מוז לאָפּנען" 9).

---

1) שלום־עליכם XII—81, 275. „אָבגעשפּילט איהם אַ פריהמאָרגען" ב' XIII—143 „איך קאָן איהם אָבשפּילען אַ פריהמאָרגען, ער זאָל מיך געדענקען דריי טאָג כסדר" ש"ע „לכבוד יו"ט" 247.

2) שלום־עליכם I—171.

3) שלום־עליכם XIII—222, 27.

4) שלום־עליכם ב. IX—96. זעה פרין: „ער שפּילט פאַר'ן טייוועל". ליוניעצקי „פינ'ם ירידל" ז. 6.

5) מענדעלי: מו"ס VIII ז' 237. „וועט יודלען שפּילען ס'גרויסע גליק" IV ז' 27.

6) שלום־עליכם ב' III „פרעהליכע קאָמפּאַניע" ז' 22. אין „מנחם מענדעל" איז דאָ אַ פּרק מיט'ן נאָמען: „עס פידעלט נישט!"

7) שלום־עליכם ב' III, „אקדמות". דינעזאָהן „הנאהבים והנעימים" ז' 32.

8) פרץ ב' II ז' 158. שלום־עליכם XIII ז. 200.

9) דינעזאָהן „הנאהבים והנעימים" ז. 35.

דער בויגען, מיט וועלכען מ'שפּילט אויפ'ן פידעל, הייסט אויף יודיש: סמיק, סמיציק און סמיטשיק. מען זאָגט אָבער אויף יודיש: „אַ יאָהר צוויי און צוואַנציג און אפשר נאָך מיט אַ סמיטשיק" 1), ד. ה. מיט אַנ'עודף. מען זאָגט אויך: „דריי וויאָרסט מיט אַ שמיץ" 2), „געהאַט פרנסה בשפע, ווי מען זאָגט: מיט אַ שמיץ" 3), „אַ יאָהר מיט אַ שמיצעל" 4).

אויך געפינט מען ביי שלום-עליכם'ן 5): „געטראָפען אַקוראַט צום סמיטשיק". איך. „וואָרט געבליבען אָהן אַ סמיטשיק" 6).

ווען מען נעהמט איינעם אייפ'ן פערהער, אין דער אַרבייט אריין אויף גוט, הייסט עס: „גענומען צום סמיק" 7).

נאָכ'ן פידעל געהט דער צימבעל: „אָנצימבלען" הייסט אָנקלאַפּען, אָנשמייסען. 8). „נעהמען אויפ'ן צימבעל", „אַ נעהם טהון אויפ'ן צימבעל" הייסט נעהמען אויפ'ן פערהער, אויפ'ן „דאָפּראָס" בעזונדערס דורך נאַטשאַל-סטוואָ 9). דאָס מוז האָבען די אָבשטאַמונג פון יענע געבענטשטע צייטען, ווען ביים פערהער פלעגט מען די בעשולדיגטע און פערדעכטיגע שלאָגען און הרג'ענען בתורת האַנדגעלד.

נאָכ'ן צימבעל האָבען מיר די פויק.

„זיך אָנרעדען ווי אַ פויק" 10), „אָנגעליינט ווי אַ פויק" 11), „זאָגט זיך אָן ווי אַ פויק" 12), „פול ווי אַ פויק" 13).

---

1) שלום-עליכם ב· II ז· 227· „נייןָ, צעהן יאָהר און אפשר מיט אַ סמיטשיק" ב· VII ז· 10, 300 „קאַרבוינים און אפשר מיט אַ סמיטשיק" ש"ע 240—I.

2) פרץ, „פאָלקסט· געשיכטען. ז· 175·

3) דאָרט ז· 59 „אפשר דרייסיג יאָהר מיט אַ שמיץ". פרץ ב· II ז· 154.

4) מענדעלי מו"ס ב· IX ז. 99· „מיט א שמיצעל אַריבער" מענדעלי מו"ס 18—II·

5) 79—VII·

6) ב· XI ז· 195. ד·ה· ווי אַ כלי-זמר אָהן אַ סמיטשיק.

7) זעה מענדעלי מו"ס 35—II, 139—XI, שלום-עליכם 73—I· „גענומען ס'פעדיל צום סמיק" (שלום-עליכם 145—VII) הייסט גאָר גענומען צו דער מאָ-בילייזאַציע· דלוגאטש· „דער עולם התוהוניק" ז· 47: „ער נעמט מיך צום סמיק"— ער נעהמט מיך שלאָגען·

8) „אַריינגעצימבעלט שמיץ" (ש"ע 145—I), „געבען מלקות, ד. ה· מען זאָל איהם אַריינצימבלען" (ש"ע III— „די רעוואָלוציע" ז· 3), „אָנגעצימבעלט" (מענדעלי מו"ס 100—IX, „אָנצימבלען" (שלום-עליכם 82—XII)·

9) זעה מענדעלי מו"ס ב· VIII ז· 325, און שלום-עליכם ב. I ז· ז· 136, 139, ב· III „דאָס נייע כתרילעווקע" ז· 48, ב· X ז· ז. 152, 155, ב· XII ז· 231·

10) שלום-עליכם ב· VII 143, ב. VIII—216· ממו"ס VIII—327, I—17, XI—11·

11) מענדעלע-מו"ס I „הבהמות" 17, II—16. שלום-עליכם IX—266.

12) דאָרט XVI—46·

13) דאָרט II—16.

ווען מ'האָט געוואָלט מודיע־זיין אַ זאַך דעם עולם מטעם המאַגיס־טראַט, פּלעגט מען געהן מיט אַ פּויק איבער'ן גאַס, פּויקען, ביז דער עולם איז זיך צוזאַמענגעלאָפען, און דאַן מכריז ומודיע זיין. דעריבער, ווען מען דערצעהלט אַ זאַך אומעטום, הייסט עס: „מען צעפּויקט עס", „אויסגעפּויקט איבער דער גאַנצער שטאָט" 1). אַ רעש אָנמאַכען, הייסט: „ליאַרמען, פּויקען" 2).

פאַרהאַן אַ שפּריכוואָרט: „אַז מען פּויקט, לאָז מען ווייטער־פּויקען" 3) — עס שטאַמט פון דעם פאַרצייטיגען מנהג, צו פּויקען פאַר דער טיר פון אַ אָנזעצער, כּדי דעם באַנקראָט מפרסם צו זיין, איינער האָט גע־הערט, דאָס מען פּויקט פאַר זיין טיר, געשעהן איז עס על־פּי־טעות, ער האָט זיך אָבער מיישב געווען, און אויפ'ן טעות נישט געוואָלט אויפ־מערקזאַם מאַכען, נאָר טאַקי גלייך אָנגעזעצט. און זאָל מען שוין פּויקען נישט אויף אומזיסט. אויך די חפצים פונ'ם אָנזעצער פלעגט מען פערקוי־פען צוזאַמענרופענדיג קונים מיט דער הילף פון דער פּויק.

זעה ביי ספּעקטאָר 4): „מען וועט פערקויפען אַלעס, וואָס איך פערמאָג, מיט דער פּויק".

ווען איינער האָט אַ זאַך פערלוירען פלעגט מען אויך אויספּויקען אויף דער אבדה 5).

ווען איינער איז ערגיץ נעגאַנגען און זיך פערזוימט צוריק צוקעהרען, זאָגט מען דערנאָך צו איהם: „כ'האָב שוין באַלד געוואָלט לאָזען אויספּוי־קען", דען ר'האָט געמיינט דאָס ער איז פערלוירען געוואָרען.

מען זאָגט אויך: „לעדיג ווי אַ באַראַבאַן" 6).

דער פּאָרטעפּיאַן איז נישט־איבריג בעקאַנט געוועזען אין דער יודישער גאַס, „מען געדענקט נישט אַ יודענע זאָל שפּילען אויפ'ן פּאָרטעפּיאַן" 7), און מען פלעגט דעם פּאָרטעפּיאַן רופען אויפ'ן כּתריליוקער שטיינער —

---

1) שלום־עליכם VIII—119. „וואו אַ סוד פּויקט ער אוים איבער דער שטאָדט" בי XIII ז' ז' 91, 93, 96. „צעפּויקט עס אומעטום" בי II—16, מענדעלע־מו"ס VI—17 „פּויקט אין אַלע גאַסען" שלום־עליכם III — „אקדמות", „צעפּויקט". שלום־עליכם II—15, 26, „אויסגעפּויקט" שלום־עליכם I—70, 185.

2) שלום־עליכם II—88.

3) א. בערנשטיין.

4) זעה „די מעשה פון בבא" ז. 33: „שווייג ניט שטיל און לאז אויסרופען מיט איין געשריי מיט פּויקען, אויב ווער עס האָט אים גזעהן... זאָל קומען זאָגען" זעה אויך ז. ז. ז' 5, 7, 41, 45, 59, 67: „מען זאָל צום־הויף (צונויף) פּויקען אלע קנעכט".

5) „קאַליקעס". ווילנאָ תרס"ג.

6) שלום־עליכם III „דאָס נייע כּתריליווקע" ז' 45.

7) דאָרט IX—98.

„טאָפּטשאַן״ 1), „צימבלען אויפ׳ן טופּטשאַן״ 2).

דריי נאַראָנים, זאָגט מען, זענען פערהאַן אויף דער וועלט: אַ גביר, ער שלאָפט אויף אַזויפיל קישענס און לעגט זיך נאָך אונטער די האַנד צוקאָפּענס, אַ „וויאָסלאַזש״—(ד. ה. דער וואָס, פאָהרט מיט׳ן שיפעל מיט די וויאָסלעס),—ער האָט אַ ווייכסעל מיט וואַסער, און ער שפייט זיך נאָך אָן אויף די הענד, און אַ כלי־זמר: די גאַנצע שטוב מענשען הערען ווי ער שפּילט—און ער בויגט־צו ס׳אויער צום פידעל.

פאַרהאַן ביי א. בערנשטיין אַ שפּאָר ביסעל שפּריכווערטער בנוגע כלי־זמרים און זייערע כלים:

„וואָס פאַר אַ כלי־זמר, אַזאַ חתונה״.

„אַז דאָס מיידעל קאָן נישט טאַנצען, זאָגט זי: די כלי־זמר קענען נישט שפּילען״ 3).

„מאָל־אוים אַ טויבען—כלי־זמר״.

„אַז צוויי קבצנים געהען טאַנצען, צערייסען זיך ביי די כלי־זמרים די סטרונעס״ (ווייל זיי וועלען נישט האָבען צו בעצאָהלען, זוכען די כלי־זמרים אוים כל־המיני תירוצים).

„ניתן בצימבעל — הולך בטענצעל״ 4).

„ער לויפט וואו אַ מויז איבער׳ן צימבעל״.

„זיינען צוויי מתים געהען טאַנצען, ווער וואַרפט אין צימבעל אַריין״? 5)

„ער שטויסט זיך ווי דער פידעל הענגט״ (אויף אַ שוטה, ס׳מוז אָבשטאַמען פון עפּעס אַ אַנעקדאָט).

„אַ האַלז איז נישט קיין פידעל״ (נישט שטענדיג איז ער גרייט).

„ווי מען שפּילט, אַזוי טאַנצט מען״.

„ער מעג שפּילען אויף אַלע חתונות״ (אַזוי זאָגט מען מיט ליצנות אויף אַ שלעכטען קאָרטענשפּילער).

---

1) שלום־עליכם IX—247.

2) דאָרט 99.

3) אויך ביי „מנחם־מענדעל״—„מיליאָנען״.

4) שלום־עליכם, „מנחם־מענדעל״, עם פידעלט נישט״. א. בערנשטיין („צימבעל״ פערטייטשט—אין צימבעל״ אַריינוואַרפען, הייסט—אַריינלעגען געלד אין דער שותּפות־קאַסע פון די כלי־זמר. זעה „Der Jude״ פון יאָהר 1819 ז. 222 „Aus dem relig-iösen Leben der Ostjuden״ פון ד״ר שמואל ראַפּאַפּאָרט דאָס די מעדלעך אויף דער חתונה פלעגען אריינוואַרפען מטבעות פאַר די טענץ טאַקי אין דעם כלי־זמר׳שען צימבעל.

5) ביי פרין׳ן „שוועסטער״. ז 23: „צוויי מתים געהען נישט טאַנצען״. מתים מיינט מען קבצנים: עני חשוב כמת.

„אַ לויה אָהן געווײן, איז ווי אַ חתונה אָהן כלי־זמר“ 1).

ווי בעקאַנט, האָבען די כלי־זמרים געשאַפען זיך אַזאַ בעזונדער לשון, אַזאַ זשאַרגאָן, אום זיך צו קאָנען דורכשמועסען אויף דער חתונה צווישען די פרעמדע מענשען און קיינער זאָל זיי נישט פערשטעהן. פון זיי האָבען עס נאַכדעם איבערגענומען די פעלדשערים, וואָס זיי קומט־אויס זיך דורכצושמוסען שערענדיג פערשידענע מענשען.

נח פריליצקי האָט אינ'ם זאַמעלבוך „רשמות“ (אודיסה, תרע"ח) פערעפענטליכט דאָס ווערטערבוך פון דעמדאָזיגען לשון לויט שוין־געדרוקטע קוועלען צוזאַמען מיט דעם, וואָס ער אַליין האָט געזאַמעלט. אַלץ—אַנ'ערך פון 220 ווערטער.

עס איז אָבער נאָך געבליבען אַ געוויסע צאָהל ווערטער, וועלכע איך האָב געזאַמעלט און דאָרט נישט געפונען. איך וועל זיי דאָ געבען. איך האָב זיי גענומען פון פיער קוועלען: פון אַ פלאָצקער בדחן (וועל איך אָנצייכ־נען פ.) פון אַ בענדינער בדחן (בעצייכנען ב.), און פון לאָדזער כלי־זמרים (בעצייכנען ל.) און גאָמבין (בעצייכנען ג.). פריליצקי ווערט ביי מיר בעצייכנט ווערען — פר.

אַלטיפקעס—קאַרטאָפעל (ב.).

אָזנע—אַ זייגער (ב.).

באָטשקאַר—אַ חסיד (ב. און ג.).

ביבערניק (זעה פר. נומער 27) אין ב. און פ.—אַ לערנער. און אַ קליוועּ ביבערניק—אַ למדן.

בויצע (bojce)—מורא. דער יאָלד האָט בויצע—ר'האָט מורא (פ.).

בעריאַלנע רעסטאָראַן (פ.). זעה פר. 18—20.

בראַמיכע—מוטער (ב.). זעה פר. 57.

באַקר־באַקר—פיער (ג).

בסאַן—חתן. בסאַמקאַ —כלה (ל.) פ. זעה ר. 136.

דרישבלען—שלאָפען (ג.). (ב.). אין פ.—דריזשבען.

דגליעץ—פאַפיראָס (ב.) אין פ.—אַ דולצער.

דזשאָכען (זעה פר. 60, פ.)—לאַכען.

האַבטלינג—מעסער (ב. מעגליך: „האַרטלינג“, נאָר ביי דעם איבער־געבער איז שווער געווען אונטערצושיידען ר' פון ב', „האַרטלינג“ איז, ווי בעקאַנט, אַ פאַבריק פון שטאָהל־מעסערס.

וואָרשט—קלאַרנעט (פ.).

וויטשאָק—אַ נאַר (פ.).

---

1) פרק. „אייזיק'ל שחט“, ז' 139.

וואָרזעט—שטינקט פּ. (זעה פר. 42, 45, 47, אין פּאָלקסמויל איז וואָרזען—אָבּבּרעכע, ווען מען רעדט מיט פערגאַכטונג.
זשלאָבּובּאַ—גויה פּ. (זעה פר. 61).
זאַרקע—אַ קעשענע, אַ טאָרבע (פּ.).
טשיזשע—דער (פּ. ג.), טשיזשעס—דאָס (פּ.).
טשיקען—אַריינוואַרפען (פּ.).
טשיקאַלניק—אַ שוחט (פּ. זעה פר. 71, 77).
טשיקען—זיך קריגען, שלאָגען. זיי האָבען זיך צוטשיקעט—זיי האָבען זיך געג'גט—אויף אַ פּאָרפּאָלק (פּ.),
טשיקע—צעהלען (ב. זעה פר. 71, 77).
טשאַניק—טראָמפּייט (פּ).
טשעקמאַן אַ באָרד (ב.).
טשאָבּען (דאָסועלבּע, וואָס ביי פר., „טשאָוועןָ". זעה 69). טשאָאוולניק—אַנ'אַרפּאָנס, טשאָוואַלניצע—אַ פּראָסטיטוטקע (פּ.).
יאָבּם—ווייַן (ב.), יאָבּע—וויין (פּ.).
יאַטל—אַ קינד (פּ.). ביים פּאָלק הייסט אַ „יאַטל"—אַ נישטכשר געבּוירען קינד.
כאַט—אַבּט (ב.).
לינקס—טריף, בּעריעט לינקס—עסט טרפות (פּ.). ביים פּאָלק הייסט „לינקע סחורה"—גע'גנב'טע סחורה, טרפה'נע סחורה—הייסט גע'מוליך'טע סחורה (קאָנטראַבּאַנד). (זעה א״ש. „מאָטיוועןָ" ז. 138 „דער גרעניץ מוליכער").
לוויט אַ ריב (ג, ל.), לינקער לוויט—אַ דיין (פּ.).
מסאַן, מסאַנקאַ—חתן, כלה (ב. זעה פר. 136).
נעסקעם—שטיל (פּ. זעה פר. 112), נעסקעם מטיט—ער איז בּישטאָ (פּ).
סאַמסאָן—חתן (ג.), סאַמסאַניצאַ—כלה (ג.). זעה פר. 136,
סיזידאָניע—משכון (פּ.).
סערדאַלניק אַ בדחן (ג.). זעה פר. 124.
סבּאָבּאַנען—בּעהאַלטען (פּ.).
ספּיאָשניק—אַ קצב, אַ שוחט (ב. זעה פר. 140).
סקריפּען, סקריפּאַלניק—אַ פעדער (ב.) סקריפּאַלניע אַ שריפט, א כתב, אַ פּאַס (פּ.).
סאַלעפּ—אַ שוואַנץ (פּ. זעה פר. 121, 122), אויך דער Penis. סאָלעפּניצע—Vagina.
סמאָקען זיך—קושען זיך (פּ.).
סטאַמבּולקאָ—אַ נאָז (ב.).
סטים—אַ לויז (פּ).

סקאָלען—קאָבען, סקאָלניק—אַ קוכאַרזש, סקאָלניצע—קעכין (פּ. זעה פּר. 143, 144).

סוויזען—זיצען, סוויזעניע—אַ באַנק (פּ. זעה פּר. 125).

פינקעל—אַ פּאַפּיראָס (ב.), פינקלען רויכערן, ברענען (פּ.).

פיאָל—אַ פליימ (פּ.).

פּלים—אַ מקוה, פּליסער—וואַסער, פּליסען—וויינען (פּ). זעה פּר. 155.

קילבעס—בילקעס (פּ.).

קימפּערנייען—קויפען (פּ. זעה פּר. 172).

קריפּטענטשיקער—אַ שניידער (פּ. זעה פּר. 185).

קעריאַלניע—אַ שענק פון בראַנפען (פּ. זעה פּר. 188—192).

קמיזשע—אַ העמד (פּ.).

קליאַוו—קלוג, אַ קליאַווער—אַ חכם (פּ. זעה פּר. 173, 178).

ריצעל—פּאַפּיראָס, אויך רויך—פּאַפּיראָס (פּ.).

ראַבוכאַ—אַ גאַנז (ג.).

ראַפּש—באָרשט (ב.).

רישכות—שבירות (ג.).

שפּיאָשניק—אַ קצב (פּ, זעה פּר. 140).

שוואַרץ מיט וויים—קאַווע (פּ.).

שוויטשניק—ליכט, לאָמפּ (ב.).

צום סוף וויל איך נאָך צוגעבען פון שלום־עליכם'ן (ב. XII, ז. 93) אַ ביסעל לשון פון גנב'ישע קאָרטען־שפּילער: „דאַנקען־לויבען, יאָסקי דעם טויבען". ב'האָב שוין איינגעהאַנדעלט גוטע דריי קאָ־טען: זאָדיק, לאַקריץ, בנימין. מזל־טוב! איטשע מאיר האָט אַ שדוך־געטון מיט זיין חעמלען פאַר דער לודמער מויד [1].

---

[1]) עס וואונדערט מיך שטאַרק, דאָס די קאָרטען־שפּילער, וואָס זענען בידוע גוואַלטיגע אַבערגלויבער (זעה למשל פרק „בילדער און סקיצען" ז. 233), זאָלען זיך אַזוי בעציהען צו דער „בתולה פון לודמער". געניי איבער איהר זעה אין ואַמעל־בוך „יעווריעיסקאַיאַ סטאַרינאַ". ב. IV יאהר 1909. מאני דלוגאטש אין זיין „עולם התוהו'ניק" ז. 28, שרייבט אַזוי מיט ליצנות:

„די לודמערער מויד איז געוועזען איינע פון די בריהמטע יודישע מיידען פון די פאר באָרגינע פרומע נשמות, וועלכע וואָס לאָזען זיך אויף קדוש השם... מיט דער מויד האָט גקלינגען די גאַנצע וועלט. אַלע גרויסע גוטע יודען האָבין איהר געגעבין סמיכה... מען זאָגט אַז זי פלעגט דאַווינן אין אַ טלית און לעגען שמישא רבה'ס תפילין"... און דאָרט ז. 126, שרייבט ער:

„די אַלטע גבאיטעס רעדען איבער הויפט די מעשה פון דער לעטשיווער רביצין... פון לאדעמער מויד וכדומה".

און זעה דאָרט, דאָס „די לודמער מויד" מיינט מען מלכּה שערעל, זאָדיק — צעהנטער רויט, לאַקריץ — ניינטעל טרעף, בנימין — וואַלעט-פּיק. זעה אויך דאָרט ז. 257. דריי שקצים (אויבערס) דריי שיקסעס (מלכּות?) און ב. XIII ז. 74 „ווער איז בעגראָבען געוואָרען (פערשפּילט) און ווער האָט געטאַפּט דעם טאָטער" (געוואונען).

אויך אַרטיסטען האָבען זייער'ס אַ לשון. זעה שלום-עליכם ב. X ז. 235 „אין אַ גוטער שטאָדט (אין אַ גוטער שעה) מיט בלוט (מיט גליק) [1] ס'זאָל זיי גוט פערלויפען" (אָבלויפען).

אויך סוחרים-קרעמער האָבען אַ לשון, פון וועלכען שלום-עליכם („סטעמפּעניו" 111) ברענגט נאָר איין-איינציג וואָרט „טאַשען" — זיך שטעלען אויפ'ן יריד מיט אַ קראָם. און איך קאָן צוגעבען נאָך איין וואָרט: „באָכנע" — אַ גניבה'ש פּעקעל, „האַנדלען מיט באָכנעס" — האַנדלען מיט גניבות. buchnąć, buchać הייסט אויפן לשון פון די גימנאַזיע-שילערס אין פּוילען — גנב'ענען. אין דעם ביכעל „דער דעקטוך" פון יוזעף ווערבליינסקי (ווארשא 1876) רעדט דאָרט אַ יונג, אַ נאַר, „עזריאל", כּסדר עפּיס מיט אַ מין „כּלי-זמר-לשון", עס איז אָבער דאָרט שווער עפּיס תּופס צו זיין. דאָך האָבען מיר פון דאָרט צו נעהמען וועדטער ווי אַ „פּיווּבעריל" (אפינף-רובעלשטיק), אַוועק לאַדכען די יולדיפקע (אַוועק גנב'נען די כּלה) (זייט 34), סמאָטרין מיט די גלאָצין (קוקען מיט די אויגען), זיי קענען גוט ארזשען (גוט לערנען?) (זייט 52), זעה אויך זייט 62: מיין באָקערניק (מיין שכר, מיין געלט?)

---

[1] זעה אויך „דאָס משלחתּ" פון ליניעצקי (אָדעססאַ תרל"ה) ז. 93: „לאָז נאָמ געבען מיט בלוט", אַנשטאַט „מיט גליק".

# אינהאַלט: [1]



---

1) א גענויער „לוח המפתחות" וועט צוגעגעבען ווערען צום לעצטען טייל פונ'ם ווערק.

2) צו ז. ז. 8, 10 איז צוצוגעבען פון מענדעלע מו"ס ב. VII ז. 7: „די מלאכה האָט ליעב דעם טרונק און אנדערש קען מען נישט איינגעקויפט זיין אין דער חברה פועלי־צדק".

3) א אינטערעסאנטער שטריך איז צוצוגעבען פון א ביכעל „דער סיום התורה" (געדרוקט אין ווילנא תרכ"ט אָהן נאָמען פון מחבר) ז. 21: „אין יענער צייט האָט מער ניט ווי דער שתדל'ן בעקענט דעם לשון המדינה, אָדער א שניידער, און דיזע פלעגען מוציא צו זיין דעם גאנצען עולם מיט פויליש". זעה אויך ביי א. מ. דיק „נטע גנב" ז. 25, דאָס איצעלע קוצוק איז געוועזען דער גאנצער בעל־דעה און תקיף „דען ער איז געוועזען איין גוטער ריידער און האָט מוציא גיוועזען די גאנצע שטאָדט דאן מיט פויליש".

4) צו ז. 37 איז צוצוגעבען פון ליגעצקי, „דאָס פוילישע יונגעל" ז. 113 „מען טוט איהם די הרבה, מען פערקויפט זיין הויז־ראַד מיט דער פויק".

עֶס אִיז עֶרשִׁינעֶן דִי צווייטעֶ אױפלאַגעֶ

# „בּיאַליק׳ס טרעהרען“

## פוּן יהוּדה עלזעט.

דער וואונדער=אוצר פון דער יודישער שפראך.

# יודישע מאכלים.

א בוך אין צוויי טהיילען.

**פאלקסטימליכע רעדענסארטען,**
**גלייכווערטלעך און אנעקדאטען.**

געזאמעלט און דערקלערט דורך

## יהודה עלזעט.

# יודישע מאכלים

## ערשטער טהייל

א קורצע איינלייטונג.
וואָכענדיגע מאכלים.
שבת'דיגע מאַכלים.
יום-טוב'דיגע מאכלים.

# א קורצע איינלייטונג

ס'ווייס נישט פון וואנען ס'האָט זיך עפעס גענומען צו יודען אַ ווערטעל "כאכילתכם כך תורתכם", פון וואָס מען וואָלט געקאָנט דרינגען, אַז יודען האַלטען שטארק פון דער אכילה.

אז דאָס ווערטעל האָט נישט קיין שטארקען גרונד, זעהט מען דערפון, וואָס ווען א יוד עסט אַביסעל צופיעל, הייסט עס „ער עסט ווי א פויער" און קוים האָט א ישיבה-בחור גענומען א פאָר איבריגע ביסען, וואונדערט מען זיך: „א וואויל לערנער זאָל עסען ווי א פויער?" 1)

יודען תלמידי-חכמים האָבען אפילו נישט געקאָנט פערטראָגען, צו וואָס זאָל זיך אזא מגושם ווערטעל ארומוואלגערן ביי יודען, און זיי האָבען זיך אנ'עצה געגעבען און אויסגעטייטשט דאָס דערמאָהנטע ווערטעל אזוי: „כאכילתכם כך תורתכם", ווער ס'עסט ווי א פויער, דער לערנט ווי א פויער.

א יוד, וואָס לערנט און איז עוסק במצוות, מוז זיין אויסגעדאַרט, אויסגעדיייוועדט, האָבען א „ירא-שמים-פנימ'ל" 2) דען „אונזערע זיידעס האָבען געגלויבט, אז דאָס גאנצע לעבען אויף דער וועלט איז נאָר צוליעב יענער וועלט... דעריבער... האָבען זיי געגעסען אין א וואָלענדיגען טאָג, כדי צו מאכען „המוציא" און בענטשען, און שבת—כדי מקיים צו זיין „שלוש-סעודות" האָבען פערזוכט זומער די פירות — כדי מאכען ברכה מיט א „שהחיינו", וויין האָבען זיי געטרונקען פסח נאָר כדי מקיים צו זיין ארבע כוסות" 3)

---

1) דינעזאָהן „הערשעלע" ז. 6.

2) זעה מענדעלי מוכר ספרים ב. V ז. ז. 15, 58: „די מאמע האָט פון מיין פנים געקוואָלען, ס'האָט איהר בעוויזען — איך בעגעהר צו לערנען, האָב א פנים פון א גוט קינד, גאַנץ יודישליך, אַ בלייכס, א איידעלס, א „יראת-שמים-פנימ'ל". זעה אויך שלוב-עליכם „יאָסעלע סאָלאָוויי" ז. 146: „אַ ווייסער מיט א דאַר אויסגעוויקט פנימ'ל, מיט צוויי לאַנגע דינע פאה'לעך, זעהט ער אויס טאקי, ווי א בן-תורה",

3) מענלעלי מוכר ספרים ב. VIII ז, 370

בתורת ווערטעל זאָגט מען דאָך: „די אלילה איז די בעם תפילה" 1) וויִ און אויף פרעסער זאָגט מען: „מיט אלילה הויבט אָן זיין יוצר" 2).

א בכבוד'ער מענש שפּאָרט-אָב דעם ביסען פֿון מויל און קליידט זיך אנשטענדיג, ווייל מען זאָגט: „אין דעם בויך זעהט קיין נישט, אויף דעם בויך זעהען אלע" 3).

„וואָס מען לעגט אריין, זעהט קיינער נישט, וואָס מען לייגט ארויף עזהען אלע" 4).

„דער מאָגען איז א גרויסער בעל-סוד" 5).

„די קישקע האָט נישט קיין פענסטער" 6) און מען זעהט נישט וואָס מען לעגט אריין.

„א חכם — זאָגט מען — עסט, כדי ער זאָל לעבען; א נאר לעבט, כדי ער זאָל עסען" 7).

דאָך ווייסט דער יוד, אז „כח זאָל מען זוכען נאָר אין שיסעל" און עס איז דאָ א ווערטעל, וואָס זאָגט: „האמעניו" איז נויטיגער א קאפּאָטקעלע" 9).

פֿאַרהאַן נאָך א אידישע חכמה, וואָס זאָגט: אין שלעכטע צייט זאָל מען גוט עסען (כדי מען זאָל האָבען כח די שווערע צייט איבערצוטראָגען), אין גוטע צייטען זאָל מען זיך גוט קליידען (אום, ווי ס'מ... זיך, זאָל מען לאָטש בלייבען ביי א בכבוד'ען בגד).

נאָך איז דאָ א יודישע רעגולע: „עס דיך אָן, איידער די קומען-אָן; טהו דיך אָן, איידער די גרויסע קומען אָן" 10). דען די קליינע קינדער קאָסט טייער דאָס עסען זייערס, און גרויסע קינדער בעדאַרפען ווידער א סך אויף מלבושים.

עס איז דאָ א פּראגע: „ווען איינעם הונגערט און אויך שלעפט, וואָס זאָל ער פריהער טהון: עסען אָדער שלאָפען? די תשובה: פר...

---

1), 2) א. בערנשטיין. מיט'ן וואָרט „אוחילה" הויבט זיך תפילה פאר מלכיות זכרונות און שופרות ראש-השנה. זעה אויך א. שטיין „עסען" 9: „עסען איז זיין בעסטע תפילה", דען עס איז יוצר „איתן הכיר".

3), 4), 5), 6) 7) א. בערנשטיין. זעה אויך די גמרא חולין פ"ד: „יאכל אדם וישתה פחות ממה שיש לו וילבש ויתכסה במה שיש לו ... אשתו ובניו יותר ממה שיש לו".

8) שלום עליכם ב. X ז. 336, זעה אויך א. בערנשטיין.

9), 10) א. בערנשטיין.

עסען, דען עס שטעהט: „שינה באכילה [illegible]

ס'איז אינטערעסאנט, אז נישט קוקענדיג אויף דעם, וואָס יודען האָבען אזוי גרינגגעשעצט „די אכילה". האָבען זיי אָבער דאָך א גרויסע ידיעה געהאַט אין הלכות אכילה, און גענוי געוואוסט, אין וועלכער צייט פון יאָהר יעדעם עוף איז געשמאַק, און וואָס פאַר א פלייש איז בע'טעמ'ט, איז דער, אָדער זיין יענער צייט פון יאָהר. עס איז דאָ אַ כלל ביי אידען: „דער שעפּס, וואָס הערט „מעוז צור" זינגען, און דאָס קאַלב — „אקדמות" זאָגען, מעג מען זייער פלייש אַוועקטראָגען" 2).

ווייל שעפּסענפלייש נאָך חנוכּה און קאַלב-פלייש נאָך שבועות שמעקען שוין נישט גוט. נאָך איז דאָ אַ כלל: „א גאנז וואָס הערט די מגילה, זאָל מען אַרויסטרייבען פון דער קהלה" 3) און אזוי וועלען מיר ווייטער זעהען, ווי יעדער יום-טוב האָט זיך זיין עוף, למשל, חנוכּה — גענז, פּורים און פּסח — אינדיקעס א. אז. ו. (זעה אויך ווייטער ביי די שבת'דיגע פיש א. ד. ג.)

אויף דעם גוטען ראפינירטען יודישען געשמאַק, ווייזט אויך דאָס, וואָס מיר האָבען אזוי פיעל און פערשידענארטיגע מיני מאכלים. אזוי שרייבט שוין שלום-עליכם 4) וועגען יודען: „זייערע מאכלים זענען זעהר פערשידען, מען קאָן פון זיי מאַכען א בוך", ליידער האָט אָבער נאָך קיינער ביז היינט קיין בוך נישט געשריבען איבער די יודישע מאכלים, און מיר וועט דאָ אויסקומען צו רעדען וועגען פיעל מאכלים, וואָס זענען מיר בעקאַנט נאָר לויט'ן נאָמען און איך וויים נישט, ווי אַזוי מען מאַכט זיי.

אויך מוז מען וויסען, אז דער ענין פון מאכלים איז אין דער פאָלקס-קענונג און פאָלקס-פאָרשונג לגמרי נישט קיין קליינער ענין.

פון די מאכלים לערנט מען דעם טעם און געשמאַק פון פעלקער, זייער עקאָנאָמישען צושטאַנד א. ד. גל.

דעריבער איז אונז בעזונדערס וויכטיג ביי מאכלים צו וויסען די מאַכלים פון יעדען אָרט און פון יעדער צייט בעזונדער, למשל, ווען מיר הערען, אַז דער ליטוואַק, וואָס קומט צוריק פון וואָהלין, (ריכטיגער: בעסאַראַביען) פערצעהלט חדושים, דאָס מען עסט דאָרט קוילעטש אין

1) אין די משניות פון „איזהו מקומן". שינה ואכילה —ס'שלעפט און ס'עסערט זיך, הבכור —ס'ערשטע, נאכל — זיך אָנעסען.

2) א. בערנשטיין.

3) אברהם טנדלוי, „שפריכווערטער און רעדענסארטען" נומר 968.

4) ב. XIII ז. 58.

מיטען וואָך 1), אָדער ווען מען דערצעהלט אין ליטאָ, דאָס אין קישי־נעוו האָט פישקע אין דער טאָרבע גרעסערע שטיקער קוילעטש ווי די, וואָס מען גיט דאָ דעם שבת־גוי 2), קענען מיר זיך דערפון שאַפען א בעגריף וועגען דעם עקאָנאָמישען צושטאַנד פון די ליטווישע און בעסאַראַבישע יודען.

און נאָך מוז מען וויסען, אז נישט קוקענדיג אויף דעם, וואָס א סך מאכלים ווערען געגעסען ביי אַלע יודען אין דער גאנצער וועלט צו איין בעשטימטער שעה, אַזוי אַז „מענדעלי מוכר ספרים״ שטעהט און וואונדערט זיך: „אפילו אין עסען און טרינקען האָבען אויך יודען איין נוסח. איז עס דען וואו געהערט געוואָרען, אז אין א געוויסער שעה פרייטאָג־צונאַכטס, למשל, זאָל א גאַנץ פאָלק עסען פיש א. ז. וו. 3) דאָך זענען נישט עהנליך, לגמרי נישט עהנליך די פיש, וואָס ווערען געקאָכט אין פוילען, צו די פיש פון ליטאָ, און ס'רוב מאכלים, וואָס מען עסט אין בעסאַראַביען, האָט קיין פוילישער יוד נישט געהערט פון זיי ווי לאַנג ער לעבט.

און אז דו וועסט איהם דערצעהלען וועגען קורע, פּראַקעס, פיטשאַ, מאַמעליגע, א גנב, פּאַמפּעשקעס, טייגלעך, וועגען א פּיסנעם קאַליש און נאָך אזעלכע מאכלים, וועט ער גאָר נישט גלויבען, אז דו רעדסט צו איהם יודיש.

מיין איצטיגע ארבייט פּרעטענדירט נאָך נישט אויף גאַנצקייט, עס איז נאָר א פּרוב, עס איז נאָר, אזוי צו זאָגען, [illegible]זלען צו אַנ'אַר־בייט איבער יודישע מאכלים אין די לענדער פון אַמאָליגען גרויסען רוסלאַנד.

די מאכלים, וואָס ווערען דערמאָהנט נאָר ביי איין געוויסען שריפטשטעלער, איז א סימן, אז זיי עקזיסטירען נאָר אין די געגענדען וואו ער האָט געלעבט. די וואָס מען געפינט פון זיי שפּורען ביי אַלע, איז א סימן, אז ס'זענען אוניווערסאַל־יודישע מאכלים. פיעל, פיעל אַמת יודישע מאכלים זענען אָבער שוין לגמרי אויפגעגעסען געוואָרען און ס'איז שוין מעהר פון זיי קיין שפּור צו געפינען.

---

1) מענדעלי מוכר ספרים ב. ג, „אַלטע מעשה״ ז. 18.

2) מענדעלי מוכר ספרים ב. XI ז. 18.

3) דאָרט ב. II ז. XXVII.

## II.

# וואָכענדיגע מאכלים.

א געוועהנליך יודיש מאָלצייט איז געוועזען זעהר, זעהר אָרעם. דער אָנבייסען פלעגט באשטעהן פון אַ שטיקעל טרוקען ברויט מיט א שטיקעל ציבעלע, אָדער מיט אַ ציינדיל קנאָבעל און אַ אוגערקע (1 אַ אָרענטליכער אָנבייסען האָט זיך גערעכענט, אַ זעמעל מיט פוטער און אַ גלעזעל „סיקאָריע"(2 אָהן קאַווע און אָהן מילך(3

אויף אַ „ברית", ווען מען פלעגט פאר די מאַספערשוינען מאַכען אַ „סעודה" פון פיש מיט פלייש, פלעגט מען אַוועק נעהמען די האַנד פון הארצען און געבען—אויך פאר די ווייבער „פוטערקוכען מיט מילכיגע סיקאָריע"(4

נאָר די גרויסע יעהופיצער גבירת'ות, זיצענדיג אויף דאַטשע, פלעגען זיך פארגינען איבערבייסען אין דערוואכען „אַ גלעזעל קאַווע מיט אַ פוטערבולקע"(5

---

1) זעה מ, ספעקטאָר„ עניים ואביונים" ז, 86. מענדעלי מוכר ספרים ב. VII ז, 130. „בעמק הבכא" (העברעאישע אויסגאבע) ז, 241. „אכלי, הרי לפניך ראש בצל, צנון וקישוא". ז, 203. „לחם וצנון בבצלים ושומן," ז, 158: „פת קיבר ובצל וקישוא ירוק גדול" זעה אויך שלום עליכם „מאָטיל בן החזן" (העברעאישע אויסגאבע) ז. 79: צידה לדרך מכל טוב צנון ובצלים ושום וקשואים ירוקים". מענדעלי מוס ב. XI ז, 16 „קנאָבעל, ציבעלע און שאר ירקות"

2) זעה „בעמק הבכא" ז, 226.

3) אפילו שבועות פלעט מען נישט טרונקען קאווע נאָר „אַגלעזעל ציקאָריע" זעה שלום עליכם ב. III „מילכיגס" ז, 6.

4) פרץ „האשה מרת חנה" ז, 324 אויך ב. VII „שרייב א פעליעטאָן" ז, 74

5) שלום עליכם ב. VII ז, 16

אויך דער מיטאָג איז נישט איבעריג רייך געוועזן;
אָט שרייבט מענדעלי מוכר ספרים:

„וואָס עסט דען אַ איד אַ אָרעמאַן? —אַ שטיקעל טרוקען ברויט מיט פיסנעם (2 קאָליש' (3. פֿון פֿלייש ווייסט ער נישט, וואָס צו זאָגען, חוץ אַ שבת, אפשר, מאַכט ער זיך אַ ביסעל פליישיג מיט אַ שטיקעל לינגען—לעבער"

און דער יוד פלעגט זיך בענקיגען לאָזען מיט זיין אָרמען מאָלצייט און זיך טראכטען:(1

„אַ שטיקעל ברויט מיט אַ קאָליש, אַבי ס'איז נאָר דאָ, איז זעהר אַ גוטער מיטאָג" (4

דאָך, זענען אָבער נישט אַלע יודען געוועזען אָרמע לייט, און אַפילו דער אָרעם—מאַן האָט אַ מאָל אין אַ יומא דפגרא, אָדער צוליב געסט געמאַכט אַ אָרענטליכע סעודה, ווי זאָגט מען עסים אויף יודיש: „אַיין מאָלצייט, קאָן מען מיט'ן קייסער אויך מיטהאלטען".

און אַזוי האָבען מיר אַ גרויסען אויסוואהל פֿון יודישע מאכלים. פון וועלכע מיר וועלען דאָ יעצט אויסרעכענען, נאָר די וואָכעדיגע, פאר די שבת'דיגע און יום—טוב'דיגע, וועלען מיר אָבגעבען ספּעציעלע קאַפּיטלעך.

שלום עליכם איז געוועזען אַ געוואַלדיגער ידען אין די יודישע מיליכיגע מאכלים, אַזוי שרייבט ער:(5

„מילכיגס האָט אין זיך מילך און קעז און פּוטער און סמעטענע און

---

1) „טאַקסע" ז, 22

2) „פּיסנע" הייסט פּאַרווע, אָהן פֿלייש, אָהן פֿעץ און אפילו אָהן מילך, אָדער, פּוטער. זעה „ספר המלים" הורוויץ אדעססא 1903: „פּיסנע ברויט: לחם—יבש, לחם בלבד," זעה אויך „דאָס משלחת" פון „עלי קצין הצחקיאולי" (לינעצקי) אדעססא תרל"ה ז, 94: „אונזער צעך געהט נישט פּיסנע" דאָרט הייסט עס: ניכטערען, אָהן א כוסה.

3) אין וואָלין איז קאָליש, דאָס, וואָס אין ליטאָ און פּוילין—קרופּניק. זעה מענדעלי מוכר ספרים ב. V ז, 22 ב. VIII ז, 365 ב. I „אלטע מעשה" ז, 18.

זעה אויך א. בערנשטיין: „דעם אָרעם—מאן קאָסט זיין קאָליש טייערער, ווי דעם נגיד זיין יוך." ווענען קרופּניק זעה שלום עליכם ב. XIII ז, 58 אויך ביי א. בערנשטיין: „אז קרופּניק איז אן א אכילה, איז חאנדריזווקע א קהילה".

4) מענדעלי מוכר ספרים ב. X ז, 9.

5) ב. III „מילכיגס" ז, 3.

פיך- סמעטענע (?) און זויער מילך און סיוואראטקע (1...
„פון מילך האָט איהר קאשע מיט מילך, לאָקשען מיט מילך, רייז מיט מילך און טייגלעך (2 מיט מילך אין באלאבעשקעס (3 מיט מילך און פארפעל מיט מילך.

„היינט די מאכלים פון קעז און פוטער האָבען דען אַ שעור? „בערעכענט נאָר: קרעפלעך און וואַרעניקעס און וואַרניטשקעס (4 און אַ קוגעל און אַ מאהינע (5 און אַ טייגעכץ (6 און קנישעס (7 און מנישקעס (8 און בלינצעס און צרות—קניידלעך (9 און קאשניקעס (10 און ווערטליקעס (11

---

1) אין פוילען רופט מען עס: „פוטער—מילך", ווען איינער זעהט שלעכט אויס, זאָגט מען מיט ליצנות: „ער זעהט אויס, ווי א שווארץ—יאָהר אין דער פוטער—מילך" (זעה ביי א. בערנשטיין „אויסזועהען" 7 צוויי אנדערע וואריאנטען.)

2) זאָל עס זיין די פוילישע „קליסקעלעך"?

3) זעה שלום עליכם ב. XIII ז, 114 „באלאבעשקעס פון רעטשענע מעהל" זעה אויך דאָרט ז, 113: „א מילכיגען אָנבייסען—האלעשקעס, אָדער, באלאבעשקעס מיט מילך" זעה ווידער שלום עליכם ב. III „מילכיגס" ז, 8: „האלעשקעס, באלאבעשקעס"...
— באלאבעשקעס? —פע, א קבצנישער מאכל!"

4) זעה שלום עליכם ב. VII ז, 7: „רעטשענע וואַרניטשקעס. צו וואַרניטשקעס דאַרף מען פוטער".

5) זעה אויך שלום עליכם ב. XIII ז, 58 און ב. VII ז, 37

6) זעה אויך שלום עליכם ב. VII ז, 37 און: ז, 7 „א טייגעכץ נעמט צו די גאנצע פוטער".

7) דאָרט ז, 79: „די מילכיגע קנישעס אין אויווען האָבען זיך נאָך געפרעגעלט"

8) דאָרט, ז 8: „מנישקעס איז אזא מאכל, וואָס האָט א טעם פון צרות—קניידלעך".

9) אויך דאָרט ז, 37. איז דאָס נישט אמאָל דאָס זעלבע, וואָס ביי מענדעלי מוכר ספרים ב. IX ז, 62: סרח'ס קניידלעך"? (יענע שיינען אָבער צו זיין פליישיג).

10) זעה שלום עליכם ב. VII ז, 7 :„קנישעסמיט קאשע—איז קאשניקעס".

11) דאָרט ז, 37

און ווערטוטען 1) קאָרז מיט קעז 2) מאסליטשענעק קאשע און פֿיש געפּרעגעלט אויף פּוטער און אַ באַרשט אַמילכיגער און ראָזשינקע (?) און מאסלינקע (?)".

מענדעלי מוכר ספריםווידער האָט געהאט א שטארקע ידיעה אין די יודישע פֿליישיגע מאכלים, און ער גיט אונז אין ב. IX ז, 62 א ניש־קשה׳דיגען פֿליישיגען מעניו:

„אַ טאָפּ געבראָטענס פֿין קאָפּ—קיסליצע3) א לעדוויצע4) א־עסיג פֿליישיל 5) מיט א גריינשיל (?) איינגעהאקטע קוילען פֿון זאָדיק— פֿלייש אין זויערן. מלינצעס, סרח׳ס—קניידלעך6) ווארעניקלעך7) מיט קאשע אין גריוועו זראזעס8)

---

1) ש"ע דאָרט אויך ז, 37: „וואַרטעטען" ז, 66: „מלינצעס מיט ווער־טאָטען". אויך אין דעם שוין ציטירטען „משלחת" פֿון לינעצקי ז, 5 „שבועות׳דיגע ווערטעטען" און ז, 32: שבועות מיט די מילכיגע „ווערטוטען".

2) דאָרט אויך ב. XIII ז, 58, זעה אויך ב. I ז, 102 „באַב־קעלעך און קאָרזשעס".

3) אין דעם שוין ציטירטען לינעצקי׳ס „משלחת" ז, 87 געפינט זיך א רעדענסארט אויף צוויי זאכען, וואָס קומען נישט איינס צו אנאנדער: „דאָס מיט דעם איז פונקט ווי כרפס מיט קיסליצע". און אין זיין וועלט—לוח פֿונ׳ם יאָהר אין כסף" (אדעססאַ תרל"ה) ז, 8, שרייבט ער, דאָס די היינטיגע וועלט רופט אפּראָסטע קיסעליצע—קאָמפּאָט.

און נאָך דעם אללעם וויים איך ערשט רעכט נישט, וואָס איז אזוינס א קאָפּ—קיסעליצע", זעה נאָך ביי שלום עליכם׳ן: „איבערגעפּרוּירען, ווי די קיסעליצעס" ב. I ז, 128.

4) ביי מענדעלי מו"ס ב. XI ז, 18 רעדט זיך, וועגען א גע־בראָטענע לעדוויצע מיט קאשע. זעה אויך ב. IX ז, 93

5) זעה אויך מענדעלי מו"ס ב. VIII ז, 311

6) "סרח" איז, ווי בעקאנט, דער נאָמען פֿון אשר׳ס טאָכטער. וועגען וועלכער די אלטע יודישע לעגעדע ווייסט אזויפיעל צו דערצעהלען, וואָס פאר א שייכות זי קאָן האָבען צו וועלכע ס׳איז קניידלעך, איז מיר אומבעגרייפֿליך.

7) זעה שלום עליכם ב. XIII ז, 58, וועגען ווארניטשקעס מיט שכאלין, ביי מענדעלי מו"ס ב. VII ז, 151 רעדט זיך וועגען א גרויסען שווארצען, אינוועניג מיט קעז אָנגעפילטען ווארעניק. און זעה אויבען אנמערקונג 14.

8) אויך ביי מענדעלי מו"ס ב. VIII ז, 311: א „זראזעלע".

אָנגעפּילטע העלזלעך 1) פּוילע- וואַרעניקעס"(?)

אויך אין ב. XII ז, 18 רעכענט ער אונז אויס א גאנצן צעטעל יידישע מאכלים:

„אַ געבראָטענע לעדוויצע מיט קאשע, אַ ראָסעל פליישל, אַ לאָקשען-קוגעל מיט אַ גנב—איין אָנגעפּילט העלזעל איוועניג—פאַרפעלעך איינגעפרעגעלט מיט גריווען. חרעמזעל, פראַקעס 2) פּעטשע מיט לעבערלעך, פּעניצלעך 3) רעטיך מיט ציבעלע, אַ קראָפּ פון אינדיק אין אַ פאַסטאַרנאַק-צימעס".

וועגן עטליכע מאכלים פון דער דאָזיגער לעצטער רשומה וועט אונז נאָך אויסקומען צו רעדען אויספיהרליכער, ווייל זיי געהערן צו די שבת'דיגע אָדער יום טובדיגע מאכלים,

אלס ספּעציפיש בעסאראבישע מאכלים, רעכענט מענדלי מוכר

---

1) ביי מענדעלי מו"ס ב. VIII ז, 311: „א צימעסיל מיט אהעלזעל אָנגעפּילט אמאָל מיט פאַרפעלעך, אמאָל מיט קאשע און גריווען, צוגעדעמפּט, פערברוינט". (זעה אויך כל כתבי ממו"ס ב. III ע. 327 („האבות והבנים"): „הגרגרות הממולאות בגרש כרמל ובסולת מרבכת ובשמני תרנגולים". שלום עליכם „לכבוד יום-טוב" ז, 37 שרייבט: וואָס קאָן זיין בעסער פון א יודיש העלזעל געפּילט מיט מעהל?" דער עולם האָט זעהר ליב געהאט מעגעלעך, (דאָס זעלבע, וואָס העלזלעך) און מען זאָגט: „ווער עס טויג זיך, דער עסט מעגעלעך".

אלזאָ האָבען מיר שוין צווייערליי העלזלעך: 1) אין דער יוך מיט'ן פלייש צוזאמען געקאָכט. 2) אין צימעס געקאָכט, פאַרהאן אָבער נאָך א דריטער סאָרט מעגעלע, אלס „גנב" זעה מענדעלי מוכר ספרים ב. XI ז, 18 אָבער וועגען דעם גנב, וועט אונז נאָך אויסקומען צו רעדען ביי די שבת'דיגע מאכלים.

2) אין בעסאראביען עסט מען פראַקעס יעדען שבת און יום--טוב. וועגן איינער פאָהרט אויף שבת צו א גוטען יודען, זאָגט מען דאָרט מיט ליצנות: „ער איז געפאָהרען צום רבי'ן כאפּען פראַקעס" זעה מענדעלי מו"ס ב. I אלטע מעשה ז, 18 זעה כל כתבי ממו"ס ב. III ז, 41 דאָרט פערטייטשט ער: „פראַקעס כיצד? אלו כריכות בשר מרוסקין, כרוכין בעלין של ירק מתובלין ומטוגנין בשומן יפה יפה". איך האָב געהערט אז צו די פראַקעס וערען בעזונדערס גענומען בלעטער פון א ווייַנשטאָק.

3) שיינט אז דאָס זאָל זיין דאָס זעלבע וואָס אין פוילען: „וועמפּלעך", דאָס איז א געליבט פויליש מאכל פון צווישניטענעם בית-הכוסות, אזוי אָבער, ווי עס איז שווער אָבצורייניגען עס פון'ם צוגעקלעפּטען חלב פלעגען פרומע ווייבער עס נישט עסען, און זאָגען: „אז מען עסט א פונט ווענמפּלעך, עסט מען א ליטער חלב".

ספרים ב. XI ז, 85: „מאמעליגע, נערייבערטע שאָפֿען־פֿלייש מיט דאַרע קישקע (1 און קאָרע".

„מאמעליגע" דאָס איז דער ספּיציפֿיש בעסאראביש־רומענישער מאכל, אזוי, דאָס ער האָט פּשוט זיין סטעמפּעל ארויפֿגעלעגט אויף דער בעסאראבישער בעפֿעלקערונג. און אויף יודיש רופֿט מען אויך די בעסאראבער, סתם מיט'ן נאָמען: „מאמעליגעס" (2

אויף דעם דאָזיגען מאכל, זאָגט מען אויף יידיש אזוי: „מען מישט עס מיט אַ דריק, (3 מען שניידט עס מיט אַ שטריק, מען עסט עס, ווי אַ ביק און מען בענשט, ווי אַ פֿליג" (4,

מאמעליגע עסט מען און מען פֿערבייסט מיט קאָרע (5

וואָס איז אזוינס קאָרע? וועגען דעם פֿערצעהלט אונז אַ ליטוואק, וואָס איז צוריק געקומען פֿון בעסראביען, בזה הלשון

„די ווידלען ביי די שעפּסען זענען דאָרט אָבגעגאָסען מיט שמאלץ און

---

1) זעה מנדלי מו"ס ב, XI ז, 82 דאָס א דארע קישקע פֿלעגט מען קאָכען צוזאמען מיט קארטאָפֿעל, זעה אויך שלום עליכם ב, II ז, 106 זעה אויך ב, I „ספר הקבצנים" ז, 50: „בולבוכים מצטמקים בבצלים ובנוקניקא צנומה" (העברעאישע אויסגאבע). פֿון לינעצקים שוין ציטירטען „משלחת" זעהטמען, דאָס „דאַרע קישקע" פֿלעגט מען רופֿען אונזער וואורשט, זעה ז, 82 ז, 91 און נאָך.

2) זעה ספּעקטאָר ב, I ז, 63: „בעסאַראבער מאַמעליגעס". און שלום עליכם ב, XII ז, 110: „אזא בעסעראבער מאמעליגע".

3) דריק — א דראָנג, א שטעקעלע. מיט דעם מישט מען עס בסדר ביי'ם קאָכען. זעה אויך ספּעקטאָר „יודישע וועלט" ז, 40: „גענומען דריקעס אין די הענד". ד. ה. דרענגער.

4) זעה ספּעקטאָר ב, I ז, 67 און א. בערנשטיין „מאמעליגע", דער לעצטער פֿערטייטשט, בכן, ווער עס געניסט פֿון דעם שווערען עסען, ווערט דערפֿון מיד און שלעפֿעריג און בענשט מיט א האלב מויל", איך גלויב אבער, אז דער אמת'ער פּשט איז פֿאָלגענדער: אויף מאמעליגע ברויך מען נישט צו בענשען, דען ס'איז דאָך א נעקעלע, און אויך דארף מען נישט קיין „על המחיה" מאכען, דען ס'איז נישט פֿון מעהל פֿון די „חמשת מיני דגן", נור פֿון קוקורוזא, מאַיִס־מעהל, און נאָך דער גאנצער זאטער סעודה, מאכט מען דעריבער סך־הכל א קורצען „בורא־נפשות" דעריבער הייסט עס; „מען בענשט, ווי א פֿליג".

5) מענדלי מו"ס ב, V „די ענטדעקונג פֿון וואָהלין" ז. 10

שלעפּען זיך פֿון הינטען  נאָך אויף רעדלעך, קאָרע, הייסט עס דאָרט" 1)

געקעכבצער זענען נאָך פאַרהאַן: אַ טייגעכץ מיט לעבערלעך, אָדער נירעלעך איבערגעטרייבערט מיט פערפעלעך, אויף אַ יודישע יוך מיט מאנדלען 2) אַ פּאמפּעשקעס (?) מיט קנאָבעל 3) אָדער פּאמפּעשקעס מיט קעז' 4) מאַנשקעס (?) 5) בערעטשקעס מיט פלאָמען 6) קאשע מיט האָניג 7) הירזש מיט האָניג 8) אָדער הירזש מיט מילך 9) אויף אַ געוועגליכען פרישטיק האָט מען געגעסען האלעשקעס אָדער בלאַבעשקעס מיט מילך, פיש—קארטאָפּעל מיט ציבעלעס 10) בעלי—מלאכות פלעגען עסען אויך קארטאָפּעל געקאָכט אין דישאָהלען 11) אָדער, ווי מען רופט" זיהיינט:, אין די מונדירען",

בארשט פלעגט זיין אויסער דעם פּסח'דיגען און שבועות'דיגען, וועגען וועלכע עס וועט נאָך אויסקומען צו רעדען—אויך—וואלכישער בארשט (?) 12)

עס פלעגט אויך זיין געריוכערטע צינגען 13)

עס פלעגען אויך זיין פֿארשידענע וואָכנעדיגע געבעקסער:

---

1) דאָרט זעה אויך שלום עליכם ב, XIII ז, 58 וועגען מאמע־ליגע און ספעקטאָר ב, I ז, 67 וועגען פּעטע קאָרעס.

2) שלום עליכם „לכבוד יום—טוב" ז, 37 וועגען אַ טייגעכץ זעה אויך שלום עליכם ב, XIII ז, 58 ב, VII ז, ז, 37, 44. ב. II ז, 14. זעה אויך שלום עליכם ב. XIII ז, 58 ב, VII ז, 144: „א טייגעכץ מיט פאסאָלעס".

3) דאָרט. ב, XIII ז, 58

4) דקרט. ב, VII ז, 144

5) דאָרט. ב, VII ז, 37

6) שלום עליכם ב. XIII ז, 58 שיינט צוויין אזא מין צימעס.

7) דאָרט.

8) פרץ „משופע" ז, 344

9) אין מיין יוגענד האָב איך עס איינמאָל געגעסען.

10) שלום עליכם ב, XIII ז, 113. זעה ביי מענדלי מו"ס ז, 82: „פֿון אונזערע קארטאָפּלעס און ציבעלע האָט דאָך געקאָנט זיין נאָר פיש—קארטאָפּעל".

11) מנדלי מו"ס ב. II ז, 87

12) שלום עליכם ב, XIII ז, 58

13) דאָרט ב, II ז, 106

פלעצלעך, בוימעל—בולקע,ס סוחא׳ קעם אויף מאנדלען, באבקעס 1) רויזענבולקעס, 2) אין בעסראביען באקט מען שבת צו דער מוציא „רויזענפלעצעל״

ספעקטאר דערצעהלט אונז, וועגען א ביזסאראבישע שוואנגערען פרוי, וועלכע גרייט זיך צו צו קינפעט, פוטערבילקעס געבאקען און געטרוקענט אין · א זעקל א גאנצען חודש, ד. ה. אז נאכ׳ן באקען הענגט מען זיי אויף אין לייווענדנע זעקלעך איבער דער סטעליע, זיי זאלען זיך ניט אויסטריקענען און זיי זאלען זיך אין מויל צושיטען 3)

אלס גוטען געטראנק, פלעגט מען טרונקען לאקריצע און ראזינקע וויין 4)

טהע פלעגט מען אויך א סך טרינקען, בעזונדערס זענען דערמיט בערוהמט די רוסישע און ליטווישע יודען. נאר אפילו אין פוילען זאגט מען אויך: „טהע און תהלים שאדט נישט״ און טוביה דעם מילכיגינ׳ס ווייב זאגט: אהן דעם גלעזעל טהע, בין איך אין דער פריה גאר א טויטע״ שלום עליכם ב. VII ז, 12)

חברה קדישא פלעגען נאך דער קבורה פון א מת אריינפאלען אין א שענק מאכען א כוסה און פערבייסען מיט פופקעס און לעבערלעך 5) בכלל פלעגט זיין א בעזונדערס געליבטער נאש ארער, „לאבונג״— פופקעס און נארגעציקעס״ 6)

יודען, בעזונדערס הסידים 7) פלעגען ליב האבען נעמען גליך

---

1) דינעזאהן „הנאהבים והנעימים״ ב. II ז, 69

2) געגעסען אויף א ברית זעה מענדעלי מו״ס „פישקע דער קרומער״.

3) ספעקטר ב. I ז, 68 ב. II ז, 96.

4) מנדלי מו״ס ב. V „איבער א שטארט״ ז, 21

5) שלום עליכם VII ז, 35

6) ד. ה. מעגעליך. זעה דינעזאהן „הנאהבים והנעימים״ ז, 12 מנדלי מו״ס ב. V ז, 29 מארים ראזעגפעלד רעכענט צווישען די מעדנים פון א חתונה אפילו, פעטע פופקעס, לעבערלעך, און רארע העלולעך. (ב. I ז, 297)

7) זעה מיין „וואונדער אוצר פון דער יודישער שפראך״ ז, 33— 34. זעה אויך לינעצקים „וועלט—לוח פונ׳ם יאהר אין כסף״ז, 9: „חסידים מיט שנאפס און רעטשאגעק״

זעה אויך זיין „משלחת״ ז, 30 דאס חסידים זענען מחדרים אויף פראזדניקעס צו טרינקען תיקון אין קליזעל און מאכען קערמישלעך. מיט דעם איז בכלל פול די גאנצע דאמלסדיגע טשבילישע ליטעראטור.

נאָכ'ן דאווענען, שוין אין בית—המדרש אָדער, קלויז אַ טרונק בראָנפען. דער שמש פלעגט דעריבער טאָקי האַלטען אַ שענקעל פון בראָנפען מיט „פערבייסאכץ": קיכלעך, אייער—ביגעלעך 1) רעטשאניקעס 2) און קארנלעקעך" 3) פורים פלעגט מען פערבייסען מיט רישעלעך" 4)

אויף שמחות א. ד. ג. פלעגט מען מכבד זיין מיט בראָנפען און לעקעך 5) מאכען פאר'ן עולם שבת נאָכען דאווענען „אַ קידוש" ציליב עפּיס אַ שמחה, הייסט דעריבער: מאכען „אַ לעקעך און בראָנפען" 6)

בראָנפען רופט מען: „די ביטערע משקה" 7) „דער ביטערער טראָפּ"8) „שליש„ 9) „שבת'אָוקע" אָדער, „שבת'קאָווע שליש„ 10)

אויף אַ שכור זאָגט מען: „ער האָט ליב אַ כוסה" 11) „ער האָט ליב ס'גלעזיל", 12) „א כוסה בחור".

„ער איז פערלעקט" 13) „ער האָט ליב דעם לעק" 14) „ער

---

1) מנדלי מו"ס ב. VII ז, 131

2) זעה אויבען אויך ביי מנדלי מו"ס ב. X ז, ז, 18, 26, און 82, ביי שלום עליכם'ן ב. I ז, 102: „רעטשאניקלעך".

3) זעה מנדלי מו"ס ב. XI ז, 16

4) מנדלי מו"ס ב. IX ז, ז, 57, 61, אין פוילען הייסט עס „רעסעלעך".

5) שלום אש „מאָטיווען" ז, 138

6) „דער וועלט—לוח פונ'ם יאָהר אין כסף" פון עלי קצין הצחקיאלי ז, 18 „דאָס פוילישע יונגעל" תרמ"ה ז, 13

7) „דער וועלט—לוח" ליגעצקי ז, 74

8) שלום עליכם ב. VII ז, 58 „דאָס פוילישע יונגעל" ליגעצקי,ז, 59, 96

9), מנדלי מו"ס ב. VII ז, 131, ליגעצקי, „דאָס פוילישע יונגעל" ז. 65 „משלחת" ז, 9.

10) ליגעצקי "משלחת" ז, 91

11) שלום עליכם ב. VII ז, 60. א. בערנשטיין „מלאכה" 12

12) זעה אויך שלום עליכם ב. VII ז, 40: „יצאה נשמתו בגלעזיל".

13) — פערטרונקען, מנדלי מו"ס ב. V ז, 35

41) ליגעצקי, „וועלט—לוח" ז, 50, אויך „משלחת" ז, 94: „א פולקע מיט א לעק" (— מיט א כוסה.)

איז פֿעֶרקנאקט״ 1) פערקלאפּט 2)

בעזונדערס פֿלעגען חסידים ליעב האבען צו מאלען א „קערמישעל״ 3) לאפּען „א טשארקע״ 4) און טרינקען „מאָהריטש״ 5), ביי זיי ווערט עס אָבער גערופֿען „תּיקון״, דען מ׳מוז דערמיט מעלה נשמות און מתקן גאנצע עולמית, אזוי שרייבט ליניעצקי: „זיי זענען זיך הייסע חסידים דערווייל לאפּט מען איין ביסעל בראָנפֿין, איין שטיקעל בילקע, אַ מאָל איין פּופּיק, ביי איין סעודת מצוה, וואָס טרעפֿט זיך אָפֿט, היינט איז איין שלום זכר, אַ ברית, אַ שלישי למילה, מאָרגען תּנאים אויף רופֿענס, אַפֿאָרשפּיל, אַ אָרים מאָל צייט, אַ חתן=מאָל, אַ חופּה וויעטשערע, שבע ברכות און גאנץ שבעת ימי המשתּה חנוכּה, פּורים, שמחת בית השואבה, שמחת תּורה, אַ יומא דפּגרא, און ווי זיינען די נייע פּראַזניקעס, היינט איז דער צדיק ארוים פֿון אָסטראָג, מאָרגען איז זיין יאָרצייט וכּדומה...״ 6)

בראָנפֿען הייסט נאָך: „אבִיסעל משקה„ „אביסעל מהכיתִּיתי„ 7)

---

1) ממו״ם ב.X ז, 102, ב.Vl ז, 83 שלום עליכם ב. VII ז, 59, „לכבוד יום—טוב״ ז, 218: שכורים זענען מרמז אויף אַ גלעזעל בראָנפֿן מיט א קנאק אין גאָרגעל, זעה לינעצקי „משפּחת״ ז, 92 א טרונק בראָנפֿען רופֿט זיך אויך: „א קנאַק—יעקב״. זעַה אויך „דאָס פּוילישע יונגעל ז, 64

2) שלום עליכם ב.VII ז, 59.

3) „דאָס פּוילישע יונגעל״ ליניעצקי׳ס ז, 15 אויך מענדלי מוכר ספרים.

4) מאני דלוגאָטש, „דער עולם התּוהו׳ניק ז, ז. 29, 31, 79.

5) דאָרט. ז, 63, אָקסענפֿעלד „דער ערשטער יודישער רעקרוט״ ז, 42, שלום עליכם ב. 1 ז, 73

6) „דאָס פּוילישע יונגעל״ ז, 98, זעה אויך מענדעלע מו״ס ב. 1 „ספר הגלגולים״ ז, 9

7) שלום עליכים ב׳ XIII ז׳ 9: „ותלמוד תּורה כּוגד כּלם—אביסעל משקה, אביסעל מהכיתיתי איז בילעכער פֿון אלץ״, זעה אויך „יודישע קינדער״ ז. 200,

פרינקען בראָנפען ,הייסט אויך: „מאכען א שהכל 1) ווילענדיג זאָגען אויף איינעם דאָס ער איז אָנגעטרונקען, זאָגט מען ער איז א ביסעל „מבושם־דיג" 2), „ער האָט מעהר אין קעפעל, ווי איך אין פלעשעל"

בראָנפען הייסט נאָך: „מים המאררים" 3), אכוסה רופט מען „אַ גאלקע" 4), שלום עליכם (יאסעלע סאָלאָווי" ז. 185) שרייבט: „אַ יוד אז ער וויל זיך פרעהען, בעדארף ער זיך נעהמען מיט געוואלד, זיך אָנטון אַ כח, און מען מאכט א כוסה מיט געוואלד, וואָרים ניט אין דער טבע פון אַ יוד איז אַ כוסה צו מאכען, און ווער עס קאָן ניט טרינקען גיסט מען איהם אריין מיט געוואלד אין האלז אריין, בלשון השכורים—„מען האקט איהם אריין א גאלקע" 5),

טרינקען בראָנפען הייסט אויך: „צעלען" 6), „שוועלען" 7),

אז מ'חיל זאָגען אויף איינעם ער איז שכור, זאָגט מען: „ער איז מלא" 8), „ער איז אונטער'ן גלעזעל" 9), „ער האָט זיך געזועהען מיט'ן גלעזערנעם גאָט" 10) „ער איז נישט אליין" 11) „ער שלאָפט

1) זעה א.בערנשטיין „שהכל" און „לעבען" 1 שלום עליכם ב. XII ז, 178 שרייבט אפילו: „דער ערל האָט שוין געמאכט „א שהכל"

2) שלום עליכם ב. XIII ז, 13 אין פוילען זאָגט מען „מבושם'דיג", אויך אויף איינעם, וואָס איז אַ ביסעל אראָב פון שכל, בעזונדערס אויף א חשוב'ען מענש, וואָס מען וויל וועגען איהם דאָך רעדען בדרך כבוד

3) ליניעצקי „ד אָס פוילישע יונגעל" (אדעססא תרמ"ה) ז. 75

4) „דער עולם התוהו'ניק" זומאָמיר 1875 פון מאָני דלוגאטש ז,ז, 26 31

5) אקסענפעלד, „דער ערשטער יודישער רעקרוט" ז, 26

6) זעה אויך יאָסעלע סאלאווי ז. 186: „לאָמיר טרינקען חברה וויין ,שניידען גאַלקעס אין האלז אריין.

7) „די געשיכטע פון בבא" ווילנאַ תר"ע ז, 40

8) דינעזאָהן „הנאהבים" ב, III ז, 57, א. מ. דיק „די שקלאווערייי" ב, I ז, 26 (ווילנאַ 1886)

9) „דער עולם התוהו'ניק" ז, 165 מען זאָגט אויך: „ער איז כלי משקה" זעה בראשית, י"ג,וי"ד

10) שלום עליכם ב, VII ז, 40, מאָטיל דעם חזנ'ס" ז, ז, 118.112.

11), א, מ. דיק, „נטע גנב" (ווילנא תרמ"ז) ז, 4, 65, 64

זאלבעדריט, דען ער האָט צוויי פלאשען אויסגעטרונקען 1)
די שיכורים רופט מען: „די פיאניי העיר" 2), אלס פאראדיע אויף „פני—העיר".

פרץ, פערצעהלט עפּיס, וועגען דער מילך, דאָס מען עסט איהר אויף דער לינקער זייט טעלער 3), איך בין אויף דעם נישט קלוג, איך האָב עס אין ערגיץ גישט געפונען און אין ערגיץ נישט געזעהען און נישט געהערט,

איך האָב מורא דאָס פרץ זאָל דאָ נישט האָבען געהאט עפּיס א מאוסען טעות,

אויף פערשידענע צדיקים און גוטע—יודען פערצעהלט מען, דאָס זיי האָבען נישט געוואָלט הנאה האָבען פון דער וועלט, און פלעגען אָנשי־טען אין עסען זאַלץ מיט פעפער. 4)

שלום—עליכם זאָגט אונז סתם א כלל אז יודען האָבען ליב געפעפערט און געזאלצען: „מעהר פון אלעם האָבען זיי ליב מרור, ביטערע קרייטעכצער, פעפער זאָל זיין אסך, גוטע הארבע חריין5)..."

דאָס איז אָבער נאָר וואהר בנוגע ליטווישע יודען, פוילישע האָבע דאנעגען ליב זיסע און פעטע מאכלים 6).

אמת איינינע יודישע שפּרוכווערטער בעהויפּטען אז נאראָנים האָבען ליב זיס 7), זאָגט מען אָבער דאָך: „רוף מיך נאר, נאָר גיב מיר לעקעך" 8) אָר"ם הכהן פלעגט ליב האָבען זיס, און אז מען פלעגט־איהם אנווייזען, אז דאָס איז א מדה פון נאראָנים, פלעגט ער זאָגען: דער מדרש זאָגט אויף שלמה המלך: ויחכם מכל אדם—אפילו מן השוטים. דער טייטש איז, אז פון יעדען מענש, אפילו פון א נאר קאָן מען אָבלערנען עפּיס א דבר חכמה, און שלמה האָט אפילו די חכמה פון די נאראָנים אָבגעלערנט.

וואָס פאר אחכמה קאָן מען אָבער אָבלערנען פון נאראָנים?

---

1) א. מ. דיק „נטע גנב" (ווילנא תרמ"ז) ז,ז, 64,65
2) מנדלי מו"ם ב. I „אלטע מעשה" ז, 5
3) פרץ „דאָס שטריימיל" ז, 54
4) זעה ספּקטאָר ב. III ז, 122
5) שלום עליכם ב' XIII ז, 58
6) זעה אין „ספר הזכרונות" פון א"ש פרידבערג, אין איינעם פון די פעליעטאָנען.
7) א. בערנשטיין „נאָר" 11, 34, טענדלוי נומער 971
8) א. בערנשטיין "נאר" 75, שלום עליכם „יאָסעלע סאָלאָוויי" ז, 145

—ליב האָבען. זיסע זאַכען. 1)

מענדלוי 2) דערצעהלט אַ אנעקדאָט: מענדעלזאָהן פּלעגט ליב האָבען זיסעס, אז איינער האָט איהם אָבער אויפמערקזאם געמאַכט, אז די וועלט בעהויפּטעט, דאָס נאָר נאראָנים האָבען ליב זיס, האָט מענדעלזאָהן געזאָגט, אז דאָס האָבען די קלוגע אויסגעטראַכט מיט פּליים אום די נאראָנים זאָלען מורא האָבען צו עסען זיסעס און עס אינגאנצען איבערלאָזען פאר זיי.

א בערנשטיין האָט אָבער פון דעם נישט געוואוסט, ווי עס, ווייזט־אויס, און ער ברענגט סתם אלס אַ יודיש שפּריכוואָרט: „אז די נאראָנים האָבען ליב זיס, האָבען די חכמים אויסגעקלעהרט".

וועגען איינגעמאַכטסען זעה ביי שלום עליכם, ב. I ז, 160. איינגעמאַכטסען פּלעגען בענוצט ווערען כמעט נאָר אלס „לאַבונג" פאר קראנקע 3), פרומע ווייבער פּלעגען זומער אָנפּרעגלען „לאַבונג" פאר ארמע קראנקע 4) און די גבאי'טעס פּלעגן צוזאמען קלויבען איינגעמכטס ביי די ווייבער אין הקדש אריין 5), און דעריבער פערצעהלט אונז שלום עליכם, דאָס בשעת די מוטער פּלעגט פּרעגלען מאלינעס, פּלעגט זי זאָגען: „הלואי, זאָל מען זיי ניט בעדארפען" 6). דען זי האָט מורא געהאט, דאָס שוין בלויז מיט'ן אָנגרייטען איינגעמאַכטס, זאָל זי זיך נישט „אָנצייכענען" עפּעס אַ קרענק.

אינטערעסאנט איז וואָס דיק דערצעהלט אונז 7) וועגען די קליינע שטעדטלאך, דאָס „שאלות ווערען דאָרט גאנץ זעלטען, דען נאָך האָט זין דאָרטין נימ געטראָפען אשאלה א געוויינליכע, איינע פּער־מישונג פון מילכיגס מיט פליישיגס, דען אום זומער האָט מען דאָרט ניט געקאָכט קיין פליישיגס און אים ווינטער קיין מילכיגס".

מיר האָבען שוין אויבען געשריבען איבער דעם שטייגער צו

---

1) געהערט אין וואָלאָזין.

2) „Sprichwörter uud Redensarten" פראַנקפורט אם־מיין 1860 נומער 971

3) זעה א. מ. דיק „די שקלאַווערייי" (ווילנא 1868) ז, 20: זייערע ווייבער ליגען אין קינדבעט ברענגט ער לאַבונגען"

4) א. מ. דיק „דער פּאָרטאָפּיאַניסט" ווילנא תרל"ח ז, 32

5) לינעצקי "דאָס פּוילישע יונגעל" ז, 14

6) „יודישע קינדער" ז, 143

7) „דער פּאָרטאָפּאַניסט" ז, 8

צובייסען צום בראָנפען רעטשענע קיכלעך 1), עס זענען אָבער געווען אויך רעטשענע טייגלעך (?), וועגען וועלכע מאַני דלוגאטש פערצעהלט, 2) פאָלגענדעס: „ביי אונז אין פוילען טוען די אלטע ווייבער דעם מנהג דאָס פאר „כל נדרי" שיטען זיי זיך אָן פולע זאָקען מיט רעטשקע און שטייען אָב דעם גאנצען יום כפור'דיגען טאָג אויף דער רעטשקע. און נאָך נעילה, אז זיי הייבען שוין אָן אוים צו טרעסען די זאקען, זאָגען זיי די תפלה קצרה: רבונו של עולם! מיר זאָלין האָבין איים ניביטן רעטשענע טייגלעך אויף א גאנץ יאהר".

נאָר ווער ווייסט אָבער, צו די לעצטע תפלה איז נישט א מאָל אין גאנצען א ליצנות פונ'ם מחבר.

דער זעלבער מאַני דלוגאַטש דערצעהלט אונז אויך 3) דאָס די במלנים שמועסען דעריבער, וואָס די גוים עסען אין דער „בלינדער נאַכט(?) קנישעס מיט ארבעס, קנישעס מיט ציבעלעס, קנישעס מיט בעריקעס".

יעצט צום סוף. נאָך א טונקעל ארט ביי ליניעצקין 4): „איין פערדריפעט מיידעל, וואָס ביים פעטער ר' שמטשי האָט זי געשניטען לעמישקע פאר פלייש, און פון קאָרושעס האָט זי געמאכט גאלובטשיקעס".

1) זעה אויך „דער עולם התוהו'ניק" פון מאַני דלוגאטש ז, 138. און ביי ליניעצקין „דאָס פוילישע יונגעל" ז, 29: דאָס רעטשנע פלעצלעך מיט מאָהן פלעגט די רביצין פערקויפען די קינדער אין חדר צו צוויי גראָשען א פלעצעלע.

2) 3) „דער עולם התוהו'ניק" ז, ז, 18 28

4) „דאָס פוילישע יונגעל" ז, 19

III.

# די שבת'דיגע מאַכלים.

באלד מיטוואָך, ווען מען זאָגט ביי'ם דאוונען אינ'ם „יום" די פסוקים „לכו נרננה", הויבט שוין אָן אָנצוקומען דער ריח פון שבת און צוזאמען מיט אידם די זאָרג: פון וואנען נעמט מען אויף שבת? 1)

די עלטע הכנות הויבען זיך אָבער אָן ערשט דאָנערשטאָג, אזוי ניט אונז איבער אייזיק מאיר דיק, דאָס „איינער האָט זיך בדרך הלצה בעקלאָגט דאָס ער האָט קיין מאָל קיין גוטען דאָנערשטאג גיהאט. אלס ער וואר נאָך ביי דער מוטער אין בויך פלעגט ער ווערען אום דאָנערשטאג הארט געדריקט פון די קרוצקע, מעל, און פלייש, וואָס די מוטער האָט אָנגעהאָצעט אין פארטוך אויף שבת, אלס ער איזט גיבאָרען גיוואָרין, פלעגט ער דאָנערשטאָג בלייבין אָן גאַל שרייענדיג פון הונגער, ווייל די מוטער איז אוועק אין גאַס צו מאַכען איין איינקויף אויף שבת און פלעגט זיך פערגעסען צו קומען צוריק, און נאכהער, אלס איך בין גיוואָרין אַלט אַ יאהר פינף און האָב אָן געהויבען צו גיין אין חדר, פלעגט מיר דער רבי אַראָבנעמען די הויט דאָנערשטאג, דאָס איך זאָל קענען וואָס איך האָב געלערענט א גאנצע וואָך. און אלס איך האָב חתונה געהאט, פלעגט די ווייב בעטען אום דאָנערשטאַג אויף דעם הייליגען שבת"2). און אז מ'האָט שוין געהאט „אויף שבת", האָט זיך ערשט אָנגעהויבען די גרויסע פעראנטווארטליכקייט פון דער יודישער פרוי צו צו גרייטען „אַ שבת–ווער צו גאָט האָפט..."

1) די דאגות זענען אָבער נישט געווען גלייך, ווי זאָגט דאָס שפריכוואָרט: „איינער זאָרגט פאר אקוגעל, דער אנדערער פאר א גאנצען שטאָלענד" „סערקעלע" (1875) ז, 20

2) „דער פאָרטעפיאניסט" ווילנא תרל"ח ז, 15

„... שבת׳דיגע מאכלים אין פוילען, וואָלטען די ווייבער זיך געלאָזט מקריב זיין. אַז עס טרעפט זיך אַ מאָהל, אַז איין מאכל ווערט חלילה קאַליע—איז דער סלוטשיי אַזוי טרויעריג ביי זיי, גלייך ווי זייער בן־יחידיל וואָלט זיך אויס געוועבנט אַ פּיסעלע... די מאכלים זענען דאָרט אַזוי פּעהייליגט, אַז זיי גלויבען אַז דאָס גאַנצע שבת׳דיגע עסען: דעם טשילענט, מיט׳ן קוגעל קאָכט אָפּ אַ מלאך... 1)"

אין נישט קיין וואונדער, מען מוז קענען דאָס דאַמאָלדיגע יודישע לעבען אום צו פערשטעהען דעם יודישען שבת.

אָט שילדערט אונז א. מ. דיק דאָס לעבען פונם שטעדטיל:

„דאָס שטעטעלען איז אַ גאַנצע וואָך ווי אויס געשטאָרבען און זעהט אויס ווי איין ווייבער רייך, דאָס הייסט. ווי אין מלוכה, וואס ס׳לעבען אין איר נאָר ווייבער, ווייל די מאַנסלייט זיינען די גאַנצע וואָך ביז פרייטאג אַלץ אויף דעם לאנד, גייען אים איבער די דערפער און הויפען מיט אַלערהאַנד גאַלענטערי זאַכען און בייטען עס דאָרט איין אויף פלאַקס, וימעז, פּעלכלאַך פון האָזין פון קעלבער, אויף חזיר האָר, אויף פּעדערין, אין שטעטיל בלייבען נאָר די פרויען, קינדער, כלי—קדש, די ישיבה.

דער פאַר אָבער אים פרייטאג ווערט די שטעדטיל בעלעבט און זעהט אויס ווי עס וואָלט גיוואָרין אין איר איין קבוץ גליות..." 2)

אַ גאַנצע וואָך איז מען געווען פערוואָגעלט, פעריאָגט און פער־צאָגט, נישט דערעסען, נישט דערשלאָפען, שבת איז מען זיך נאָך אַ וואָך ליידען צוזאַמען געקומען און אין הייליגער רוה געוואָלט ווי אם שענסטען געניעסען פון די פאר שווער־אויסגעהאָרעוועטע, פון מויל—אָפּגע־שפּאָרטע גראָשענעס,

און נישט גרינג איז דאַן אָנגעקומען „שבת צו מאַכען" ווי עס געהער צו זיין.

די געבּרויכען פון קהל זענען דאַמאָלס געווען זעהר גרויס, זיך אויסצוקויפען פון כל—המיני גזרות, אצינד נאָך די מוסטערהאַפטע ווירטשאַפט פון די ראשי־הקהל, פון די פרנס־חודש׳ם, און דעריבער „זענען דאַן געוועןַ פערזעצט אין די פוילישע שטעטלעך נישט נאָר די הענגלאַכטערס פון די בתי—מדרשים, די ספרי תורות און דער כתר, עס זענען אויך געוועזען פעריזעצט און פערדינגען די היַיווען, מעהל, לעכט, פלייש, זאַלץ און וואָס נישט? 3),

1) מאַני דלוגאַטש־„דער עולם התוהו׳ניק" זיטאָמיר 1875 ז, 33

2) „פייגעלע דער מגיד" ווילנא תרכ"ה ז, 17

3) מאָני דלוגאטש, דער „עולם התוהו׳ניק" ז, 133

און אזוי איז געוועזען אויף יעדע זאַך וואָס א יוד האָט געברייכט אַ-בלוט יקרות, שרעקליך שוועהר האָט בעלאסטעט דאָס יודישע לעבען די קאָ-ראָבקע 1), כאָטש איך בין חושד, אַז דאָס וואָס די דאמאָלסדיגע משכילים, האָבען אזוי מרעיש עולמות געוועזען אויף דער „טאַקסע״ איז דאָס נישט אזוי געוועזען פון ליעבע צו די פאָלקס-מאסען, נאָר ווייל די קאָראָבקע-געלדער האָבען געגעבען די פרנסים דעם כח צו פיהרען זייע־ ממשלה אין דער יודישער גאַס.

אַ גאנצע וואָך האָט מען קיין פלייש נישט געגעסען, אָבער איך אויף שבת איז עס גרינג נישט אָנגעקומען.

יצחק בער לעווינזאָהן דערצעהלט אונז, ווי מען האט זיך גצמיזט הרג׳נען און שלאָגען ביז בלוט, ביז מ׳האָט זיך דעררריסען צו בעקי-מען געקויפט אַ שטיקעל פלייש אויף שבת,

און ער לאָזט אויס מיט אַ קרעכץ:

„אַבושה, אַ חרפה פאר אומות העולם, וואָס עס טהוט זיך פאר אַ געוואלדען און הריגות דאָנערשטאג נאָך ווארימעס ביי דער יאטקע!״ 2)

דאָס איז געוועזען איבער אַ געוועגליך שטיקעל פלייש, אצינד אום צו בעקומען אַ„פּוּס״ אויף שבת, „אויף דעם הרגינען זיך אין פוילען די אַלע טובי—העיר יעדען פרייטאג ביז אין בלוט ארייו איבער די פּיס אויף דער פיצאַ, יעדער זאָגט, אַז די פיס געהערין צו איהם״ 3)

דאָס איז דאָס אלגעמיינע בילד ,וועגען בעקומען די צרכי שבת, יעצט וועלען מיר כסדר בעטראַכטען דאָס צוגרייטען אלץ,

* *
*

1) די קליינע אָבצאָהלען האָבען ביים דאמאָלסדיגען ווערט פון געלד, פערנומען א גרויסען אָרט אינ׳ם יודישען פאמיליען בודזעט. זעה א שטייגער ביי אקסענפעלדען („דאָס שטערנטיכל״ ז, 49), ווי א יודענע בעקלאָגט זיך דאָס זייענדיג יום-כפור אין דערגרויסער שטאָרט ביים רבי׳ן, האָט זי געמוזט צאָהלען פאר א כפרה, א קליין-הינדעל דרייצען גראָשען „און היע איז עס ווערט נאָר צעהן גראָשען״.

2) „די הפקר וועלט״ מאת „יעקב רוקח מעיר קצר עינים״ ווארשא תרס״ב ז, 38

3) מאָני דלוגאָטש, „דער עולם התוהו׳ניק״ ז, 134

לכבוד שבת 1) באַקט מען „חלות“ 2) אָפּט פלעגט טרעפען, דאָס מען האָט פערזעצט אַ משכון, כדי צו קויפען מעהל אויף שבת'דיגער חלה 3).
אין די קלענערע שטעדטלעך, בעזונדערס אין ליטא, פלעגט די בעל־הביתטע אלע פרייטאָג איבערהייצען דעם אויווען און באַקען די חלות אויף ברויט אויף א גאנצע וואָך. ווינטער פלעגט מען קנעטען נאָך דאָנערשטאג אין אווענד און לאָזען ס'טייג ליגען איבערגעדעקט מיט א קישען ביז פריה, ס'זאָל יעהרען 4).
אין וואָלאָזשין פלעגט איך זעהען באַקען אויף „באַנדעס“, ד. ה.

---

1) דער רמ"א אין „דרכי משה“ „אורח חיים“ סימן רמ"ב שרייבט: „ועיין לקמן סימן תר"ב אי צריך ללוש פת בביתו לכבוד שבת“ עס ברויך אָבער זיין „תר"ג“ נישט „תר"ב“. און דאָרט שרייבט ער:
...והמנהג בכל מקום לעשותן אף לשבת ומתקנת עזרא (בבא קמא פ"ב.) שתהא אשה משכמת ואופה בערב שבת. ואע"פ שאין ראיה כל כך, משום דהתם היתה אופה בלאו הכי, מכל מקום רואין דאית ביה משום כבוד שבת הואל ונקיט ערב־שבת“.
ביי אונז אין „בבא קמא“ פ"ב, שטעהט אָבער אַזוי: „ושתהא אשה משכמת ואופה און ס'שטעהט נישט „בע"ב שבת“, און רש"י זאָגט דערויף: ושתהא אשה משכמת ביום שהיא צריכה לאפות ואופה שהרית, כדמפרש שתהא פת מצויה לעני“, זעהט מען אַז רש"י האָט נישט געמיינט ערב־שבת. נאָר דער ירושלמי מגילה פרק ד' הלכה א' ברענגט: „הוא התקין: שיהיו אופין פת בערבי שבתות שתהא פרוסה מצויה לעני“, דאָ שטעהט אָבער נישט „משכמת“. דער רמב"ם הלכות אישות פרק כ"א הלכה ה' שרייבט: „ועזרא תיקן שתהיה אשה משכמת ואופה כדי שתהיה הפת מצויה לעניים“ און ברענגט אויך ניט „ערב־שבת“.
זעה אָבער „תענית“ כ"ד: „הוה רגילא דביתהו למיחמא תנורא כל מעלי שבתא“ און דער פירוש (צווייפעלהאַפט צי אויף תענית איז ער פון רש"י'ן) שרייבט דאָרט: „שהיו אופות עיסה לכבוד שבת“.
2) זעה אָבער „דאָס פרייליכע הערשעלע אָסטראָפּאָלער“ ווארשא 1902 ז, 48: „א גאנצע וואָך הייסט עס בולקע, און אז עס קומט אויף שבת, רופט מען דאָס חלה“, זעה אויך דאָרט ז, 43, דאָס מען רופט עס אויך „קיילעטש“
3) מענדעלע מוכר ספרים ב. XV ז, 89
4) זעה „רשמות“ אודיסה תרע"ח מיין העפט „ממנהגי ישראל“, דעם ערשטען פרק „עניני אכילה“, ז, ז, 338—345.
ווייטער וועל איך אָנצייכנען קורץ: „רשמות“.

אזעלכע „גריזקעס" העלפט מעל און העלפט אנגעריבענע „בולבעס", (קארטאפעל). 1)

דארט אפילו, ווי מען באקט שוין נישט אין דערהיים אליין פלענט מען אבער אויך נזהר זיין צו קנעטען חלות אין דערהיים און שיקען צום בעקער באקען, און נישט קויפען גרייט פון בעקער 2).

די אפילו, וואס פלעגען שוין קויפען פון בעקער פארטיג געבאקענע חלה, פלעגען צו קויפען א קליין ספעציעל-געבאקען בילקעלע—„א-חלה—נעמער"—אום מ'זאל קענען דער פון חלה נעהמען, און נישט ברויכען אב צו ברעכען פון די גאנצע חלות.

חלות באקט מען פון ווייס ווייצען מעהל מיט צוקער-מעהל, אייער און אייל.

און פוילען הייסען סתם „חלות"—געפלאכטענע חלות. וואס ווערען אויסגעפלאכטען פון א זעקס—אכט איינגעווארגעלטע טייג—צעפלעך. און אויסער דעם באקט מען נאך אין פוילען א „קוכען" ארונדיגען, וואס ווערט געבאקען און א פענדעל אויסגעשמירט מיט אייל, דעם „קוכען" הובט מען אן צו דער סעודה פון פרייטאג צו נאכטס און אויף דער נאכט פון יום-טוב. די „חלות" דאגעגען הויבט מען אן ביי די טאג—סעודות 3).

דרויאנאוו שרייבט אבער, אז אין ליטא רופט מען „חלות"—נישט—געפלאכטענע חלות, וועלכע זענען ברייט אין דערמיט, און שמאל ביי די עקען (ראס הייסט אין פוילען: „סטריצלעס"), און געפלאכטענע חלות הייסען אין ליטא: „קידקעס", און מען באקט זיי נאר אויף שבועות און סוכות און פורים צו דער סעודה, מען רופט זיי אויך „פורים—קוילעטשען". 4)

ספעקטאר 5) שרייבט אבער אויך, וועגען „אויסגעמאכטע (?), אויסגעפלאכטענע חלות לכבוד שבת".

„אום די חלה זאל בעקומען א שענעם ניעט ביי'ם באקען—פער-צעהלט ספעקטאר—מוז מען זיי אבשמירען מיט א געלעכעל"6). אויך

1) א. מ. דיק. „דער פארטעפיאניסט" ווילנא תרל"ח ז, 44 ברענגט אויך „א רעצקענע באנדע"
2) זעה דארט.
3) זעה „רשמות" דארט.
4) דארט אין דער אנמערקונג צו ז. 339, זעה אויך מענדלי מו"ס ב, 1 ז, 18 און „קיטקע" הייסט ביי איהם „קוילעטש" (ביי'ם בעסראבער).
5) „יודישע וועלט" ז. 6.
6) דארט ז, 7

מענדעלע מוכר ספרים דערצעהלט, דאָס די חלות האָבען גענאָט מיט געלעכלעך אָבגעשמירטע פּנימלעך און שוואַרצע אויגלעך פון טשערנישקע 1).

אויך די „שבת-קילעטשען“ 2) האָט מען אבגעשמירט מיט אַ געלע-כעל. 3)

ספעקטאָר פּערצעהלט אויך, וועגען „פּיגעלעך“, וואָס זענען געווע-זען געמאַכט אויף דעם שבת—קילעטש, 4) בעזונדערס איז די יודישע חלה גערוהמט ביי כל המיני שבת-גויים 5).

פרייטאג נאָך מיטאָג איז, כידוע, אמנהג-ותיקים, טועם צו זיין פון די שבת'דיגע מאַכלים, בכן עס שטעהט דאָך געשריבען: „טועמיה חיים זכו“ 6).

---

1) ממו"ס ב. XIV „שבת“ ז, 9. אין פוילען בעשיט מען די חלות עפ"י רוב מיט מאָהן און די קולענס מיט „מאָנטשקע“ (צוקער-מעהל). זעה אויך מענדלי מו"ם ב. VII ז, 49: „א איי אויף חלה שמירען“. שמירען פלעגט מען מיט עטליכע פעדערען צוזאמענגעבונדענע, וועלכע מען האָט גערופען „א שמירעריל“.

2) שלום-עליכם ב. I ז, 187.

3) זעה מענדעלי מו"ם ב. VII ז, 121: „דער טיש געדעקט מיט א ווייסען טישטוך, אויף איהם דריי מעשענע, אויסגעשייערטע לייכטער מיט די בענש-ליכט, און צוויי שענע קוילעטשען“. זעה אויך ביי שלום עליכם'ן „יודישע קינדער“ ז. 173: „יום-טוב'דיגע קוילעטשען — א מאכל מלכים!“.

4) „עניים ואביונים“ ז' 86: „פערפייסען מיט א פייגעלע פונ'ם שבת'דיגען-קוילעטש“. זעה אויך ביי עלי קצין הצחקיאלי אין זיין „וועלט-ליה“ (אדעסא תרל"ה) ז. 84: „א פייגעלע פון י"ב חלות“, און ז, 80: „שלש סעודות פייגעלעך, י"ב חלות בייגעלעך“. זעה אויך „דאָס פוילישע יונגעל“, תרמ"ה, ז, 103, וועגען א בייגעלע פון רבי'נס י"ב חלות אלס סגולה. זעה אויך דאָרט ז, 99: „פּאָרט צום רבי'ן, כאפט שריים, קויפט איין פייגעל פון די י"ב חלות“ שיינט דאָס מען פלעגט באקען „א יור-בית'ניק, ד"ה איין גרויסער קולען אין דערמיט און עלף „פייגעלך“ ארום, מקיים צו זיין דעם „בתריסר נהמי“.

5) זעה מענדלי מו"ס ב. VII ז, 17 ב. X ז, ז, 43, 83 ב. XV ז. ז, 60, 61.

6) זעה אויך ספעקטאָר „יודישע ערצעהלונגען ז, 125 „נאָך דער באָד בין איך מיך נוהג, ווי א עהרליכער יוד צו פערזיכען די שבת'דיגע פיש און דעם צימעס“. זעה אויך ליניעצקי „ניט טויט, ניט לעבעדיג“ ווילנא תרנ"ח ז, 6): ער קומט פון מרחץ, כאפט א גלעזעל מעד און אביסעל „טועמיה““— א ווידעלע פונ'ם 3 קאָפּיקאָווע העכטעל צי קאַרעסעל און זופט הייסע לאָקשען-יאָך...“

עס האָט זיך אָבער געשאַפֿען דער פֿון אַ מין ספּעציעלער פֿרי־ טאָג-מיטאָג, און וועלכען די הויפּט ראָלע האָבען געשפּילט, אויסער פֿיש און צימעס אויך עפּיס פֿון די פֿריש געבאַקענע זאַכען און דער עיקר —דאָס ראָסעל—פֿליישיל 1), וואָס איז געוועזען שטאַרק נודע לשבח,

קינדער פֿלעגען פֿרייטאָג בעקומען אַ פּלעצעל 2). און זומער, ווען ס'איז דאָ אויבס, באַקט מען פֿאַר זיי „שטאָניקעס", ד. ה. אַזעלכע בילקעס, וואָס זענען אינוועניג אָנגעפּילט מיט יאַגדעס, קאַרשען און אַ מאָל אויך מיט אַ באַרנע,

נאָכ'ן קידוש וואַשט זיך דער פֿאָטער מאַכט אברכה און טיילט יעדען אויס אַ „מוציא" 3), דער פֿון ,ווען די הוצאות ביי אַ געשעפֿט שלינגען איין דעם ריוח, זאָגט מען: „די גאַנצע חלה געהט אַוועק אויף דער מוציא"4) מען זאָגט אויך: „פֿון אַ גרויסע חלה איז גוט צו שניידען מוציא'ס", ד. ה. אַ גוט געשעפֿט געניגט פֿאַר אַלע אָרומיגע, אַזוי דאָס אַלע זאָלען זיין צו פֿרידען,

פֿרייטאָג צו נאַכטס עסט מען פֿיש, פֿיש—יוך, לאָקשען, פֿלייש און צימעס 5). פֿיש האָט דער עולם בעזונדערס ליב געהאַט געפֿיהלטע.

---

1) ספּעקטאָר „קאַליקעס" ז, 58: „פּערגלוסט זיך איהם אפּרייטאָג־ דיגען ראָסעל-פֿלייש מיט א דארע שישקע פֿון א פֿרישע בולקע", זעה אויך ספּעקטאָר „יודישע וועלט" ז, 157: „פֿרייטאָג האָט מען געגעסען זעהר א ברייטען ראָסעל-פֿלייש מיט פֿרישע בולקעס" זעה אויך מענדעלי מו"ס ב. X ז, 10: „ווער שמועסט א בולקע מיט א ראָסעל-פֿלייש פֿרייטאָג, ווער עס האָט נאָר, דאָס איז טאקי א מאכל מלכים, קיין בעסערס דערפֿון איז שוין דאכט זיך, אויף דער וועלט נישטאָ".

א ראָבעל פֿלייש ווערט אויך דערמאָנט ביי מענדעלי מו"ס ב. IX ז, 62 ב. VIII ז, 311 און ב. XI ז, 18.

2) זעה א. בערנשטיין „ווארטען" 2: דאָס צו א אומגעדולדיגען מענש זאָגט מען: „ווארט אויף פֿרייטאָג, וועט מען דיר באַקען א פּלעצעל". זעה אויך ספּעקטאָר ב. III ז, 58: „פֿרייטאָג פֿלעג איך בעקומען א פּאָד־ פּאליק, א פֿריש פּלעצעל פֿון אויוען, זיסע פּאסאָלעס-צימעס".

3) זעה „רשמות" ז, 340 בפֿרטות.

4) א. בערנשטיין. זעה אויך שלום-עליכם: ב. XIII ז, 103: „עס גאָלט נישט געקלעקט די חלה אויף דער המוציא". אויך „מבול" ז, 106: „קלעקען, ווי מען זאָגט, די חלה אויף המוציא".

5) מענדעלי מוכר-ספֿרים ב. II ז, XXVII ב. X ז, 10 ב. V ז, 42. ספּעקטאָר „יודישע וועלט" ז, 65

און אויך ביי די גוים זענען זיי שטאַרק בעריהמט געווען, א שלרה, אַ פריסטאוו און נאָך אזעלכע גדולים האָט מען פשוט נעקויפט מיט אַ שטיקעל יודישע נעפילטע פיש.

לויט ווי מענדעלע מ"ופ ניט איבער, האָט מען די פיש געפילט בישט בלויז מיט ציבעלעס, אייער, פעפער 1), נאָר אויך מים קנאָבעל 2).

אין ליטא עסט מען די פיש מיט חריין 3).

בעזונדערס נעריהמט זענען די קאַרפען—קעפ, אזוי, אז די ראשי-העדה, די מיוחסים, די גבירים, רופט מען: „די קאַרפען-קעפ 4)

דאגעגען ווייסט מען, דאָס דער העכט שטינקט פינ'ם קאָפּ 5)

רביים פלעגען מהדר זיין און עסען סענדראקען, בכן, ס'דערמאָנט אין קדושת „סנדק", אָבער דעם קאָפּ פון א סענדראק פלעגט מען ניט עסען, ווייל אינ'ם קאָפּ פון דעם דאָזיגען פיש געפינט זיך אַ ביינדעל, זעהט עס ממש אוים, ווי אַ צלם 6). אין פראנקפורט האָבען זיי

1) „דער וואָס האָט געהאָלפען אויף פיש, (ד. ה. נאָט.) וועט העלפען אויף פעפער" א. ב. „העלפען 6. ד. ה. „כח-הא כח-ויו," אז כ'קאָן אזוי פיעל אויסגעבען, וועל איך די דערמיט פערבינדענע קליינע הוצאה, אויך קענען מיט מאכען. מען זאָגט עס אויך אויף פויליש: „סטארטשי נא ריבי-סטארטשע נא פיעפש" זעה אויך ליניעצקי „פינ'ם יאריד" אדעססא 1909 ז, 11: „ווי די יודישע געפילטע פיש, וואָס מעהר פעפער מיט ציבעלעס, איז אלץ געשמאקער."

2) מענדלי מו'ס ב. XV ז, 61

3) זעה א. ב. „פיש" 2: „מען וועט איהם געבען פיש אָהן כריין". אויף איינעם וואָס וועט בעקומען א גרויסע שטראָף, זאָגט מען עס מיט איראָניע.

מען זאָגט אויף אזא איינעם אויך: „מען וועט איהם באקען פלעצ-לעך, קיכלעך". ביי א. מ. דיק („נטע גנב" ווילנא תרמ"ז, ז, 40) זאָגט מען: „דאָס ווייס איך דאָס קיינע געבראָטענע פופקעס מיט חלה האָט מען אים דערפאר ניט נעגעבען".

4) זעה א. ב. „קארפ" און פרין ב. VIII ז, 130: „קומען זיך צונויף די קארפען-קעפ."

5) „פון וואנען שטינקט דער העכט? — פינ'ם קאָפּ" זעה א. ב. "העכט" און זעה מענדלי מו"ס ב. X „שם ויפת" 15: „אָט פון וואנען עס שטינקט דער העכט! פון וואנען דאָס פאָלק איז אזוי פערראָרעמט!"

6) עס איז מעגליך, אז פון דעם איז גענומען צו זאגען „א צלם קאָפּ" זעה א. ב. „ליטוואק" 1

אָבער אַ מאָל געהאַט אַ אנדער׳ן געשמאק בנוגע פיש. און דאָרט האָט מען געזאָגט: „קארפּע (ד. ה. קאַרפּ׳ן) ,איז קיין חרפּה, (ד. ה. נישט קשה) חעלבט איז מיר רעכט(ד. ה. אויךאויך נישט צו פערזינדיגען) סאַלם, איז איבער אַלעם״, (אמבעסבען. טענדלוי, נומר (נ.969)

היינט איז דער עולם געוואוינט צו עסען מעהל, לאָקשען מיט אייער אויך אין אַ גלאַטען מיטוואָך, און נישט איינער פון די לעזערס, וועט זיך מסתמא וואונדערען, וואָס איך האָב די לאָקשען אריינגערעכענט און די ספּעציפיש שבת׳דיגע מאכלים.

אזוי איז אָבער אַמאָל געווען, אויף דעם זאָגען עדות אַ גאַנצע רייהע שפּריכווערטער און רעדענסאַרטען, למשל: אַ „סך זמירות זינג׳ג לאָקשען״ 1) „מען טאָר נישט כאפּען די לאָקשען פאר די פיש״ 2) „כאַפּ נישט די לאָקשען פאר שבת״ 3) און ווען איינער קומט אַהיים צו פאהערען פרייטאָג צו נאַכטס שוין אים שבת, זאָגט מען: „ער איז אריינגעפאָרען מיט׳ן דישעל אין דער שיסעל לאָקשען״ 4).

עס ווייזט אויס דאָס שוין ערב יום—טוב האָט מען זיך דערלויבט צו פערזיכען פון די לאָקשען, און דעריבער זאָגט מען. „געכאפּט, ווי ערב יום—טוב׳דיגע לאָקשען״ 5), דען לאָקשען איז געווזען אַ לאקאָמע מאכל, אזוי אז מען זאָגט: „אַלע בוחרים כאַפּען איהם, ווי לאָקשען״ 6)

און ווען איינער כאפּט עפּיס, זאָגט מען איהם: „כאַפּ נישט, ס׳איז נישט קיין לאָקשען!״

אַ בילע ווער, האָט זיך אויף קיין לאָקשען נישט געקענט פער-גינען, דעריבער זאָגט מען: „דלות! קאָך לאָקשען.—ניטאָ קיין אייער״ 7)

מען דערצעהלט: איינער איז אין אַ תענית געקומען צו אַ קאַרגען, טרעפט ער איהם איבער אַ שיסעל לאָקשען מיט יוך און פלייש. פרעגט ער: סטייטש, תענית?

ענטפערט דער קארגער: וואָס פאַסט מען דען?—מ׳זאָל האָבען צער.

---

1) א. בערנשטיין „זמירות״, שלום עליכם „יאָסעלע סאָלאָוויי״ ז 138.

2) שלום עליכם ב ❙ ז, 83

3) דאָרט ב. וןט ז, 27. א. בערנשטיין „לאָקש״ 3: „עס ניט די לאָקשען פאר שבת״.

4) ד. ה. ווען מ׳האָט שוין געהאלטען ביי די לאָקשען, מענדליי מו״ס

5) שלום עליכם ב. וו ז, 109

6) ספעקטאָר ב. I ז, 75 זעה אויך ליניעצקי „דאָס פוילישע יונגל״ אדעססא תרמ״ה ז, 48: „זיי וועלען איהם כאַפּען ווי הייסע לאָקשען״

7) א. בערנשטיין.

איך, אז כ׳עס אַזאַ מיטאָג, לאָקשען און פֿלייש, איז דאָס מיין צער.

פֿרעגט איהם יענער: אַז אזוי, טאָ עס שוין אויך פֿיש און צימעס?

—אויף סכּנת-נפֿשות פֿין איך שוין נישט מחויב צו געהן, ענטפֿערט דער קאַרגער,

ווי ווייט איינער קען, איז ער מהדר צו האָבען א עוף אויף שבת 1).

צימעסען זענען געוועזען פֿערשידענע מינים, אַ פֿלאָמען-צימעס, אַ מייערען-צימעס, אַ פאסטערנאק צימעס, פֿון בארנ׳לעך, א עפעל-צימעס, פֿון ראָזינקעס, פֿון שעפּטאל, פֿון געווירצען מיט לאָרבערבלעטלעך 2)

דער עיקר איז געריהמט אַ צימעס פֿון גאָלע ראָזינקעס 3)

ספּעקטאַר פֿערצעהלט אויך וועגען פֿאסאָליעס-צימעס, 4),

—אין בעסראַביע איז אויך פֿאַרהאַן — „צימעס נאהוט״ 5)

עס ווערט געקאָכט מיט צוקער, און מען עסט עם הויפּטזעכליך פֿרייטאג נאָכ׳ן מרחץ מיט „באַלאַי״.

„באַלאַי״ ווערט געבאַקען פֿון מעהל פֿון מאיס (קוקורוזא) מיט צוקער, בומאייל און אייער.

מען האָט געגלויבט אַז צו מערידין איז ארפֿואה צו עסען מערען-צימעס, אָדער פֿלוימען צימעס מיט צענעס 6)

אויף דעם ראַפּינירטען געשמאַק פֿונ׳ם עולם זאָגט אויך ערות דער כלל, וואָס מ׳האָט געהאט, אז פאסטערנאַק פֿערליערט דעם טעם באלד, ווי ער הערט דעם ערשטען דינער. 7)

---

1) זצה א. בערנשטיין. „קאַץ״ 7: „א קאַץ, אָדער אן אינדיק, אבי אַ עוף אויף שבת״.

2) שלום עליכם ב. XIII ז, 58.

זעה אויך שלום עליכם „לכּבוד יום-טוב״ ז, 117: „יום-טוב מוז זיין צימעס. פסח-פלוימען-צימעס, סוכות-מעהרען צימעס.״ מענדעלע מו״ס (ב. V ז, 21) שרייבט אָבער, אז פסח מאכט מען א פאסטערנאק צימעס. און פורים א פלוימען-צימעס (ב. IX ז, 62): זעה נאָך מענדעלע מו״ס ב. X ז, 10. איבער מעהרען און פאסטערנאק צימעס.

3) שלום עליכם „יודישע קינדער״ ז, 234

4) ב. III ז, 58 „קאַפּיקעס״ ז, 35

5) נאהוט איז אזא מין ארבעס

6) מענדלי מו״ס ב. VI ז, 46.

7) דאָרט ב. II ז, 77. דער דאָזיגען ענין, וואָס דער פאסטערנאק ווערט קאליע פֿונ׳ם דינער, איז א מאָל ביי די ווייבער געוועזן א גאנצע זאך. מאָני דלוגאָטש („דער עולם התוהו׳ניק״ ז, 38) שרייבט: „ד ...

איבער מעהרען-צימעס פֿון ראש-השנה און הושענה-רבה וועט נאָך אויסקומען צו רעדען.

שבת ביי טאָג עסט מען נאָך די פיש רעטיך און פּעטשאַ, לע-בער און ציבעלעס מיט אייער 1)

די מאכלים פֿון רעטאַך און ציבעלעס זענען געוואָרען פֿערשידענ-אַרטיג צוגעברייט. שלום עליכם דערצעהלט, דאָס מען נעמט רעטעך דוקא שוואַרצען 2) און ציבעלעס מאכט מען אויף פֿערשידענע אופֿנים: אַ ציבעלקע מיט שמאַלץ מיט רעטאַך מיט אייער מיט הערינג, אַ ציבעלקע מיט לעבערלעך, אַ ציבעלקע מיט גריוועץ און גלאט ציבעלעס... 3)

ספּעקטאָר דערצעהלט אויך דאָס מען עסט ציבעלעס, רעטאַך, רעטאַך מיט ציבעלעס, ציבעלעס מיט רעטאַך, לעבערלאך מיט ציבעלעס, איינגעזאַקטען בייליק מיט ציבעלעס, אייער מיט ציבעלעס, ציבעלעס מיט שמאלץ, ציבעלעס מיט בוימאייל... 4)

---

זאָגט, אז פונ׳ם דינער ווערט דער פּאסטערנאק קליאָטשעוואטע, די אלטע פּוילישע ווייבער, וועלכע שוין גאָר קיין אנדער ברכה נים אויפ׳ן דינער, קוים דערהערען זיי נאָר דעם ערשטען דינער, וואשען זיי זיך באלד די הענד און זאָגען: „איך בין נים ווערט צו דערמאנען, שוין פּארדריפּעט דער פּאסטערנאק".

ער דערצעהלט אויך (ז, 53) דאָס, „די פּוילישע ווייבער ווארפֿען אריין קליעפּעטשעס (אזעלכע מטבעות) אין דער רמב"ן-פּישקע, בשעת זיי דערהערען דעם ערשטען דינער, אז דער פּאסטערנאק זאָל פון אים נים ווערען קליאָטשעוואטע, פֿרייטאָג ווארפֿען זיי אויך אריין קליעפּיטשעס דרויף אז דער בארען-צימעס זייערער זאל נים פארברענט ווערען".

1) מענדלי מו"ס ב. II ז, XXVII.

זעה אויך שלום עליכם „מנחם-מנדיל"—„מיליאָנען": וואָס עסט מען ביי יודען שבת? רעטעך, ציבעלקעס, פּעטשא, קוגעל... זעה אויך „דאָס פֿרייליכע הערשעלע אָסטראָפּאָלי..." ז, 29: „שבת אין דער פֿריה, מען דערלאנגט רעטיך מיט שמאלץ, נאָך דעם דערלאנגט מען אייער מיט ציבעלעס מיט שמאלץ, דער נאך פּעטשע, דאָס הייסט פּיס אין זויערען".

2) שווארצער רעטאך איז האַרב און גערוהמט. זעה א. בערנשטיין „לעמבערג" 2, דאָס לעמבערג איז גערוהמט מיט איהר שווארצען רעטאך. ווייטער א איבריגע ראיה אויף דער יודישער שטארקער בקיאות אין הלכות אכילה.

3) שלום עליכם ב. XIII ז, 58

4) ספּעקטאָר „יודישע וועלט" ז, 126. זעה אויך פּרץ (ב. VI „אַ

פארהאן א יוד א הולטיי, וואָס נעמט אויך אין א סתם וואָכען טאָג און זעצט זיך א וועק איבער א שיסעל רעטאַך מיט ציבעלעס צוגעשמאָלצען מיט פרישער שמעקענדיגער היהנער—שמאלץ... 1)

רעטעך מיט ציבעלע װערען גערעכענט צווישען די בעסטע מאכלים 2). אויף איינעם, וואָס איז געשטאָ־בען, זאָגט מען מיט ליצנות „ער האָט זיך איבערגעפעקעלט, ווי מען עסט נישט קיין רעטאַך מיט שמאַלץ" 3)

שלום עליכם האָט געזועהען און געהאַקטע לעבערלאך מיט שמאלץ דאָס נאַציאָנאַלע יודישע מאכל, 4)

איך האָב אַ מאָל געגעסען שבת ביי א וואָלינער יוד, האָט מען געגעבען גוט צוהאקטע צובעלעס, צוזאַמען מיט קארטאָפעל און רעטאַך גוט צוריבענע אויף אַ ריב-אייזען מיט שמאלץ און לעבערלעך אויך צוריבען אויף א ריב-אייזען,

„פעטשא" מאכט מען אין וואָלין אזוי: פרייטאג צו נאַכטס נאָכ'ן עסען נעמט מען דעם גאַנצען „דראָב" פון די שבת-עופות, די פיסלעך, קעפלעך, קראָגנדלעך, העלזלעך א. ז. וו. מען צורייסט עס אביסעל און מען גיסט דערויף אריף די איבערגעבליבענע יוך, און איבער נאַכט שטעהט עס אזוי און ס'ווערט געגליווערט. 5)

אין בעסעראַביען מאַכט מען „פצע" אויף אַזא אופן: מען נעמט אַ פוס פון אַ בהמה מען בראָט איהם אָב, אָדער מען זענגט איהם בלויז איבער אויף קוילען, דער נאָך צו שניידט מען איהם אויף

---

קשיא אויף יענע לייט" ז, 22): „שבת עסט מען ציבעלעס מיט לעבערלעך מיט אייער מיט שמאלץ, רעטיך..."

1) מנדלי מו"ס ב. XVI ז, 68. זעה אויך ספעקטאָר „קאליקעס" ז, 58: „אלעבעריל מיט ציבעלעס".

2) זעה אויך מנדלי מו"ס ב. XI ז, 18

3) שלום עליכם ב. VII ז, 133

4) ווען מענשען פון פערשידענע פעלקער קלויבען יעדער זיך אויס זיין נאציאָנאל מאכל, קלויבט דער יודישער נאציאָנאליסט אויס געהאקטע לעבערלעך מיט שמאלץ. שלום עליכם ב, II ז, 208

5) זעה מענדלי מו"ס ב. XI ז, 131 „די שיסעל פעטשע". אויך ספעקטאָר „עניים ואביונים" ז, 86 אויך ז, 144: „א פיסעל פון פעטשע".

זעה אָבער ספעקטאָר „יודישע וועלט" ז, 126, דאָרט רעדט ער שוין פון א מארך-ביין אויף פעטשע. אויך מענדלי מו"ס ב. X ז, 81 רעדט פון גרויסע אויסגעהוילטע מארך ביינער. זעה נאך ביי אונז ווייטער.

שטיקלעך, מ'האָט דאָס פלייש אַרורך זעהר דין, אויך די ביינער שפּאַלט מען, און מען שטעלט עס צו קאָכען מיט אייער, עסיג, פעפער, צוקער, קנאָבעל, בלעטער און מען קאָכט עס אזוי לאנג, ביז ס'ווערט גוט דורכגעקאָכט און איינגעקאָכט, דערנאָך גיסט מען עס אויס אין אַ פלאכע כלי, און עס ווערט געגליווערט.

בענוי אויפן זעלבען אויפן מאכט מען אויך אין פוילען אַ מאָל אין א שמיטה „א פוס" אויף שבת, מען רופט עס אויך אין פוילען „אַ האָלאָדיעץ" „א גאליער" (גאלערעטע). אין פוילין איז עס אָבער, ווי געזאָגט, נישט קיין חוב, און לגמרי נישט קיין שטענדיגער שבת-מאכל.

אַ מאָל, און בעזונדערס אין ליטא, איז אַ פוס איף שבת געוועזען אַ מוז—זאך, 1)

דעריבער נאָך היינט, יוען איינער פערצעהלט כסדר וועגען זיינע פּיס שמער-צען א.ד.ג. זאָגט מען איהם איף קאטאָוועס: בעהאלט די פיס און טשאָלענט אריין,

און אָט וואָס עס שרייבט י.ל. גאָרדאָן („כל כתבי" ח"א, אודיסה, 1889 ז, 63) וועגען ליטאָ: מימים רבים נשתרבב המנהג לטמון חמין לשבת—תבשיל של כרעי בהמה דקה.

וזה מעשה הכרעים: מביאין רגל של עגל, או של גדי הרך ומהבהבין אותה ומגרדין השער שעליה ומרסקים את הקורסלים ופוצעים את עצם הקבורת ומוציאים את מוחה ונותנים עם הבשר המדולדל ועם הסחוכים באלפס ומתבלין אותן בעלי שום ועלי בצלים ונותנין אותן לתנור שמוסיף הבל ומניחין עד שיצטמקו יפה ומוציאים אותן כשהם רותחין ועושים מהם מקפה, דמתחזי כאדותא דכרום—ימא, ואוכלין אותו לפרפרת הפת בסעודת שחרית כשהוא חם ונגר, או בסעודה שלישית ובסעודתו של ר' חדקא צונן וקפוא כקרח",

א געווענליכער טשאָלענט איז על פי רוב בעשטאנען פון אויסגע-פּריעטע קאשע מיט א פּעטין מארך—ביין דערינען 2)

יעצט קומען מירצו דער קרוין פון די שבת'דיגע מאכלים צו דער „קוגעל".

---

1) רבי חנינא בן דוסא'ס ווייב בעט דעריבער ביי פרץ'ן א פוס איף שבת. אין ליטא רופט מען עס „פיסנאָגע" אום עס אבצושיידען פון „פיסריבי", ווייל זיי מאכען אין רעדען קיין אונטערשיעד נישט פון שין בין סין. זעה „יאָסעלע סאָלאָווייי" ז, 166 זעה ביי מענדלי מו"ס ב. X ז, 20 ווי בנימין רופט זיינע פיס „ריבי מאָי" יווייל ער ווייס קיין חילוק פון „פיש"ביז „פיס".

2) זעה מענדלי מו"ס ב. XIV „שבת" ז, 8, אויך ב. II ז, XXVII. זעה אויך ספעקטאָר „יודישע וועלט" ז, 126

קוגלען זענען געווען כל'ערליי מינים, אַז שרייבט שלום עליכם: קוגלען אַליין זענען דאָ מעהר ווי אַ צעהנדלינג: אַ לאָקשען-קוגעל, אַ געבלעטערטע קוגעל, אַ געקנעטענע קוגעל, אַ קוגעל פון רייז, אַ קוגעל מיט ראָזינקעס, אַ קרעפּעל-קוגעל, אַ שטרודעל-קוגעל, אַ מאַנדעל-קוגעל, אַ קוגעל מיט העלזלעך מיט קישקע און נאָך 1).

בעזונדערס נערוהמט איז געווען אַ לאָקשענער-קוגעל 2), מען זאָגט: „אַ היימישער שדוך, איז אַ לאָקשענע קויל", דען אַ לאָקשענער קויל אַז ער גראָט נישט אַפילו, איז דאָ לאָטש לאָקשען, און אַ היימישער שדוך, ווען ער גיט זיך נישט אַפילו איין, איז דאָך יעדער אין דער היים.

אויך אַ געבלעטערטער קויל איז גערוהמט 3).

עס איז נאָך געווען אַ עפּעל-קוגעל 4) און אַ מוסקאַט-קויל 5).

מענדעלע מוכר ספרים דערצעהלט נאָך, וועגען אַ לאָקשען-קוגעל מיט אַ גנב — איין אָנגעפילט העלזעל אינווענינ 6).

וועגען דעם „מבג" — איניגע ווערטער: די „אינוניתא דורדא" פון דער ריאה, פון דער לונג רופט מען אויך „גנב" ווייל ער איז בעהאַלטען הינטער'ן כיס-הריאה, ווי אַ גנב במחתרת, דעם דאָזיגען גנב עסען אָבער נישט יודען, בכן ער איז מאוס און אַ אסמכתא נאָך דערצו, ווייל עס שטעהט „חולק עם גנב שונא נפשו" 7)

סאַפּיר אין זיין האַלב-לצנית'דיגע אָבהאַנדלונג „די גאַסטראָנאָמיע דער יודען" 8), דערצעהלט אונז בפרטות, וועגען דעם שבת'דיגען „גנב", דאָס איז לויט זיינע רעד אַ פעראייניגונג פון קוגעל און טשו-לענט צוזאַמען. דאָס איז אַ רויהע טיינ-מאַסע, וואָס ווערט אַריינגעלעגט

1) שלום עליכם ב. XIII ז, 58.
2) זעה מענדלי מו"ס ב. VII ז, 16.
3) שלום עליכם ב. I ז, 160.
4) מענדלי מו"ס ב. VII ז, 342, אויך ב. IX ז. 27.
5) מען זאָגט אויף יודיש: „פון א וואָרט, פון אַ גאָרנישט מאַכט ער אַ מוסקאַט-קויל" (מענדלי מו"ס ב. X ז, 84, ב. VII ז, 214, ב. V „אַ שטאָדט אין מזרח" ז. 6) זעה אויך דינעצקי „פונ'ם יאַריד" ז, 5: מאַכען אַ „יש מאין"... ס'הייסט אויף פּראָסט גאָטט'ס יודעש: פון אַ נפוזה אַ מישקעט-קויל".
6) ב. XI ז, 18
7) זעה דאָס ספר „בית דוד" ורשה 1902, סימן ל"ה. אויף טרפות הריאה:
8) ב. XII ז,ז, 57 — 71

אין דערמיט פֿון רייז, אַרבעסען, גאַנז-ברוסט, געגזונענע-לעבערלעך אַ נאָך אַזעלכע מעדנים און פּרועט זיך אויס אין אַ פֿערמאַכטען טאָון פֿיער און צוואַנציג שעה, עס רופֿט זיך דעריבער „גנב“, ווייל ער גנב'עט אין זיך אַריין דעם טעם פֿון די אַלע גוטע זאַכען.

איך גלויב אָבער אַז סאַפּיר'ס טעם, איז נישט קיין ריכטיגער, און עס רופֿט זיך „גנב“, ווייל עס איז אין דער מיט בעהאַלטען, ווי דער „גנב“ ביי דער לונג. און דער „גנב“ — דאָס אָנגעפֿילטע העלזעל אין דער לאָקשען-קוגעל.

ספּעקטאָר דערצעהלט אונז, דאָס לכבוד אַ גאַסט האָט מען שבת געמאַכט צוויי קוגעלן, „אַ זיסען אַ לאָקשענעם, און אַ געבלע-טערטען אַ וויינינגען“ 1) איך שלום-עליכם 2) דערצעהלט, דאָס מען מאַכט איינעם אַ לאָקשענעם קוגעל לכבוד שבת און איינעם אַ בלעטער-נעם, אַאָנגעקנעטענעם מיט ראָזינקעס (צווישען די טייג-בלעטלעך) לכבוד דעם גאַסט. און אַז מען נעמט אַרוים דעם קוגעל פֿון אויווען זאָגט מען: נו, לאָמיר זעהען צי איז דער גאַסט אַ געראָטענער צי ניט? — אָט וועלען מיר באַלד האָבען אַ סימן פֿונ'ם קוגעל!“.

דען אַזוי האָט דער עולם בכלל געגלויבט, אַז „דער קוגעל גראָט נאָכ'ן גאַסט“. 3)

איבער'ן קוגעל איז דאָ אַ מעננע פֿאָלקס-לידלעך. זעה אין די פֿערשיעדענע זאַמלונגען פֿון די פֿאָלקס-לידלעך 4)

ווי בעקאַנט גלויבט מען, דאָס די מלאכים קאָכען דעם „טשאָ-לענט“ און די „קוגעל“ 5).

און אַז דער קוגעל גראָט ביי אַ יודענע, זאָגט מען אַז „אַ היי-

1) ב. II ז. 101. זעה אויך א. מ. דיק „פֿייגעלע מגיד“ ז. 35: „דער קוגעל האָט ממש, ווי צו זאָגען, געוויינט פֿון פֿעטקייט, און גישמעקט פֿון בשמים און פֿון ראָזינקעס“.

2) „יאָסעלע סאָלאָוויי“ ז. 70, זעה אויך לינעצקי „ניט טויט ניט לעבעדיג“ ז. 25: „פּלוצים ווערט מען געוואָהר, אַז חיה-ריקעל האָט גע-מאַכט צוויי קיגלען אויף שבת: אַ געקנעטענעם און אַ געבלעטערטען—עפּעס הלא דבר!“

3) א. בערנשטיין.

4) זעה אויך מענדלי מוכר ספרים ב. VIII ז. 311. אויך „יאָ-סעלע סאָלאָוויי“ ז. 186.

5) זעה אויך מענדלי מו"ס ב. VII ז. 104

סער מלאך" האָט איהר געקאָכט דעם קוגעל 1). און די ווייבער בע-מיהען זיך, זשאַלעווען נישט קיין האָלץ „אַבי זי זאָל האָבען אַ הייסען מלאך לכבוד שבת קודש. און די שכנה טריינע זאָל אויף איהר זאָגען, אַז זי איז אַ כשרה יודענע, און אַ הייסער מלאך קאָכט איהר דעם קוגעל לכבוד שבת" 2).

נאָך דעם קוגעל פלעגט מען נאָכטרונקען בראָנפען, אַזוי ברענגט א. בערנשטיין אַ שפריכוואָרט: „ווער עס עסט פיל קוגעל, מוז טרינקען פיל בראָנפען". דאָס זעלבע ברענגט אויך טענדלוי נומער 712, ער ניט נאָך צו, דאָס אין נאָרד דייטשלאַנד זאָגט מען: „עס קיין קוגעל ברויכסטו קיין בראָנפען".

מאָני רלוגאַטש („דער עולם התוהו'ניק" ז. 37) דערצעהלט גאָר עפּיס וועגען „אַ שוואַרצען שלש-סעודות קוילימס" ביי גוטע יודען. אין בעסאַראַביען ווידער באַקט מען נאָך אַ „הבדלה-חלה" געפּ-פלאָכטען ווי אַ לאַנגע הבדלה, דאָס איז ספּעציעל צו דער „מלוה-מלכה.

עס וועט זיין נישט אָהן אינטערעס צוגעבען דאָ אַ אַלטען צע-טעל פון צרכי-שבת:

„טשאָלענט — אַ פונט פלייש — האָט געקאָסט 15 קאָפּ. גרויפּענע קאַשע 3 קאָפּ. אַ ביין מיט מאַרך אויף פּעטשע 2 קאָפּ. אַ קוגעל פון אַ בלעטעל לאָקשען 3 קאָפּ. א פלאַסטער ס'זאָל זיין פעט 2 קאָפּ. דאַרע באַרעלעך מ'זאָל האָבען אויף נאָכ'ן טשאָלענט 1 קאָפּ." 3)

אָט דאָס זענען געווען די גאַנצע אויסגאַבען אויף שבת!
וועגען די „באַרלעך-יוך" אויף א שבת-טרינק, זעה אויך ביי פּרצ'ן: „טרינקט באַרלעך-יוך נאָכ'ן געזאַלצענעם טשאָלענט" 4)
פרייטאָג-צו-נאַכטס נאָכ'ן עסען, האָט מען אַוועק געשטעלט אויפ'ן טיש אַ קרוג עפּעל-קוואַס, אַ טעלער מיט באָבעס און אַ טעלער מיט

1) ספּעקטאָר „יודישע וועלט" ז' 126
2) דאָרט ז, ז, 126, 127
3) דאָרט ז, 126.
4) פּרץ „בשעת מגפה" ז, 82. זעה ווידער פּרץ „חתונה געהאַט" ז, 108: „שבת נאָכ'ן שלאָף אויף ביילעך יוך". זעה אויך ספּעקטאָר „יודישע וועלט" ז, 112: „שבת בייטאָג נאָך די באַרלעך מיט יוך"

ניסלאַך 1), אויך שבת פֿאַר נאַכט פֿלעגט מען קײַען באָב 2) קינ־ דער פֿלעגען שבת עסען געפּרעגעלטע יאַגדעס3).

צום סוף פֿון דאָזיגען פּרק געפֿין איך פֿאַר נישט איבריג צו געבען אַ קורצען אויסצוג פֿון דעם דערמאָנטען פּרק פֿון סאַפּיר „די גאַסטראָנאָמיע דער יודען", ווײַל אַלע, וואָס האָבען עפּעס געשריבען, וועגען יודישע מאכלים האָבען איהם איינגאַנצען פֿערזעהען.

היינע רופֿט טשאָלענט אָן "Schalet" סאַפּיר אָבער רופֿט עס "Scholet" און ער מאַכט זיך אַ ווערטעל, דאָס היינע האָט בשעת'ן טשאָלענט-עסען אויסגערופֿען „אַי!" ער, סאַפּיר, האָט אָבער אויסגערופֿען „אָ!" דעריבער שרייבט דער ערשטער „שאַלעט" און ער שרייבט „שאָלעט". ער בעשרייבט די „ברוינע קאַרפּען מיט די יודען זויזע", „זויערע יודישע פֿיש", „טשאָלענט-איי", „טשאָלענט", „קוגעל", „אַ גנב" און „אַ געפֿילט העלזעל".

וועגען דעם „גנב" האָבען מיר שוין זיינע רעד געבּרענגט, עס וועט זיין אינטערעסאַנט צו וויסען אויך, וואָס דאָס איז אַזוינס, דאָס „טשאָ־ לענט-איי".

מען פֿלעגט דאַן אין דייטשלאַנד שטעלען אין טשאָלענט אויסער כּל המינים טשאָלענטען, אויך אַ טשאָלענט פֿון אייער, דאָס האָט מען אַזוי געמאַכט: מ'האָט גענומען אַ טאָפּ מיט אַש, אין דעם אַש האָט מען אַריינגעלענט אַ געוויסע צאָל גאַנצע אייער. דערנאָך צוגעדעקט דעם טאָפּ מיט אַ שטערצעל, דאָס שטערצעל פֿערקלעבט מען מיט טייג, און אַזוי האָט מען עס אַוועקגעשטעלט אין אויווען פֿון פֿרייטאָג פֿאַרנאַכט ביז בײַ טאָג צום עסען, דאַן האָט מען די אייער פֿון אַש אַרויסגענומען און דאָס איז געוועזען מאכל-מלכים.

---

1) א. מ. דיק „דער סאָלדאַטשקע סין" ווילנא תרל"ו ז, 11. ספּעקטאָר „יודישע וועלט" ז, 112 זעה אויך פּינעצקי'ס „יידישע יונגעל" ז, 4: שבת נאָכ'ן שלאָף די מאַמע האָט געלייענט טייטש-חומש און זיי האָבען זיך געזעצט עסען אָבגעזאָטענע אַרבעס און פֿאַרטריקענטע דאַרע באַרלעד-יאָך".

2) מענדלי מו"ס ב. XV ז. 65

זעה מיין העפֿט „ממנהגי ישראל" אין „רשמות" § 14 וועגען אַרבעס עסען ביי אַ „שלום-זכר", „אבלות" א. ד. ג. זעה אויך דאָרט § 16 איבער'ן עסען ציבעלעס און רעטאַך. אויך לעווינזאהן („הפקר-וועלט" ז. 39) זאָגט, דאָס „שבת ביי טאָג עסט מען אַרבעס און מען שיילט ריבען".

3) ב. X ז, 81

צום סאַמע סוף וועל איך נאָך ברענגען פון מענדעלע מוכר ספרים, ווי אַזוי מ׳קען דערקענען געהענדיג אין דער יודישער גאַס און אָנקוקענדיג די רינשטאָקען און אַרויסגעגאָסענע פּאָמיניצעס, וואָס פאַר אַ טאָג עס איז. אָט איז זיין שילדערונג:

„טראָגען זיך לישקעס פון פיש, דרויב פיסלעך, קעפּלעך פון היה־נעה, אַ ביסיל האָר מיט פאַרברענטע שטיקלעך קאָפּיטעס — זאָלט איהר האָבען אַ סימן: היינט איז פרייטאָג. נעמט אַ בעזעם מיט אַ שאַשקע און לופּט, זייט מוחל, אין מרחץ אַריין. טראָגען זיך אַהינצו אָן שאָלעכץ פון אייער, פון ציבעלעס, פון רעטיך, סובעזשילעס פון לעבער מיט עקען פון הערינג און גרויסע אויסגעהוילטע מאַרך־ביינער, — אַהאַ, גוט שבת אייך יודישע קינדער! זאָל אייך וואויל בעקומען נאָכ׳ן קוגעל!

זעהט איהר, אָבער, די רינשטעקלעך עס שלעפּען זיך דאָרט פאַרברענטע שטיקלעך קאַשע, פערדאַרטע שטיקלעך טייג, אַ צעריסענע שמאַטע מיט אַ צופּאַלגענעם וויכעטש, איז אַ סימן: דאָס איז היינט זונטאָג...

# IV.

## יום־טוב׳דיגע מאכלים.

אויף פּסח שטעלט מען אָן באָרשט פֿון גרויסע זיסע בוראקעס 1). מען נעמט גרויסע בוראקעס רויטע, מען שיילט זיי ארום, מען צושניידט זיי אויף דריי פֿיער יעדען, מען לייגט זיי אריין אין אַ גרויס פֿאַס, מ׳גיסט אַרויף וואַסער און זיי ווייקען זיך אַ ערך צוויי וואָכען ביז פּסח פּסח, אַזוי ווי מען שעפּט אָב, באָרשט, אַזוי גיסט מען גלייך צו אַנדער וואַסער, ווי לאַנג מ׳זעהט אַז ס׳ציהט נאָך,

אויף פּסח זעהט מען צו האָבען אַ אינדיק 2). אָבער דער הויפּט פּסח׳דיגער מאכל זענען די קניידלעך 3). און וואָלין זענען כרעמזלעך אויך ספּעציפֿיש פּסח׳דיג, 4)

אין בעסעראַביען עסט מען פּסח פּאלירטשיקעס 5). און אט פֿערטייטשט אונז מענדלי מוכר ספרים אויף איין אָרט ,וואָס דאָס ז ע

---

1) ספּעקטאָר ב. II ז, 62

1) זעה מענדלי מו״ם ב. V „איבער א שטאָרט״ ז, 21. ב. XI ז, 13. ב. X „שם ויפת״ ז, 4. ב. II ז, 96.

3) זעה מענדלי מו״ם ב, V „איבער א שטאָרט״ ז, 21 ב, VII ז, 16.

4) זעה מענדלי מו״ם דאָרט. און שלום עליכם ב. I ז, 160. זעה אויך „נורע ביהודה״ קמא, אורח־חיים, סימן כ״ב: דחטה שנמצאת בפסח בגרעמזליך שנעשים משומן ודבש ומים. זעה אויך דאָרט סימן כ״ה.

5) פֿערגלייך: „מען מיינט נישט די הגדה, נאָר די קניידלאך״ (א. בערנשטיין. מענדלי מוכר ספרים ב. VIII ז, 419) און מען מיינט נישט די הגדה נאָר די פאלירטשיקעס״ (מענדלי מו״ם ב. XV ז, 34, שלום עליכם ב. XI ז, 127.)

„פאלירטשיקעס“: פאלירציקס כיצד?– אלו מעשה קדרה, כמין קנבקאות וקוגיל״יך קטנים אצלכם, שאוכלים אותן לתאבון בפסח, 1)

א, מ, דיק דערצעהלט, דאָס ערב פסח האָט מען גענעבען אין אַ גביריש הויז אַ טאש גוטע קאווע מיט פסח׳דיגע זעמעל״ („דער פאָרטעפּיאַניסט“ ,ווילנא תרל״ח ז, 51) וואָס דאָס איז ,איז מיר אונבעקאנט.

אויף שבועות גרייט מען אָן פערשידענע מילכיגע געבעקסער 2) הינטער׳ן אַלגעמיינעם נאָמען—„פּוטער—געבעקס“ 3)

אָט, ווי עס שטעלט אונז פאָר פרץ דעם אויסזעהן פון א יודישע שטוב פאר שבועות: „מען באַקט געלע חלה לכבוד שבועות... עס טראָגט זיך דער ריח פון פרישע טייג, זאפרען, צימרינג און נעגעלעך, פון פערצוקערטע ווירליכע קעז, און צולאָזטע פוטער, שמעטענע, פאפירלעך מיט ראָזינקעס... 4)

אויסער די געלע חלה מיט זאפרען, באַקט מען אויך פוטערקוכען 5) שיינט, אז מענדעלי מוכר ספרים, רעדענדיג, וועגען דעם, דאָס אין איין בעשטימטען טאָג באקען כל ישראל אַ געלען קוילעטש מיט זאפרען 6) ,האָט ער געמיינט שבועות, האָטש אייגענטלעך אויך פורים באקט מען „אַ גרויסע קיטקע, אָדער שבריצעל מיט זאַפרען און מיט ראָזינקעס״ 7). ספעקטאָר גיט אונז איבער, וועגען די שבועות׳דיגע געבעקסער אַסך פרטים 8):

---

1) „כל כתבי מנדלי מוכר ספרים“ ב. III ז, 41. זעה אויך ספעקטאָר ב. III ז, ז, 118, 133: „פאַלירטשיקעס און כרעמזלעך“. שלום עליכם ב. II ז, 12: „קניידלעד יין פאלירטשיקעס“ אויך דאָרט ז, 14: הייסע קניידלעך מיט שמאלץ“. אויך דאָרט ז, 15: „א.עלכע מינים כרעמזליך, וואָס מען ליגט אין זיי צ׳ ־.־הר האָנינג צי מעהר שמאלץ“.

זעה אויך מענדלי מו״ס ב. I „אלטע מעשה“ ז, 18 ווי דער ליט־וואק, וואָס קומט פון בעסעראביען דערצעהלט: „פּאלירטשיקעס איז א מאכל מלכים“,

2) זעה „רשמזת“ ז, 240

3) זעה פרץ „עולם התהו“ ז, 59

4) פרץ „די פערשטויסענע“ ז, 166

5) דאָרט ז, 168

6) ב. II ז, XXVII

7) „פורים שפיגעל“ווילנא תר״ל (אָהן נאָמען פון מחבר. עס שיינט אָבער צו זיין פון א. מ. דיק.) ז, 7

8) ב. III ז, 133

„שבועות באקט מען קנישעס 1) פּאַלירטשיקעס 2), כּרעמזלעך און בלינצעס3), מיט אַ טיי גלאָז שניידט מען אויס פון דעם אויסגעקאטשעטען גרויסען בלאַט—טייג—קיילעכדיגע טייגלעך און מען לעגט אריין קעז און מען פערקלעבט אַזוי קונציג".

שבועות אין דער פריה עסט מען די מילכיגע סעודה:

„קאווע מיט פוטער געבעקס... פיש מילכיגע געפרעגלט אין פוטער, בלינצעס מיט קרעפּלעך, און לאָקשען מיט מילך" 4)

עס שיינט, דאָס דעריבער ווערט שבועות נישט אַריינגערעכנט אין כּלל פון די טעג, וואָס מען עסט און זיי קרעפלעך 5), ווייל זיינע קרעפּלעך זענען מילכיגע.

---

1) זעה אויך מענדלי מו"ס ב. Vll ז, 49: „דעם קניש און פּייג־קוכען אויף שבועות". קנישעס מאכט מען אזוי: „מיט ... קעז, טייג און מען קלעבט אויס א קניש" (מנדלי מו"ס ב. lX ז, 9)

זעה אויך ספעקטאָר ב. lll ז, 132: „אבלעט ... אויף מילכיגע קנישעס און א טאָפּ פוטער און א שיסעל קעז, פריש געבאקענע קנישעס פון אויוועו". זעה אויך ז, 117: קנישעס מיט קעז", אין ב. l ז, 4 שרייבט ער: קנישקעלעך מיט פוטער און מיט קעז און סמעטענע.

2) שלום עליכם „לכבוד יום טוב" ז, 187 „קניידלעך, לאטקעס און פּאַלירטשיקעס". און ספעקטאָר ב. lll ז, 118: פּאלירטשיקעס און כּרעמזלעך מיט קעז און פוטער ... שבועות.

3) זעה אויך שלום עליכם ב. l ז, 160: שבועות—מילכיגע בלינ־צעס מיט קעז, אויך שלום עליכם ב. l ז, 237: שבועות מילכיגע בלינצען מיט קעז און פוטער

זעה אויך ז, 102: בלינעס מיט לאטקעס. מאָני דלוגאָטש (דער עולם התוהו'ניק ז, 36,) ברענגט אויך „שבועות'דיגע מלינצעס" און ז, 154 ברענגט ער: שבועות'דיגע מעלינצעס און קרעפלעך"

4) שלום עליכם ב. lll „אקדמות".

5) די וועלט זאָגט: פיהר מאָהל אין יאָהר קאָכט מען קרעפּליך אין פוילען: אז מען שיאָגט המנ'ען, און אז מען שלאָגט כפרות, און אַז מען שלאָגט הושענות, און אז מען שלאָגט דאָס וייב..." מאָני דלוגאַטש „דער עולם התוהו'ניק" ז, 36.

זעה אויך א. בערנשטיין „קרעפּעל" 1. דרויאנוב ברענגט אין „רשמות" ז, 345, א אינטערעסאנט ווערטעל: אז דער בעל־אכסניה האָט פלייש, וואָס ער שלאָגט זיך מיט דער דעה, צי ער זאָל עס יאָ ארויסוואַרפען, צי ניין: נעהמט ער און קאָכט דערפון קרעפלעך

אויף אַ צווייט אָרט גיט אונז שלום עליכם איבער די שבועות׳־דיגע מילכיגע סעודה מיט מעהר פּרטים 1). בעזונדערס בערוהמט איז דער שבועות׳דיגער „גרינער מילכיגער באָרשט מיט באָטווינע, מיט ציבעל־קעלעך און מיט יונגע בּאָרעקלעך פאַרבראָקט און מיט סמעטענע פער־ווייסט" 2).

ליניעצקי („דאָס פּוילישע יינגעל ז, 27) בעשרייבט אזוי זיין רבי׳נס ליפּ: „די אויבערשטע ליפּ איז געווען אַ טראָך—עטאַזשנע (אַ דריי שטאָקיגע): אַ ליפּ געפּיטרעוועט מיט נאָך אַ ליפּ און אונטער גילאמיוועט מיט אַ קליין בולביוואטע ליפּעל, בסך הכל האָט זי אַ פּנים געהאט, ווי א שבועות׳דיגע ווערטום" (ווערטוט?) אין פּוילען

ערב תשעה באָב עסט מען מילכיגע לאָקשען, און אַ איי מיט אַש 3)

ראש—השנה אויף דער נאכט עסט מען פערשידענע זאכען אויף פערשידענע גוטע סימנים, לויט די פארשריפטען פון די ספרים,

און פערלויף פון די ימים נוראים טעג עסט מען „מששטערדזשעשטשי מוציא׳ס מיט האָניג", דעם חשבון פון די פערציג מוציא׳ס קאָן איך אָבער נישט גענוי אויסרעכענען 4).

צווישען אַנדערס עסט מען אויך מעהרען צימעס- שירבו זכיותינו, דאָס איז דעם ערשטען אָווענד, צומאָרגענס בייטאָג עסט מען אָבער שוין דעם מעהרען צימעס נישט אָנגעריבען, נאָר געשניטען פליטשען און גוט פערברוינט פון צוקער און פעטס. אַזוי אַז די פליטשען זעהען אויס ממש ווי רענדלעך, און ס׳איז א סימן „שירבו אונזערע רענדלעך," א זעלכע רענדלעך פלעגט מען עסען אויך הושענה רבה, פרץ (ב, VIII ז, 252 שרייבט אָבער, דאָס איך אין שמחת—תורה שגדייט מען די מעהרלעך אין פלאכע רעדעלעך אזוי ווי רענדלעך גאָלדענע"

און שלום עליכם (ב. II ז, 220) שרייבט: „שמחת תורה קומט זיך דער עולם צונויף צום נגיד כלומר׳שט אויף פּראקעס",

---

1) שלום עליכם ב. III „מילכיגס" ז, 3

2) שלום עליכם ב. III „מילכיגס" ז, 6

3) זעה מנדלי מו"ס „פישקע" ז, 49 און ב. XV ז, 11

4) ווען איינער מאכט א גוט געשעפט זאָגט מען: „ער האָט געמאכט א המוציא מיט האָניג" זעה שלום עליכם ב. XI ז, 330 און ב. III „די פרעהליכע קאמפּ," ז, 18 זעה נאָך אין „רשמות", וואָס כ׳האָב געשריבען איבער די מאכלים פון ימים נוראים.

„חנוכה עסט מען לאטקעס, מען פרעגלט שמאלץ, מען עסט גריווען"
1) בעזונדערס אין „זאת—חנוכה" 2) מען עסט אויך פעטע רעטשענע
לאטקעס 3).

אייגענטליך ברויך מען חנוכה צו עסען מילכיגע מאכלים 4) מענדעלי
מוכר ספרים דערצעהלט אונז איך, דאס זיין מוטער האט געמאכט
„זאת-חנוכה" מילכיגע ווארעניקעס 5). דאך איז חנוכה די צייט פון גריווען, ווייל
„חנוכה קוילעט מען די גענז און מען פרעגעלט פון זיי שמאלץ אויף פסח" 6)

גריווען זיינען געוועזען זעהר א געליבטע מאכל ביי יודען, געניערם
איבער גריווען און די לעבערלעך פון די געקרעפטע גענז האב איך
געשריבען אין רשמות" ז. 342–43, איך האב דארט געברענגט פון
עלטערע פוילישע קוועלען א זאך, וואס כ'קאן עס עד היום אין קיין
יודישע קוועלען נישט געפינען, בכן אז די יודין פלעגן די גענז, וואס
מען האט אוועק געשטעלט צום קרעפען פיר בלינד מאכען די אויגען 7).
איך וויל נאך אויך דא צוגעבען, ווי געגעסט ס'איז געוועזען דער

---

1) מענדלי מו"ס ב. II ז, 12. זעה אויך שלום אש „אמעריקא"
ז, 58: „איצט פאסט די גוטע לאטקע און די פעטע גריווען לכבוד חנוכה".
שלום עליכם ב. I ז, 160: „חנוכה-לאטקעס מיט שמאלץ און גריווען"
זעה אויך מנדלי מו"ס ב. XIV „וואס הייסט חנוכה" ז, ז, 3, 5,

2) זעה שלום עליכם „יודישע קינדער" ז, 231: „ביי לייטען איז
א מנהג צום לעצטען טאג חנוכה באקט מען לאטקעס".

3) זעה ספעקטאר ב. III ז, ז, 192, 200, 201, זעה אויך ספעק-
טאר „קאליקעס" ז, 35: „ראבע פאסאליעס, רעטשענע מעהל. וואס פאר
א צימעס. וואס פאר א לאטקעס קאן מען מאכען!" עס שיינט, דאס פון
די פאסאליעס קאן מען מאכען דאס צימעס, און פון רעטשענעם מעהל
די לאטקעס.

4) אורח-חיים סימן תר"ע. רמ"א סעיף ב
5) ממו"ס ב. I פארערדע ז, IV.
6) שלום עליכם ב. XIII ז, 182 זעה אויך מנדלי מו"ס ב.
XIV „וואס הייסט חנוכה" ז, 5 „חנוכה-די מאמע פרעגעלט שמאלץ. דער
ריח פון גריווען און ציבעלעס פערגעהט אין דער נאז און קיצעלט".

7) Wacław Aleksander Maciejowski „Polska i
Ruś pod względem obyczajow i zwyczajów"
פעטערבורג-ווארשא 1842 ב. III ז, 364. Mikołaj Rej:
„Żywot człowieka poczciwego".
ווארשא 1828 ב. II ז, 21.

„טורי זהב" שרייבענדיג ,אז גריוועז זענען „חתיכה הראויה להתכבר"1)
זעה ביי מענדעלי מוכר ספרים 2) דאָס מען האָט מכבר גענוועזען געסט מיט כבוד 3) פון גריוועז און אייערבייגעלעך,
חנוכה האָט מען אויך געגעסען „שקצים מיט מאָהן" 4).
אויף פורים צו דער סעודה האָט מען געבאַקען אַ פורים קוילעטש
5) אַ איינגעפלאָכטענעם 6)
אויסער דעם האָט מען נאָך אָנגעבאקען פערשידענע „פורים—גרעט"
7), ווי „פלאָדען 8), מלכות-ברייטלעך 9), מאָהנדלעך 10), און נאָך

1) זעה „רשמות" ז, 343.
2) ב. II ז, 111
3) אויף „כבוד" פלעגט מען געבען אַלץ גוטע זאַכען.
ווילענדיג זאָגען, אז פון צו גוטעס, פון פויגעלמילך שמועסט מען נישט, זאָגט מען: „ווער שמועסט פון אַ „כבוד'? (פרץ" „אכעס פון אַ יודענע" ז, 207.) זעה אויך א. מ. דיק „די שקלאַווערייי" ב, II ז. 57: „זי האָט פערשטאַנען דאָס מען רופט איר נים אויף אַ כבוד"
4) פרץ ב. II ז, 120, זעה אויך פרץ „נס חנוכה" ז, 126: „שקצים'לעך מיט מאָהן". „שקצים מיט מאָהן" ווערען אויך דערמאָהנט ביי שלום עליכם ב. VII ז, 144 ב. XIII ז, 58. זעה א. בערנשטיין „שיינעץ" 2: „אז שקצים מיט מאָהן איז א מאכל, איז פיפיוקע א טייכעל", ער נים צו: אין רוסלאנד איז „שקצים מיט מאָהן" א מאכל פון קליינע טייגלעך מיט מאָהן און מיט האָניג.
5) זעה „רשמות" זעה אויך מאָני דלוגאטש („דער עולם התוהו'ניק ז, 66): „אין פוילען איז א מנהג, אַז אויף פורים באקט מען א געלע חלה מיט זאַפרען, צווישען דער הלה מוז זיך געפינען איין באַרענקוילעטש, א גאנץ גרויסער. ווי דאָס גרעסטע קעלביל, וועלכע עס ווערט געלייגט אויפ'ן טיש נאָך פארנאכט צו דער סעודה, ער הייסט ביי'ם נאמען: „דער פורים קוילעטש".
6) זעה מענדלי מו"ם ב. VII ז, 49 זעה אויך ב. IX ז, 27 ווי ער זאָגט אויף דער כלה: „א צאָפ—נאָר א פורים-קוילעטש".
7) ספעקטאָר ב. III ז, ז, 222, 224. ליניעצקי „וועלט לוח" ז, 50: „פורים-גרייט"
8) אין בעסעראביען איז פערהאן „חתן-פלאדען" געמאכט ווי א טאָרט, און א פלאָדען פון בלעטער טייג אָנגעפיהלט מיט פערפעל נעפרעגעלט אין האָניג. דער דאָזיגער פלאָדען איז ספּעציעל צו „שלח-מנות", שבת—הגדול געהט מען אויף כבוד און מען עסט אויף דעם גאנצען רעשט פלאָדען. דעם שענסטען פלאָדען בעהאלט מען דעריבער אויף שבת—הגדול
9) דאָס איז א הויכע חלה מיט ראָזינקעס בעפוצט ווי א טאָרט.
10) אויך מנדלי מו"ם רעכענט זיי צווישען די פורים מאכלים ב. VII ז, 39

זיסע זאכען" 1), ווי פּאנקיכען און סטרודעל 2). פּורים מאכט מען אויף „המן—טאשען" 3) מיט מאָהן געפילט 4) דריי—שפּיציגע 5) אין בעסעראביען מאכט מען אויף המן—טאשען מיט פלוימען. פּורים עסט מען אויך, ווי בעקאנט, קרעפּלעך, דען מען שלאָגט דאָך דאן המנ'ען, ביי מענדלי מוכר ספרים, ווערען זיי אויך אָנגערופען דעריבער „המן-קרעפּלעך 6). עס וועט אונז יעצט שוין זיין א ביסעל פערשטענדליכער אויך דער נאָמען „המן—טאשען".

אָבער דאכט זיך מיר צו ערקלערען דעם דאָזיגען נאָמען, ווי אויך דעם נאָמען „שקצים מיט מאָהן" אייף פאלגענדען אופן:

„קרעפּלעך" האָט מען געהאלטען פאר א עזות'דיגען, נישט אַנ־שטענדיגען אויסדרוק, אזוי אַז מיר איז געוויס בעקאנט, דאָס אלטע ווייבער פלעגען רופען קרעפּלעך—„אסור-לדבר'לעך"7), איבער דעם האָט מען די מאָהן-קרעפּלעך גערופען „שקצים מיט מאָהן", אָדער „מאָהן — טאשען" נאכהער איז עס פערגרייזט געוואָרען אויף „המן—טאשען",

פרץ דערמאָנט אויך „פּורים'דיג קרויט„ 8).

וועגען די פּורים באָבעס און די זויערע פיש 9) האָב איך

---

1) ספּעקטאָר ב. III ז, 221

2) מנדלי מו"ס ב. IX ז, 62

3) ספּעקטאָר ב. III ז, 225 מנדלי מו"ס ב. VIII ז, 49

4) שלום עליכם ב. I ז, 160

5) שלום עליכם „לכבוד יום טוב" ז, 267: זיסע דרייעקיגדיגע המן—טאשען אָנגעפּיהלט מיט זיסען צוקערדיגען מאָהן.

6) ב' VII ז, 39

7) ווען איינער רעדט אויפן צווייטען אוים כל הביזן, זאָגט מען: „ער רעדט אויף איהם אוים אסור לדבר".

אויף הולטייעס, ליידאקעס זאָגט מען: ס'איז א חברת אסור לדבר". זעה ביי ליניעצקי'ן „דאָס פּוילישע יונגעל" ז. 51, דאָס עס פלעגט ווירקליך זיין אַ „חברה אסור—לדבר", דאָס איז געוועזען חברות, וואָס האָבען אויף זיך מקבל געוועזן, נישט צו רעדען קיין דברי חול אין שבת. און אַלם שמירה דערצו—נישט צו רעדען שבת נאָר לשון הקודש. זיי האָבען דעריבער, געהייסען: „חברה אסור לדבר בשבת",

8) „רייזע בילדער" ז, 265

9) זעה אויך מנדלי מו"ס ב. IX ז, 61: „פיש נעלע מיט ראָזינקעס" זעה אויך ממו'ס ב. II ז, 13, וועגען פיש מיט „דרילעס". איך ווייס אָבער נישט, וואָס דאָס איז אזוינס. זעה אָבער מענדעלי מו"ס ב. X ז, 93: „דאָס וואסער איז פערגליווערט ווי די דרילעס".

געשריבען אין „רשמות".

אז די ווייבער באקען אָן די אַלע זאַכען, הויבט זיך אָן א ארום־וויזעניש פאר אלע שכנות און בשעת מעשה האלט מען אין איין וואונשען מ'זאָל עס דערלעבען אויף ס'יאהר.

מיט די „שלח מנות" 1) זענען ארום־געגאנגען ארעמע יונגלעך, דינסטען וכדומה, מ'האָט עס געטראָגען אויף טעלערלעך פערדעקט מיט פאטשיילעס 2):

צו שלח־מנות האָבען געדיענט: „אַ פלעדיל, אַ מלכות־ברויטל. אַ המן טעשיל, אַ מאָהנדיל, אַ צוקער־פישעל, אַ צוקערקעלע מיט אַ ושתי מיט אַ זרש, אַ אסתר המלכה, דערויף אויבען מיט געכתיבה'טע אותיות פון צוקער, און ארום די דאָזיגע שענע גוטע זאַכען, וואָס נאָר צו איינס, צו צוויי אויף אַ טעלער, ליגען אַרום עטליכע טרוקענע דאַרע פלוימען, אָדער עטליכע מאנדלען מיט ניסלעך, אַ פייג, אַ מאָל ליגט גאָר אויף אַ טעלער אַ אויסגעצויגענער הערינג אין עסיג און האָניג" 3).

שלום עליכם 4) רעכענט נאָך אויס ציקערלעך, פלאָדענס און פלעדלעך, אַ צוקערלעקעכיל, מאנדיל בייגלעך, קאָמיש־ברויטלעך 5) שטראָדלען מיט א מאהנדיל",

אין דעם פורים־שפיגעל" 6) ווערען צווישען די פורים־מאכלים אויסגע־

---

1) מענדלי מו"ס ... , 49

ווען איינער טראָגט רבילות פון איינעם צום צווייטען, הייסט עס אויך: „ער טראָגט שלח מנות", זעה שלום עליכם, „יודישע־קינדער" ז, 461: „אויפהערען אַרומטראָגען שלח־מנות פון איינעם צום אַנדערען. איך האָב נישט פערשטאנען, פאר וואָס רופט מען דאָס „שלח־מנות?"

צו די המן־טאשען איז אויך דאָ ביי שלום עליכם'ן („מבול" 367) אַרענדעסארט, וואָס ווערט בענוצט ווען מ'איז מצדיק הדין אויף איינעם: „אַ מצוה, זאָל זיך אַהונד נישט גלוסטען קיין המן־טאשען, אַז ער הערט נישט ליינען די מגילה".

2) זעה געניוערס אין די ערצעהלונג: „דער פורים שפיגעל" ווילנאָ תר"ל (אהן נאמען פון מחבר, נאָר שיינט צו זיין דיק'ס.)

3) מנדלי מו"ס ב. ]] ז, 116

4) „לכבוד יום טוב" ז,ז, 148, 154

5) א קאָמיש ברויטעל אין בעסראביען, ווערט געמאכט, חי בין אונז א „אמלעט", בעזונדערס מאכט מען עס צו חתונות.

6) זעה אויבען אָנמערקונג 2

רעכֿענט: המן—טאַשין, טאָרטין, צוקערגעבעק, 1) א קיטקע, אָדער שטריצעל וואָש וואר גיבאקט מיט זאפֿרען און מיט ראָזינקעס, 2) פֿיש זיסע און זויערע 3). און שלח מנות: אַ פּייַקעלע, אַפּישעלע אַ אַ הענדעלע מיט אַ שוועמעלע (?) 4)

שושן פּורים פֿלעגט מען מכבד זיין מיט בראָנפֿ׳ן און קישעלעך 5) אויף פּורים, 6) פֿלעגט מען מהדר זיין צו האָבען א אינדיק, מען זאָגט א ווערטיל, אז ס׳איז א זכר צי אחשורוש׳ן וואָס ר׳איז געווען א מלך טפּש, א נאַר, ווי א אינדיק, און ווידער וויל ר׳איז געווען א מלך מהודו ועד כּוש. און א אינדיק רופֿט זיך דאָך תרנגול הודו.

אַז מ׳וויל זאָגען: „ס׳איז געוועזען „ששון ושמחה“. זאָגט מען: „ס׳איז געוועזען—סעודת פּורים!“ 7)

---

1) דאָרט ז, 8

2) דאָרט ז, 19

3) דאָרט ז, 28

4) דאָרט ז, 19, ס׳מוז א ודאי זיין אלץ צוקער זאכֿען. ליגעצקי „דאָס פּוילישע יונגעל“ ז, 33, רעכֿענט אוים קינדער שלח—מנות: א רעטעכֿיל מיט א פּאַקעל, א בייגעלע מיט א לאָקשען טעפּעל(?)

5) מענדלי מו״ם ב. **IX** ז,ז. 57 58 זעה אויך ב. VII ז, 49: „שכנות פֿארהערען זיך אין איינגעמאכֿטס-פּרעגלען פֿון אגרעסען, און אויספֿלעכֿטען דעם פּורים קוילעטש און אָבצוויקלען (?) די קישעלעך“.

זעה אַקסענפֿעלד„ דאָס שטערינטיכֿל“ ז, 5: „פּורים בעקומט דער שמש אַ צוקער קישעלע מיט אַ שטיקעל געפּרעגעלטע מאָהן“. ז. 100: „האָניג קישעלעך, גיפּרעגעלטע מאָהנדליך“.

ביי מאָני דלוגאטש (דער עולם התוהוניק ז. 36) זינגט מען פּורים: „מרדכי פּאָטיעשילע, המן פּאָוויעסילע! גיב מיר אַ קושילע!„

6) זעה אויך פּרץ „פּאָלקסט. געשיכֿטען“ ז, 189, פּורים שפּינעל“ ז,ז, 7, 14

7) ליגעצקי, וועלט—לוח ז, 74

הודה עָלזועָט

# יודישע מאכלים

## צווייטער טייל

פֿאָלקסטימליכֶע
רעדענסארטען,
שפּריכווערטער,
גלײַכווערטלעך,
און אַנעקדאָטען.

# I.

## אלגעמיינע אבטיילונג.

**פייער** — דער בעגריף פון פייער ווערט גאנץ פערשידענארטיג בענ
אין דער יודישער שפראך. בעזונדערס בענוצט מען דעם ד
גען בעגריף, ווען א מענש „צינדט זיך אן" פון כעס און רציחה
„ער צופלאקערט זיך", 2)„ער ווערט אנגעצינדען און הויבט אן פייערען"
„ער איז ברוגז פלאם פייער" 4) „ווערט אש להבה" 5)

ווען איינעם פערדרוסט א זאך גוט, „ברענט עס איהם ווי א
ער" 6) און די רציחה, דער כעס „ברענט אין הארצען ווי א העי

---

1) שלום עליכם ב. XI ז, 191: „האט דאס מיך אויף איהר
ברענט און פערבראטען טאקי טמש אנגעצינדען"; „מאטיל דעם חזנ'ס"
126: „א גוטער כעסן, אבער ניט אזוי היציג, ווי פיני, באלד צ
ער זיך אן ווי א פייער". מענדעלי מו"ס ב. I „אלטע מעש ה" ז,
„געווארען אנגעצונדען פלאם—פייער"

2) מענדעלי מו"ס ב. IX ז, 95

3) שלום עליכם ב. VIII ז, 158. ב. II ז, 164: „אנגעה
צו פייערען און צו שיסען מיט ווערטער". „מבול" 249: „ער האט גע
ערט, נעשפרונגען". מענדעלי מו"ס ב. VIII ז, 409: „א רוגז, א פיי
אויף די יודישע שולען".

4) מענרעלי מו"ס ב. VIII ז' 260 ב. I „די אלטע מעשה" ז,
„אין כעס פלאם—פייער".

5) דארט ב. IV ז, 63: „אש להבה איז ער געווארען, אנגע
דען האט זיך איהם דער צארן" ב. II ז, 28 „אנגעצונדען אש לה
אויך ב. VI ז, 56. ב. VIII ז, 377: „אין כעס פלאם-פייער", זעה
שלום עליכם ב. I ז, 189.

6) מענדעלי מו"ס ב. IV ז, 91, זעה אויך ב. VI ז, 142: „
ברענט אין איהם א גהנום—א העליש פייער". ז, 65: „זי איז אראבגעק
פערפלאמט, רויט אנגעצונדען ווי א העליש פייער".

יער״ 1), און דער מענש איז „פלאם פייער״ 2). ווער ס׳העלפט צו
ּ א מחלוקה, דער „גיסט בוימעל אויפ׳ן פייער״ 3), יעדע זאך וואָס
ערשטארקט די צוויטע איז „ווי בוימאייל אויף א פייער״ 4), פער־
טארקען א מחלוקה, הייסט: „אונטער בלאָזען א פייער״ 5) „אונטער־
נגען האָלץ אויפ׳ן פייער״ 6). צוגעבען איינעם מוטה און ענערגיע,
יסט אויך: „אונטערגעבען פייער״ 7). פארהרן אָפט א מענש וואָס
ין „פלאם פייער״ 8). „ער ווערט אויפ׳ן פייער נישט פאר־
רעננמ״ 9).

ווילענדיג זאָגען אויף איינעם, דאָס ער קאָן אומגליקליך מאכען,
גט מען: „ער קאָן אויפן פייער ברענגען״ 10).

---

1) שלום עליכם „סטעמפעניו״ ז, 39 ב. XIII ז, 28 „וחמתו בערה בו—ס׳ברענט אין איהם א פייער״ „א העליש פייער״—זעה מענדעלי מו״ס ב. II ז, 120. „יאָסעלע סאָלאָוויי ז, 191״.

2) מענדעלי מו״ס ב. V„ איבער א שטאָדט״ ז, 20. ב. IX „א גרויע האָר״ ז, 20.

3) שלום עליכם ב. III ז, 25. פרץ „שוועסטער״ ז, 203: „גיעסען בוימאייל אויפ׳ן ברענענדען פייער״.

4) מענדעלי מו״ס ב.VI ז, 140. ב. VIII ז, 398 שלום עליכם ב. XII ז, 84

5) מענדעלי מו״ס ב. V „איבער א שטאָדט״ ז, 17

6) שלום עליכם ב. II ז, 76,

7) מענדעלי מו״ס ב. VII ז, 154

8) אזוי זאָגט מען אויף א זעהר ענערגישען מענש, זעה ביי מענדעלי מו״ס ב. V ז, 96: איך זאָג אייך, ער איז א פייער״ ב. II ז, 60 „זיין כח הדמיון—איז פלאם—פייער״. ביי שלום עליכם, „מאָטיל דעם חזנ׳ס״ ז, 51: „אויף לויפען בין איך א פייער״ און ז, 67: „ער איז צו בעקעריי א ברען״. מענדעלי מו״ס ב, IX ז, 23: „די מענער זענען פייער״

9) מענדעלי מו״ס ב. IV ז, 18

10) ספעקטאָר, „קאליקעס״ ז, 73: „ער קאָן די קינדער אויפן פייער ארויספיהרען״. א. מ. דיק „די שקלאווערייי״ ב. I ז, 8: „אזעלכער קאָן מיך אויך אויף פייער ברענגען״ דאָס בעציהט זיך צו די טויט—שטראָפען דורך שריפה אויף די אויטאָ־דע־פע׳ען.

אלט קללה זאָגט מען: „ברען ווי א פייער" 1), א זאך ווי
טויג צו גאָרנישט, זאָגט מען: „עס טויג אויפ'ן פייער" 2).
פארהאן „פייערדיגע פעטש" 3), איך „פלאם פייערדי
דרשות" 4).

„פייער, זאָגט די וועלט, איז א גנב" 5), דעריבער מוז מ
מיט פייער זעהר פאָרזיכטיג זיין. פון א געפעהרליכע זאך מוז מען ז
היטען, ווי פון אפייער" 6). ווען איינער איז נישט גענוג פאָרזיכט
מיט א געפעהרליכען מענש א. ד. ג. זאָגט מען: „דו שפּילסט זיך מ
פייער" 7).

פארהאן איינער „לערנט מיט ברען" 8), און די יונגע לי
האָבען זיך גענומען אין איין פייער לערנען דעם אלטען בנימינ'
אז בילדונג איז פאר יודען א גליק 9).

ביי שלום עליכם'ן, ווילענדיג זאָגען ער מאכט א זאך געשווינ
זאָגט מען: „ער מאכט עס אין איין קויל פייער„ 10)

ווען אַ קראַנקער האָט שטאַרקע היץ, הייסט עס „ער ברענט
א פייער" 11).

---

1) מענדעלי מו"ס ב. VII ז, 228 ב. X ז, 78: „מיין בעל הבי
טע ברענגען זאָל זי" שלום עליכם ב. I ז, 98: „לאָז דאָס ברענגען אוי
פייער".

2) שלום עליכם ב. X ז, 289

3) דינעזאָהן „יאָסעלע" ז, 35, „מענדעלי מו"ס ב. I „א
אסיפות" ז, 43

4) שלום עליכם „יודישע קינדער" ז, 199.

5) מענדעלי מו"ס ב. IX ז, 23

6) דינעזאָהן „יאָסעלע" ז, 35, שלום עליכם ב. XII ז,
„לכבוד יום טוב" ז, 200 „יאָסעלע סאָלאָוויי" ז, 32, מענדעלי מו"ס
VI ז,ז, 89, 139.

7) שלום עליכם ב. VIII ז, 84. מ. ספעקטאָר ב. I ז, 4
מאָני דלוגאטש „דער עולם התוהו'ניק" ז, 119: „זיי פערשטעהען גאָר נ
אז דאָ שפּילען זיי זיך מיט פייער".

8) דינעזאָהן „הערשעלע" ז, 31 „ספעקטאָר „יודישע וועלט" ז, 1
„דער אָנהויב איז מיט א ברען, ווי מען זאָגט, מיט „פייער".

9) מענדעלע מו"ס ב I „אַלטע מעשה" ז. 26

10) שלום עליכם ב. X ז. 240

11) דינעזאָן „יאָסעלע" ז. 38

װען איינער איז גרייט פאר'ן צװייטען אלץ צו טוהן, צו גיין פאר איהם אויף סכנת נפשות, הייסט עס: „ע ר א י ז ג ר י י ט א י ן פ י י ע ר ג ע ה ן פ א ר א י ה ם" 1).

פארהאן אויך „א פייעדינגער חסיד" „א פ י י ע ר ד ד י ג ע ר י ו ד" 2).

ברענען: מיט'ן לושן „ב ר ע נ ע ן" בענוצט מען זיך אויך במעט אויף אלע דערמאנטע בעגריפען, אזוי זאגט מען: „זי ה א ט ג ע-ב ר ע נ ט, ג ע װ א ר ע ן א ש ל ה ב ה", ד. ה. אין כעס 3). דאס האט מיך אויף איהר פערברענט און פערבראטען, טאקי ממש אנגעצינ-דען" 4) „איך װייס װאס איך ברענט, ס'פערדריסט איך" 5), „ס'האט זיך אין איהם צעברענט דער חזן" 6) „זי האט זיך אין איהם פער-ברענט" 7), הייסט—פערליבט. מ'זאגט אויך: „להוט, פערברענט נאכ'ן קערבעל" 8), „דאװענט מיט'ן ברען" 9) „א פערברענטע, פערקאלטע סאציאליסטקע" 10).

די פארצייטישע אינקװיזיציאנס-געריכטען האבען זיך פיעל בענוצט מיט ברענען און בראטען די בעשולדיגטע, און דאס האט אונז איבער-געלאזען אייניגע רעדענסארטען אין דער שפראך:

אזוי רופט מען גרויסע יסורים—„געברענטע געבראטענע לייד" 11)

---

1) מענדעלע מו"ס ב. IV ז. 125

2) דארט ב. XI ז. 18

3) שלום עליכם, „לכבוד יום טוב" ז. 126

4) דארט ב. XI ז. 191, מענדעלע מו"ס ב. VII ז. 21: „עס האט איהם געברענט"

5) שלום עליכם ב. III „אלעמען גלייך" ז. 12 „יאסעלע סאלאװײ" ז. 9: „ער האט געברענט, קוקענדיג װי מען בעגעהט זיך מיט איהם",

6) שלום עליכם יאסעלע סאלאװײ" ז. 9.

7) דארט ב. II ז. 94 דארט. ב. XII ז. 64: „ר'איז פערברענט אין איהר", פערגלייך מיט'ן אויסדרוק: „ער האלט פון איהם פלאמ-פייער". מענדעלע מו"ס ב. IV ז. 107 ב. II ז. 106 „ער איז שטארק פערברענט אין די קאלאניעס".

8) דארט ב. XIII ז. 129

9) מענדעלע מוס ב. XVI ז. 39

10) שלום עליכם „מבול" ז. 12

11) מענדעלע מו"ס ב. I ספר הבהמות ז. ז. 12,13 „אויף אסי-פות" ז. 5. „געבראטענע לייד".—דארט ב. V ז. 41. „געברענטע לייד"—שלום-עלכם ב. I ז. 16

ווען איינעם פּערדרוסט שטארק א זאך, זאָגט ער: „דאָס האָט מיך געבּרענט און געבּראָטען“ 1), איינער וואָס בּעקענט זיך אויף קיינפאַל נישט צו אַ זאך, הייסט עס: „לאָטש בּראָק איהם, לאָטש בּרען איהם!“ 2)

**סמאליען** „איך האָבּ אמאָל געסמאליעט א וועלט!“ ריהמט זיך איינער בּיי ספּעקטאָר'ן 3). אויך בּיי שלום עליכם'ן, זאָגט מען אויף איינעם: „ער סמאליעט א וועלט!“ 4).

**שוועבּעלע** ווען איינער ווערט געשווינד אין כּעס, א ליארע וואָס „צינדט ער זיך אָן 5) רופט מען איהם „שוועבּעלע“ 6) מען זאָגט אויך מיט קאַטאָוועס: „ער בּרענט, ווי א שטרויענער דאך“ 7).

**האָלץ** א מאָל האָט האָלץ געמוזט זיין זעהר פּיעל. מען זאָגט: „געלאָפּט פּעטש ווי האָלץ“ 8), „געכאַפּט קלעפּ ווי האָלץ“ 9) „ליגען איז געפלויגען ווי האָלץ“ 10) „געלד איז דאָ ווי האָלץ“ 11). ווילענדיג זאָגען, אז בּיי א זאך האָט מען געמוזט שווער ארבּיי·

1) שלום עליכם ב. I ז. ז. 27, 186 ב. VIII ז. 49: „האָט דאָס געבּרענט און געבּראטען איטליכען בּעזונדער“
2) דאָרט. „סטעמפּעניו“ ז. 61. זעה אויך „יאָסעלע סאלוויי“ ז. 142: „ארען אַרט עס מיך נישט, נאָר מען בּרענט מיך און מען בּראט מיך“.
3) „עניים ואביונים“ ז. 201
4) ב. VII ז. 44
5) דינעזאָהן „יאָסעלע“ ז. 4: „ווערט אָנגעצינדען אויף אַלע יונגלעך“. שלום עליכם, „יודישע קינדער“ ז. 241: „אָנגעצינדען זיך ווי אַליכּט“.
6) מענדעלע מו"ס ב. II ז. 27: „אָנגעצינדען זיך ווי אַ שוועבּעלע“. שלום עליכם ב' I ז. 194: „רופען רופט מען זי „שוועבּעלע“ דערפאר וואָס זי צינד זיך גיך אָן, און ווערט גלייך פּערלאָשען“. „מאָטיל דעם חזנ'ס“ . 172: זי זאָגט אַליין אויף זיך, אַז זי איז אַ שוועבּעלע“.
7) שלום עליכם, ב, I ז. 176, ב. X ז. 301
8) שלום עליכם ב. XIII ז. 4. ב. X ז. 72, ב. VII ז. 48. מאני דלוגאטש „דער עולם התוהוניק“ ז. 74: „לייזען פּעטש, ווי האלץ“
9) שלום עליכם „יודישע קינדער“ ז, 112, מענדעלע מו"ס ב. I „ספר הבהמות“ ז, 39,
10) שלום עליכם „יודישע קינדער“ ז. 225
11) דאָרט ב. VII ז. 38. זעה מענדעלע מו"ס ב IV, ז. 134

טען, זאָגט מען: „געהאָרעווט, געהאקט האָלץ" 1). א נישט געשיקטער מענש, איז א הילצערנער מענש 2).

**קוילען** מען זאָגט „שווארץ ווי א בראנד" 3). „שווארץ ווי א קויל". „געלאָפען ווי אויף הייסע קוילען" 4), „געזעסען ווי אויף הייסע קוילען" 5), „שטעהענדיג ווי אויף ברענענדיגע קוילען" 6).

די אלע רעדענסארטען זענען נישט גענומען פון דער קיך, נאָר פון די אינקוויזיציאָנס-געריכטען.

„אז איך זאָג עפּעס, שיט ער מיך באלד אָפּ מיט קוילען", ד. ה. ער כּעס'ט און בייזערט זיך אויף מיר. 7)

ביי מענדעלי מוכר ספרים: „באלד שיט ער מיך אָב מיט פריסעק" 8)

**שריפה, אש,** „א פייער"—הייסט אויך „א שריפה". „זי האָט זיך ארויסגעלאפּט פון דאָרטען ווי פון א פייער" 9) „געלאָפען ווי פון א שריפה" 10), „מען לויפט ווי אויף א שריפה" 11) א שריפה מאכט פון אלעם אש, דעריבער זאָגט מען אויף יעדען חורבן און פערניכטונג: „געמאכט אש" 12), „געמאכט דערפון אש, עפר ועפר" 13)

---

1) שלום עליכם, מנחם—מענדל, „עס פידעלט נישט".

2) א.מ. דיק. „דער פאָרטעפיאניסט" ז. 36. זע אויך „די שקלאווערייי" ב. II ז. 25" „ער איז געבליבען שטעהן, ווי אַהאלץ פון גרוים פאר וואונדערונג".

3) שלום עליכם, „יאָסעלע סאָלאָוויי" ז. 198

4) שלום אש, „אַמעריקא" ז. 38

5) פרץ ב. II ז. 281

6),7) ספעקטאָר „עניים ואביונים" ז. 285

8) ד. ה. מיט הייסע אש און קוילען. ב. III ז. 96; „מיט הייסען פריסעק שיטסטו אָב, טרייבסט פון זיך" אויך ביי שלום עליכם'ן ב. XI ז. 230, הייסט עס בייזערען זיך.

9) א. מ. דיק. פייגעלע דער מגיד. (ווילנא, תרכ"ח) ז. 8

10) שלום עליכם „מבול" ז. 206. ב. XIII ז. 34: „ווי אַ מענש וואָס לויפט פון אַ שריפה"

11) דאָרט, ב. XI ז. 33

12) דאָרט ב. XI ז. 152: „געמאכט פונ'ם אש". מענדעלע מו"ס ב. XIV „דער חילוף" ז. 4: „מאַכען אש פון אַלעם", ב. XV ז. 31: „געמאכט אַבערגיל אַש".

13) דאָרט ב. II ז. 67, ב. I „די אַלטע מעשה" ז, 31: „ער מוז

ווען איינער איילט זיך, זאָגט מען: „זעה נאָר ס'ברענט בײַ אידהם!" 1)

**רויך,** בײַ א שריפה געהט אלץ אוועק „מיט'ן ווינד און מיט'ן רויך" 2) יעדע זאך, פערמעגענס א. ד. גל. וואָס ווערט פלוצים פערשוואונדען אָהן צייכען, הייסט עס: „ס'איז אוועק מיט'ן ווינד און מיט'ן רויך"3)

פון רויך זענען דאָ נאָך איינינגע רעדענסארטען. „מען איז זיך צוגאנגען ווי א רויך", 4) „פערשווינדען ווי רויך" 5), „לעבעדיג און הויך, אז ס'זאָל געהן א רויך!" 6)

פערהאן מ'וויל א חיה צווינגען צו פערלאָזען איהר הייל, אָדער מען וויל גנבים און גזלנים ארויסבעקומען פון זייער בעהעלטעניש, דאן מאכט מען, דאָס א רויך זאָל אריין געהן אין זייער בעהעלטעניש און אזוי ארום צווינגט מען די בעהאלטענע דאָס אָרט צו פערלאָזען. דערפון איז גענומען צו זאָגען: „מען רויכערט נישט ארויס קיין שכנים" 7), „ער האָט חשק געהאט ארויסרויכערען דעם יודען" 8), „די גנבים

---

פון איהם מאכען אַש". שלום עליכם ב. II ז. 75: „אַש וואָלט איך פון איהם געמאכט"

1) שלום עליכם ב. VII ז. 86. קאטאָוועסדיג זאָגט מען בײַ שלום עליכם'ן ב. VIII ז. 243: „וואָס האָט איהר קיין צייט נישט? דער טייך ברענט נישט!". ב. X ז. 11, „יודישע קינדער" ז, 208: „האָב צייט דער טייך ברענט נישט!" ב. XIII ז. 18: „וואָס האָט איהר קיין צייט נישט? דער טייך ברענט ?"

2) זעת פרץ, „די גאָלדענע קייט" ז. 59: „עם געהט אוועק די שטאָדט מיט'ן רויך! עס שליידערט דער ווינד פון דאַך צו דאַך די פלאמען", אויך שלום עליכם ב. XII ז. 191: „אַפייער פון גאָט! און ס'איז אַוועק מיט'ן רויך גאנץ כתריליווקע און אַ שטורם—ווינד..."

3) שלום עליכם „סטעמפעניו" ז, 64: די ליבע איז פערשווינדען געוואָרען מיט'ן ווינד און מיט'ן רויך". ב. II ז, 100 ב. XII ז. 12 און ז. 170: ס'איז שוין לאנג אַוועק מיט'ן ווינד און מיט'ן רויך"

4) דאָרט, ב. XI ז. 200 ב. III ז, 73: „געלד געהט ווי א רויך".

5) מענדעלע מו"ס ב. VIII ז. 274: „אומזיסטע קללות פערשווינדען ווי אַ רויך", שלום עליכם ב. X ז.276: „זיינע פלענער זענען צוגאנגען ווי רויך",

6) שלום עליכם ב. III ז, 249, מענדעלע מו"ס IX ז. 100: „דם ואש ותמרות עשן—אַזש אַ רויך איז געגאנגען!"

7) שלום עליכם, „לכבוד יום טוב" ז. 254

8) דאָרט ב. I ז. 213

האָט ער ארויסגערויכערט אין צוויי חדשים" 1), ד. ה. ארויסגעטריבן פֿון די איינגעזעסענע ערטער.

**וואסער,** א זאך, וואָס איז נישט ווערט קיין סך, איז „ווערט וויפֿיל א טרינק וואסער" 2), א מענש, וואָס מען האָט פֿון איהם גאָרנישט, הייסט עס: „מ'האָט פֿון איהם נישט אפֿילו א טרונק וואסער" 3). וואסער זשאלעוועט מען נישט, מען גיסט עס אָהן א חשבון, מען זאָגט דעריבער. „ס'גיסט זיך בראָנפֿען ווי וואסער" 4) „גיסט זיך בלוט, ווי וואסער" 5)

מען זאָגט: „ער קאָן תנ"ך, ווי א וואסער" 6) „זי זאָגט עברי-טייטש, ווי א וואסער" 7), „ער לייענט רוס ווי א וואסער" 8).

עס איז מיר נישט קלאָר, צי מען מיינט אין די דאָזיגע אלע רעדענסארטען—„גיך ווי א וואסער" 9), אָדער „קלאָהר ווי א וואסער"10).

„א חוב פֿערשריבן אויף וואסער"— האָט זעלבסטפֿערשטענדליך נישט קיין בעזונדערס גרויסען ווערט 11)

אויף צוויי מענשען, אָדער זאַכען וואָס זענען עהנליך איינס צום צווייטען, זאָגט מען: „עהנליך ווי איין טראָפּען וואסער צום צווייטען" 12)

1) דאָרט ב, II ז, 215

2) שלום עליכם „יאָסעלע סאָלאָוויי" ז. 107

3) מענדעלע מו"ס ב. VI ז. 91

4) פּרץ ב. II ז. 154, שלום עליכם „לכבוד יום טוב" ז. 239.

5) שלום עליכם ב. XI ז. 239, „יודישע קינדער" ז. 143, פּרץ „די גאָלדענע קייט" ז. 13: „ווי וואַסער, וועט זיך גיסען יודיש בלוט"...

6) מענדעלע מו"ס ב. VIII ז. 402. שלום עליכם ב. X ז. 194: „געקנט אויסוועניג, ווי אַ וואַסער".

7) פּרץ „פּאָלקסט. געשיכטען" ז. 60. מ. ספּעקטאָר ב. "III" ז. 45: „געפֿרעגט די קשיות אויסגעצייכענט, ווי אַ וואַסער"

8) שלום עליכם ב. VIII ז. 86, מאָטיל דעם חזנ'ס ז. 177

9) „לייענט גיך ווי אַ וואַסער" שלום עליכם ב. II ז. 8 מענדעלע מו"ס ב. II ז. 24 מ. ספּעקטאָר ב. III ז. 6: „געלד לויפֿט ווי אַ וואַסער". אַקסענפֿעלד, „דאָס שטערינטיכל" ז, ז. 71, 93: „ס'איז גיגאַנגען ווי אַ וואַסער".

10) קלאָהר אומעטום, ווי אַ וואַסער", שלום עליכם ב. VIII ז. 202

11) פּרץ ב. II ז. 196

12) פּרץ ב. III ז. 56, שלום עליכם IX ז. 275: „עהנליך, ווי צוויי טראָפּען וואסער" ספּעקטאָר ב. II ז. 122: „עהנליך ווי איין טראָפּן וואסער צו איער טאַטען" מענדעלע מו"ס ב. IX ז. 87: „אינגאַנצען דיין פּנים—צוויי טראָפּען וואַסער!"

מען זאָגט אויך: „עלענד, ווי אויפ'ן וואסער" 1), „איבערגעלאָזט, ווי אויפ'ן וואסער א ווייב מיט קינדער" 2), „געבליבען ווי אויפ'ן וואסער" 3), „זי בלייבט אויפ'ן וואסער" 4). אויף א זאך, וואָס ס'איז שוין גאנץ לאנג, זינט ס'איז געשעהען, זאָגט מען: „אסאך וואסערען זענען פון דאן שוין אָבגעלאָפען" 5) אויף א זאך, וואָס ס'וועט נאָך לאנג דויערען ביז ס'וועט געשעהען, זאָגט מען: „ס'וועט נאָך גענוג וואסער אָבלויפען" 6). אויף א זאך, אָדער א מענש וואָס זענען פארפאלען געוואָרען, נישט איבערלאָזענדיג קיין שום שפּאָרען, ס'זאָל מעגליך זיין זיי אָפּצוזוכען, זאָגט מען: „ניטאָ, ווי אין וואסער אריין!" 7), „פערפאלען ווי אין וואסער אריין" 8), „מען זעהט נישט מען הערט נישט, ווי אין וואַסער אריינגעפאלען" 9).

ווען א מענש איז אין גרויס פערלעגענהייט, ער האָט קיין עצה און געפינט קיין אויסוועג, זאָגט ער: „כאָטש נעם און ווארף זיך אין וואסער אריין" 10).

„א שטיל וואסער גראָבט טיעף" דאָס איז א אלטער כלל 11). אויף יעדען שטילען מענשען, וואָס געהט ארום מיט מחשבות, זאָגט מען דעריבער, „ס'איז א שטיל וואסעריל..."

פארהאן אסאך פלעקער אויף א מענשען, וואָס זענען „מיט קיין

---

1) שלום עליכם, „מאָטיל דעם חזנ'ס" ז. 125

2) מענדעלע מו"ס ב. II ז. 102, שלום עליכם ב. II ז. 19, ב. VI ז. 24, ב. III ז, 31: „איבער געלאָזט, ווי אויפ'ן וואַסער, עלענד און אָרעם"

3) מענדעלע מו"ס ב VI ז, 42, ז. ז. 102, 104: „ווי אויפ'ן וואַסער!" שלום עליכם ב. XI ז. 196. „מאָטיל דעם חזנ'ס" ז. 62

4) שלום עליכם „סענדער בלאנק ז, 13

5) שלום עליכם ב. I ז.233 ב. II ז. 19 „סענדער בלאנק" ז. 56,

6) דאָרט, מאָטיל דעם חזנ'ס ז. 49„ דינעזאָהן „הנאהבים" ז. 35: „נאָך ניט איין וואסער וועט אַריבער ביז..."

7) דאָרט. ב. VIII ז. 197 „ספעקטאָר ב. I ז. 127

8) שלום עליכם ב. I ז. 59, ב. X ז. ז. 12 ב. IX ז, 299 ז. 291: „קיין שום ידיעה ניט פון זיי, גלייך ווי זיי זענען אין וואַסער אַריין".

9) מענגדעלע מו"ס ב. XVI „נשרפים" ז. 15

10) ראָרט ב. VIII ז. 274

11) דינעזאָן „יאָסעלע" 34, פרק „פאָלקסט. געשיכטען" ז. 52: „דאָס שטילע וואסערל, רייסט די ברעגעם".

צעהן וואסערען ניט אַבצוואשען" 1).

פאַרהאַן מענשען נישט אָנגעזעהענע, וואָס רוהען אויפן אָבגרונד פון דער געזעלשאַפט, בעקומען זיי אָבער נאָר געלד „שווימען זיי גלייך ארויף פון אויבען" 2).

יעדער אֱמת מיז ארויף קומען „ווי בוימאייל אויפן וואסער" 3).

פאַרהאַן א מענש בייזערט זיך און היצט זיך, ער ברענט און פאַנטאזירט, קומט אָבער איינער און מיט זיינע ווערטער „גיסט ער איהם אָב ווי מיט קאלטע וואסער" 4).

די אלע ביז יעצטיגע רעדענסארטען זענען געווען גענוג קלאָר און האָבען זיך אין קיינע קאמענטארען נישט גענויטיגט, יעצט קומען מיר צו די רעדענסארטען, אויף וועלכע איך קאָן ליידער קיין קאָמענ־טאר נישט געבען.

בײ מענדעלי מוכר ספרים ב. V ז, 114 לעזען מיר: „וואָס טויגען די צדקות בשעת דער אֶרימאן איז שוין א נוטה למות? לאָן מען איהם בעסער נישט בעריסען בשעת ער איז געזונד, לאָז מע איהם דענסטמאָל לאָזען זשיפּיען, אָטעמען, ניט אויסדרעהען דאָס וואסער, וועט ער דאָך נישט קראנק ווערען..."

אויך בײ מאָני דלונאטש („דער עולם התוהינ יק" ז, 60): „דער רבי האָט דעם מלאך המות אויסגעדרייט די וואסער מיט זיין הסתלקות" ד. ה. דאָרטען, אזוי גוט ווי: ער האָט מיט איהם געהאטרא שווער שטיקעל ארבייט. און ז, 162 שרייבט ער ווידער: „די מפוּושים וואָס דרעהען אוים דעם לעזער די וואסער מיט די קלאָטץ קשיות".

פאַרהאַן נאָך א טונקעלע רעדענסארט „אויסקלאָען אסער" 5) אויף איין אָרט בײ שלום עליכם'ן זעהט אוים אז ס'האָט דעם זין, ווי־ אָנטהון עגמת נפש און דערעסען 6), אויף א אנדער אָרט הייסט א יוד וואָס האָט ליעב זיך גוט אויסדרינגען ביים קויפען, „א יוד וואָס האָט

---

1) מענדעלע מו"ס ב. 1 „די אַלטע מעשה" ז. 9. שלום עליכם ב. VIII ז. ז. 74, 145

2) מענדעלע מו"ס ב. VI י. 85

3) מ. ספעקטאָר „קאליקעס" ז. 49 שוין דער מדרש שיר השירים ברענגט: „מה שמן עליון על כל המשקים".

4) מ. ספעקטאָר, קאליקעס" ז. 119

5) שלום עליכם „לכבוד יום טוב" ז. ז. 243, 286, „יאָסעלע סאָלאָוויי" ז, ז. 99, 7

6) ב. XII ז. 52

ליב אויסקאָלען די וואסער״ 1), אויף א דריט אָ־ט שרייבט שלום עליכם: „דאָס איז א יוד, וואָס האָט ליב אויסקאָלען וואסער, ד. ה. אָבזאָגען זאָגט ער נישט אָב, נאָר ער הייסט קומען מאָרגען איבער מאָרגען...״ 2)

פון די שפריכווערטער וועגען וואסער ביי א. בערנשטיין איז דאָ איינס א בעזונדער פּאָפּולערעס, „מען זאָל דאָס אומריינע וואסער נישט אויסגיסען, ווי לאנג דאָס ריינע קומט נישט צו פליסען״.

**פייער און וואסער**

שונאים, אָדער בכלל מענשען וואָס איינער פון זיי איז דער היפך פון׳ם צווייטען „זענען צווישען זיך פייער מיט וואסער״ 3), איינער וואָס בייזערט זיך הייסט עס: „ער שיט מיט פייער״ 4). ווען איינער שיט אָבער גלאַט מיט רייד, אַזוי אַז ער ווייסט אליין נישט ,וואָס ער רעדט, הייסט עס: „ער רעדט פאר פייער און פאר וואַסער״ 5)

אַמענש וואָס האָט שוין אסך געליטען און מיטגעמאַכט אויף דער וועלט, הייסט עס: „ער איז שוין דורכגעגאנגען דורך פייער און דורך וואַסער״ 6).

דער דאָזיגער אויסדרוק שיינט אונז צו דער מאנען די מיטעל־אלטערשע „אָרדאַליען״. ד. ה. דאָס ,וואָס די געריכטען פלעגען איבערגעבען דעם משפט גאָט, און דעם בעשולדיגטען אויספּראָבירען מיט פייער און וואסער, : אויב ער איז ווירקליך אומשולדיג, זאָל איהם קיין פייער און וואסער נישט שאָדען.

איינער וואָס האָט שוין מיטגעמאַכט די פייער און וואסער פּראָבעס און איז אַרויס אַלעבעדיגער, האָט אויף געוויס שוין גענוג געליטען און דורכגעגאנגען אין זיין לעבען. און אפשר איז עס פשוט גענומען פון

---

1) „סטעמפעניו״ ז. 90

2) ב. XII ז. 388

3) מענדעלע מו״ס ב. I „די אַלטע מעשה״ ז. 17 ב. VII ז. 21: „זענען געווען פייער און וואַסער״. שלום עליכם ב. I ז. ז. 147, 197: „געוואָרען פייער מיט וואַסער״.

4) זעה שלום עליכם ב. VIII ז. 230: „אָדער אָבשיטען מיט פייער אָדער אָבגיסען מיט וואַסער״

5) שלום עליכם ב. XII ז. 22 ב. X ז. 208, ב. VII ז. 80, ב II ז. 226. מענדעלע מו״ס ב. I ז. 26, ב. X ז. 102.

6) מ. ספעקטאָר, „עניים ואביונים״ ז. 129: „יעדער פון זיי איז איבערגעגאנגען פייער און וואסער, איידער ער האָט זיך געוואָהנט אויסצו־שטרעקען אַזוי קאלטבלוטיג די הענד און בעטלען נדבות״.

דער ארבייט מיט שטאָל און אייזן, און עס הייסט: עס איז א *געהאַרטעוועטער מענש*, דען ער איז שוין געווען אין פייער און אין וואסער.

ביי שלום עליכם'ן לעזען מיר אָבער: „א וועלט—מענש, איין אויס-געריבענער, וואָס איז שוין דורכגעגאַנגען, ווי מען זאָגט, דורך פייער און דורך וואסער און דורך מעשענע רעהרען" 1).

די לעצטע רעדענסארט איז גענומען פון דער פאבריקאציע, ווי פערשידענע עלעמענטען, וואָס ווערען אָבגעצויגען אין גאז—צושטאנד מיט דער הילף פון פייער, ווערען געצויגען אין מעשענע רעהרען דורך וואַסער- רעזערוואוארען.

איינער, וואָס איז גרייט פאר'ן צווייטען אלץ צו טהון, אפילו אזאך, וואָס שמעקט מיט סכנת נפשות, הייסט עס: „ער איז גרייט אין פייער און אין וואסער" 2), „פאָלגען אין פייער און אין וואסער" 3), „גיין אין די גרעסטע געפאר, אין פייער און אין וואסער" 4).

**קאָכען** — דאָס וואָרט „קאַכען" ווערט פערשידענארטיג בענוצט אין יודיש. „עס קאָכט מיט איהם די וועלט" 5), „א דולעניש, א *קאָכעניש*" 6), „א *קאָכעניש*, א גערודער, א טומעל" 7), „די *שטאָדט קאָכט*, ווי אין א קעסעל" 8).

פאַרהאַן— א מענש ווערט „*אויפגעקאָכט*" 9), און „ער געהט

---

1) ב. IX ז. 225. די רעדענסאַרט ווערט בענוצט אויך אין רוסיש.

2) שלום עליכם ב. IX ז. 305: „גרייט מיט איהם אין פייער און אין וואַס.ר"—ב. XI ז. 61, „מבול" ז. 56

3) דינעזאָהן „יאָסעלע" ז. 52 מענדעלע מו"ס ב. II ז. 115 ב. X ז. 54, „סטעמפעניו" ז. 124: „קאפאבעל צו געהן פון זיינעט וועגן אין פייער און אין וואַסער".

4) א. מ. דיק „בטע גנב" ז. 29

5) שלום עליכם „סטעמפעניו" ז,13.ב. XIII ז. 66: „עס קאָכט מיט איהם די גאַס"

6) מענדעלי מו"ס ב. I „די אַלטע מעשה" ז. 19, „ספר הבהמות" ז. 37: „אַרעש אַ קאָכעניש"

7) שלום עליכם ב. XIII ז. 64. „מאָטיל— דעם חזנ'ס", ז. 214: „דאָס טומעלניש מיט'ן קאָכעניש וואָס קאָכט"

8) שלום עליכם ב. II ז. 28; ב. VIII ז. 42: „געקאָכט ווי א קעסיל". ב. X ז, 12, ב. IX ז. 246

9) דאָרט, ב. VII ז. 55

ארום א צוקאָכטער" 1), „ער איז שטארק צעקאָכט" 2), „ער קאָכט" און „אלץ קאָכט הינטער איהם", „אינווייניג קאָכט ווי אין א סאמאָוואר" 3).

פארהאן איינער „פערקאָכט א חתונה" 4), און פערהאן ווי־דער „א פרײלײן וואָס איז פערקאָכט אין א שײנעץ"" 5), דען ס'האָט זיך צווישען זיי געמאכט „א ליעבע א פערקאָכעניש" 6) און זיי האָבען זיך איינס אין אנדערין „איינגעקאָכט" 7). פער־האן מענשען וואָס געהען ארום גאנצע טעג „פערנומען, פערקאָכט אין פערשידענע עסקים" 8), און פערהאנדען איינער, וואָס איז איננאנצען „פערקאָכט פאר'ן יודישקייט" 9). פערהאן איינער וויל דעם אנדערען „אָפקאָכען" 10), און פערהאן איינער, וואָס איז „אויסגעקאָכט" מיט איטליכען 11).

אין די קליינע שטעדטלעך, ווייסט מען איינס ביים אַנדערען, וואָס עס קאָכט זיך 12), ד. ה. בכלל וואָס עס טהוט זיך ביי אים, דע־

1) שלום עליכם „מבול" ז. 38, ספעקטאר „פניים וזכיונים" ז. 57: „כ'בין ארומגעגאנגען צוקאָכט". שלום עליכם „יאָסעלע סאלאָוויי" ז. 100: געקומען אהיים אַ צעקאָכטע".

2) מענדעלע מו"ם ב. II ז. 22 .שלום עליכם ב. II ז. 97: „ער איז געווען אַזוי צוקאָכט און אויפגעטראָגען„

3) שלום עליכם ב. VII ז. 92

4) שלום עליכם „יאָסעלע סאלאָוויי" ז. ז. 143, 144

5) שלום עליכם ב, XIII ז. 41. ב. VII ז. 86

6) דאָרט, ב, VII ז. ז. 81,89: „אפערדובעניש, אַ פערקאָכעניש", דאָרט, ב. I ז. 105. ווענען „פערקאָכט" פערדיענט זעה נאָך שלום עליכם ב. I ז. ז. 3, 9, מענדעלע מו"ם ב. VII ז. 8.

7) שלום עליכם „סטעמפעניו" ז. 27. פערגלייך עס אויך מיט'ן פוילישען וואָרט „Kochać". און ביי שלום אַש לעזען מיר: „נאָר איך שטיוועל קאָכעט ער זיך" (מאָטיוועך, ז. 70.) זעה אויך ביי שלום עליכם ב, I ז. 23: „איך בין אַ געקאָכטער, פשוט אָבגעקאָכט"

8) מענדעלי מו"ם ב. X ז. 60, שלום עליכם ב. II ז. 163, „יאָסעלע סאָלאָוויי" ז. ז. 115, 123

9) מענדעלע מו"ם ב. IX „א גרויע האָר" ז. 20

10) —געגנארען. זעה שלום עליכם, „סענדער בלאנק" ז. 40

11) מענדעלע מו"ם ב, VII ז. 225. ליניעצקי, „דאָס פוילישע יונגעל" ז. 28: „זענען אויסגעקאָכט פון דער היינטיגער וועלט".

12) שלום עלייכם ב. XII ז. ז. 54, 259,

פון דעם, וואָס איינער קאָכט, האָט מען געוואויסט, ווי עס זעהט אויס זיין עקאָנאָמישער צושטאנד. און אויף דעם זענען אסאך מענשען, בע־זונדערס ווייבער, געווען זעהר טשיקאווע. ווייטער וועט אונז נאָך אויס־קומען דערצו צוריק צו קעהרען. דאָ וויל איך נאָר אָנגעבען, אז דאָס איז א אור—אלטע איינגעשאפט, זעה די גמרא תענית כ"ד, דאָס רבי חנינא בן דוסא'ס ווייב, ווען זי האָט נישט געהאט פרייטאָג צו באקען האָט זי איינגעהייצט גלאט דעם אויווען, אז שכנים זאָלען זעהען, אז ס'געהט ארויך. אמאָל האָט אָבער אַ שכנת'ע דאָך געוואָלט ארייננקוקען אין אייווען— איז געשעהן אַ נס, און דער אויווען איז פול געוואָרען מיט געבעקס.

עהנליך פערצעהלט מען, ווענען א סך ל"ו'ניקעס נסתרים, וואָס האָבען נישט געהאט אויף שבת, האָבען זיי צוגעשטעלט טעפ וואסער, די שכנים זאָלען זיך נישט מערקירען, און אז א טשיקאווע שכנ'טע האָט אויפגעהויבען ס'שטערציל, האָט זי דערזעהען טעפ מיט קאָפ העהנער1)

**זידען** ווען איינער ווערט צום אנדערען נאָהנט „חבר דבק מאח", הייסט עס: ער איז געוואָרען צו אידם „צונעקלעבט" 2), „צוגעקאָכט" 3), „צוגעזאָטען" 4). „איך האָב געזאָטען אויף דער וועלט", הייסט: איך האָב נעקאָכט און אין כעס נעווען אויף אלע 5).

**באקען** איינער וואָס מען ליעבט איהם שטארק איז „איינגעבאקען אין הארצען", דאָס זאָלבע איך א אידעע, א געדאנק, וועל־כע מען האלט פאר דורכאויס ריכטיג 6). ווען מ'רעדט ווענען ניי— אויפגעקומענע זאכען מיט פערדרוס, רופט מען זיי אָן „ניי—אָרער—פריש —געבאקענע" 7). א אלטע מעשה, רופט זיך „א אלט געבאקענע מעשה" 8)

1) זעה ביי פרצ'ן די ערצעהלונג איבער'ן למד ווו'ניק מיט זיין ווייב גענענדל,

2) שלום עליכם ב. XII ז. 204

3) מענדעלע מו"ס ב. VII ז. 202

4) דאָרט ב. II ז. 79. ב. VIII ז. 244. שלום עליכם ב. XI ז. 190, 385 ב. II ז. 239. „געוואָרען איינס צו ס'אַנדערע צוגעזאָטען, נפש אחת". מענדעלע מו"ס ב. XI ז. 152

5) לינעצקי, „דאָס פוילישע יונגעל" ז. 132

6) שלום עליכם ב. I ז. 13

7) „דאָס נייא געבאקענע אַריסטאָקראַטעל", דיק, „די שקראַוועריי" ב. II ז. 32 „זיך איבערגעקעהרט אין שנעי—געבאקענע ארץ—ישראל יודען", ליניעצקי „פונ'ם יאריד" (אַדעססא 1909) ז. 11

8) מענדעלע מו"ס ב. VII ז. 125

**בראָטען** „געבראָטענס" האָט זיך גערעכנט פון די געשמאַקסטע און געליבטסטע מאכלים ביי יודען.

ווען מען רוהמט פאר איינעם זעהר א שידוך, פיין וועלכען יענער האַלט נישט אזוי שטאַרק, פרעגט דער לעצטער: וואָס מאכט איהר דערפון אזא בראָטען? 1).

ווען מענשען האָבען דערפילט, דאָס זיי האָבען אָנגעטראָפען אויף א פעטען ביסען, אויף איינעם, וואָס זיי קאָנען פון איהם נהנה זיין, זאָגט ער: „די לייט האָבען אין מיר איין בראָטען דערשמעקט" 2).

טוביה דער מילכיגער איז מקנא די גבירים, וואָס עסען געבראָטענס 3).

דאָס שפריכוואָרט זאָגט: „דעם אָרעם—מאַנס געבראָטענס שפירט מען ווייט, דעם עושר'ס טויט הערט מען ווייט" 4), דען מען איז מקנא דעם אָרעם—מאַן, ווי קומט ער צו געבראָטענס?

עס זענען בעזונדער גערוהמט, געבראָטענע טייבלעך 5), געבראָטענע קאַטשקעלעך 6) געבראָטענע פופקעס 7), און געבראָטענע גענזלעך 8), אויף דעם לעצטען האָבען כמעט ווי א בעזונדערען מאָנאָפאָל געהאַט די חברא קדישא'ס.

א. מ. דיק בענוצט זיך אויף עגמת נפש מיט'ן אויסדרוק „צו־בראָטען", אָט שרייבט ער: „זי איז געקומען א גיקריינקטע, איין צובראָ־טענע, דען זי האָט דאָרט געהאַט א פאַרדרוס" 9).

מעגליך אז ס'האָט א שייכות צום אויסדרוק: „געבראָטענע לייד"10),

1) „סערקעלע" (וואַרשא 1875) ז. 22

2) א. מ. דיק, „דער פּאַרטעפּיאַניסט" ז. 76

3) שלום עליכם ב. VII ז. 20

4) א. בערנשטיין ,אָרעם—מאַן" 30. איך האָב געהערט אַ צווייטען „נוסח" „דעם אָרעמאַנס פוטער קוכען און דער נגיד'ס קרענק הערען זיך ווייט"

5) פערגלייך מיט דער רעדענסאַרט, „געבראָטענע טייבלעך פליהען אין מויל אַריין". (די נענויע ערקלערונג אויף אַ צווייט אָרט).

6) זעה שלום עליכם ב. VII ז. 66

7) זעה א. בערנשטיין, „לעמבערג" 2, וועגען לעמבערגער גערוהמטע בלויע פופקעס

8) זעה מענדעלע מו"ס ב. XIII ז. 76 „מכבד זיין מיט אַ געבראָטענע"

9) „די שקלאַוועריי" (ווילנא תרמ"ח) ב. I ז. 18, דאָרט ב. II ז. 48: „אַ צוקאָכטע אַ צובראָטענע".

10) מענדעלע מו"ס ב. IX „אַ גרויע האר" ז. 9. ב. V ז. 41. „געברענטע און געבראָטענע לייד". דאָרט, ב. I „ספר הבהמות" ז. ז. 12, 13, „אסיפות" ז, 5

וואָס שמאמט אָב פון די מיטעלאַלטעריִשע אינקוויזיציאָנס שטראָפען און מיר וועלען עס אויף א צווייט אָרט ערקלעהרען.

אויך שלום עליכם שרייבט: „דאָס האָט געברענט און געבראָטען איטליכען באַזונדער" 1). ד. ה. ס'האָט יערען פארדראָסען און מצער געוועזען.

פארהאַן—„א הייסער, געבראָטענער, א ברענעדיגער, פייערדיגער יוד!" 2). פארהאַן אויך א „געבראָטענער ליט-וואַק" 3), „א געבראָטענער מתנגד" 4), און „א געבראָטע-נער עקשן" 5).

**עסען**

„אז דער מאָגען איז זאַט, איז דער גאַנצער גוף לוס-טיג" 6), און „מאָגען פרייד, געהט איבער אלע פרייד" 7). אזוי זענען פארהאַן יודישע שפריכווערטער, אין טוביה זאָגט אונז נאָך אין נאָמען פון דער באָבע נחמה: „געזונד און פערגעניגען, זאָל מען זוכען אין שיסעל..." 8).

דאָס וואָרט „עסען" ווערט פארשידענאַרטיג בענוצט: ווען איינער האָט גרויס חרטה אויף א זאַך, הייסט עס: „ער עסט זיך אויף א לע-בעדיגען" 9), ווען איינער האָט מורא דאָס מען וועט צו איהם האָבען צו גרויסע טענות, זאָגט ער: „זיי וועלען מיך אויפעסען לעבעדיגערהייד" 10). ווען צווייַ האָבען צווישען זיך געגענזייטיגע טענות און מען פייניגט זיך איינער דעם צווייטען, הייסט עס: „זיי עסען זיך לעבעדיגערהייד" 11).

1) ב. VIII ז. 49

2) מענדעלע מו"ס ב. XI ז. 18

3) דאָרט ב. I „ספר הגלגולים" ז. 8

4) מ. ספעקטאָר, „עניים ואביונים" ז. 48

5) מענדעלע מו"ס ב. XI ז. ז. 22, 164

6) א. בערנשטיין „מאָגען" 2

7) דאָרט. „פרייד" 2

8) שלום עליכם ב. VII ז, 37

9) שלום עליכם ב. XI ז. 233 ב. XII ז. 8, זעה אוי, 5: „הינט עסען מיך"

10 דאָרט, „לכבוד יום טוב" ז.250

11) דאָרט ז. ז. 85, 87. זעה נאָך שלום עליכם „מבול" ז. 261: „פלעגט די מוטער עסען דעם פאָטער". און ב. XI ז. 163: געגומען עסען דעם שותף". זעה אויך ביי „מנחם-מענדלען („פאַפּירלעך"): „זי האָט ליעב עסען מאַן", דאָ איז עס אַ וואָרט שפּיעל מיט „עסען מן". זעה אויך ב. I ז. 189: „עסען איהם און טאָטשען איהם ווי אַ וואָרעם".

ווען איינער האָט שוין גאָר גרויס עגמת נפש, אזוי דאָס ער ווערט דערפֿון קראנק, אָדער גאָר- ער שטארבט, הייסט עס: „פֿארעסען זיך"1).

פֿארהאן נאָך, מען עסט זיך אָב ס'הארץ, די לעבער, און די גאל 2).

א עקשן, א אויסטיילער, א „פֿערביסענער", הייסט „א איינגעגעסענער" 3).

ווען מען עסט א מאכל אסאך מאָל, ווערט עס צו געגעסען, און מען קאָן עס שוין דערנאָך נישט אָנקוקען, פֿון דעם איז גענומען צו זאָגען אויך אויף א מענשען: „מען האָט זיך שוין צוגעגעסען, געוואָרען נמאס איינער דעם אנדערען" 4). אויך רייד א. ד. גל. ווערען צוגעגעסען 5).

ווען איינער שטעהט פאר א זאך וואָס איז איהם לגמרי פֿרעמד, ער ווייסט גאָר נישט ווי מען געהט צו דערצו, הייסט עס: „ער ווייסט נישט מיט וואָס מען עסט עס" 6)

פֿארהאן איינער וואָס „עסט קדחת אין א קליין טעפּעלע" 7), דאָך איז א כלל: „דער נגיד עסט נישט קיין רענדלעך, דער אָרימאן עסט נישט קיין שטיינער" 8), אלע קומען א דורך זייער וועלט.

ווען איינער האָט מורא פאר א אָרט אהין צו געהן, זאָגט מען: „מען וועט דיך דאָרט נישט אויפֿעסען!" 9)

ווען א יונג יודיש בחור'ל האָט איבער זומער אביסעל צוגענומען, בעקומען רויטע באקען און אפעטיט צום עסען, ווענדען זיך דערנאָך צו

1) מענדעלע מו"ס ב. X ז. 69: „ער האָלט זיך פֿארעסען און קראנק געוואָרען", ב. V „איבער א שטאָרט„ ז. 8: „זיך פֿארעסען און געשטאָרבען",

2) די דאָזיגע רעדענסארטען וועלען ערקלעהרט ווערען אויף א אנדער אָרט.

3) „וואָס א איינגעגעסענער דייטש קען", שלום עליכם ב. II ז. 120, זעה אויך „לכבוד יום טוב" ז. 286: „זי איז אביסעל א איינגעגעסענע",

4) שלום עליכם ב. II ז. 151. אויך ב. XIII ז. 237: „מענשען האָבען א טבע זיי עסען זיך צו". זעה אויך ז. ז. 100 143

5) „סענדער בלאנק" ז. 40. זעה ביי ספעקטאָר „עניים ואביונים" ז. 57: „דער קונה האָט מיר אזוי דערגעסען..."

6) שלום עליכם ב. I ז,ז, 49, 234 ב. VII ז. 116. ליניעצקי „דער וועלט לוח" ז. 85. מענדעלע מו"ס ב, I „ספר הבהמות" ז. 42

7) שלום עליכם ב. III „מילכינס" ז. 4

8) דאָרט ב. VII ז. 59

9) דינעזאָהן „הערשעלע" ז. 170

איהם זײנע היימישע מיט פאָלגענדען שמועס: קוק דיך כאָטש אָן, דאָס אויסזעהן דיינס, גאָר נישט דאָס איידעלקייט, דאָס יודיש פנים וואָס פריהער. א פנים, מ'שמיינס געזאָגט, א רויטס, עפּיס אינגאנצען מגושם גראָב, געזונד עשו! א עסען א ביסעל, עפּיס גאָר געפרעסען, בעהיט זאָל מען ווערען!... 1)

ווען מען רעדט פון עסען מיט פעראכטונג, רופט מען עס „אכילה" 2). „ער אכל'ט"— האָט דעמזעלבען זין ווי— „ער פרעסט". א „אכלער"— א פרעסער 3). קאָן גוט „אכל'ן" 4)

„בעקומען א פאַרציע", הייסט בעקומען גוט אָנגעזירעלט 5).

**קייען** שלעכט איז איינעם, וואָס „האָט נישט וואָס צו קייען" 6) אַ אַנדרער אָבער „קייעט, איבער אַ הארב שטיקעל לערנען א מאָל צעהן" 7) „אָדער „ער קייעט איבער יענעמ'ס ווערטער" 8), אָדער אַז ער רעדט, „קייעט ער די ווערטער" 9).

אז מען קאָן אַזאך נישט פערשטעהן, הייסט עס „מען קאָן עס נישט צו קייען" 10).

ווען איינעם קומט אַ זאך אָן שווערר צו פערשטעהען, זאָגט מען

---

1) מענדעלע מו"ס ב. I „ספר הבהמות" ז, 55

2) „דאָרט האָט מען פון דער אַכילה" שלום עליכם ב. VII ז. 13, 28 „יודישע קינדער" ז. 93

3) שלום עליכם ב. VII ז. 144

4) דאָרט ב. XII ז. 23. „מבול" ז. 109: „אז איך זאָג אייך „בנים" נישט זיהן, איז משמעות, אַז דאָס זענען דריי הויכע קלאפּערס מיט הויכע רגלים, מיט געזונטע ידים, וואָס קאָנען גוט אַרבייטען. און גוט אַכלין

5) שלום עליכם „מבול" ז. 239: „זי האָט געקרוגען אַזאַ פּאָרציע, אַז ס'איז איהר פינסטער געוואָרען אין די אויגען"

6) שלום עליכם ב. I ז. 132

7) מענדעלע מו"ס „ספר הבהמות" ז. 57

8) דאָרט ז, 56

9) שלום עליכם ב. II ז, 89

10) דאָרט ז. 28 ספּעקטאַר „עניים ואביונים" ז, 181: „אין אָנהויב האָב איך גיט געקענט צו קייען זיין פראגע". שלום עליכם ב. X ז. 207: „ער האָט עס אַ פנים נישט רעכט צעקייעט" (פערשטאנען). מאָטיל דעם חז'נס ז. 177: „ערשט שפּעטער האָבען זיי דאָס רעכט צעקייעט"

צו איהם „האסטו דאָס צעקייעט? אָדער מען דארף דיר עס צעקייען און לייגען אין מויל אריין?" 1),

וועגען „הערשעלע אסטראפאליער" ווערט ערצעהלט, דאָס ער איז אַ מאָל געקומען צום רבי'ן ר' ברוך'ל מיט דער קשיא: „ואם תאמר מה נאכל? וואָס טהוט מען, אַז ס'איז ניטאָ וואָס צו עסען?" דער רבי האָט איהם געגעבען זיין נדבה און פון איהם פטור געוואָרען. אז הערשעלע איז אָבער אין אַ צייט אַרום ווידער געקומען און זיך אָנגעהויבען דרעהען פאר'ן רבי'ן, פרעגט איהם דער לעצטער: „הערשעלע, כ'האב דאָך דיר שוין איינמאָל פערענטפערט דיין קשיא, וואָס ווילסטו ווידער?

— פארשטעהט איהר מיך רבי לעב, אַז איך בין נאָר אַהיים געקומען און האָב גענומען צו קייען אייער תירוץ, איז מיר פון איהם גאָר נישט געבליבען, דערום בין איך יעצט געקומען נאָך אַ נייעם תירוץ ...2).

„קיי און שפיי", הייסט אַ זאך אָהן אַ ווערט 3). ס'מוז זיין געגומען פון קליינע פישעלעך, וואָס ביי'ם עסען זיי האָט מען נאָר צו קייען און צו שפייען 4).

אויף איינעם, וואָס שטארבט יונגער הייד, זאָגט מען: „ער קייעט נעבעך יונגער-הייד די ערד". איבערהויפט ווערט דאָס בענוצט, ווען מען בעשולדיגט איינעם אינ'ם צווייטענס טויט, זאָגט מען: „איבער איהם מוז ער נעבעך די ערד קייען",

ווען איינער ווערט פערשווארצט פונ'ם צווייטען, וואָס איז איהם מקצר ימים און דער געהט איהם די יאָרען, הייסט עס: „ער קייעט פון איהם די ערד" 5),

אויף וואָס קאָן זיין געגרינדעט אַזא מין רעדענסארט? עסען די טויטע ערד?

אויף דייטש איז פערהאן אַ עהנליכע רעדענסארט: „ער האָט געמוזט אין גראָז בייסען" און עס ווערט בענוצט אָנשטאָט — „ער איז

1) שלום עליכם ב. VIII ז. 243.
2) „דאָס פרעהליכע הערשעלע אסטראָפאליער" וואַרשא 1902 ז. 6.
3) פרץ „פאָלקסט געשיכטען" ז. 167: „געלד איז קיי און שפיי"
ז. 49: „דער זונדיגער גוף, וואָס איז פאָרט נישט מעהר ווי קיי און שפיי"
4) שלום עליכם ב. X ז. 9: „קליינינטשקע פישעלעך, קיי און שפיי",
5) מענדעלע מו"ס ב. VI, ז. 86: „ניט געזאָזט זיך אין דער קאַשע שפייען, שונאים פלעגען פון זיי די ערד קייען". ב. VI ז. 120: „די שווינער האָט פון מיר געקייעט די ערד, זי האָט זיך פארעסען און איז פון הארצווייטאָג מסוכן קראַנק געוואָרען". ב. XI ז. 129 „ער שרעקט זי, אַז קייען וועט זי פון איהם די ערד".

פֿלוצים אומגעקומען".

ד"ר שראדער ערקלעהרט עס ,דאָס „דאָ דענקט מען וועגען אַ גוסס'דיגע רויב חיה, ווי אַ שטייגער אַ וואָלף ,וואָס איז צום טויט געטראָפֿען געוואָרען, און זי בייסט אין רייסט און וואיטה אַללעס וואָס אַרום איהר ,זאָגאַר ערד, שטויב אין גראָז. אויך ביי די געפֿאלענע אויף די שלאַכטפֿעלדער האָט מען אָפֿט (אויך האָמער האָט דאָס שוין געוואוסט) בעאָבאַכטעט אַ עהנליכעס קראַמפֿהאַפֿטיגעס עפֿנען און שליסען פֿון מויל ביי זייער מלחמה מיט'ן טויט".1)

לויט די דאָזיגע ערקלערונג פֿערשטעהען שוין מיר אויך גאַנץ ריכטיג דעם זין און די ענטשטעהונג פֿון דעם יודישער דער־מאָנטער רעדענסאַרט.

נאָך דעם געזאָגטען רעכען איך ,אַז ווען מאַררים ראָזענפֿעלד שרייבט, אַז בשעת די אומגעבעטענע געסט נעמען זיך צו יאָכציכעס פֿוטער קיכען: „דאָ האָט דערלאַנגט אַ שפּרונג מיט כעס—יאָכציכע צו די „געסט": „אַז פֿרעסען וועט דאָ באלד די ערד דעם. וואָס מיין טייגעכטס פֿרעסט!"2)

האָט ער געוויס דאָ פֿערהערט. דען יאָכציכע האָט אַזוי אַודאי נישט געזאָגט, דען די ערד פֿרעסט נישט קיינעם ,און אַפֿילו דעם טויטען—עסען גאָר די ווערעם („די ווערים זאָללען דיך עסען" איז אַ יודישע קללה). כאָטש איך בין דערביי נישט געשטאַנען, דאָך קאָן איך פֿערזיכערען, דאָס יאָכציכע האָט בעשטימט געזאָגט:

„פֿרעסען וועט דאָ באַלד די ערד, דעם, וואָס מיין טייגעכץ פֿרעסט!"

ביסען

פֿערהאַן „א גוטער ביסען" 3), „א פֿעטער ביסען". „א טייערער ביסען" 4). פֿאַרהאַן א געשעפֿט וואָס מ'קען דער־ביי „גוט אָבבייסען", פֿערהאַן אָבער שווערע מענשען, האַרטע פֿאַרשוינען, וואָס „נישט אזוי גיך בייסט מען זיי איין" 5), נאָר פֿערהאַן א מענש, וואָס פֿאַרנעמט זיך אויך אויף אזא האַרטען מענשען און זאָגט: „איך וועל

---

1) „שערץ און ערנסט אין דער שפּראַכע" ז. 135
2) ב. I (זיבטע אויפֿלאַגע) ז. 272 „יאָכצע און יאָכציכע"
3) שלום עליכם ב. I ז. 132: „נקמה איז אַ גוטער ביסען"
4) „גיסן איז אַ טייערער ביסען", א. בערנשטיין ד. ה. ער קאָסט זעהר טייער.
5) שלום עליכם ב. VIII ז. 220, ב. X ז. 191: „נישט אַזוי גרינג קאָן מען איהם איינבייסען"
) דאָרט די XI ז. 197.

איהם מיט גאָטס הילף איינבייסען" 1).

ווען מענשין קריגען זיך ארום, דאן „בייסען זיי זיך אין רייטען זיך", ווי די הינד, להבדיל 2), ווילענדיג זאָגען צו איינעם, „האָב נישט מורא מיר וועלען דיר גאָר נישט טהון"—זאָגט מען: „מיר וועלען דיר, חס וחלילה, נישט אָפּבייסען" 3), דאָס איז גענומען פון די יודישע מורא פאר הינד, וואָס ברויכענדיג צו געהן צוליב מסחר אין די פריצישע הויפען, פלעגט מען דערביי ציטערען, און עס פלעגען זיך האָר און נענעל אויפשטעלען פון דער מורא פאַר די הינד, וואָס מען פלעגט דאָרט אויף זיי אָנרייצען און די לעצטע פלעגען פון זיי שטיקער אָפּבייסען.

„א בים טהון יענעם שטילערהייד" 4), הייסט אָבמסר'ן, א שפּיצעל אָב טהון א. ד. ג. און איז אויך פון הינד גענומען.

ווען מ'האָט קיין אפּעטיט נישט, דאן „קריכט נישט דער ביסען אין מויל אריין" 5).

פערהאַן א מענש, וואָס רייסט דעם צווייטען „דעם בעסטען ביסען" „(דעם לעצטען ביסען") פון מויל ארוים" 6).

„דער ערגסטער הונד בעקומט דעם בעסטען ביסען" 7), ווען איינער האָט הייזער ולרומה און נישט קיין געלד אויף צו לעבען, זאָגט ער: „וואָס זאָל איך פון הויז אָפּבייסען?" 8).

**שלינגען** — אז מ'איז אויף איינעם אין כעס, וואָלט מען איהם גערן „איינגעשלינגען לעבעדיגערהייד" 9).

---

1) שלום עליכם ב. XI ז, 197

2) מענדעלע מו"ס ב. XVI „נשרפים" ז. 8

3) שלום עליכם ב. XI ז. 45. „מאָטיל דעם חזנ'ס" ז. 53. ספעקטאָר „עניים ואביונים" ז. 203: „ס'וועט פון מיר גאָר ניט אָבגעבּיסען ווערען" זעה אויך „סערקעלע" ז. ז. 28 60: „וואָס האָסטו מורא ער וועט דיר נישט א שטיקעל אָבבייסען".

4) מענדעלע מו"ס ב. VIII ז. 316

5) שלום עליכם ב. XIII ז. 248

6) דאָרט סטעמפעניו ז. 63.

7) ביי א. בערנשטיין א ביכעל אנ ערש, זעה אויך א. בערנשטיין-„נקמה איז א גוטער ביסען", מ'זאָגט אויך: „א צנוה (נצוח) א ז אַ געשמאַק-ר ביסען" זעה אויך דיק „נטע גנב" ז. 48: „דאָס וואר ביי איהם א געשמאַקער ביסען"

8) זעה אויך ביי ספעקטאָר'ן „קאליקעס" ז. 137: „נים געווען אויף דער הוצאה. כאָטש בייס די הייזער".

9) שלום עליכם ב. I ז. 95

ווען א מענש רעדט קליגע רייד, שלינגט מען איטליכעס וואָרט זיינס" 1). גאַנץ אָפּט מוז מען „אראָבשלינגען אלע בעליידיגונגען" 2), און זיך גאָר נישט וויסען מאַכען.

## טעמים

פאַרהאַן איינער וואָס מאַכט א זאך „אָהן טעם און אָהן ראַאַם" 3), א צווייטער מאַכט עס געשיקט, אזוי, אז „ס'האָט טויזענט טעם" 4). א גוט מאכל האָט דעם „זיבעטען טעם" 5), און פערהאַן א זאַך, וואָס מען פיהלט דערביי „א טעם גן עדן", פערהאַן אָבער אויך א זאַך, וואָס מען פיהלט דערביי „דעם אֶמת'ן טעם פון גיהנום" 6). ווען מען געדענקט, גוט א זאך, זאָגט מען: „ס'ליגט מיר נאָך גוט אין טעם" 7).

**זיס** „צוקער-זיס" 8), „זיס ווי צוקער" 9), „זיס ווי האָניג" 10), „זיס ווי ליפּעץ", זיס ווי לאַקריץ"11), א גוטער „א זיסינקער מענש", איז צום צווייטען „צוקער—זיס"12), פאַרהאַן אויך א פשט, וואָס איז „צוקער—זיס" 13), פערהאַן אויך

1) שלום עליכם ב. II ז, 14, ב. X ז, 208. מ. ספעקטאָר, ב. II ז, 8
2) ספעקטאָר ב. I ז. 151, ב. II ז, 130. שלום עליכם ב. IX ז, 25 ביי רינגעצקין, „דאָס פוילישע יונגעל" ז, 115: „ער האָט אסאך סודות אראָבגעשלינגען"
3) אָהן רייִם?
4) „סערקעלע". וואַרשא 1875 ז. 52
5) מענדעלע מו"ס ב. X ז. 94, מען זאָגט אויך אויף אַ שענע זאַך: „ס'האָט דעם זיבעטען חן". מענדעלע מו"ס ב. XI ז. 12, שלום עליכם ב. XII ז. 25 ב. VII ז. 87. אויף אַ אַנדער אָרט וועלען מיר דאָס ערקלערען.
6) שלום עליכם ב. III ז. 31
7) מאָני דלוגאטש „דער עולם התוהוניק" ז. 38: „די קלעפּ ליגען מיר נאָך גוט אין טעם"
8) שלום עליכם „לכבוד יום טוב" ז. ז. 81, 281.
9) דאָרט, ב. IX ז. 68, „יודישע קינדער" ז. 11
10) דאָרט. „לכבוד יום טוב" ז. 261
11) מענדעלע מו"ס ב. XVI ז. 80: „א דרשה מיט אַ סך גאַרישע מליצה, צוגעזאַלצען מיט צביעות, צוגעשמאַלצען מיט הניפה—זיס ווי לאַקריץ".
12) שלום עליכם ב. XIII ז. 94
13) דאָרט ז. 22

"גוטע זיסע ריידעלעך" 1), "א זיסער גראָשען" 2), און "א זיס קערבעל" 3), ד. ה. וואָס מען פֿערדינט עס לייכט און כשר.

**זויער** "זויער ווי עסיג" 4), "עסיג—זויער" 5).

ווען איינער איז פֿון א זאך שטארק נישט צופֿרידען האָט ער "א עסיג-זויערע צירה" 6). ווען איינער בערוהמט זיך מיט א זאך וואָס זי האָט א קליינעם ווערט, זאָגט מען צו אים: "מאך עס דיר איין אין זויערן" 7). איך גלויב, אז דאָס איז דערפֿון, וואָס מינדערווערטיגע נישט פֿרישע פֿיש קאָכט מען אין זויערן מיט צוקער און עסיג און ראָזינקעס.

איך רעכען, אז איבער דעם עסט מען פורים זויערע—פֿיש, ווייל געוויינליך האָט מען פֿיש בעקומען נאָך אויף שבת צו קויפֿען, ווער ס'האָט פֿון פֿרייטאָג ביז פורים די פֿיש בעהאַלטען, זענען זיי שוין ניעט פֿריש געוועזען און מ'האָט זיי געמוזט "איינמאַכען אין זויערן".

**ביטער** "ביטער ווי דער טויט" 8). "ביטער ווי גאל 9). פֿערהאן "א ביטערער יונג" 10), "א ביטערער אָרימאן" 11), "א ביטער געלעכטער" 12), "א

1) מענדעלע מו"ס ב. VI ז, 107, מ. ספעקטאָר "קאַליקעס" ז. 40: "רעדען אזוי פיין, צוקער—זיס.
2) שלום עליכם. מנחם מענדעל— "מיליאנען"
3) דאָרט. "אַ בכבוד'ע פרנסה". זעה אויך ביי אַ. מ. דיק, "גטע גנב" ז. 49: דאָס עס זענען אַ מאָל געוועזען מאנדעל—ברויטלעך, וואָס זיינען גיווען אין דער גרויס פֿון איין טאָלער. און דעריבער האָט מען זיי גערופֿען מיט דעם נאָמען "האַרטע טאָלער", און די מטבעות האַרטע טאָלערס, האָט מען דעריבער מיט קאַטאוועס גערופֿען, "דאָס זיסע געלד".
4) שלום עליכם מנחם מענדל—"מיליאנען".
5) מענדעלע מו"ס ב. VI ז. 46
6) דאָרט.
7) א. בערנשטיין,
8) שלום עליכם. ב. XIII ב. 140. ב. III "אַלעמען גלייך" ז. 20
9) מאָני דלוגאטש, "דער עולם התוהוניק" ז. 22
10) דאָרט ב. II ז. 240
11) דאָרט ב. VII ז, 11, אַביטערער אָרימאן הייסט אַגרויסער אַ שרעקליכער אביון שלום עליכם שרייבט אָבער ב. XII ז. 4: "אַביטערער אָרימאן—ווי מען רופֿט דאָס: איין אָרעמס און אַפֿרעהליכס".
12) דאָרט. ב. I ז. 187. ב. III "אַלעמען גלייך" ז. 21

ביטער רחמנות" 1), און וועל כּלם: „דער ביטערער טראָפּ" 2).

א מענש וואָס ס'נעהט איהם שלעכט, אָדער ער געפינט זיך בכלל אין א שווערע לאגע, איז איהם „ביטער און זויער" 3), „ביטער און פינסטער" 4). ווען איינער טהוט דעם צווייטען אָן צרות, „פערביטערט ער איהם די יאָהרען" 5). פערהאַן אויך איינער וואָס „ארבּייט שווער און ביטער" 6).

**האַרבּ** „האַרבּער ווי כריין" 7). פאַרהאַן „א האַרבּע קשיא", „א האַרבּ שטיקעל לערנען" 8), בעזונדערס זענען פערהאַן א סך „האַרבּע רמב"ם'ס," ד. ה. שווערע שטעלען, וואָס ס'איז נישט גרינג זיי צוערקלעהרען.

ווען מ'איז עמיצען מודיע א זאַך מיט א שטרענגען טאָן, הייסט עס: מודיע געווען „מיט'ן האַרבּען וואָרט" 9).

**טאָפּ** ווי עס שיינט, האָט שטאַרק געמוזט זיין פערשפּרייט דאָס טשיקאַווע ווייבער זאָלע קוקען אין די טעפּ פון די שכנות, צו וויסען וואָס זיי קאָכען. שלום עליכם שרייבּט: „נאָכשפּירען זעהען, וואָס בּאַ יענעם אין טעפּיל קאָכט זיך ,וכּדומה ,דאָס האָט ליעב יעדער יוד" 10).

מען זאָגט אויף יודיש:

„ער ווייס, וואָס בּיי יעדען קאָכט זיך אין טאָפּ" 11). „ער ווייס וואָס עס פערלויפט זיך אין שטאָדט, וואָס ס'קאָכט זיך בּיי איטלי. כען אין טאָפּ" 12).

---

1) שלום עליכם ב. I ז. 81
2) מענדעלע מו"ס ב. VI ז. ז. 14, 30
3) מענדעלע מו"ס ב. IX „א גרויע האָר" ז. 15. זעה אויך אקסענפעלד, „דאָס שטערינטיכל" ז. ז. 85, 107: „ס'איז מיר געוואָרען ביטער און זויער הערענדיג"
4) ממו"ס ב. XVI ז. 11 שלום עליכם ב. I ז. 138 ב. II ז, 23: „ס'איז שלעכט, ביטער און פינסטער"
5) מ. ספעקטאָר ב. II ז. 12
6) „סערקעלע" ז. 27
7) שלום עליכם ב. VIII ז. 159
8) מענדעלע מו"ס ב. I „ספר הבהמות" ז. 56
9) דאָרט, ב. V „איבער אַ שטאָדט אין מזרח" ז. 18
10) „שלום עליכם" ב. X ז. I 141
11) ספעקטאָר, „קאַליקעס" ז. 52
12) מענדעלע מו"ס ב. VI ז. 125

„ער שמעקט אין אלע טעפּ" 1), „איך קוק נישט אַריין אין יי נעמס טעפּעלך" 2), ד. ה. איך פּאַראינטערעסיר מיך נישט מיט יי נעמס געשעפטען און פּריוואטע אנגעלעגנהייטען.

ביי ספּעקטאָר'ן געפינט זיך אזא רעדענסאַרט: „ער האָ פּערשמאַגין, אז זי וועט באַלד אַריינקריכען מיט איהם אין די קיך טעפּ 3), לויט ענין איז דאָרט די כונה: זי וועט באַלד אָנהייבען איבעו דערצעהלען וועגען כל המיני קלייניגקייטען.

ווען איינער האָט זיך ליב אימעטום אריינמישען, הייסט עס „ער האָט זיך ליב מישען אין אלע טעפּלעך" 4).

די קיבצנים האָבּן ליב ארויסצוגבענען פון די טעפּלעך, דערב וענגען זיי אָבער נאָך ביי די חברה גנבים נישט קיין גרויסע מיוחסים און א פערד גנב זאָגט מיט פּעראַכטונג! „איך בין נישט קיין טעפּעל גנב" 5), ד. ה. ביי איהם: איך בין נישט קיין עט בען-גנב.

נישט קיין גרויסער יחוס איז אויך „א טאָפּ־יודנע" 6).

מען זאָגט אויך: „ער האָט א קול פון א טשאַרבאַטע טעפּעל 7). „מיט דעם וואָס דער טאָפּ איז אָנגעברענט, דערמיט שטינק ער" 8), „געבען א פּעטען טאפּ איז זיך גוט צו רייבען" 9), „אין ליכעם טעפּעל געפינט זיין שטאַרצעל" 10), „בעסער אַן אַלטער טאָפּ איידער א נייער שארבען" 11), „אַן אַלטער שארבען, לעבט איבע

1) שלום עליכם „לכבוד יום טוב" ז. 221. זעה אויך ב. XIII ז 107: „ווער ס'קוקט אריין און יענעמס טעפּעל". ב. I ז. 235: „ניט אריינ קוקען און פרעמדע טעפּ". ב. XII ז. 29, ב. XI ז. 281: „וייסען או קוקען יענעם אין טעפּעל אריין".

2) שלום עליכם „לכבוד יום טוב" ז. 246

3) .יודישע וועלט" ז. 148

4) שלום עליכם ב. XII ז. 276

5) ספּעקטאָר „עניים ואביונים" ז. 46

6) שלום עליכם ב. VIII ז. 225

7) דאָרט ב. I ז. 110

8) א. בערנשטיין. זעה ביי פרץ ב. II ז. 222: „מיט וואָס דער טאָפּ האָט זיך אָנגעקאָכט"

9) א. בערנשטיין, שלום עליכם ב. XI, אויך ב. VIII ז 157, „ארום אַ פּעטען טאָפּ, זאָל מען זיך שמירען",

10) א. בערנשטיין. סעוקעלע" ז. 80, ווערט בעזונדערס געברויכט ביי שידוכים, דאָס יעדע כלה בעקומט שוין איהר געפּאסטען חתן.

11) דאָרט.

נייעם טאפ" 1), „א מאנטפערשוין איז וויא גלאז, א נקבה
א טאָפּ" 2).

יסעל א מאכל, וואָס מען עסט עס וויניג, עסט מען עס
אויף א טעלער, א מאכל אָבער, וואָס מען עסט עס א
, עסט מען אויף א שיסעל. „א פולע שיסעל" איז דעריבער
בעצייכונג פון א סך 3). פויערען עסען אין נאָך גרעסערע שיסלען,
ריבער ווען איינער פרעסט גאָר א סך, הייסט עס: „ער האָט
יפגעפרעסען א פולע „מיסקע", דאָ בענוצט מען זיך מיט'ן נאמען,
ס דער פויער רופט זיין שיסעל.

„מיט'ן וואָרט „שיסעל" — בעצייכענט מען „די אבילה" 4).
מ'ן נאָמען שיסעל ווערט אויך בעצייכענט די פערוואלטונג פון דער
הלה א. ד. ג. מסתמא וויל מען האָט געהאלטען, אז די וואס זי-
ען ביי דער שיסעל, פערדארבען זיך נישט
רבי. אזוי זאגט מען: „זיי לעבען פון דער קהל'ישער שיסעל" 5),
גדער האָט געוואָלט זיין נעהנטער צו די שיסעל" 6), ד. ה. צו דער
ולט.

ווען איינער, וואס בעטייליגט זיך אין דער מאכט, טהוט א
בה זיינעם א קרוב א. ד. ג. זאָגט מען: „אוודאי, אז מען זיצט
דער שיסעל... 7) „אז מהאָט א צד אין דער שי-
ל."

ווען איינער מישט זיך אריין און פרעמדע געשעפטען, הייסט עס:

1) א. בערנשטיין „אַ שאַרבען"—רופט מען אָן א אַלטען שוואַכען מענש,
2) זעה ביי א. בערנשטיין די ערקלערונג
3) פערגלייך מיט די שפריכווערטער ביי א. בערנשטיין: „בעסער גוט און אַביסעל, איידער שלעכט. און אפילע שיסעל". „אַביסעל און אַ ביסעל, ווערט אַ פולע שיסעל" (אויך ביי מענדעלע מו"ס ב. I ז. 22), „פלייש אַ ביסעל, קאַשע אַפולע שיסעל",
4) „כח זאָל מען זוכען נאָר אין שיסעל" (שלום עליכם ב. X ז. 236). „אומעטום איז גוט היטן, נאָר ניט ביי דער שיסעל" (ד. ה. צום עסען נוצט ניט קיין צו העלפער. א. בערנשטיין.
5) שלום עליכם ב. II ז. 88
6) דאָרט ב. X ז. 257
7) איך גלויב אַז דאָס איז אַקיצור. דער פולער נוסח איז: „ווער עס זיצט ביי דער שיסעל, דער עסט מיט", ביי א. בערנשטיין: „ווער עס זיצט נישט ביי דער שיסעל, עסט נישט מיט",

„ער שטעקט אריין דעם לעפעל צו יענעם אין שיסעל" 1).

ווען איינער קאָן נישט פערליידען, דאָס פרעמדע זאָלען זין אין זיינע געשעפטען אריינמישען, הייסט עס: „ער קען נישט ליידען, אז פרעמדע קוקען איהם אין שיסעל אריין" 2).

ביי שלום עליכם'ן געפינען מיר פאלגענדע רעדענסאַרטען: „ז האָט מיר געגעבען אַ פסק ברכב ובסוסים, אויף שיסעל און אין טעלער" 3) „כ'וועל פון איהר האָבען, ווי מען זאָגט, בסוסים ובגמלים, אויף שיסעל און טעלער" 4).

**טעלער** יעדען איז בעקאַנט אז ס'זענען פערהאן מענשען „טעלער-לעקערס", הונגים 5).

ווען ס'עסען קאָכט זיך אין טאָפּ, זעהט מען נישט, וואָס דאָרט טהוט זיך אַז מ'לעגט עס אָבער אויס אויפ'ן טעלער, דאן זעהט מען שוין וואָס דאָ איז אלץ פארהאן. דעריבער זאָגט מען: „אצינד איז פאַר מיר אלץ ווי אויף א טעלער" 6), „דער אמת איז אויבען אויף, ווי אויף א טעלער" 7) „דער חשבון איז אויבען אויף, ווי אויף א טעלער" 8), „דאָס גאנצ שטעדטיל שטעהט פאַר די אויגען, ווי אויף א טעלער" 9). איינ וואָס פערשטעהט נישט אויפ'ן ווינק, מוז מען איהם „אלץ אויף טעלער ארויסלעגען".

א זאך נוט ארומשמועסען אויף אלע פרטים און דקדוקים, צונעכ

---

1) מענדעלע מו"ס ב. VII ז, 79

2) שלום אַש „מאָטיוזען" ז. 73.

3) שלום עליכם ב. XIII ז. 28

4) דאָרט ב. VII ז. 69, ד. ה, כ'וועל בעקומען גוט אָנגעזידעלט

5) שלום עליכם „לכבוד יום טוב" ז. 292, פרין „פּאָלקסט. יעשיבעט ז. 257, איינער פון אונזערע שריפטשטעלער שרייבט אַזוי: „די עובדא פו די טעלער לעקער'ס בעשטעהט אין דעם, אַז וואָס דער פרנס חודש עסט אָב, נעמען זיי צו זיך די שריים, ווישען אוים דעם טעלער, און לעקען אוים מיט די צינגער". זעה אויך מאָני דלוגאַטש „דער טולם התוהו'ניק ז. 95: „פאהרען צום רבי'ן און לעקען פון זיינע טעלער".

6) שלום עליכם „מבול" זי 141

7) דאָרט ב, III „א פרעהליכע קאָמפּאניע" ז. 21

8) דאָרט „מבול" ז. 155, „לכבוד יום טוב„ ז. 150

9) דאָרט ב. XIII ז. 14. ב. I ז. 229: „גאנץ כתריליווקע, ווי אויף אַ טעלער"

עס אויף קלײנגעלד, הייסט: „צולייגען אויף טעלערלעך" 1), נאָך שאַרפער: „צולעגען אויף צעהן טעלערלעך" 2), נאָך שאַרפער: „אויף 77 טעלערלעך" 3). פונאנדער שפרייטען א זאַך, אויספויקען עס אומעטום און פֿיל מאַכען דערמיט די וועלט, הייסט: „ארומטראָגען, אָדער צוטראָגען עס אויף טעלערלעך" 4).

ווען איינער דרעהט זיך אויס פֿון א זאַך גאָר גלאַט, גלייך נישט איהם מיינט מען עס, זאָגט מען: „ער דרעהט זיך אויס גלאַט, ווי אויף א טעלער" 5).

טעלער זענען, ווי עס שיינט, געוואָרען געהאַלטען זעהר ריין, דען מען זאָגט: „גלאַט און ריין ווי א טעלער" 6), „נקי — ריין ווי א טעלער" 7), „גלאַט ווי א לאַקשען-ברעט, ריין ווי א טע-לער" 8).

ביי ספעקטאָר'ן שטעהט אזוי: „זי איז געוועזען דיק, פֿלעג...ן די ווייבער זאָגען: א פנים, ווי אטעלער!" 9).

ווען איינער פֿערלאַנגט עפּעס אויסערגעוועהנליכעס, דאַס בעס-טע וואָס די וועלט פֿערמאָגט גאָרנישט, זאָגט מען: „ער פֿערלאַנגט ס'טעלעריל פֿון הימעל" 10).

---

1) מענדעלע מו"ס ב. x ז. 59

2) שלום עליכם „מבול" ז, 84, און ז. 87: „צולעגט דעם גענעראַל אויף צעהן טעלערלעך"

3) דאָרט ב. VIII ז. 74: צולעגט די זאַך אויף 77 טעלערלעך,

4) מענדעלע מו"ס ב. x „שם ויפת" ז. 15. ב.VI ז. ז. 6 , 125. ביי ספעקטאָר'ן „עניים ואביונים" ז, 92: „איהר צולעגט אייך מיט אייער דאַוונען אויף צעהן טעלער", „מיר האָבען זיך נישט צולעגט ווי איהר, אויף צעהן טעלער".

5) מענדעלע מו"ס ב. VI ז. 96, ב. x ז. 85 ,שלום עליכם ב. x ז. 52 ב. XII ז, 233: „בין איך מיך מיישב און דרעה זיך אוים, ווי אויף א טעלער, און זאָג איהם דעם אמת",

6) שלום עליכם ב. XI ז. 21

7) דאָרט ב. XIII ז. 150, ב. III „די פרעהליכע קאָמפּ". ז. 39

8) דאָרט, ב. XIII ז. 63

9) „קאַליקעס" ז. 43

10) „פערלאַנגט טעלעריל מן השמים" מנחם—מענדל, „עס פֿידעלט נישט". „מיליאָנען"—„ס'טעלעריל פון הימעל האָט מען איהר געגעבען, פון פויגעל—מילך" זעה אויך ספעקטאָר ב. III ז. 22: „טראָגען זיי אונטער אַלעס גוטס און דאָס טעלעריל פֿון הימעל". די רעדענסאַרט קאָן אַמאָל

די ליסינע רופֿט זיך בײַ שלום עליכם׳ן אויף קאַטאָווּעס: „דאָס ווײַסע טעלעריל אויפֿ׳ן שפּיץ קאָפּ״ 1).

בײַ שלום עליכם׳ן זאָגט מען אויך: „פּרנסה בשפע מיט טעלער און מיט לעפֿעל״ 2).

**לעפֿעל**

„מיט קײן לעפֿעל קאָן מען דעם ים נישט אויסשעפּען״ זאָגט דאָס שפּריכוואָרט 3).

„א לעפֿעל״ בעצייכענט אלזאָ אַ קלײנע מאָס. פֿאַרהאַן דאָך אײנער וואָס האָט נישט אפֿילו קײן „לעפֿעל ניקעלטס״ 4), פֿאַרהאַן נאָך אַ גרעסערער אביון, וואָס האָט נישט אין שטוב אפֿילו קײן „לעפֿעל וואַסער״ 5). „אײנער, וואָס ס׳איז איהם באַשערט דערטרינקען צו ווערען, ווערט דערטרינקען אין אַ לעפֿעל וואַסער״ 6).

אויף אַ גרויסען שונא זאָגט מען: „ווען ער קאָן, וואָלט **ער** מיך, דערטרינקען אין אַ לעפֿעל וואַסער״ 7).

פֿאַרהאַן אַ מענש „אַ קאָך־לעפֿעל״ אומעטום מישט ער זיך אריין 8) די יוצר משרתים, די כלי קודש און די גאַנצע חברא טעלער־לעקער, רופֿט מען אויך: „די לעפֿעל לייט״, אויף דייטש רופֿט מען זעלנער, וואָס קאָנען נאָר פֿרעסען: „די לעפֿעל גוואַרדיע״, „די לעפֿעל באַנדע״.

עס ווערט אָנגעוויזען דאָס די סאַנקילאָטישע סאָלדאַטען, פֿון דער

---

זיך בעציהען צו אַ מעשה, וואָס זאָל זײן עהנליך צו די מעשה וועגען דעם חעלעמער, וואָס האָבען געוואָלט כאַפּען די לבנה אין אַ עמער וואַסער אריין.

1) „לכּבוד יום טוב״ ז. 33

2) ב. VIII ז. 19. „יודישע קינדער״ ז. 71: „און פּרנסה איז טאַקע געווען, ווי מען זאָגט, מיט טעלער און מיט לעפֿעל״. פֿערגלייך אָבער מיט די שפּריכווערטער: „אַז גאָט גיט מיט׳ן לעפֿעל געבען לייט מיט׳ן שעפֿעל״, „אײנער גיט מיט לעפֿעל, דער אַנדערער גיט מיט שעפֿעל״ (א. בערנשטיין און שלום עליכם ב. VII ז. 34)

3) א. בערענשטיין

4) מענדעל׳ס מו״ס ב. V ז. 104. ב, VI ז. 72

5) ספּעקטאָר „עניים ואביונים״ ז. 65

6) א. בערנשטיין

7) שלום עליכם ב. XII ז. 11. „מאַטיף דעם הונ׳ס״ ז. 119

8) מענדעלע מו״ס ב. I „די אַלטע מעשה״ ז. 3. ב. VI ז. 4. שלום עליכם ב. XII ז. 281: „אַקאָך—לעפֿעל אין שטאָדט״, בײַ פּרצ׳ן: „אַ קאָכער—לעפֿעל״ (ב. II ז. ז. 164. 226). ליבעצקי „דאָס פּוילישע יונגעל״ ז. 14: „זי איז געווען אַקאָכלעפֿיל צווישען די ווייבער״, „פּונ׳ם יאריד״ ז, 13: „רעדעל—פֿיהרער, קאָך—לעפֿעל״

ערשטנס פראנצויזישער רעפובליק האבן געטראגן לעפל ביים גארטל 1),

אמאל פלעגן בעלי־בתיש גבירישע מענשען עסען אין צינערנע טעלער מיט צינערנע לעפל 2). ארימע לייט פלעגן עסען אין הילצערנע טעלער 3). גאפעל־מעסער ביינערנע האבן געהערט צו א נגידישע שטוב, און מען פלעגט זיי אויסהענגען אויף די ווענד 4).

דאס שפריכווארט זאגט אבער די גוזמא, דאס „דער מזל'דיגער ווערט געבוירען מיט א גילדענעם לעפל אין מייל". (בערשטיין)

**מעסער**

פאראן רייד, אדער אנדערע עגמת־נפש זאכען, וואס „שניידען ווי א מעסער" 5).

פאראן מענשען, וואס זענען זיך שונאים, און זענען צווישן זיך איף „מעסער שטעך" 6), דאך איז דאס נארגעזאגט געווארען בדרך גוזמא. א יוד שטעכט נישט, נאר ער דראהט: „איך נעם א מעסער און נעה מיך הענגען" 7),

אמאל פלעגט מען נישט פערשרייבען רפואות אין פראשקעס, נאר דער „רופא" פלעגט אנגעבען די מאס: „צו נעהמען אויף א שפיץ מעסער", פון דעם איז גענומען געווארען צו זאגען אויף יעדע קליינע מאס: „אויפ'ן שפיץ מעסער" 8). לעצטענס בענוצט מען שוין אין דער ליטע־ראַרישער שפראך די רעדענסארט, וואס איז גענומען פון אנדערע שפראכען: „שטעלען די פראגע אויפן שפיץ מעסער", „אויפן שארף פון דער שווערד", גענומען איז עס דערפון, וואס אמאל פלעגט מען די אויפפארערונג צו א דועל איבערגעבען איף דעם שפיץ, אדער שארף פון א שווערד 9)

מ'זאגט אויך בדרך גוזמא: „ס'מקוה וואסער איז גידעכט, אז מען

1) זעה דעם ד"ר שראדער'ס „דער בילדערשמוק דער דויטשען שפראכע" (בערלין 1912) ז. 265

2) לינעצקי „דאס פוילישע יונגעל" ז.94, אקסענפעלד „דער ערשטער רעקרוט" ז. 24. מענרעלע מו"ס ב. X ז. 11: „איך האב געמיינט אז רייכער בעדארף מען שוין גישט זיין, אקלייינקייט, א פאליצע צינערנע טעלער, און אודאי אקגען א טוץ, טעפעל קאווע לעפעל"

3) אקסענפעלד, דארט, ז. 25

4) דארט. ז. 48.

5) מענדעלע מו"ס ב. I ז. 15. ב. IV ז. 29. ב. VII ז. 390

6) דארט . I „די אייטע מעשה" ז. 14 „ספר הבהמות" ז. 16. ב. V „איבער א שטאדט אין מזרח" ז. 15

7) א. בערגשטיין.

8) שלום עליכם, „מאטיל דעם חזנ'ס" ז, 76: „ער לערנט אויפ'ן שפיץ מעסער".

9) קראסנאוואלסקי „Przenośnie mowy potocznej", ב. II ז. 59.

קאָן עס שניידען מיט אַ מעסער״ 1).

אויך זאָגט מען: „צו ברויט געפינט מען שוין אַ מעסער״ 2).

## פליישיג און מילכיג

ווען איינער מישט אויס צוויי זאכען,
וואָס געהערען נישט איינס צום צווייטען,
זאָגט מען: „ער מישט אויס איין מעשה מיט דער אנדערער, מילכיג מיט פליישיגס״ 3).

איינער, וואָס איז נישט אהין, נישט אהער, הייסט עס: „ער איז נישט מילכיג, נישט פליישיג״ 4), אזא איינער איז „פארווע״ 5), און „ס'איז שוועהר צו דערגעהן א מאלק, וואו מ'איז מיט איהם, מילכיג צי פליישיג״ 6).

מען דערצעהלט א אנעקדאָט, א „ליטוואַק״ איז אמאָל געקומען פרעגען ביי א רב א שאלה, בכן ער האָט געגעסען א הינדעל געפרעגעלט אויף פיטער, אלזאָ פרעגט ער א שאלה, צי ער איז מילכיג, צי פליישיג? ווען איינער וויל וויסען וואו ער האַלט מיט'ן צווייטען אין א געשעפט פרעגט ער דעריבער: „הכלל לאָ מיך וויסען וואָס בין איך: מילכיג צו פליישיג?״

איינער האָט א מאָל געזאָגט, אז זיין מעסער איז איין עק פליישיג און דער אנדערער עק איז מילכיג און „דער שפיץ איז״ — טריפה 7).

„מען הערט איהם, ווי דעם מילכיגען קלינגעל״, איז דא א פערשפרייטע יודישע רעדענסארט 8), פון וואַנען דאָס קאָן שטאמען, און צו וואָס דאָס קאָן זיך בעציהען איז מיר נישט קלאָר.

א. בערנשטיין ברענגט א שפריכוואָרט: „עס האָט זיך געטראָפען א מילכיגער נס!״ און ער זאָגט דאָס מען זאָגט עס מיט קאַטאוועס,

---

1) מענדעלע מו״ס ב. VII ז. 39.

2) א. בערנשטיין

3) מענדלי מו״ס ב. II ז. 48

4) דאָרט ב. IV ב. 43: „עפּיס נישט קיין חסיד, נישט קיין היינט-וועלטיגער, נישט, ווי מען זאָגט פליישיג, נישט מילכיג, עפּיס „נאַ״ האַלבנעבראָטען״

5) ליניעצקי, אין („משלחת״, ז. 9) גיט אָב אַ „שלום עליכם״ אַלערליי קלאַסען יודען דער נאָך וואונדערט ער זיך אויך און שרייבט: „שלום עליכם פארעטוניקעס! נאָ, זעגט איהר שוין געוואָר געוואָרען, וואָס איהר זענט? מילעכדיג צו פליישיג?״

6) שלום עליכם ב. VIII ז. 240

7) נאָך אנוסח: מיין מעסער איז זיעבען זאַכען: מילכיג און פליישיג, חמצ'דיג און יום-טובדיג, כשר און טריפה און דער שפיץ איז-אַ געגנב'עטער.

8) מענדעלע מו״ס ב. V ז. 25 ב. XI ז. 39, מאָני דלונאַטש, „דער עולם התוהו'ניק״ ז. ז. 8, 78

זוען עס טרעפט א גאנץ געוועגליכע זאך. איך וויל אָבער ז׳ וו זען, אז דער רמ״א („אורח-חיים״ סימן הר״ע) ברענגט: „יש אומרים, שיש לאכול גבינה בחנוכה, לפי שהנס נעשה בחלב, שהאכילה יהודית את האויב״. אויך יעל האָט סיסרא׳ן איינגעשלעפט מיט מילך. (שופטים׳ י״ט, ה׳ כ״ה,).

ווען איינער מאכט רייך דעם צווייטען מיט א נישטיגע טובה, זאָגט מען: „טהו מיר נישט קיין מילכיגען חסד״, דען בכלל האָט מילכיגס קיין בעזונדערען חשיבות נישט געהאט.

ווען איינער פארזוכט נאָר א שטיקעל פלייש, טאָר ער שוין גאנצע זעקס שעה קיין מילכיגס נישט עסען. אויב נישט צו א גוטע אמת׳ע סעודה, לוינט זיך אלזא נישט צו „פערפליישיגען״.

ווען מען פראָפּאָנירט איינעם א געשעפט, און ער זעהט נישט דערביי קיין געהעריג פערדיענסט, זאָגט ער: „ס׳לויינט זיך מיר נישט צו פערפליישיגען״.

אויב איינער איז נאָר אריין געקראָכען אין א נישט ריין געשעפט, אז ר׳קאָן שוין מעהר נישט ארויסקריכען, הייסט: עס „ער האָט זיך שוין פליישיג געמאכט 1).״

**כשר און טריפה**

נישט בלויז כשר עסען איז פאַראַן, נאָר אויך „כשר געלד״ 2), וואָס דער מענש פערדינט עס „כשר״ 3). „אויפ׳ן כשר׳ן וועג״; פאַרהאַן אָבער איינער וואָס „ער פאַרדיענט גאר כשר די שריפה״ 4), אָדער— „ער פערדיענט כשר דאָס אומגליק״ 5).

פערהאַן אַ יודענע, וואָס זי האָט דעם נאָמען „אשת חיל״ כשר פערדיענט״ 6).

פערהאַן אַ „כשר׳ער יוד״ 7), מיט „אַ כשר׳ע נשמה״, אָדער

1 א. בער נשטיין,
2) „כשר געלד עהרליך פערדיענט״, שלום עליכם ב. VII ז. 26
3) „כל זמן איך לעב, וועל איך מיר, נישקשה, מיט מיינע הענד כשר פערדיענען אונזער בעדערפעניש״ מענדעלע מוכר ספרים ב. VI ז. 152. „כשר פערדינט זיין ברויט״, שלום עליכם ב. XII ז. 73.
4) מענדעלע מו״ס ב. XVI, „נשרפים״ ז 31
5) „לייבקע קלאָץ״ פון קיפּעפשטיין (ווילנאָ 1914) ז, 25
6) דאָרט, ז, 3
7) מענדעלע מו״ס ב. XVI ז. 34, ב. V ז. 8: „פרומע, כשרע יודען״. ב. VII ז. 8,

„אַ כּשר קינר" 1), „אַ כּשר קרבן" 2), פאַרהאַן ווידער איינער, וואָס איז נישט מעהר ווי „אַ כּשר'ע בהמה" 3), און „שטעהט, ווי אַ כּשר לעמעלע" 4), פאַרהאַן אויך „אַ כּשר'ע מציאה" 5) ד' ה. אַזאַ מציאה, וועגען וועלכער מען ברויך נישט על פּי דין אויסצו־רופען, נאָר מען מעג זי ביי זיך פערהאלטען. „אַ כּשר'ע מציאה" רופט מען אויך, יערע „מציאה" ד. ה. ווען מען בעקומט אַזאַך וואָלוועל אין גלייכען געלד. אַ זאַך אַ גלייכע, אויף וועלכער עס איז קיין שום שאלה נישטאָ איז „גלאַט-כּשר". אויף אַזאַ זאַך אויף וועלכער עס איז גאָרנישטאָ וואָס אריין צו קלעהרען זאָגט מען: „עס איז אַ כּשר'ער טאָפּ מיט אַ כּשר'ן לעפעל" 6).

דאָס זעלבע איז אויך ביי טריפות. אויסער טריפה עסען, איז נאָך פאַרהאַן יודען „טריפ'ניאַקעס" 7), „קאָלבאַסניקעס" 8) פאַרהאַן אויך — „אַ טריפה'נע יודענע, אַ רשע'טע" 9), פאַרהאַן אויך — „א גראָבער נפש, אַ טריפה'נער ביין" 10), מיט

---

1) שלום עליכם „לכבוד יום טוב" ז. 82. „אַ כּשר קינד"—רופט מען אַ אָרענטליכען, אָבגעהיטענעם בחור, בתו"ה א. ר. ג. „א כשר קינד"—הייסט אויך אַקינד, וואָס איז געבוירען מיט חופה וקדושין,

2) פּרין ב. II ז. 120

3) ליניעצקי „דאָס פּוילישע יונגעל" ז. 14. מענדעלע מו"ס ב. V ז. 72: „אַנ'עהרליכער נאַר, אַ כּשרע בהמה"

4) שלום עליכם ב. I ז. 97. זעה דעם „דרכי משה" אַנפאַנג סימן ל"ה „יורה דעה": אויב מען וויל אין אַ לעבעדיגער בהמה דערקענען צי זי איז כּשר, זאָל מען אַרויף לייגען אויף איהר די האַנד, אויב זי בויגט זיך הינטער דער האַנד, איז אַ סימן אז זי איז כשר און אויב זי בויגט זיך נישט, איז אַ סימן אַז זי איז טריפה... און אַ רמז איז דערויף: „לב נשבר ונדכּה וכו'" ושפל רוח להחיות"

5) מענדעלי מו"ס ב. VI ז. 121, ב. XV ז. 4. ב. XI ז. 40 ליניעצקי „דער וועלט לוח" ז. ז. 45, 63,

6) מאָני דלוגאַטש. „דער עולם התוהו'ניק" ז. 14. שלום עליכם „סטעמפּעניו" ז. 82

7) א. מ. דיק. „פּייגעלע מגיד" (ווילנא תרכ"ח) ז. 40. מענדעלע מו"ס ב. 1 ז. 24, שלום עליכם „מבול" ז. 296

8) ליניעצקי: „וועלט—לוח פון יאָהר אין כסף" ז. 11: „אַ אַרמער בעל— עבירה'ניק מיט קאָלבאַס". „דאָס משלחת" ז. 13: „א דייטש", קאָלבאַס־רינט אים איבער דער אונטערשטער ליפּ".

9) שלום עליכם „מאָטיל דעם חזנ'ס" ז. 34

10) דאָרט „יודישע קינדער" ז. ז. 93 101,

א „ט ר י פ ה׳נ ע ם פ ר צ ו ף‟ 1), וואָס מען פערשעלט איהם „די ט ר י פ ה נ ע ב ײ נ ע ר‟ 2),

פערהאַן אויך „אַ ט ר י פ ה׳נ ע ר ל מ ד ן‟ 3), מיט „אַ ט ר י פ ה׳נ ע ם נ אָ מ ע ן‟ 4),

פערהאַן אויך „אַ ט ר י פ ה ג ל י ק‟ 5) „א ט ר י פ ה׳ן מ ז ל‟ 6) „אַ ט ר י פ ה׳נ ע ה צ ל ח ה‟ 7).

פערהאַן מענשען וואָס האַנדלען מיט „טרפה׳נע בחורה‟ 8) ד. ה. קאָנטראַבאַנד, גע׳מוליכ׳טע סחורה 9).

געוועזען אויך א מאָל ביי יודען „טריפה׳נע דרוקערייען‟ 10), וועלכע האָבען געדרוקט „טריפה–פסול׳ן‟ 11).

דאָס בלוט פון א רשע רופט מען: „ד אָ ס ט ר י פ ה׳נ ע ד ם‟ 12), און זיין נשמה — „די טריפה׳נע זייל‟ 13).

פערהאַן אויך איינער מיט א „געשמד׳טען האלז‟ און — „טריפה׳

---

1) שלום עליכם „דער גט‟ „הויז פריינד‟ ב. 1 ז. 59. ליניעצקי „דאָס פוילישע יונגעל‟ ז. 31, אַקסענפעלד, „דאָס שטערינטיכל‟ ז. 12

2) מענדעלע מו״ס ב. X ז. 67

3) דאָרט ב. 1 ז. VII

4) שלום עליכם, „מנחם—מענדל‟—„מיליאָנען‟

5) לינעצקי „דאָס פוילישע יונגעל‟ ז. 21 מענדלע מו״ס ב. VII ז. 80 ב. V ז. 49, ב. IX ז. 34

6) אַקסענפעלד, דאָס שטערינטיכל‟ ז. 20. מענדלע מו״ס ב. III ז. 73

7) שלום עליכם ב. XIII ז. 184 מיט די לעצטע דריי אויסדרוקען בענוצט מען זיך רעדענדיג מיט קנאה איבער דעם גליק און הצלחה פון אַ שונא.

8) מענדעלע מו״ס ב. VII ז. ז. 273, 317. רי״בל: די הפקר וועלט״ (וואַרשאַ תר״סב) ז. 34. ליניעצקי: „דאָס משלחת״ז. 37. „דו ועסט מיך, נאָך מאָהנען פאר׳ן טריפה׳נעם טהע?‟ ד. ה. טהע אָהן באַנדעראָל.

9) שלום אַש–„מאָטיוועו ז. 138: „דער גרעניץ מוליכער‟

10) ליניעצקי, „דאָס משלהת‟ ז. 8

11) דאָרט ז. 18: „קוקען אין אַ טריפה – פסול‟, „דאָס פוילישע יונגעל‟ ז. 99, 120: „פאַרברענט אַלע זיינע טריפה–פסול׳ען‟, ד. ה. משכילישע ביכער.

12) „סערקעלע‟ (וואַרשא, 1875) ז. 63: „מ׳וועט שמייסען, אַז ס׳טרהיפנע דם וועט רינען‟.

13) לינעצקי, „דאָס פוילישע יונגעל‟ ז. 95: „אַרויסנעמען איהם די ט ר י פ ה׳נ ע ז י י ל‟

נע קישקע" 1). דער סימבאָל פֿון דער גרעסטער טריפֿות — איז: „טריפה ווי חזיר" 2). א קארגער וואָס מען קאָן פֿון איהם קיין שום הנאה נישט האָבען, איז אויך „טריפה ווי חזיר".

טריפה פֿלייש האָט שטענדיג געקאָסט נישט אין פֿערגלייך וועל־וועלער ווי כשר'ס. ווען מען קויפֿט א עוף, אָדער א בהמה און מען בעמערקט, אז ס'איז דאָ דערויף א שאלה, און ס'קאָן זיין אז ס'וועט, נאָך ווערען טריפה, קאָן מען דערפֿאר צאָהלען נאָר א גאנץ קליינעם פרייז אז אפילו ווען ס'וועט ווערען טריפה, זאָל מען אויך ס'געלד קענען ארויסנעהמען, דעריבער איוף א זאך וואָס מען קויפט וואָלוועל, זאָגט מען: „ס'איז א מציאה אויף טריפות" 3). עסען טריפות, הייסט „עסען לינקס" 4). עסען חזיר, הייסט: „עסען דאָס וואָס קוויטשעט" 5 „בשר וויטש", אָדער „דבר-אחר" 6).

* *
*

אין דער גמרא קדושין (מ"ו) שטעהט: „הרי שלחן והרי בשר והרי סכין ואין לנו פה לאכול", פֿרעגען קינדער: ווי איז דאָס געמאָלט? און זיי ענטפֿערען„ דער תירוץ איז: „געמאָלט".

---

1) מענדעלע מו"ס ב. I „ספר הבהמות" ז. 49: גנבים, נאשערס טריפה'נע העלזער". ב. V ז. 90: „צוליב זיין טריפה'נע קישקע".

2) מאָני דלוגאַטש, „דער עולם התוהו'ניק" ז. ז. 128, 27: "ס'איי טריפה ווי חזיר!"

3) שלום עליכם ב. VIII ז. 48. מענדעלע מו"ס ב. V „איבער אַ שטאָדט" ז. 7: „אַ שארפע פריצישע איינפאָדרהויז מיט בעלהבת'שקייט און אַ בוידעם מיט היי, וואָס אינאיינעם האָט עס בסך הכל געמענט בעט רעפען אויף טריפות שענע גראָבע עטליכע הונדערט קערבלעך".

4) מענדעלע, מו"ס ב. IV ז. 32 זעה אויך ב. VVI ז. 37: „וואָס קאַפעט איהר מיר לינקס אויפ'ן יודישקייט?", ד. ה. ער רעדט אפקורסות „לינקע סחורה", הייסט „טריפה'נע סחורה": קאָנטראַבאנדע.

5) שלום עליכם ב. I ז. 160 ז. 22

6) שוין אין תלמוד ווערט אַזוי חזיר אָנגערופען.

# די וואַכענדיגע מאכלים אין דער שפּראַך.

ברויט

צו ברויט בעציהט מען זיך מיט גרויס אַכטונג און יראת־הכבוד מען רופט עס „גאָטס=גאָב"1), און מען שווערט דערביי: „ווי דאָס איז גאָטס־גאָב!". גאָטס־גאָב"— ווערען אויך אָנגערופן קינדער2).

און נישט בלויז אין שטוב לאָזט מען קיין שטיקלעך ברויט, אַפילו קרישקעס, נישט אַרומוואַלגרען אויף דער ערד, וואָס ס'איז פּשוט אַ סכנה אויף אָרעמקייט 3), נאָר אַפילו אין גאַס, אַז מ'זעהט ס'וואַלגערט זיך אַרום אַ שטיקעל ברויט, הויבט מען עס אויף און מ'לייגט עס ערגיץ אַוועק אויף אַ בכבוד אָרט 4).

אַ אָרענטליך שטיק ברויט, הייסט אַ „מוציא" 5).

פּרנסה רופט מען אויך „ברויט". „קאָנס‌ דורך דער אום דיין ברויט קומען" 6). ד. ה. דיין פּרנכה פערלירען. „געבראָכען געוואָרען פון ברויט" 7). „זינט איך בין אין דעם ברויט" 8) ד. ה. אין דער דאָזיגער פּרנסה. פאַרהאַן אַמענש ,וואָס לעבט פון „בעטעל־ברויט" 9) „עסען'' רופט מען אויך „ברויט מיט זאלץ". מען זאָגט: „איך עס

---

1) פּרץ, „עולם התהו" ז, 59 אויך ב. II ז. 224 „איידער גאָטס גאָב זאָל קאַליע ווערען"...

2) דינעזאָהן, „יאָסעלע". ז. 10 „מיט גאָטס־גאָב וואַרפט מען זיך נישט". ד. ה. מ'טאָר קיין טענות נישט האָבען אויף צופיל קינדער.

3) פסחים קי"א:

4) זעה שולחן ערוך „אורח חייב" סימן קע"א און די מפרשים דאָרט.

5) זעה פּרץ, „שריפטען", ב. III ז. 176. נישט געווי ס'וואָרט בענוצט.

9) א. מ. דיק. „מאָטקע און הערשקע" ווילנאַ ז. 22

7) מענדעלע מו"ם ב. VI ז. 101 „דאָס איינגאַנצען איז זייער ברויט" מנדלי מו"ם ב. IV ז. 54 לינעצקי „פּוילישע יונגעל" ז. 104: „וויפיעל בעלי־בתים האָט ער געבראָכען פון ברויט"

8) שלום עליכם ב. XI ז. 189, 218, 216. „איך בין אין דעם ברויט אַ יאָהר דרייסיג"—מענ ע"י מו"ם ,פישקע" ז. 28

9) „די מעשה פון בבא" ווילנא הרע) ז. 12. זעה אויך דאָרט ז. ז. 68, 71 „אָנזאָגען דעם באָבע=ברויט"—ד. ה. אַבשורה,

איהר זאַלץ און ברויט" 1), „זיי פרעסען מיין זאַלץ און ברויט" 2) מיט'ן וואָרט „ברויט" בעצייכענט מען אויך „תבואה" 3) „מיין ברויט־געבער" הייסט פרנסה— געבער, בעזונדערס רופט מען אזוי אַ מאַן, אָדער, אַ בן־יחיד, וואָס איז מפרנס די משפחה 4). ווען מען נעמט יענעם צו די פרנסה, הייסט אויך „צוגענומען ס'שטיקעל ברויט" 5) אָדער: „צוגענומען ס'לעצטע שטיקעל ברויט". 6)

בעצאָהלען מדה כנגד מדה הייסט „ס'איז אָבגעגעבן ברויט" 7) אויף א מענש א דורכגעטריבענעם, וואָס איז שוין דורכגעגאנגען „דורך פייער און וואַסער און מעשענע רעהרען" 8), זאָגט מען: „ער האָט שוין נישט פון איין אויווען ברויט געגעסען" 9).

מען זאָגט: „אַז מען האָט ברויט, זאָל מען קיין זעמעל (אָדער: לעקעך) ניט זוכען" 10), דער עולם פאָלגט אָבער נישט די עצה, און די נאַטור פון מענשען איז: „אַז מען האָט ברויט, וויל מען קוי־לעטש" 11). מ'זאָגט אָבער: „אַז מען זוכט הלה—פערלירט מען דער וויל ס'ברויט" (א. בערנשטיין). אויף קליינשטעדטילדיגע אַפּיקורסים

---

1) דיגעזאָהן „הערשעלע" ז. 23

2) מענדלי מו"ס ב. VIII ז. 246. זעה אויך דינעזאָהן „הנאהבים והנעימים" ב. IV ז, 20: „גאָט זאָל דיר אַזוי בעצאָלין, ווי דו האָסט אונז בעצאָלט פאַר אונזער זאַלץ און ברויט"

3) שלום עליכם „מבול" ז, 8. „דאָס משלהת" פון עלי קצין הצחקיאולי (ליגעצקי) אדעססא תרל"ה ז, 73: „ברויט"... „ברויט־האַנדעל"—תבואה.

4) „מיין שענער ברויטגעבער" שלום עליכם, מנחם־מענדיל „מיליאָ־נען". „איהר מאַן, איהר ברויטגעבער" דינעזאָן „יאָסעלע" ז, 14. זעה אויך שלום עליכם ב. XI ז, 392. ליגעצקי „דאָס פוילישע יונגעל" ז. 35: „עפּים א רעכטער מאַן, ער זאָל מיר געבען מיין שטיקעל ברויט"

5) שלום עליכם „מאַטיל דעם חזנ'ס" ז, 39

6) דאָרט. יאָסעלע סאָלאָוויי ז, 124

7) זעה ביי מענדעלע מו"ם ב, IX ז. 28 ב. IV ז, 80. ביי שלום־עליכם ב. II ז. 174 ב. XII ז, ז, 109, 178.

8) שלום־עליכם ב. IX ז. 225

9) פרין „פערשאָלטענע ברונע" ז, 45.

01) א. בערנשטיין. ביי מנחם־מענדל'ן „מיליאָנען": „זאָל מען קיין צוקער לעקעך נישט זוכען".

11) מענדעלע מוכר ספרים „פישקע" ז. 85

אָ־מע בעלי־עברות, זאָגט מען, דאָס זיי עסען „שנויץ מיט ברויט“ 1) אָדער „חלב מיט קאַשע“, דען זיי זענען מומרים להכעיס און האָבען געבעך נישט מיט וואָס עפּעס אַנדערש צו זינדיגען 2). אויף אַזאַ אפיקורס דערצעהלט מען אויך, דאָס ער איז אַ צייט לאַנג אַרום־געגאַנגען און געקלערט, ווי אַזוי זינדיגט מען? ב״ז ר׳איז געפאַלען אויפ׳ן שכל און אָבגעבראָכען אַ שטיק פון דער פערדאַרטער, פערשימעלטער עירוב־מצה, וואָס הענגט אין שול, און זי גוט אויסגעווישט מיט׳ן חלב פון נר־תמיד און איינגעגעסען... חברה אפקורסים רופט מען דעריבער: „חברה שנויץ מיט ברויט“ 3), „ריין קאַשע מיט שנויץ“ 4).

אינ׳ם זעלבען זין, ווי דער תלמודישער „אינו דומה מי שיש לו פת בסלו, למי שאין לו פת בסלו“, זאָגט מען אויך אויף יודיש: „אַז מען באַקט ברויט, איז די גאַנצע שטוב זאַט“ 5), און: „אַז ס׳איז דאָ אַ דאָקטאָר אין שטוב זענען אַלע געזונד, און אַז ס׳איז דאָ ברויט זענען אַלע זאַט“ 6).

„אַלצדינג איז גוט, זאָגט מען, מיט ברויט“ ד. ה. מיט פרנסה 7). ווי דער תנ״ך׳ישער „צמח בלי יעשה קמח“, זאָגט מען אויף יודיש: „פון דעם מעהל וועט קיין ברויט נישט זיין“. (א. בערנשטיין.)

אויף ליצנות זאָגט מען: „אַז דאָס ברויט פאַלט אַראָב, איז אַ סימן אַז די כלה איז הונגעריג“ 8).

---

1) זעה א. בערנשטיין „אויפגעקלערטער“ אין מענדלי מו״ס ב. II ז, 57

2) זעה אויך א. בערנשטיין „באָרשטש“ 2: „באַדיי אַ שלעכטער באָרשטש, אַבי די שיסעל איז טריפה“. זעה אויך מנדלי מו״ס ב. II ז, 57 „עסט שנויין מיט ברויט, שטעקט אין דער קאשע אריין א חלב׳דיג ליכט“

3) שלום עליכם ב. XIII ז, 74.

4) פרץ „מה לו לשקר“ ב. VI ז, 16.

3) אַ. בערנשטיין.

4) דינעזאָהן „הנאהבים והנעימים“ ב. IV ז, 44

5) מנדלי מוכר ספרים ב. VI ז, 127. זעה אויך שלום עליכם „יודישע קינדער“ ז, 72 „צו קארטאָפלעס, זאָגט מען, דאַרף מען האָבען ברויט“ (?). זעה אויך „כתבים פון אַ וואָיאזשאָר“ ז, 85 אַ שטיקעל ברויט פאַר איהם גיט אויפצועסען“ (?)

עה נאָך ביי א. בערנשטיין עטליכע שפריכווערטער איבער „ברוי־“ זעה אויך ביי איהם „גאָט“ 3. „געבען“ „גוויט“ 6

6) אזוי זאָגט מען איבעראַל אין פוילען. א. בערנשטיין ברענגט אָבער: „אַז דאָס ברויט פאַלט מיט דער פוטער אראָב, אָדער: אויף דעם פנים“. זעה אויך די גמרא סנהדרין ס״ה: פתו נפלה מפיו...

אויף אַ שלימזל'ניק, וואָס ס'גערט איהם אַלץ שלים-שלים-מזל זאָגט מען: „דאָס ברויט פֿאַלט איהם שטענדיג מיט דער פּוטער אַראָפּ". 1)

אַז ס'הויבט איינעם אָן גערן שלעכט, הייסט עס: „ס'גערט איהם מיט דער פּוטער אַראָב" 2).

ווען איינער פֿאַלט צו צו אַ געשעפֿט א. ד. ג. זאָגט מען: „ער איז דערצו צוגעפֿאַלען ווי צו אַ היים ברויט". ביי פּרצ'ן זאָגט מען: „צוגעפֿאַלען, ווי צו אַ הייסע בולקע" 3), אויך: „פֿאַלט צו ווי צו'ן הייסען פּאָפּליניק" (?). (ב. VIII ז, 275). ביי מענדלי מו"ס „ער שלינגט יעדעס וואָרט, ווי הייסע פֿאַרפֿעל" 4). ביי שלום-עליכם'ן: „ער שלינגט ביכלעך, ווי האַלעשקעס" 5). מען זאָגט אויך: „כאַפּט און שלינגט, ווי הייסע לאָקשען" 6). „כאַפּען ווי הייסען פֿלאָדען" 7)

**וויסקראָבעק** — פון דעם אויסקראַצעכץ פֿונ'ם מילטער באקט מען אַ קליין בילקעלע, וואָס מען רופֿט עס: „דער וויסקראָבעק".

אויף קאַטאָוועס רופֿט מען אויך ס'יונגסטע, קלענסטע קינד, דאָס מיזיניקעלע: „דער ווישקראָבעק" 8)

---

1) א. בערנשטיין, „ברויט" 10.

2) מנדלי מו"ס ב. XV „אין א שטורמדיגע צייט" ז. 5. זעה אויך ב. V „די טאקסע" ז, 46: „גערט מיר תמיד שלים-מזל מיט דער פּוטער אראָב". פּרץ ב. VIII ז, 274: „הויבט אָן גערן קאפּויר מיט דער פּוטער אראָב". שלום עליכם ב. VII ז, 40 „טאָמער חלילה, לא יעלה ולא יבא, עס מאכט מיר לעמעך (שלעכט) ד. ה. „מיט דער פּוטער אראָב". זעה אויך מנדלי מו"ס „פישקע" ז, 22: און ב. VI ז, 27, 29. אויך פּרץ „פֿאָלקסט. געשיכטען" ז, 67: „איבערגעקערט, און, ווי עס טרעפֿט זיך, דייקא מיט דער פּוטער אראָב."

3) „פֿאָלקסט. געשיכטען" ז, 182

4) ב. XVI ז, 29

5) שלום-עליכם ב. VII ז, 76 „יודישע קינדער" ז, 144. ממו"ס ב. III ז, 29

6) מנדלי מו"ס ב. XV ז, 39, וועגען לאָקשען וועלען מיר נאָך רעדען.

ביי א. בערנשטיין „חאפּען" 7: „מען כאַפּט עס, ווי היים ברויט, אָדער, בייגעל".

7) „דאָס משלחת" פון עלי קצין הצחקיאולי (לינעצקי) אדעססא. תרל"ה ז' 29.

8) שלום עליכם, „מאָטיל דעם חזנ'ס" ז. 142

זעה אָבער ביי פּרץ׳ן, „מעשיות פון דול הויז״— „כל— בו״, וואס ער דרשה׳נט אן אויף׳ן וואָרט „ווישקראָבעק״ און עס שיינט דאָס ער רופט אזוי א ממזר.

מאָני דלוגאטש שרייבט ליצנות—מאכלענדיג פון די בטלנים: „א גוי געגען א יודען איז ווי א ווישקראָבעק געגען א ברויט, ער לאפּט טאקי דעם אָנבליק פון א מענשען און איז אויך פון דער אייגענער מאטעריע, נאָר קיין נשמה, קיין שכל פון קיין מענשען האָט ער נישט. אזוי ווי דער טעם פינ׳ם ווישקראַב געגען דעם ברויט, לאָטש זיי זענען פון איין טייג״ 1).

**א מאכל**

אין ליטא זאָגט מען אויף יערע גוטע זאַך: „ס׳איז אַ מאכל״ 2). אַ גאַנץ געוועגליכע זאַך הייסט: „אַ וואָלעדיגער מאכל״ 3) אויף אַגוט עסען, זאָגט מען: „ס׳איז מעדני מלכים״. „אַ מאכל מלכים״ 4), „ס׳מלכות מעג עס עסען״ 5). ווען איינער וויל גאָר צו גוטעס, זאָגט מען: „פון א מערן שמועסט מען נישט!״

**קאשע**

פון דער גרויסער צאָהל רעדענסאַרטען איבער קאַשע, וואָס מיר האָבען, זעהען מיר אַז קאַשע איז געווען אַ הויפּט-מאכל ביי יודען, פשוט, דאָס מאכל, וואָס געהט נאָך ברויט.

אויף איינעם, וואָס פערדיענט גאַנץ ווייניג, אַזוי אז עס גענוגט נישט אויף חיונה, זאָגט מען: „ער פערדיענט וואַסער אויף קאַשע״ 6).

ווען איינער מאַכט אָן אַ „עסק״, אַ מחלוקה, אַ פערדריסעניש

---

1) „דער עולם התוהו׳ניק״ ז. 20

2) זעה אויך ביי שלום עליכם ב. XI ז: 214: „חינקע-פינקע״ איז סחורה, און „וועלוויל עסט קאָמפּאָט״ איז אַ מאכל״

3) שלום עליכם ב. II ז. 91.

4) מענדלי מו״ס ב. I „אַלטע מעשה׳ ז. 18

5) דאָרט ב. VII ז. 156. זעה אויך שלום עליכם „לכבוד יום-טוב״ ז. 119: „אַ צימעס אַז דער קיסר מעג אים פערזוכען״. „איהרע פיש מעגען עסען דער מלכות״ שלום עליכם ב. II 106, 116.

6) מענדלי מו״ס ב. VII ז. 115 „קוים, קוים וואַסער צו דער קאַשע״ ז, 213: „דאָס פערדיענסט קלעקט נישט אויף וואסער אויף קאשע״ שלום עליכם ב. XI ז. 365 מענדלי מו״ס ב. VI ז. 17. פרץ ב׳ II ז. 102. זעה אויך מנדלי מו״ס ב. I „אַלטע מעשה״ ז. 6 און שלום עליכם „יודישע קינדער״ ז. 194

א.ד.ג. הייסט עס: „ער האָט פֿערקאָלט אַ קאַשע“, „פערקאַלט אַ געדיכ-טע קאַשע“ 1).

אויף אַ גרויסען מיש=מאַש, זאָגט מען: „צונויפגעמישט קאַשע מיט באָרשט“ 2). „צונויפגעמישט קאַשע מיט מאָהן“ 3) „צונויפגעמישט קאַשע מיט מאָהן מיט געלטינע טעג“ 4) צונויפגעמישט קאַשע מיט באָרשט און מיט לעבערלעך און מיט געלטינע טעג“ 5). „אַ מיש-מאַש, אַ קאַשע מיט באָרשט און מיט לאָקשען“ 6). „צונויפמישען קאַשע מיט בארענצימעס“ 7). ווען איינער לאָזט זיך נישט פון צווייטען, הייסט עס: „ער לאָזט זיך נישט שפייען אין קאַשע“ 8).

אַזוי אַ שטייגער ווי מען זאָגט ביי אונז: „האָב נישט קיין מורא מען וועט דיך דאָרט נישט אויפעסען“ זאָגט מען ביי איזיק מאיר דיק: „מען וועט דיך נישט אויפעסען אין קאַשע“ 9).

---

1) מאָרים ראָזענפעלד ב. I ז. 308. מנדלי מו"ס „מסעות בנימן“ ז. ז. 37, 38 ב. I „אלטע מעשה“ ז. 18, ב. V „איבער אַ שטאָדט ז. 23 שלום עליכם „יודישע קינדער“ ז. 196

2) שלום עליכם ב. XII ז. 126, ב. XIII ז. 65 „אַ וואָיאַזשאָר“ ז. 183.

3) מנדלי מו"ס ב. II ז. 72 ב. V „איבער אַ שטאָדט“ ז. ?

4) שלום עליכם ב. XII ז. 224

5) שלום עליכם „לכבוד יום-טוב“ ז. 255

6) דאָרט ב. XIII ז. 17. מאָני דלוגאטש „עולם התוהוניק“ ז, 130: „צונויף פיהרען בוידעם מיט לאָקש און אויסמישען קאַשע מיט מאָהן“ שלום עליכם ב. VIII ז, ז, 37, 58, 85: „דאָס יענץ, לאָקש, בוידעם, ציבעלע,“. ליניעצקי: „דאָס פוילישע יונגעל“ ז. 42: „וואָס קער זיך אָן בוידעם מיט לאָקשען?“.

7) „דער וועלט-לוח פון יאָהר אין כסף“ פון עלי קצין הצחקיאלי (לי-נעצקי) אָדעססא תרל"ה ז. 87

8) שלום עליכם ב. XI ז. 203, „כתבים פֿיי אַ וואָיאַזשאָר“ ז. 72. זעה אויך מנדלי מו"ס „פישקע“ ז. 72: „לאָזען זיך שפייען אין קאַשע קאָן איך ניט“. זעה אויך „מסעות בנימן“ ז. 73 זעה אויך א. בערנשטיין „געבען“ 8: „ווער עס גיט ניט צושטייער, טאָר ניט אין דער קאַשע אַריינשפייען“ ד. ה. ער האָט ניט קיין דעה.

9) דיק. „דער פינדלינג“ ווילנא תרל"ה ז. 8. זעה אויך „דער סאָלדאַטשקע סין“. דיק, ווילנא תרל"ו ז. 32: „איך האָב געמיינט דאָס מען וועט מיך אויפעסען אין קאַסע“.

א. בערנשטיין ברענגט נאָך שענע שפּריכווערטער וועגן קאַשע: „די בעסטע קשיא אויף דער וועלט איז קאַשע מיט יוך". „אויף אַלע קשיות איז דאָ אַ תירוץ — נאָר אויף גרעטשענע קאַשע איז נישטאָ קיין תירוץ, אַז מען האָט נישט קיין געלד, זי צו קויפֿען" 1).

אין דער אַמאָליגער יודישער קהלה איז געווען אַ אָבצאָהל „קאַשע געלד", וואָס קהל האָט געמוזט אויסהאַלטען די זעלנער פֿונ'ם אָרט מיט קאַשע (זעה ריב"ל, „די הפקר וועלט" תרס"ב ז, ז, 32, 34).

**באָרשט**

באָרשט איז אויך געווען אַ אָפּט מאכל אין דער יודישער שטוב, ווײַל ער האָט געקאָסט זעהר וואָלוויל 2) דעריבער האָבען מיר אַ ביער באָרשט אַ שפּאָר ביסעל שפּריכווערטער — ווי אַ שטייגער: „צו באָרשט ברויך מען נישט קיין ציין" א. ד. ג. זעה ביי א. בערנשטיין. באָרשט איז אויך געוועזען אַ זעהר געליבט מאכל ביי יודען, דעריבער זאָגט מען אויך מיט אַ ביסעל איראָניע: „ער וואָלט פֿאַר מיר קיין זאַק באָרשט נישט גענומען" 3).

עס איז אָבער מאָדנע און אומפֿערשטענדליך, ווי אַזוי עס האָט זיך ענטוויקעלט צו זאָגען: „זיי האָבען מיך ליב, זיי ווילען איך פֿאַר מיר ניט אוועקגעבען אַ זאַק באָרשט" 4). אייגענטליך וואָלט מען דאָך באַדאַרפֿט זאָגען „נעהמען", נישט „געבען".

אומפֿערשטענדליך איז מיר ביי מענדלי מוכר ספֿרים: „געוועזן און דייזע באָרשט פֿערטראָגען" 5). ביי לינעצקין: „פֿון די אַלע ווייען, איז געוואָרען בסך הכל צעהן בוטעלקעס, ווי רייזשע (?) באָרשט" 6).

---

1) זעה נאָך א. בערנשטיין „פֿייש" 4 „קישקע 5

2) דעריבער זאָגט מען אויף אַ וואָלוועלע זאַך: „וועלוועלער ווי באָרשט" א. בערנשטיין און מנדלע מו"ם ב. VI ז. 50.

3) א. בערגשטיין און מנדלי מו"ם ב. VI ז. 96 ווען מ'שטרעבט צו אַ זאַך, זאָגט מען: „אַ זאַק מיט באָרשט וואָלט איך אַוועק געגעבען". שלום עליכם ב. XIII ז. 248 לינעצקי „דאָס פּוילישע יונגע" ז, 49.

4) שלום עליכם, „כתבים פֿון אַ וואָיאַזשאָר" ז. 30 ב. III ז. 9. „זיי האָבען זיך ליב געהאַט, איינם פֿאַר דעם אַנדערן וואָלט ניט אַוועקגעגעבען קיין זאַק באָרשט" ספּעקטאָר „יודישע וועלט" ז. 154.

5) ב. IV ז. 94:

„צרות האָבען איהם דעם קאָפּ פֿערשדאָנען
איז געוועזן אין דייזע באָרשט פֿאַרטראָגען."

6) „דאָס פּוילישע יונגעל" ז, 82. זעה אויך ממו"ס ב. XI ז, 151: „דער איבריגער עולם אונזערער, פֿונ'ם מיטעלען סאָרט מענשען איז תמיד פֿערטראָגען אין דייזשע באָרשטש".

באָרשט איז, ווי עס ווייזט אויס, געווען דאָס דויפּט-מאכל פון די אָרמע אַפילו אין די ימים-טובים 1), דעריבער ווערט אונז אפשר שוין פערשטענדליך ווערען פאָלגענדע שטעל ביי לינעצקי׳ן:

„ער געהט שוין אויס פאַר הונגער און דאָרשט און רעכענט זיך שוין צווישען חברה באָרשט״ 2).

**רוואס**

ווען איינער ליגט אין צרות, איינגעווייקט אין א שלעכט געשעפט, הייסט עס: „ער ליגט אין קוואַס 2).

מאָני דלוגאַטש שרייבט: „אפילו דער שכל זייערער ליגט שוין אויך פערקוואסעט (ד. ה, פערמשכונט, פערדינגען) ביים רוח״ 3), ביי שלום עליכם׳ן איז נאָך דאָ פאָלגענדע רעדענסארט: „אזוי גיך לאָזט אייך ארויס קוואַס פון דער פּאַס 4).

**מילך**

מילך ווייזט אויס איז אַ סך גענוצט געוואָרען ביי יודען, מיר האָבען פון מילך אַ גענוגענדע צאָהל רעדענסאַרטען.

און נישט קיין וואונדער: האָבען דאָך יודען אין די שטעטלעך כמעט אַלע געהאַלטען אַ „בהמה״לע, אַ מאָל אַ קוה און נאָך עפטער די ספּעציפיש „יודישע בהמה״ — אַ ציג. ווי מיר זעהען עס כסדר ביי מענדעלי מוכר ספרים. אויך מאָני דלוגאַטש („דער עולם התוהו׳ניק״ ז, 66) שרייבט: „ביי אונז זענען גאָר קיין בהמות נישטאָ, נאָר סאַמע ציגען. יעדער בעל-הבית האָט זיך זיין ציג פון תמיד אָן״.

---

1) זעה שלום עליכם ב. III „מילכיגעס״ ז. 6: „ביי אונז אין געמיינעם גראַד, ווען עס זאָל חלילה נישט זיין קיין באָרשט, וואָלט מען געווים נישט אויסהאַלטען יודישקייט, ניט פסח, ניט שבועות. דער חילוק איז נור אין דעם, וואָס צו פּסח׳דיגען באָרשט מוז מען האָבען אַ שטיקעל פלייש, אָדער אַ ביינדעל, אָדער אַ לעפעל שמאַלץ און צום שבועות׳דיגען באָרשט בעדאַרף מען נישט האָבען גאָרנישט ניט! איז פאַרהאַן אַ קאַפּ מילך אויף צו פאַרווייסען דעם באָרשט איז גוט, אלא ניט — מוז מען זיך בעגעהן דערמיט, וואָס ער איז געקאָכט אין אַ מילכיגען טאָפּ״.

2) ד. ה. חברה דלפנים. „דער וועלט לוח פון יאָהר אין כסף״ פון עלי קצין הצחקיאלי. אדעסא תרל״הז׳ 65 לינעצקי דערמאָנט אויך איינינגע מאָל דעם „וואָלכישען באָרשט״ (דאָרט ז. 23 אויך ז. 92)

2) א. בערנשטיין „ליגען״ 2, שלום עליכם, ב. VIII ז, 51: נאַטשאלסטווא ליגט דאָך אויך אין קוואס גלייך מיט אלעמען״ מענדעלע מו״ס ב. V „איבער א שטאָרט״ ז, 13 „און ליגט מיט זיי אינאיינעם אין קוואס״

3) ״דער עולם התוהו׳ניק״ ז, 133

4) ב. XIII ז, 219.

מאָרגע קלינגט וואָס מען זאָגט אויף א מענש א פערזאָרגטען: „ער זעהט אוים גלייך ווי עס וואָלט איהם אינטערגעגאַנגען אַ שיף מיט זויערמילך" 1)

די סמעטענע — דאָס בעסטע, דער גאַנצער פעטער טייל פון דער מילך, האַלט זיך, ווי בעקאַנט, פון אויבען.

אַ גרויסער חשוב, הייסט דעריבער: „ער איז ביי איהם ס'אויבערשטע פון דער מילך" 2), ווען איינער נעמט-צו דעם גאַנצען ריוח פון אַ געשעפט, הייסט עס: „ער נעמט אַראָב די סמעטענע" 3), „ער נעמט אַראָב פון אויבען די גאַנצע סמעטענע" 4). מען זאָגט אויך בקיצור: „ער נעמט אראָב פון אויבען א מנה-יפה" 5). „ער כאַפט אַראָב פון אויבען" 6). עהנליך צום תלמוד'ישען „כמשחל בינותא מחלבא"— זאָגט מען אויף יודיש: „עס איז אַזוי גרינג, ווי אַרויסציהען אַ האָר פון מילך" 7). מען זאָגט אויך: „ווייס ווי מילך" 8).

ביי מענדעלע מוכר ספרים האָבען מיר א רעדענסארט: „פאַר שרעק איז מיר די מאַמעס מילך אַנטלאָפען" 9), ביי לינעצקין איז דער נוסח: „פאַר ישרעק איז מיר פארקיהלט געוואָרען אפילו די מאַמעס מילך" 10)

ליגענדאַרישע כל-טוב הייסט: „פון פויגעל-מילך איז דאָרט פאַרהאַן" 11) איינער, וואָס האָט כל טוב, הייסט עס: „ער באָדט זיך אין מילך, אין וויין און אין לויטער פערגעניגען" (מאָררים ראָזענפעלד. פאָ-

---

1) פרץ ב, II ז. 26 „פאָסט וואגאָן" ז, 40, „א פערשטערטער שבת" ז, 181, „א מאָל איז געווען א מלך" ז, 9.

2) שלום עליכם ב: VII ז. 136

3) דאָרט ב. XI ז. 220

4) דאָרט ז. 43

5) מענדעלע מו"ס ב. VI ז. 87

6) דאָרט ב. VII ז. 206

7) דינעזאָהן „הנאהבים והנעימים" ב. IV ז. 40

8) מאָני דלוגאַטש „עולם התוהו'ניק" ז, 146

9) מענדעלי מו"ס ב. II ז. 41

10) „דאָס פוילישע יונגעל" ז, 11

11) מענדעלע מו"ס ב. I „די אַלטע מעשה" ז. 16

גיע ב. II ז. 165) „ער באַדט זיך אין מילך און אין פּוטער" 1);

**פּוטער**

„ער באָדט זיך אין פּוטער און אין האָניג" 2) „באָדט זיך ווי אַ קעז אין פּוטער" 3) ווען איינער האָט פאַרגעניגען, נחת, זאָגט ער: „אין פּוטער שמעלץ איך מיך" 4) ווען אַ געשעפט געהט גוט, זאָגט מען: „עס געהט ווי אויף פּוטער" 5), ווען איינער נעמט-צו דעם גאַנצען פערדינסט, פרעגט מען: „למאי זאָל יענער צונעמען די גאַנצע פּוטער?" 6). פערשטענדליך גענוג איז, דאָס זאָגען: „ווייך ווי פּוטער" 7), ווען איינעם געפעלט עפּעס נישט, זאָגט מען איהם מיט פערדרוס: „טהו דיר אַריין שמאַלץ אין דעם טאָפּ און פּוטער אויפ'ן קאָפּ" 8), אַז ס'איז נישטאָ קיין עצה צו פערבעסערען דעם עסק, זאָגט מען: „באַטש טהו דיר פּוטער אַריין" 9) מען זאָגט אויך: „ס'געפעלט דיר נישט, טהו דיר צו פּוטער, טהו דיר צו זאַלץ".

ווען איינער האָט ביי אַ געשעפט קיין גליקען שוין נישט געמאַכט, זאָגט מען מיט איראָניע: „ער האָט קיין פּלעצלעך מיט פּוטער נישט געגעסען" 10) עס איז דאָ נאָך אַ שפּריכוואָרט: „אַז מען

---

1) ממו"ם ב. IX ז. 102 ב. VII ז. 249.

2) שלום עליכם ב. X ז. 297

3) דאָרט ב. XII ז. 28

4) פרץ „שוועסטער" ז. 16

5) שלום עליכם ב. VIII ז. 257 ב. X ז. 252 ביי מענדעלי מו"ס ב. I „ספר הבהמות" ז. 54 און ב. VI ז. 22: „ס'וועט געהן ווי אַ פּוטער"

6) שלום עליכם ב. XII ז. 80

7) שלום עליכם „לכבוד יו"ט" ז. 194 מענדלי מו"ס ב. XVI ז. 70

8) א. בערנשטיין, מיר שיינט אז דאָס האָט א שייכות צו דעם וואָס פאַרכעס פלעגט מען אויסשמירען מיט פּוטער. אַזוי האָבען מיר ביי לינעצקין אַ רעדענסאָרט: „מיט אונזער פּוטער פערעמדע פאַרכעס שמירען?" („דאָס משלחת" ז. 86). און דאָס זאָל אויך זיין די דערקלערונג צום שפּריכוואָרט: „ווער עס האָט פּוטער אויפ'ן קאָפּ, טאָר אויף דער זון ניט געהן". א. בערנשטיין האָט עס אָבער נישט אזוי געהעריג פערשטאַנען.

9) מענדלע מו"ס ב. VI ז. 32 זעה אויך שלום עליכם „מנחם מענדל": „שלים-שלימזל": „קיין פּוטער, זאָגט ער, לייג איך ניט אַריין".

10) מענדלע מו"ס ב. VI ז. 75 מען זאָגט אויך: „ער וועט שוין דערביי קיין זייד נישט שפּינען" ד. ה. קיין גליקען נישט מאַכען. ווען איינעם שטעהט פאָר אַ גרויסע שטראָף, זאָגט מען מיט ליצנות: „מ'וועט איהם באַקען קיכעלעך".

שלאָגט, שלאָגט מען אויס פוטער". א. בערנשטיין פערטייטש, דאָס אַזוי זאָגט מען צו איינעם, וואָס נעמט זיך באַלד צום שלאָגען. מען דערמאָנט איהם, אַז פון שלאָגען, קען אַמאָל אַרויסקומען גאָר עפּעס אַנדערש. מיר שיינט אָבער, אַז דאָ מיינט מען צו זאָגען: אַז מען שלאָגט אַ קינד, איז עס צום גוטען.

**האָניג** האָניג, ווייזט אויס, פלעגען יודען אויך אַ סך נוצען, מיר האָבען פון האָניג אַ שען ביסעל רעדענסאַרטען.

„זיס ווי האָניג" 1), „האָניג-זיסע ווערטער" 2) ווען איינער האָט שלעכטס פון אַ געשעפט אָבגעשניטען, הייסט עס: „עד האָט דאָ קיין האָניג ניט געלעקט" 3), ווען עס האַלט מיט אַ געשעפט שמאָל, זאָגט מען: „קיין האָניג וועלען מיר דאָ שוין נישט לעקען" 4). אויף איינעם וואָס זיין וועג איז נישט געווען אייסגעשפרייט מיט רויזען, זאָגט מען: „זיינע יאָהרען זענען נישט דורכגעגאַנגען אין האָניג און אין פוטער געשמירט" 5). מען זאָגט אויך אויף יודיש: „אויסגעפוצט אין עסיג און אין האָניג" 6).

שלום עליכם שרייבט אויך: „דער ערשטער חודש, דער האָניג-חודש, ווי מען רופט עס" 7) מיר שיינט אָבער, אַז דאָס איז נישט יודיש, נאָר, פשוט, איבערגעזעצט. אויף יודיש זאָגט מען, ווי ביי פרץ'ן אָנשטאָט דער האָניג-חודש: די „קוש-וואָך".

ביי א. בערנשטיין געפינען זיך נאָך אייניגע שפּריכווערטער, וואָס בעציהען זיך צו האָניג. מיר וועלען דאָ ברענגען נאָר בלויז נאָך פאַל-

---

1) ספעקטאָר ב. III ז. 131. מענדלי מו"ס ב. XVI ז. 9.
2) מענדלי מו"ס ב. V „איבער אַ שטאָדט" ז. 13
3) מענדלי מו"ס ב. I „ספר הבהמות" ז. 24 זעה אויך ז. 52 ב. VI ז. 31 ב. X ז. 27. שלום עליכם ב. IX ז. 73. ספעקטאָר „עניים ואביונים" ז. 283
4) שלום עליכם ב. II ז. 205. „מאָטיל דעם חזנ'ס" ז. 176 ב. I „יוסף" ז. 37: „קיין האָניג וועט ער ניט לעקען און בשמים ניט שמעקען".
5) שלום אש, „אַמעריקא" ז. 4
6) ספעקטאָר ב. III ז. 92. פרץ, „פאַלקסט. געשיכטען" ז. 50 זעה אויך מענדלי מוכר ספרים ב. XV ז. 64: „טהוט זיך אָן אין עסיג און אין האָניג". פערגלייך עס ווידער מיט מענדלי מו"ס ב. II ז. 116: „אַ אויסגעצוואַנגענער הערינג אין עסיג און האָניג", (ד. ה. אַ מאַרינירטער הערינג).
7) „סענדער בלאנק" ז. 64

גענרע רעדענסאַרט: „װײך װי אַ האָניק־טײגעל" 1). מען זאָגט אויך סתּם:

**טײַג** „װײך װי אַ טײג" 2) אויף צװײ גלײַכע מענשען, זאָגט מען: „פֿון אײן טײג געקנעטען" 3).

**הײװען** האַלטענדיג בײַ טײַג, װעלען מיר שוין רעדען אויך װעגען הײװען:

מען זאָגט: „ער װאַקסט װי אויף הײװען" 4) מען זאָגט אויך: „פֿון װאַנעט נעמט מען אַזעלכע פֿאַרשוינען, אויף װעלכע הײװען ראָש־טשינעט מען זײ און אויף װאָסער אויװען באַקט מען זײ?" 5).

דאָס טײגעל יעהרט פֿון הײװען, משקה, װי װײַן א. ד. ג. יעהרט אויך. אויפֿגעקלערטע, נײַ—מאָדיש געלערנטע, האַלבע אפּקורסים, פֿלעגט מען רופֿען: אויפֿגעיורענע" 6).

און פּרץ פֿערצעהלט, װעגען דער השׂכּלה צײַט: „ס'האָט אָנגעהױבען צו יעהרען בײַ אונז, און געיעהרט האָבען מיר.." 7)

**בײגעל** איבער דער רעדענסאַרט פֿון „באַקען בײגל" האָב איך שוין גערעדט אויף אַ צװײט אָרט 8), עס איז דאָ אָבער נאָך אַ זעהר טשיקאַװע רעדענסאַרט: װען אײנער בעשולדיגט דעם צװײטען הײסט עס: „ער לײגט אויף איהם אַרויף דעם גאַנצען קױלעטש—בײגעל" 9) װאָס קאָן זײַן דער זין פֿון די דאָזיגע רעדע?

---

1) שלום עליכם ב. XIII ז. 106

2) מענדעלי מו"ס ב. II ז. 27 ב. IV ז. 18. שלום עליכם „מנחם מענדיל" „מיליאָנען".

3) מענדעלי מו"ס ב. VII ז. 222, זעה בײַ שלום עליכם'ן ב. III „דאָס נײַע פּתריליװקע" ז. 11: „דער רבי האָט נישט געהײסען עסען טײגליך מיט פּאַסוידעס" (?).

4) שלום עליכם ב. I ז. 230. ב. VIII ז. 191. פּרץ ב. II ז. 39, ב. VIII ז. 87

5) שלום עליכם ב. XIII ז. 111

6) זעה מענדלי מו"ס ב. I „די אלטע מעשה" ז. 9 ב. VII ז. 183, ב. VIII ז. ז. 374, 403. זעה אויך שלום עליכם, מנחם מענדל,— „מיליאָנען": „א גאנצע געיורענע... מיט פראנצעזיש".

7) פּרץ ב. VIII ז. 259

8) „מלאכות און בעלי־מלאכות אין דער יודישער שפּראַך" פֿון „יהודה עלזעט".

9) בײַ פּרץ'ן: „לעג נישט דעם גאַנצען בײגעל אויף דער תורה" („איבער שרפֿות" ז. 54)

איך האָב געהערט אז דאָס איז פֿערגרייזט. אין ס'ברויך צו זיין: „דעם גאנצען קולר שבעגל" ד. ה. דעם „חטא העגל", פֿערגלייך מיט דער צווייטער רעדענסארט: „הוטא בעגל זיין" 1). ביי א. מ. דיק זאָגט מען אויף אַ פֿערפֿאלענע זאך: „און עס איז פֿארפֿאלען הינד און ביי־געל"2) ביי א. בערנשטיין זאָגט מען: „פֿערפֿאלען די קוה מיט'ן שטריק!" איך האָב א צייט לאַנג געטראַכטעט, דאָס דיק'ס רעדענסארט, האָט א שייכות צו דער רעדענסארט „אז דער הינד האָט געכאַפּט דעם בייגעל, לאָז ער כאַפּען דעם סדור אויך" 3). דאָך איז מיר די זאך נישט גענוג קלאָר געווען, ביז איך האָב געפֿונען ביי לינעצקין פשוט א דאָקומענט, דאָס פֿארצייטענס פֿלעגט דער היצעל ביי'ם ווערען כאַפּען הינד, זיי פֿערנארען מיט אַ בייגעל צו זיך און דאן זיי כאַפּען.

אָט שרייבט ער:

„מיט א בייגעל פֿארנארט דער היטצעל דעם בידנע הינד, מיט דער זערנע פֿארנארט דער יעגער דאָס בידנע פֿויגעלע און מיט'ן קערביל פֿארנאַרט איך דער געלד—חזיר... (אין דעם שוין ציטירטען ווערק „דאָס משלחת" ז. 72).

עס האָט זיך אלזא, מסתמא, אויך געפֿלעגט טרעפֿען אַ געשיק־טער הינד, וואָס פלעגט כאפּען די בייגעל און געשיקט זיך אָבטראָגען מיט גאַנצע ביינער, דער היצעל האָט דאַן „געלייגט דאָס טויטע אויפ'ן לעבעדיגען", ווייל די ער האָט נישט געכאַפּט דעם הונד, נאָר נאָך היזק געהאט די בייגעל.

וועגען בייגעל זענען דאָ ביי א. בערנשטיין נאָך א שפּאָר ביסעל שפּריכווערטער און רעדענסארטען, און נישט קיין וואונדער. אַ בייגעל האָט סך—הכל געקאָסט אַ גראָשען 4), און דריי בייגעל זענען געווען אַ שעור סעודה 5).

מאָדנע איז אָבער, וואָס מיר לייענען ביי פרץ'ן: „מיר וואָס האָבען שוין לאַנג די בייגעל פֿערגעסען"... (ב. VIII ז, 232).

---

1) א. בערנשטיין, שלום עליכם ב. XI ז. 195: „חוטא בייגעל געווען"

2) „איינע רייזע אין אפֿריקא" ווילנא תרל"ג ז, 27

3) א. בערנשטיין. אזוי האָט געזאָגט א חדר יונגעל, וואָס דער הינט האָט איהם צוגעכאַפּט דעם בייגעל געהענדיג אין חדר אריין.

4) זעה א. בערנשטיין „בייגעל" 2: „עס איז ווי א בייגעל א גראָשען", אויף יעדע זאך, וואָס דער פּרייז איז פֿעסט. אין פּוילען פֿלעגט מען זאָגען אויך: „ווי א זעמעל א צווייער".

5) א. בערנשטיין: „ערשט פֿון דעם דריטען בייגעל ווערט מען זאט"

**ראָליש** ווי שוין געזאָגט, איז „קוליש", אָדער קריפניק, געוועזן דאָס געווענ־ליבטע יודישע מאכל, דער ישיבה בחור זאָגט דעריבער: „איך האָב מיך אויסגעהאָרעוועט נאָר אויף „קאַזאָנע גריץ", אויף פּלעטין און באַלע־באַטישע הייזער" 1). די רעדענסארט: „צום מושטער בין איך אַ זעלנער, צו דער קרופּע פערגעסט מען אין מיר" געהער צו אַ אנדער פּרק פון אונזער ווערק.

אויף אַ אויסטערלישען קאַרגען זאָגט מען: „ער צעהלט די גרויפּען אין טאָפּ אריין" 2).

וואונדערבאר שען איז דאָס יודישע שפּריכוואָרט: „די גאנצע וועלט זאָרגט: די זאָרגט, וואָס די פּערעל זענען איהר צו שיטער, און די אנדערע זאָרגט, וואָס די פּערעל—גריץ איז איהר צו שיטער" 3).

ביידע זאָרגען. ביידע האָבען עגמת-נפש גלייך. אָבער ווי גרויס איז דער אונטערשיעד פון די דאגות? קיינער וועט שוין שאַרפער נישט קענען אָנווייזען דעם דאָזיגען שטריך פון'ם מענשליכען כאראקטער, ווי דאָס יודישע שפּריכוואָרט האָט עס געמאלט.

**זאַלץ** אסעודה אהן זאַלץ איז דאָך נישט געמאָלט, וועלען מיר זיך דא נאָך אָפּשטעלען און ארומרעדען די רעדענסארטען. וועגען זאַלץ.

עס איז פערשטענדליך, וואָס אויף אַ זאַך אהן טעם, זאָגט מען: „ס'איז אהן זאלץ און אהן שמאלץ" 4)

נישט קלאָר איז אָבער, וואָס אויף א מענש וואָס איז נישט איבעריג קלוג זאָגט מען: „ער איז אַ ביסעל נישט דערזאלצען" 5)

1) א. מ. דיק „מאָטקע און הערשקע" ווילנא תרי"ג ז, 7

2) זעה מענדלי מוכ"ס ספרים ב. VI ז, 118. זעה ביי שלום־עליכם'ן ב. VII ז, 66: „אַ קאָליש מיט גרויפּען",

עס פלעגט אָבער אויך זיין „א הירזשענער קאָליש" שלום-עליכם ב. XIII ז, 113.

ביי ליגעצקי האָבען מיר וועגען קאָליש אזא רעדענסאָרט: „יודישער כריין איז אומעטום ביטער און א קאָליש איז תמיד שיטער" („דער וועלט־לוח פון יאָהר אין כסף" ז, 52)

3) א. בערנשטיין.

4) א. בערנשטיין. פּרץ „ווער ס'גיט לעבען" ז, 49. זעה אויך מענדלע מו"ס ב. II ז, 26: „א לעבען, וואָס האָט א טעם ווי א געקעכץ אָהן פעפער און אָהן זאלץ".

5) זעה אויך שלום-עליכם ב. XII ז, ז, 34, 108: „די קורלענ־דער זענען אַ ביסעל נישט דערזאלצען".

אײנענטלעך קאָן עס הײסן פּשוט: „ער איז נישט אינגאַנצן פאַרטיג". די זאַך איז אָבער טיפער, ווי מען מײנט.

שוין בײ די אלטע גריכען האָט „זאלץ" בעטײט „חכמה", „פקחות" 1); זעה אויך קדושין כ"ט: „הרי שהיה בנו זריז וממולח", 2). פערגלײך אויך מיטן תלמודישען „לכי תיכל עלה כורא דמלחא" און זאלץ איז נישט בלויז חכמה, נאָר אויך געזונד. זעה בײ שלום עליכם'ן אברכה: „א געזונד דיר אין בויך, א זאלץ אין די בײנער" 3) נישט קײן גוטע זאַך איז אָבער „זאלץ אין די אויגען". ווען אײנער זאָגט, צום בײשפּיעל: „אהיבשע משפּחה בײ אײך ר' נח!" זאָגט צו איהם דער רבי נח: „זאלץ דיר אין די אויגען!" 4)

נאָך ערגער איז שיטען ווען „זאַלץ אויף די וואונדען" 5).

מען קאָן אויך „אָנזאלצען א מקח" (שלום עליכם ב. X ז, 188)

„איבערציהען ס'שטריקעל" הײסט אויך—„איבערזאלצען" 6) „אָנזאלצען", הײסט בײ מענדעלע-מוכר ספרים אויך „אָנלערנען" אײנעם, אזוי שרײבט ער: „רב יעקב האָט זיך דענסמאָל געגעבען דאָס וואָרט בנימנ'נען אָנצוזאלצען, אז אײביג זאָל עס איהם ליגען אין טעם" 7).

מען זאָגט אויך בײ דינעזאָגען: „דער גאָט, וואָס האָט געהאָלפען אויף זאַלץ, וועט העלפען אויף פעפער אויך" 8)

---

1) זעה Antoni Krasnowolski. „Przenośnie mowy potocznej" ב. I ז, 87.

2) די דאָזיגע רעדענסאַרט געפינט זיך אַ סך מאָל אין תלמוד, אָבער מערקווירדיג: בענוצט האָט זיך מיט איהר אויסשליסליך נאָר רב נחמן.

3) ב. XII ז, 184

4) שלום-עליכם ב. III „דאָס נײע כתריליווקע" ז, 35. איך ווײס נישט צי דאָס איז גלאט א קללה, אָדער לשם סגולה זאָגט מען אַזוי. זעה אויך בײ קראסנאָוואָלסקי דאָרט ז, 228

5) מענדלי מו"ס ב. II ז, 7, 115 זעה אויך א. בערנשטײן „וואונד" די דאָזיגע רעדענסאַרט האָט איהר אבשטאמונג אין די פּאַרצײטיגע אינקוויזיציעס און באַרבארישע שטראָפען. זעה אָבער בײ לינעצקין „גיט טוידט ניט לעבעדיג" ז, 56 (ווילנא תרנ"ה), דאָס אויך איג'ם הדר, פלעגט מען מאַכען אזעלכע עקזעקוציעס איבער תלמידים און צווישען אײן שמיץ צום אנדערען פלעגט מען בעשיטען מיט זאלץ. די וואונד.

6) שלום-עליכם ב. I ז, 26 בעזונדערס ווען אײנער איז מגזם, און טרײבט איבער, זעה ספּעקטאר „יודישע וועלט ז, 163 „דו זאלצסט שוין גאָר איבער".

7) ב. I „די אלטע מעשה" ז, 23

8) „יאָסעלע" ז, 82

זאַלץ עסט מען קיין סך אויף איין מאָל נישט אויף, ווילענדיג זאָגען דאָס מען וועט ביי איינעם זיך לאנג נישט קענען האַלטען, זאָגט מען: „איר וועט ביי איהם קיין מון זאלץ נישט אויף עסען״ 1)

מען זאָגט אויך: „מען קאָן נישט פיר אַ מענש דערקענען, ביז מען עסט נישט מיט איהם צוזאמען אויף א פּעסעל זאלץ״ 2)

זאלץ צוגעהט כידוע אין וואסער, דעריבער זאָגט מען זעהר בילדליך אויף מענשען אויך: „זיי זענען זיך צוגאנגען, ווי זאַלץ אין וואַסער״ 3) און פּרץ שרייבט: „ווי זאלץ אין וואסער צוגעהט זיך ס׳שטעדטיל„ 4)

מען רעדט איין קינדער, דאָס מען קאָן כאַפּען אַ פֿייגעלע, אָדער מייזעל, שיטענדיג עס זאלץ אויפ׳ן שווענצעל, די ליצנות שטעקט דערינען, וואָס דאָס פֿייגעלע אָדער ס׳מייזעל ווילען דאָך נישט ווארטען ביז מ׳קומט צו זיי אזוי נאָהענט צו, נאָר זיי אַנטלויפען פֿריהער, 5) און מעגליך אז מיר האָבען דאָ צו טהון מיט א רעשטע פון עפּיס אַ אַלטען אבערגלויבען,

מען זאָגט דעריבער אויף א נאַרישע סגולה אין עצה: „דאָס איז אזא מיטעל, ווי אָנשיטען זאַלץ אַ פֿייגעלע אויפ׳ן ווידעלע כדי עס צו כאַפּען״ 6)

בשעת אַ יריד פֿלעגען די פויערים קומען אין שטאָדט אריין קויפען הויפּטזעכליך זאלץ, דען אלע אנדערע לעבענס-מיטלען האָבען זיי

---

1) א. מ. דיק. „מאַטקע אין הערשקע״ ז, 50 זעה אויך „דער פּאָרטעפּיאניסט״ (ווילנא תרל״ה) ז, 38: „ער האָט איינגעזאַלצען, דאָס איך וועל קיין מון זאלץ ניט אויפעסען ביי אים״.

2) זעה דעם נוסח ביי א. בערנשטיין „מענש״ 8.

3) שלום עליכם ב. XI ז, 211 ז, 24. „מבול״ 121

זעה אויך ב. XIII ז, 86: „איהר זאָלט אייך די מינוט צוגעהן, ווי זאַלץ אין וואסער!״

4) פּרץ. ב. II ז, 275

5) זעה א. בערנשטיין „ווילען״ 6

6) מענדלע מו״ס I „ספר הבהמות״ ז, 11 זעה אויך ב. XI ז, 45: „דו וועסט מיך נישט כאַפּען, כאָטש שיט מיר דאָ זאלץ אויפ׳ן עק״, זעה אויך שלום עליכם ב. VII ז, 154: „למאי האָסט איהם געלאָזט פאָהרען אַזוי ווייט?

—איהר האָט איהם געזאָלט אָנזאלצען אויפ׳ן עק״... זעה אויך פּרץ „פאָלקסט. געשיכטען״ ז, 90: „וועט ער דיר אָנזאלצען אויפ׳ן עק״...

דאָך נאָך געהאַט צו פֿערקויפֿען, דער פֿון איז גענומען צו זאָגען: „אז מען פֿאָרט אויף אַ יריד אהן געלד, קומט מען אהיים אהן זאַלץ״ 1)

דאָס זאלץ פֿלעגט די רעגירונג אָבגעבען אויף א רענדע, דאָס אָרט ווי מען פֿלעגט עס פֿערקויפֿען האָט זיך גערופֿען אויף פּויליש „Żupa“ 2) די ארענדארען — די גרעסטע פריצים פֿון לאנד, ווי די לובאמירסקים און וויעלאפּאלסקי׳ס — זענען דערפֿון מעשיר געוואָרן 3). דער דיבער זאָגט מען נאָך אויף יודיש עד היום אויף איינעם, וואָס לייזט אַסך געלד: „ער זשאָבט“ און אַ גוועלב, וואָס מען לייזט דאָרט פיל, רופֿט מען: אַ „זשאָב,“ פֿון דעם דערמאַנטען פּוילישען „Żupa.“ 4)

מען זאָגט נאָך אויף יודיש: „צי הערינג ברויך מען קיין זאלץ“ און „ביזט הונגעריג? — לעק זאלץ וועט דיך דאַרשטען!“ 5).

## צ ו ק ע ר

גאנץ נאַטירלעך, ווען מען זאגט: זיס ווי צוקער “6), „צוקער-זיס“ 7), צוקער איז אַ מאָל געוועזען אַ זעהר טייער ארטיקעל און ס׳איז עס שוועהר געווען צו בעקומען. דען דער רויר-צוקער איז דאָך געקומען מעבר לים, פֿון מרחקים און קיין צוקער פֿון בוראקעס איז נאָך נישט געוועזען,

א סחורה וואָס איז געשווינד צעחאַפּט און פֿערקויפֿט געוואָרען, הייסט עס: „זי איז פערצוקערט געוואָרען“ 8), ביי מענדעלע מוכר ספרים זאָגט טעמן אזש: „פֿערצוקערען וואָלט מען דאָך אזאַ התן!“ 9)

ביי מארים ראזענפֿעלד בעזינגט מען אמעריקא: די לאַנד פֿון צוקער, די לאַנד פֿון גאָלד!“10),

---

1) א, בערנשטיין „יריד“ 2

2) זעה „Księga rzeczy Polskich“ פֿון „Glogier“ ז, 524—526. 3) דאָרט.

4) מ. ספעקטאָר. „יודישע וועלט“ ז, 67: „מען זשויבט געלד“ „ער זשויבט גרינג געלד“

5) א. בערנשטיין.

6) מענדלע מו״ס ב. VIII ז, 294 שלום עליכם ב. VII ז, 56: „מאַכט ער צו מיר זיס צוקערדיג“

7) ממו״ס ב. II ז. 27 ,פרק ב. II ז. 266: “אַקול האָט זי—צוקער“

8) שלומעליכם „מאָטיל דעם חזנ׳ס“ ז. 161: „אין אַמעריקא וועט ער די סחורה פערצוקערען“. זעה אויך ב. VII ז. 34. ב. III „אַפרעהליכע קאָמפּ“, ז. 44 און פרק „פֿון קבר“ ז, 12

9) ב. IX ז 10 זעה אויך ב. VII ז. 172

10) שריפֿטען ב. II ז. 273 ביי אייזיק מאיר דיק „די שקלאַווערייי“ ב. I ז. 34, זאָגט מען: „זעה צי זי איז ווירקליך אַזוי אַ צאַצקע און אַ צוקערקע ווי ער זאָגט“

דאך „פֿאר געלד קריגט מען ציקער "1), ד. ה. די טייערסטע זאַך א פֿילו פֿון דער וועלט.

אָבער נישט בעזונדערס אנגענעם איז, ווען „ס'איינגעמאַכטס ווערט נעצוקערט און כאפט אַ שימעל "2).

**גאמעלקעס** יעצט נאָך איבער איניגע מאַכלים: ווענען קעזענען דאָ איניגע שפּריכווערטער בײ א. בערנשטיין, נישטאָ אבער בײ איהם גאָרנישט איבער די גאָמעלקעס"3), דאָס איז אזא אַרט קליינע קעזלעך: Gomolka. די שפּראַך איז זיי אבער נישט גלייכגילטיג דערבײ געגאַנגען. עס איז פֿארהאן אַ רעדענסאַרט „מאַכען פֿון שניי גאָמעלקעס", דער זין פֿון דער דאָזיגער רעטעניש איז מיר נישט איבעריג קלאָר, איך וועל דאָ דעריבער ברענגען איניגע ערטער, ווי מענדעלע מוכר ספרים האָט זיך מיט דער דאָזיגער רעדענסאַרט בענוצט, און די זאַך וועט אונז אַביסעל קלאָרער ווערען.

אט שרייבט ער ב. III ז. 14: „שווער, זעהר שווער צולעבען היינטיגע צײַט פֿון די פֿינף פֿינגער און מאַכען פֿון שניי גאָמעלקעס"

ב. IV ז. 135: על הטא שחטאתי בהוקעס—פוקעס. איך פֿלעג מאַכען מיט דער רייף, צאַפּען פֿון דער וואַנד געלד מאכען פֿון שניי גאָמעלקעס",

ב. V ז. 21: „ווי אזוי מען צאַפּט פֿון דער וואַנד געלט, ווי אזוי מען ציהט ארוים קליי פֿון די ביינער, ווי אזוי מען מאַכט פֿון שניי גאָמעלקעס, ווי אַזוי מען מאַכט מיט דער רייף, ווי אַזוי מען פֿערבלענד יענעם די אויגען", וכדומה אַזעלכע קונצען". זעה אויך בײ שלום עליכם'ן: די קלאָץ—קשיא, ווי אזוי מאַכט מען פֿון שניי גאָמעלקעס און זיי זאָלען נישט צוגעהן" (יודישע קינדער" ז. 216).

**לעמעשקע** פאַרהאַן אויך אַזאַ מין געקעכטס „לעמעשקע"4), מען זאָגט אויף יודיש: „א שלים—מזל'ניק, א

---

1) א. בערנשטיין „געלד" 40

2) שלום עליכם „מאָטיל דעם חזנ'ס" ז. 38, „לכבוד יום טוב" ז. 250, „סטעמפעניו" ז. 54 ב. XII ז. 204

3) זעה בײ א. מ. דיק („דער פארטעפיאניסט" ז. 10): „די רביצין פֿלעגט ווינטער שטאָפּען גענז, זומער מאַכען גאָמעלקעס",

4) פוילישׁ: Lemieszka זעה א. בערנשטיין „תודה" 5. זעה אויך ד"ר שטראקס. „יודיש ווערטערבוך".

לעמעשקע" 1), „א נאַר א לעמעשקע" 2), „משוגע'נע לעמעשקע" 3), „ער קוקט אויף מיר ווי א לעמישקע" 4), „וואָס, מיין נשמה איז א לעמעשקע?" 5).

ווען איינער האָט געדרשה'ט דרשות של דופי, האָט א צווייטער א טענה: „מען נעהמט א סדרה און מען מאַכט פון איהר מאַנדרוש 6), א לעמעשקע!" 7).

זעה אויך ביי מענדעלע מוכר ספרים ב. | „ספר הגלגולים" ז, 6. שרייבט ער: „זי האָט געעפענט א מויל, האָבען זיך איהר געשאָטען, ווי פון א לעבערדיגען זאַק, ניין מאָס רייד, אויסגעמישט אינאיינעם גראַם—שטראַם, קובעבע—לאַקריצע, גויאישע ווערטלעך מיט להבדיל, שטיקלעך גמרא, משל לעמעשקע".

ביי ע. בלאשטיין 8), זאָגט מען צו איינעם: „דו לעמעס", עס איז אָבער מעגליך, אז דאָס זאָל נישט האָבען קיין שייכות צו „לעמעשקע" נאָר צום נאָמען „למך" 9).

**האלעשקעס**

ביי לינעצקין האָבען מיר וועגען האלעשקעס נאָך צוויי רעדענסאַרטען אויסער די שוין איינמאָל דערמאָנטע „שלינגען ווי הייסע האלעשקעס": „ער שמיצט זיי פון זיך ווי א האלעשקע" 10) און, „איך וואָלט זיי צוטריבען, ווי די האלעשקעס" 11), „פעטש פליהען פון אלע זייטען, יונגע לייטלעך פאלען ווי די האלעשקעס" 12).

---

1) שלום עליכם ב. XIII ז. 22
2) דאָרט. ב. XII ז. 83
3) דאָרט. „סטעמפעניו" ז. 90
4) דאָרט ב. VIII ז. 242
5) פרץ, ב. VIII ז. 140. די איבריגע וואריאנטען פון דער דאָזיגער רעדענסאַרט, וועל איך ברענגען אויף א צווייט אָרט.
6) ביי די פורים שפילערס האָט דער „מרדכי" געהייסען „סאַנדרוש", דעריבער הייסט מאַכען ליצנות— מאַכען מאַנדרוש" זעה מענדלי מו"ס ב. XI ז. 61. ליניעצקי „דאָס פוילישע יונגעל" ז. 33,
7) מענדעלע מו"ס ב. I„ די אַלטע מעשה" ז. 22
8) „שפרינצע די פקחית" ווילנאַ תרנ"ה ז. 18
9) וועגען נעמען אין דער יודישער שפראַך, וועלען מיר געבען א ספעציעלע אָבהאנדלונג
10) „דאָס משלחת" ז,89.
11) דאָרט. ז. 90
12) „דאָס פוילישע יונגעל" ז. 74

**פּאָמפּישקעס**

בײַ איהם האָבען מיר אויך פֿאָלגענדע רעדענס־ארט: „דו בּיזט בּײַ מיר אין די הענד, ווי א פּאָמפּישקע 1).

**וויעטשערע**

די הויפּט סעודה פֿלעגט אַ מאָל בײַ יודען זיין נישט, ווי היינט, דאָס מיטאָג, נאָר דאָס אָווענד־ברויט, די וויעטשערע. ווען איינער זאָגט אליין צו דעם צווייטען אויף מאָרגען, און ער שלעפּט איהם מיום ליום, הייסט עס בּײַ שלום עליכם׳ן: „ער האָדעוועט איהם מיט זאווטראַקלעך״ (מנחם מענדל פּאַפּיערלעך״) דען, „זאַווטראַ״ איז אויף רוסיש „מאָרגען״ און „זאַווטראַק״ איז פֿריהשטיק׳

מיר וועלען דאָ בּרענגען איינינע רעדענסארטען פֿון וויעטשערע.

אויף אַ אָרימאַן זאָגט מען: „ער שטאַרבּט דרײַ מאָל אַ טאָג פֿאַר הונגער חוץ וויעטשערע״ 2).

מען שווערט ליצנות׳דיג: „זאָל מיך אזוי וויסען א בּייזע וויעטשערע״ 3). נישט גענוג קלאָר איז מיר, וואָס מען זאָגט: „פֿון אַ קריוודע קאָכט מען וויעטשערע״ 4)

עס איז מיר אַ חידוש, וואָס א. בּערנשטיין בּרענגט, אז ס׳איז אַ אַלגעמיינער פֿאָלקס־גלויבען, דאָס „אז מען בּעגעגענט אַ גלח, האָט מען אַ גוטע וויעטשערע״, פֿון עטליכע ערטער בּײַ שלום עליכם׳ן ,ווייזט אָבּער אויס, דאָס בּעגעגענען אגלח איז א שלעכטער סימן 5).

דאָס איז מיר גענוי בּעקאַנט, דאָס בּײַ די פּאָלאַקען, בּעזונדערס בּײַ די שיקסעס, הערשט איבּעראַל דער גלויבּען ,אז בּעגעגענען אַ יודישען רב ,בּעזונדערס אין דער פֿריה, איז אַ סימן אויף הצלחה, און די מהדרים בּעמיהען זיך נאָך איהם אָנצורירען, און ווען מעגליך נאָך אָנצורייבּען זיך אין איהם דורכגעהענדיג.

---

1) „דאָס משלחת״ ז. 14

2) שלום עליכם ב. VII ז, 11 ב. XIII ז, 59 בּײַ דיניעצקי „דאָס משלחת״ ז, 78: „שטאַרבּט ניין מאָל א טאָג חוץ וועטשערע.״

3) דאָרט ב. I ז, 65, ז, 184. ב. II ז, 29. ב. X ז, 158. ב. XI ז, 31 ב. XIII ז, 113

4) שלום עליכם „מנחם־מענדל״=„מיליאָנען״. אויך ב. I ז, 75.

5) זעה ״לכּבוד יום־טוב״ ז, 227 אבּלאַכען פֿון א גוט אויג, פֿון א חלום, פֿון בּעגעגנען א גלח און פֿון ליידיגע עמער״. דאָס אַליין זענען בּייזע סימנים. זעה אויך ב. I „חוה״ ז, 7, אז בּעגעגנען א פּאָפּ איז א שלעכטער סימן. דעם זעלבּען גלויבּען האָבּען אויך די רוסען.

III

# משקאות אין דער שפראך

**משקה** — אַז מען ענדיגט אַ געשעפט, מוז מען עס „בענעצען" און „בעשפריצען מיט משקה" 1), ד. ה. נעמען אַ גלעזעל, „אַ טרונק" 2), „נעמען אַ קאַפּ" 3), „אַ טשאָקע טהוען" 4), „שאַשען „אריין האַקען אַ גאַלקע" הייסט אויך אויף יודיש—אריינבראָקען אַ ליגען, וואָס לא היה ולא נבראָ 5). פון בראָנפען איז אמאָל געווען, גערוהמט „אָלעם-פיקאָווע בראָנפען" (?) 6).

**ביער** — ביער איז ווידער געוועזען גערוהמט „מאַרצאָווע ביער" 7). פארצייטיגע פאַצעטען פלעגען זיך צוואָגען די פאָה'לעך מיט ביער 8).

אַ אַרענדאַר, פערצעהלט מען, איז אַ מאָל געקומען צו אַ רב, פרעגען אַ שאלה, בכן ער האָט זיך אַליין פון אייגענע גערשטען געמאכט אַ פעסעל ביער, צו מעג ער עס נוצען אין פסח. אַז דער רב

---

1) מענדעלע מוכר ספרים ב. VIII ז. 257

2) א. בערנשטיין: „די מלאָכה האָט ליב אַ טרונק". מענדעלע מו"ס ב.VII ז. 6. ב. VI ז. 29

3) פרץ ב. II ז. 154

4) מענדעלע מו"ס ב. V ז. 67. שטראקטייטשט, אז „טשאָקען" הייסט דאָס צוזאַמענקלאַפען די גלעזער פאַ־'ן טרונקען

5) שלום עליכם „מבול" ז. 121

6) אקסענפעלד, „דער ערשטער רעקרוט" ז. ז. 26, 42,

7) אַקסענפעלד, „דאָס שטערנטיכל" ז. 59. זעה ביי א. בערנשטיין: „ראש הזיש איר, טרינקט מען דאָס בעסטע ביער", ד. ה. דאָס מאַרצאָווע ביער,

8) אקסענפעלד, דאָרט, ז. 7: „געקרייזעלטע פאות תמיד האַרט פונ'ם צוואָגען מיט ביער".

זאָגט, אַז ניין, שטעלט זיך דער אַרענדאַר אַ וועק שפּאַרען, ווי הייסט רבי, איך האָב עס אַליין ספּעציעל לשם פּסח, פון איינענע ספּעציעל— אָבגעהיטענע געדשטען געמאַכט יום—טוב׳דיג, ווי, אַזוי־זשע קאָן עס זיין פּלוצים חמצ׳דיק?

דער רב זעהט, דאָס ער וועט איהם נישט גובר זיין, נעהמט ער אַרוים אַסידור און ווייזט איהם אַ בפירושען פּסוק: „אשר קדשנו במצוותיו וצונו על ביעור חמץ״.

ווײַן — פון וויין האָבען מיר נאָר איינינע שפּריכווערטער בײַ א. בערנשטיין. קיין בעזונדערס גרויסע ווײַן טרינקערס האָבען יודען אַ גאַנץ יאָהר, אויסער פּסח, נישט געמוזט זיין, ווען איינער וויל יענעם מבטיח זיין, דאָס ער וועט וואָס ער רעדט, זאָגט ער: „גלויב מיר אַז כ׳האָב קיין וויין, ,נישט געטרונקען״ ד. ה. כ׳בין נישט שכור 1).

צו די מוז — זאָכען האָבען געהערט בײַ יודען: „וויין אויף פּסח, מעהל אויף שבועות״, „מצות און וויין מוז זיין, שמאַלץ און אייער ניט זייער״ (אויף פּסח). „אַ איבריג גלעזעל וויין, מאַכט שמערץ און פּיין״ „דער רבי טרונקט אליין אוים דעם ווײַן, און הייסט דערנאָך די אַנדערע זאָלען פריילּיך זיין״, דאָס זענען בעניי אַלע שפּריכווערטער, וואָס מיר האָבען איבער וויין.

בראָנפּען — אַ ביסעל מעהר איז שוין דאָ בײַ בערנשטיינען איבער בראָנפען, די אינטערעסאַנטסטע זענען: „אַ טרונק בראָנפען וואַרעמט אין ווינטער און קיהלט אום זומער״. „בראָנפּען איז אַ שלעכטער שליח: מען שיקט איהם אין בויך, קריכט ער אין קאָפּ אַריין״. „פאַר אַ שכור איז ניטאָ קיין שלעכטער בראָנפּען״.

„אַ גוטער יריד איז ווערטה אַ טרונק בראָנפען—נאָך אַ שלעכטען יריד מוז מען טהון אַ טרונק בראָנפען״ (סיי ווי סיי, טהוט מען אַ טרונק בראָנפען).

„רבונו של עולם! איך בעט דיך נאָר לחם לאכול ובגד ללבוש״— אַ טרונק בראָנפען וועל איך מיר שוין אליין קויפען״.

מענדעלע מוכר ספרים דערצעהלט אונז 2), דאָס גדליה—הערש, ווען ער פלעגט זיך אַ מאָל אנשיכור׳ן, פלעגט ער זיך דערנאָך פאַר־ענטפערען „ווי געיועהנטליך אַ געוויסער טייל שכורים: ער איז נישט

---

1) פערגלייך מיט א. בערנשטיין „ רעדען״ 10: „מען רעדט פון פיין פינקט, ווי פון וויין״ ד. ה. נישט צו דער זאַך

2). ב. ז. VII ז. 6

שילדיג, דאָס אומגליק איז געשעהן, נאָר ווייל ער האָט גענומען די כּוסה פון דער לינקער האנד".

ביי אַקסענפעלדען פאַרענטפערט זיך א שכּור, דאָס שולדיג איז די שענקארקע: „זי האָט מיר גיגעבען פון הער האַנד דעם טרינק בראָמפין 1).

איפּך לשון פונ'ם המון הייסט אַ „כּוסה מאַלען"— „קערען" (זעה אויך אינ'ם „כּלי-זמר-לשון" פון נח פרילוצקי, „רשמות", אודיסה תרע"ח, ז, 289).

חסידים זאָגען דערום אַ ווערטעל: אַ יוד מוז תמיד תשובה טהון ד. ה. ער מוז תמיד „ווידער „קערען". (וואָרטשפּיעל פון „קעהרען" מיט „קערען"—אַ כּוסה— מאַלען).

**לאַקריץ** ווען איינער רעדט שוין צו זיסע ריידעלעך, זאָגט מען: „ס'האָט אַ טעם ווי לאַקריץ". ווען איינער מישט אוים איינם מיט'ן צעהנטען, רעדט פוסטע מעשות, זאָגט מען: „באַבּסקע מעשות, פוסטע מילען, באָצרעס, פידרויך מיט לאַקריצע" 2), „גראָם שטראָם קובּעבּע—לאַקריצע" 3).

---

1) „דער ערשטער יודישער רעקרוט" ז. 11, אויך ז. 12: „אַז זי האָט מיר גיגעבין פון דער האַנד ,האָט זעך מיר דער קאָפּ פאַרדרעהט"

2) שלום עליכם ב. XIII ז. 42. זעה אויך שלום עליכם ב. I ז. 74: „ער פרעגט איהם פידרויך ,ער ענטפערט איהם בוידעם" ,און ב. III „דאָס נייע כּתרילעווקע" ז, 45' „עפּעס רעדט איהר ווי פּדרוק, תּרגום—לשון".

3) מ ענדעלי מו"ס ב. 1 „ספר הגלגולים" ז. 6.

## ש

## די שבת׳דיגע מאכלים אין דער שפראך.

**חלה.** מען וואשט זיך כידוע איף צוויי גאנצע חלות. דערפון זענען גענומען די צוויי שערצהאפטע ווערטלעך: „איבער א אנגעהויבע־נער חלה, איז ניט גוט המוציא צו מאכען", און „מען טאר ניט עסען די חלה פאר דער המוציא" 1). ווען מען פערדיענט ביי א געשעפט גאנץ ווייניג, זאגט מען: „געהאט דערפון וואסער אויף חלה" 2), ווען די הוצאות ביי א געשעפט שלינגען איין דעם רוח, זאגט מען: „די גאנצע חלה געהט אוועק אויף א מוציא"3), דען דער שטייגער איז דאס דער פא־טער וואשט זיך, הויבט אן די חלה און טיילט פונאנדער יעדען א־המוציא 4), ווען ס׳איז דא א שפארע פאמיליע, קאן מען די גאנצע חלה אזוי פונאנדערטיילען בלויז אויף דער „המוציא".

ווען צו א געשעפט זענען דא צופיל שותפים אזוי, דאס דער ריוח וועט נישט קלעקין פאר אלע שותפים און אויף די הוצאות, הייסט עס. „די חלה וועט נישט קלעקען אויף דער המוציא" 5)

---

1) זעה ביי א. בערנשטיין.

2) שלום עליכם ב. IIV ז. 222

3) א. בערנשטיין, ביי שלום עליכם׳ן „דער מבול" ז. 106: „קלעקען, ווי מען זאגט, די חלה אויף המוציא".

4) דאס איז כדי ער זאל זיי יעדען מוציא זיין מיט דעם חוב פון „לחם משנה".

5) מענדעלע מו"ס ב. VI ז. 38. שלום עליכם ב. XIII ז. 103: „וואלט נישט געקלעקט די חלה אויף דער המוציא"

**לעקאך**

צוזאָגען עמיצען אַ לאַקאָמע זאַך, הייסט: „צוזאָגען עפּעס אַ לעקעכעל״ 1), דען לעקאַך איז געוועזען זעהר אַ געליבטע זאַך, און מען זאָגט: „ליב, ווי צוקער—לעקעך״ 2). „גיב מיר לעקאַך אין רוף מיך נאַר״ 3), „דער בעסטער לעקאַך איז דער, וואָס גאָט האָט געגעבען ״4).

**לאָקשען**

לאָקשען זענען געווען ,ווי שוין איינמאָל געזאָגט ,פון די ליעבסטע מאכלים:

אַ איינגערעדטען יחסן רופט מען: „צימעס, לאָקש, קאַפּהאָן-דאָס, שענע-ריינע—מורינו״ 5), די לאָקשען האָט מען געגעסען פרייטאָג צו נאַכטס נאָך די פיש 6).

אויף ליצנות זאָגט מען: „דער קייסער עסט גאָלדענע לאָקשען מיט זילבערנע יוך״ 7)

שמיץ מיט אַ קיינטשיק הייסען אויך לאָקשען 8), דען די רימען—פּאַסעקלעך זענען דאָך ווי לאָקשען 9).

אַ שוטה אַשלים-מזל רופט זיך אויך „לאָקש״ 10), בעזונדערס ווען ר'איז הויכגעוויקסיג. ווען איינער רעדט שלעכט לשון-הקודש, זאָגט מען מיט

---

1) שלום עליכם ב. XIII ז. 182.

2) דאָרט, „לכבוד יום טוב״ ז. 285. געווען איז אָבער אויך קאָרענער „האָניג— לעקאן״.

3) א. בערנשטיין. דען פידוע האָבען נאראָנים ליב זיס,

4) דאָרט. אַ וואָרטשפּיעל „לעקאַך״ און—„לקחטוב נתתי לכם״.

5) מענדעלע מו״ס ב. II ז. 88. צי וואָס ער ליינט צו די זילבע „דאָס״ צום וואָרט קאַפּהאָן—וויים איך נישט.

6) „מען טאָר ניט כאַפּען די לאָקשען פאַר די פיש״ שלום עליכם ב. I ז. 83

7) מען זאָגט אויך: אַ ארימאַן טהוט איבער אַ העמד איינמאָל אין חודש, אַ בעל-הבית —איין מאָל אין וואָך, אַ גביר—אַלע טאָג, ראָטשילד—אַלע שעה און דער קייסער—האַלט אין איין אָנטהון און אויסטהון די העמדער.

8) שלום אַש. „מאָטיווען״ ז. 120: „די לאָקשען (קלעפּ, שמיץ) וואָס מען טיילט דרינען״.

9) ליניעצקי „דאָס פּוילעשע יונגעל״ ז. 37: „צושניטען דעם סידור אויף לאָקשען״

10) זעה מענדעלע מו״ס ב. V ז. 66. „דער דראזנער רב הייסט אויך „ר׳ יוסף לאָקש״. בעזונדערס רופט מען אַזוי אַ הויכגעוויקסיגען און לאַנגען פאַרשוין.

ליצנות: „ער רעדט לאָקשען-קוילעטש" 1). ווען איינער קוקט יענעם אין מויל אריין און גלויבט נאַריש אין אלע זיינע רעד, זאָגט מען: „ער מיינט ס'איז תורת—לאָקש" 2), „תורת—לאָקשען" 3), (פּאַראָדיע אויף: תורת-משה"), ז. ווען איינער גלויבט אין כל המיני—נאַרישקייטען, הייסט עס: „ער גלויבט אין לאָקש כוירנס" 4). מען זאָגט אויך: „טענו חטים, והודה לו בלאָקשען" 5).

אַ גוטע בעל הבית'טע רוהמט מען: „פון גאָרנישט מאַכט זי לאָקשען, פון פינגער קאָכט זי זאַטירקעס (?)" 6)

ווען איינעם איז שווער אָנגעקומען אַ זאַך צו פערשטעהן, און ענדליך פערשטעהט ער שוין, זאָגט מען צו איהם מיט קאַטאָוועס, „אָט אזוי, קאָכט מען די לאָקשען מיט שטרוי" 7).

איינער האָט אַ מאָל געגעסען אין אַ רעסטאראן, האָט מען איהם געגעבען אַגרויסען טעלער יוך און אַ פּאָר לאָקשען אינגאַנצען, ער הויבט זיך אָן אויסטהון. אַז דער בעל הבית פרעגט, וואָס איז די מעשה? זאָגט ער: „דערטרונקען זאָל איך ווערען, און אַ לאָקש מוז איך כאַפּען!"

**פּערפּעל**

אויך איבער פערפּעל איז דאָ אַ ביסעל רעדענסארטען: „ווי מען בראָקט זיך איין די פּערפּעל, אַזוי עסט מען זיי" 8). „ווער ס'האָט זיך געבריהט מיט הייסע פּארפיל, בלאָזט שוין אויך אויף קאַלטע פאַרפיל" 9), „ער שלינגט יעדעס וואָרט, ווי הייסע פאַרפעל" 10) מיט קאַטאָוועס זאָגט מען אויף „פאַרפאַלען"—„ס'איז פערפעל" 11) ביי דינעזאָנען זאָגט מען אויף אַ זאַך, פון וועלכער מען קען שוין קיין נוצען נישט האָבען: „דאָס איז קאַלטע פאַרפיל" 12)

---

1) שלום—עליכם ב. XIII ז. 11

2) דאָרט ב. X ז. 250

3) דאָרט ז. 280, מענדעלע מו"ס ב. IV ז. 29

4) מענדעלע מו"ס ב. IV ז. 52. זעה לינעצקי, „דאָס פּוילישע יונגעל" ז. 42: „וואָס קער זיך אָן לאָקש מיט בוידעם ?" אויף צוויי זאַכען. וואָס אייגם קומט נישט צום צוויישען.

5) א. בערנשטיין.

8) א. בערנשטיין „איינבראָקען"

9) א. מ. דיק „נטע גנב" ז. 66

10) מענדעלע מו"ס ב. XVI ז. 29

11) שלום אש „מאָטיווען": „אז דער גבאי הייסט נישט, איז פּערפעל ברודער, „פּערפעל". און ז. 131: „ער איז געווען זיכער, אַז ס'איז „פּערפּעל"

12) דינעזאָהן „הנאהבים והנעימים" ב. II ז. 55

**קוילען**

„די קוילעסט מיך אָהן אַ מעסער" 1) „זי איז נישט צו פרידען, גלייך מען וואָלט זי דאָ געקוילעט" 2), „ער געהט אַרום ווי אַ נגזל, ווי אַ געקוילעטער האָהן" 3), „אומגליקליכע געקוילעטע נ. נשען" 4), „די הוצאות האָבען איהם אַוועק געקוילעט" 5), „כאָטש קוילעט מיך פאַר אַ גראָשען, פערמאָג איך נישט" 6)

**בשר ודגים**

איבער די ספעציפיש שבת'דיגע „בשר ודגים" וועט אונז דאָ אויסקומען ווייניג וואָס צו רעדען. דען דער אייגענטליכער אָרט צו רעדען איבער כל המיני פיש און עופות וועט זיין אין אונזער אַרבייט איבער „בעלי—חיים אין דער יודישער שפּראך".

דאָ וועלען מיר נאָר געבען איינינע רעדענסאַרטען און ציטאַטען וואָס געהערען צום עסען דירעקט.

„זיי האָבען זיך צוראַמט ווי די אינדיקעס אום ערב פסח" 7). „ער בלאָזט פון זיך ווי א הינדיק ערב פסח" 8). „אויף'ן ביין זענען זיי אַסך שענער געראָטען 9), פון מיינע פסח'דיקע אינדיקעס 10).

גוען די אינדיקעס זענען אויפגעקומען אין אונזערע לענדער, איז געוועזען אַ גרויסע מחלוקה צווישען די רבנים, דען אַסך רבנים האָבען זיי געאַסר'ט, און געזאָגט דאָס מען טאָר זיי נישט עסען, דען זיי זאָלען זיין אַמין עוף טמא.

מען דערצעהלט דאָס איין רב, וואָס האָט כל ימיו געשריגען דאָס אינדיגעס זענען טריפה, האָט פאַר'ן טויט זיך געהייסען געבען אַ ביסעל יויך פון אַ אינדיק.

אַלס די אַרומיגע האָבען זיך נעוואינדערט, האָט ער זיי ערקלערט: אַז איך וועל קומען אויף יענע וועלט, וועלען קומען פאַרשידענע

---

1) דינעזאָהן „הערשעלע" ז, 137' שלום עליכם ב. XII ז. 192 ב. VIII ז. 35

2) מענדעלע מו"ס ב. VIII ז. 237

3) שלום עליכם ב. I ז. 76, עס טרעפט גאַנץ אָפט דאָס א עוף לעבט נאָך אַ לענגערע צייט נאָך דער שחיטה און געהט אַרום.

4) דאָרט ז, 77

5) פרץ ב. II ז. 93

6) ספּעקטאָר „עניים ואביונים" ז. 285

7) מאני דלוגאטש, „דער עולם—התוהו'ניק" ז. 71,

8) י. ב. לעווינזאָהן „די הפקר וועלט" (וואַרשאַ תרס"ב) ז. 36

9) ד. ה. זיי זענען פיעל דיקער

10) ליניעצקי „דאָס משלחת" ז. 64,

מענשען מיט טענות צו מיר דאָס איך האָב זיי בײַ די דין תורות אויסגעבּרענגט געלד אפשר שלא כּדין. נאָר מילא מיט מענשען איז פֿערפֿאַלען, ווי ס'איז וועל איך מיט זיי אַדורך קומען, אַז דער אינדיק זאָל אָבּער קומען שרייען, דאָס איך האָב איהם שלא כּדין געאַסר'ט וועט זײַן שלעכט, מיט אַלע וויל איך האָבּען צו טהוען—נאָר נישט מיט אַ נאַר.

אַנדערע דערצעהלען עהנליכעס, פֿון אַ רב ,וואָס איז געוועזען אַ גרויסער מקיל און אַלע שאלות זענען בײַ איהם געוועזען כּשר. ער האָט ערקלערט: אַז דער ט"ז מיט'ן ש"ך וועלען צו מיר האָבּען טענות איף יענער וועלט—אַרט מיך נישט. אָבּער טאָמער מאַך איך דעם אָקס טריפֿה שלא כּדין, מיט אַ אָקס—וויל איך נישט האָבּען צו טהוען.

מיט קאַטאָוועס רופֿט מען אַ צולאָזענעם מענשען אַ הולטײַ: „אַהינער־פּרעסער" 1). דאָס וואָרט „הינער" איז דאָ איבּערגעדרעהט פֿון אַ נישט אַנשטענדיג וואָרט.

„אַז אַ אָרעם־מאַן עסט אַהינדל, איז ער קראַנק—אָדער די הינדל איז קראַנק" 2). ווען עסט אַ סטרוזש אַ אינדיק?—ווען דער אינדיק איז טריפֿה", אַזוי זאָגט מען, ווען, למשל, אַ צולאָזענער מיוחס'דיגער בּחור מוז טהוען אַ שדוך נישט לויט'ן כּבוד פֿון זײַן משפּחה א. ד. ג.

**שמאלץ.**

„אַ שמאַלץ־גרוב", הייסט אַ גוט געשעפֿט, בּעזונדערס רופֿט מען אַזוי אַ גוטען געלד שדוך 3). מען זאָגט אָבּער, אַז דער סוף פֿון די וואָס זענען לאַקאָמע אויף אַ שמאלץ—גרוב איז בּיטער, דען „די שמאַלץ רינט אויס און די גרוב בּלײַבּט" 4).

גרויסער יחוס, הייסט: „סאַמע שמאַלץ!"

דער מענש „שמעלצט זיך" פֿון גרויס פֿערגעניגען 5). פֿון נחת 6), פֿון גלעכטער 7), פֿון תענוג 8), פֿון פֿרייד 9), א. ד. ג. מען שמעלצט

1) שלום עליכם ב. XII ז. 108; פּרץ ב. II ז. 240; „דער היהגער פּרעסער, דער כּל—בּויניק"

2) א. בּערנשטיין

3) מאָטיל דעם חזנ'ס" ז. 57: „ער האָט זיך אַרײַנגעכאַפּט אין אַ שמאַלץ גרוב". מנחם—מענדעל, „עס פֿירעט נישט": „רוצה שמאַלץ גרוב"

4) „מאָטיל דעם חזנ'ס" ז. ז. 62, 184

5) „סטעמפּעניו" ז. 118

6) פּ. ץ, „פֿאָלקסט. געשיכטען" ז. 149

7) שלום עליכם ב. XII ז. ז. 66, 179

8) דאָרט ב. III ז. 22, מענדעלע מו"ס ב. I „אַלטע מעשה„ ז. 12. ב. IX „אַגרויע האָר" ז. 15.

9) דאָרט ז. 19

זיך און מען צונעהט ,ווי וואַקס 1), מען שמעלצט זיך אין פּוטער 2), מען ווערט אויך צעשמאָלצען ווײנענדיג 3), פון הייסע ברענענדיגע געפיהלען 4) און ווען איינער רעדט עפּיס קאָן מען איהם צושמעלצען, צוהעלפען, מיט רייד, מען קאָן אויך צו דער ווירקליכקײט צושמעלצן אַביסעל פון דער אײגענער פאַנטאַנזיע 5).

פאַרהאַן פּעטע עליות 6), און אויך „אַ פעטער בר מינן" 7). און „פּעטע מתים׳לעך" בײ וועלכע די חברה קדושה קאָן אָבלעקען אַ פּעט בײנדעל" 8).

לעבערלעך — אַז מ׳וויל זאָגען אויף איינעם דאָס יעצט וועט ער שוין קענען ס׳לעבען און וויסען „ווי טייער ס׳קאָרן גילט," זאָגט מען: „ער איז שוין געוואָר געוואָרען, ווי טײער לעבערלעך" 9)

ווען מ׳מישט אוים צוויי זאַכען׳ זאָגט מען: „אויסגעמישט קאַשע מיט באָרשט ,מיט לעבערלעך און מיט נעכטיגע טעג" 10).

מעגעלייך — מעגעלעך זענען אויך געוועזען פון די גאָר לאַקאָמע מאכלים, ווילענדיג זאָגען, אַז דער, וואָס טויג זיך, דערגרייכט כל טוב. זאָגט מען: „ווער עס טויג זיך, עסט מעגעלעך".

יויך — „אַ יויך", „אַ ייִכ׳ל" 11) אויף דעם האָט זיך נאָר אַ נגיד געקאָנט ערלויבען, אַזוי זאָגט דאָס שפּריכוואָרט: „דעם אָרעם-מאַן קאָסט זיין קאָליש טייערער, ווי דעם נגיד זיין יויך" 12), בעזונדערס קאָכט מען „ייִכלעך" פאַר קראַנקע, דען מען זאָגט: „חריין איז גוט פאַר די ציין, יויך איז גוט פאַר׳ן בויך" 13). אַ יויך האָט מען ליעב אַ פּעטע,

ז

1) שלום עליכם ב. XI, ז,299 מענדעלע מו"ס ב. VI ז. 102
2) „זיך געשמאָלצען אין פּוטער—נחת געהאַט", פּרץ, „פאַרשאָלטענער ברונעם"ז. 49
3 מענדעלע מו"ס ב. VI ז. 122
4) דאָרט ב.II ז. 59
5) שלום עליכם „לכבוד יום טוב" ז, 217
6) שלום עליכם. „לכבוד יום טוב" ז. 217
7) מענדעלע מו"ס ב. VI ז. 81
8) ליניעצקי „דאָס פּוילישע יונגעל" ז. 25
9) שלום עליכם „יאָסעלע סאָלאָוויי" ז, 107
10) דאָרט „לכבוד יום טוב" ז. 255
11) א ספּעציפיש יודישער אויסדרוק. שלום עליכם ב. VII ז. 20 עלי קצין הצחקיאולי „דער וועלט לוח" ז. 15
12) א. בערנשטיין. אַ וואַריאַנט: „ווי דעם נגיד זײַן געבראָטענס".
13) א. בערנשטײַן. חריין" 2.

ווען איינער טהוט דעם צווייטען כלומר'שט אטובה, וואָס יענער א
מיט איהר נישט איבעריג געהאָלפען, זאָגט יענער: „דאָס וועט מיר נאָך ניש
פעט מאַכען די יויך" 1).

מען דערצעהלט אַ אַנעקדאָט. אַפּאַטער מיט אַ זוהן האָבען געגעסע
אין אַ רעסטאָראַן; גיט מען זיי טעלערס מיט זעהר פעטע זופּ, וועלכ
האָט קיין „אויגען" נישט געהאַט, נאָר אינגאַנצען געוועזען בעדעקט מיט פעטס

פון אזאַ זופּ געהט כידוע נישט ארויס קיין פּאַרע, דען דאָ
פּעטס לאָזט זי נישט אַרויס.

די פּאַרשוינען האָבען געמיינט, אַז די זופּ איז קאַלט און זיי נעמ
זיך זופּען. דער ערשטער גיט אַ זופּ דער זוהן, ער בריהט זיך גיט אָ
ס'מויל, די טרעהרען רינען אזש פון די אויגען, ער מאַכט זיך אָבעו
גאָר נישט וויסען,

„וואָס רינען דיר עפּעס טרעהערן?" פרעגט דער פאָטער,—וויי
כ'האָב מיך דערמאָנט דאָס די מאַמע איז מיר געשטאָרבען", ענטפערט דער זוה

דער פאָטער גיט אַ זופּ ער בריהט זיך אויך, און אויך ביי איה
הויבען אָן טרעהרען רינען פון די אויגען,

„וואָס וויינסטו דו, טאַטאַ?" פרעגט דער זוהן.—„ווייל די מאַמ
האָט דיך נישט מיט זיך מיטגענומען," ענטפערט דער פאָטער,

בײ אַגעשעפט לעקען די מעקלערס א. ד. ג. א

א ···· דעל.

אַ ביינדעל 2).

וועגען די וואָס האָבען ליעב „אָבלעקען אַ ביינדעל" אָ ער-
„אַ פעט ביינדעל" 3), רעדט מען מיט פּעראַכטונג.

אינגאַנצען איז דאָס גענומען פון הינט, וואָס פון דער רייכע
זאַטער בעל-הבתי שער סעודה, בלייבט זיי נאָר איבער אָבצולעקען
ביינדעל 4). דען תמיד האַלט דער יוד, דאָס מען מוז „וואַרפען דע

1) שלום עליכם ב. III „דאָס נייע כתריליווקע" ז. 8
2) מענדעלע מו"ס ב. V ז. 67; ב. XI ז. 151: „ברחנים,
שדכנים לעקען אָב ביים געשעפט אַ ביינדל".
3) שלום עליכם „לכבוד יום טוב" ז. 148. „יאָסעלע סאָלאוויי" ז.
94. ב. XI ז. 276: „דאָ דאַרף מען אָבלעקען אַ ביינדעל", ד, ה, מען
מוז זעהען דאָ עפּיס צו פּערדינען; מענדעלע מו"ם ב. XI ז. 36: „דער שענער
יוד, וואָס האָט אויך א קוק אויף עפּיס א התמנות און וויל אָבלעקען א ביין".
4) מענדעלע מו"ס ב. I „ספר הבהמות" ז. 39 שרייבט: „סטייטש,
הינט, וואָס לעקן אָב אַ ביינדעל, כאַפּען שריים פון יודישע פּאָמייניצעס,
הינט, וואָס יורען פערשטאָפּען זיין תמיד, דאָס מויל מיט אַ שטיקעל ברויט..."

נד אַ בײַנדעל ר׳ זאָל נישט בילען״ 1), און מען ברויך דעריבער
ען, „וועמען אונטער וואַרפן אַ ביין און וועמען אַ ביינדעל״ 2),
פערהאַן אָבער אויך „אַ אָנשיקעניש. אַ איבערבײַנדעל״ 3).
איך „אַ מעשה מיט אַ ביינדעל״ 4). „אַ בײַנדעל, וואָס
ט אהין ניט אַהער״ 5). „אַ רעכט ביינדעל נישט איינ-
לינגען און ניט אויסצושפּייען, נישט אהער, נישט אַהין״ 6), „מיט אַ
ביינדעל קאָן מען זיך דערוואַרגען״ 7).

שפּריכווערטער זענען דאָ: „עס ניט קיין ביינער, וועלען דיר ניט
טהון די ציינער״ 8), „אַז ס׳איז ניטאָ קיין פלייש, גריזעט מען
ר״ 9)

ל ווילענדיג זאָגען אויף איינעם א חצי זשידעק, דאָס מען דערקענט
— איהם גלייך אין פּנים, אַז ר׳איז אַיוד, זאָגט מען: „דער קוגעל,
איהם אויפ׳ן פּנים״ 10), דען דער קוגעל איז אַ ארצי—יודישער
, און „שבת אָהן אַקוגעל, איז ווי אַפויגעל אהן פליגעל״ 11). און „אַז אַ
קאָן קיין קוגעל ניט מאַכען, קומט איהר אַ גט״ 12). „מיט אַ יוד
אָר גוט קוגעל עסען״, אַזוי איז אַ אַלטער כלל 13). ווען מען
ואָגען איינעם, אַז דאָס וואָס ער זאָגט וועט קיינמאָל נישט פאָרקומען
מען: „יאָ, מאָרגען נאָך דעם קוגעל!״ 14)
ביי א. מ, דיק רופט מען אַ ישיבה בחור: „אַ קוגעל-פרעסער״ 15),

---

1) שלום אַש, „מאָטיווען״ ז. 71
2) מ. ספעקטאָר. ב. II ז. 7
3) מענדעלע מו״ס ב VI ז. 90
4) שלום עליכם ב. I ז. 72
5) דארט, ז. 73 ב. XII ז. 17: „שטעהט ווי אַ ביין אין האַלז״.
6) דאָרט. ז. 75
7) דאָרט ז. 73
8) א. בערנשטיין
9) דאָרט.
10) דאָרט,
11 דאָרט.
12) דאָרט. ווערט געזאָגט זעלבסט פערשטענדליך נאָר אויף ליצנות,
13) שלום עליכם, ב. VIII ז. 203 ב. XII ז. 182, ביי בערנשטיי-
נען איז דא נאָך אַ הוספה: „נאָר ניט פון איין טעלער״.
14) ביי אברהם טענדלױ נומער 66, ביי מענדעלע מוכר ספרים:
„מאָרגען נאָך דער קאַלטער קוגעל״ (ב. X ז. 62)
15) „דער פארטעפיאַניסט״ ז, 39

צימעס — מאַכען אַזאַך חשוב און גרויס, הייסט: „מאַכען דער פ
א צימעס" 1), און אַזוי אַרום איז פארה;ן אַ מענש, וואָ
„אַ קבצן איז ביי איהם אַנאַנצער צימעס" 2),
שערצהאַפט זאָגט מען: „אַ מויד, ווי אַ צימעס!" 3).
אַ גרויסער יחסן איז „סאַמע צימעס" 4), „ער וואַקסט „פ
רעכטען צימעס" 5).
אַ יחסן הייסט: „צימעס" „לאָקש", „קאַפּהאָן" 6), „ער איז פונ'
צימעס, פון דער גילדענער פאָהן" 7). ווען ס'פּנים איז רויט רערשוויצ
הייסט עס, „ס'איז אויסגעפריעט ווי אַ צימעס" 8).
די נעבען ביי זאַכען, רופט מען: „די אַלע צימעסלע
צום ספור המעשה" 9),

„שלש סעודות" — שלש סעודות פלעגען חסידים און בעזונדערס ז
רבי"ם זייערע פראַוועןן מיט גרויס פּאַראַד 10). ווען איינע
מאַכט פון אַ זאַך אַ גאַנצען צימעס, זאָגט מען „ער מאַכט דערפ
אַ גאַנצען שלש סעודות!"
עס איז אָבער דאָ אַ רעדענסאַרט: אַ „פּראָסטער שלש סעודור
אויף אַ פראָסטען מענש, פּראָסטע זאַך א. ד. ג. 11)
ביי שלש סעודות פלעגט מען טרונקען און ווערען אַ ביסע

---

1) מענדעלע מו"ס ב. IV ז. 96, ב. I "ספר הבהמות" ז. .
„מאַכען אויס זיין יחוס, זיין זכות אבות אַ גאַנצן צימעס", שלום עליכם ב.
ז, 77: „אַ גאַנצען צימעס מאַכען דערפון".

2) שלום עליכם ב. VII ז. 80

3) דאָרט. „לכבוד יום טוב" ז. 147, א. בערנשטיין „בחור"

4) מענדעלע מ"וס „אַסגולה צו צרות" ז. 14, ב, IX ז. 76: „'
איז פונ'ם צימעס—הויל'ע יחוס",

5) מענדעלע מו"ס ב. VII ז. 190., ב. I ז. 11: „צוויש
רעכטען צימעס".

6) דאָרט ב. II ז, 88

7) דאָרט ב. X ז, 26

8) דאָרט ב. IV ז, 119. ב. VI ז. 41 , ב. VII ג 66

9) דאָרט ב. II ז. XXV

10) זעה ליגעצקי „דאָס פּוילישע יינגעל" ז. 116: „נו איז געקומ
די צייט איך זאָל אָנהייבען פּראַוועןן גוט יודישקייט מיט שלש סעודות'ן מ
גבאים מיט חסידים"

11) שלום עליכם. „דאָס נייע כתריליווקע" ז. 49. ב. VIII ז, 23
אַקסענפעלד, „דאָס שטערינטיכל" ז. 91

מבושם, און זינגען דערבײַ דעם „בני היכלא", פֿון וואַנען ס'איז אַרויסגענומען געוואָרען דאָס וואָרטעל „בגילופֿין" צו באַצייכענען אַ אויפֿגערוימטען צושטאַנד 3);

אין אַביכעל „דער קאַטאָק" (ווילנא 1913) פֿון ש. ב. זאָגט מען: „ער מאַכט דערפֿון אַ דריטע געריכט" 4), ד. ה. ער האַלט נישט דער פֿון, מאַכט דערפֿון ליצנות, און איז זיך מבטל. 5).

---

3) שלום עליכם ב. XII ז, 176: „געווען מבוסם, טאַקי בגילופֿין". „מבול" ז. 230 „לעבעדיג בגילופֿין",

4) ז. 12 .זעה אויך ז, 8. ווען דער פֿאָטער רעדט אוים אויף זיין טאָכטער, זאָגט די מוטער צו איהם: „מאַך דו נאָר נישט פֿון איר קיין דריטע געריכט".

## ט

# יום-טוב'דיגע מאכלים אין דער שפראך

**חמצ'דיג און יום טוב'דיג** קנעטענדיג מצות טאָר מען פ'טייג נישט לאָזען ליגען, כדי ס' זאָל נישט חמצ'דיג ווערען.

יעדע זאַך וואָס מען טוט גלייך, נישט אָבלייגענדיג אויף שפּעטער, הייסט עס: „נישט געלאָזט חמצ'דיג ווערען" 1).

ווען איינעם געהט נישט איבריג פֿויגעלדיג, זאָגט מען: „ס'געהט איהם נישט איבריג יום-טוב'דיג".

מ'זאָגט אויך: „ס'איז נישט קיין איבריג יום-טוב'דיגע סחורה".

ווען מ'וויל איינעם זאָגען מיט ליצנות, דאָס מ'וועט איהם גרויס כבוד אָבגעבען, זאָגט מען: „מ'וועט דיך זעצען אויף דער יום-טוב'דיגער פּאָליצע". ווילענדיג זאָגען אויף א סחורה אַז זי איז נישט אַזאַ כּבל, זאָגט מען: „ס'איז ניט אזאַ חמץ ווי דו מיינסט", „געפּטר'ט אַ חמץ פֿון שטוב," זאָגט מען, ווען מ'ווערט פּטור פֿון אַ דינסט אַ גנב, אָדער מ'מאַכט חתונה אַ אַלטע מאָבּער א. ד. ג.

**מצה** „אויף מצות און תּבריכים—מוז זיין" זאָגט ס'שפּריכוואָרט. אויך: „מצית און וויין מוז זיין, שמאַלץ און אייער ניט וייער"2), „מען לויפט, ווי נאָך מצה וואַסער" 3) „מ'כאַפּט עס ווי מצה וואַסער" 4).

---

1) פיניעצקי „דער וועלט לוח" ז. 82. „ראָס משפחת" ז. 68: „איך האָב עס באַלד אויפגעשריבען, כדי עס זאָל ניט חמצ'ריק ווערען".

2) א. בערנשטיין.

3) דאָרט. ער פּערטיישט, ווייל געווענליך לויפען די חסידים אַליין צו ברענגען דאָס מצה—וואַסער. איך קלעהר אָבער, אַז ס'איז מעגליך אַז עס בעציהט זיך צו דער גמרא: „אייתי פולו עלמא חצביהו"...

4) מענדעלע מו"ס ב. VI ז. 6. שלום עליכם „מבול" ז. 239: „צעכאַפּט ווי מצה וואַסער".

אַז מ׳האָט אַ זעק געראַוועט טריפה׳נע סחורה און עס אויסבאַהאַלטען פאַר׳ן רעוויזאָר, זאָגט מען: „מ׳האָט עס מבער חמץ געווען" 1). גאַנץ אָפט טרעפט אָבער, אַז גנבים זענען אין מיטען יאָהר „בודק חמץ" 2).

ווען איינער פרעגט דעם צווייטען אין פסח וואָס ער מאַכט, זאָגט ער: כ׳בין עפּעס נישט, ווי עס געהער צו זיין, דען ביי יעדען עסען ברעך איך! אַז יענער שרעקט זיך שוין גוט איבער, בערוהיגט ער איהם, דאָס ער ברעכט מצה.

איינער האָט אַ מאָל געטראָפען אַ יונגען מאַן נאָך דער חתונה און ער פרעגט איהם „מצא" או „מוצא"? 3) ענטפערט ער: ס׳איז גאָר „מצה"—אויסגעדאַרט, שוואַרץ און געשטיפּעלט ווי אַ מצה.

איינער האָט געזאָגט דאָס אַ האַלבען פסח האָט ער שוין, ד. ה. קיין ברעקעל „חמץ געפינט זיך שוין נישט אין שטוב, נאָר קיין מצות האָט ער נאָך נישט.

**כרפס** „דאָס מיט דעם, איז פונקט ווי כרפס מיט קיסליצע" 4).

**חרוסת** „עס איז ביי איהם טייערער ווי חרוסת" 5)

**קרעפּלעך.** אַ כאַראַקטעריסטיש פּשט׳עלדיג יודיש שפּריכוואָרט איז דאָ: „יודישע קעפּלעך!—קלאָגען און וויינען, און עסען וויטער קרעפּלעך" 6).

קרעפּלעך האָבען זיך גערעכענט פון די בעסטע יודישע מאכלים. ווילענדיג זאָגען, אַז אַפילו פינ׳ם בעסטען קאָן מען אויך נאָר מיט אַ מאָס גענינען, זאָגט מען: „קרעפּלעך עסען זיך אויך צו" 7). אלס קאַטאָוועסטיגע קללה זאָגט מען: „אי, קרעפּלעך זאָלט איהר עסען"! 8), „טרינקען ווין און עסען קרעפּלעך" דאָס איז דער שפּיץ פון וועלט

1) מענדלע מו"ס ב. VIII ז. 419

2) שלום עליכם, מנחם מענדל—מיליאָנען"

3) ד. ה. צו ס׳איז ביי איהם „מצא אשה מצא טוב". אָדער „מוצא אני את האשה מר ממות". זעה ברכות ח׳.

4) ליניעצקי „דאָס משלחת" ז. 87

5) שלום עליכם ב. VII ז. 80

6) דען זיי קלאָגען און וויינען, וואָס מען שלאָגט זיי, און אַז מען שלאָגט, עסט מען דאָך קרעפּלעך. א. בערנשטיין.

7) מענדעלי מו"ס ב. II ז, 6. שלום עליכם ב. VII ז, 64. ב.XII ז, ז, 162, 259, ב. VIII ז, 51: „קרעפּלעך עסען קאָן אויך נמאס ווערען"

8) מענדעלע מו"ס ב. IX ז, 41

פאַרגעניגענעם אין דער יודישער פאַנטאַזיע. אַזוי זינגען קינדער:

„אבינו מלך—
דאָס האַרץ איז מיר פרעהליך,
פרעהליך וועלען מיר זיין,
טרינקען וועלען מיר וויין,
קרעפּלעך וועלען מיר עסען—
און אונזער ליעבען גאָט
קיינמאָל נישט פערגעסען״, 1).

דאָס קרעפּעל—פלייש ווערט כּידוע גויט צו האַקט, דעריבּער זאָגט מען: „ער מאַכט אוים איהם קרעפּעל פלייש״ 2) ד. ה. ער צעהאַקט איהם אויף קליינע שטיקלעך.

אַ קונץ איז דאָס איינטיילען דאָס קרעפּל פלייש, אַז מ׳זאל פּונקט אויסקומען דערמיט פאַר אַלע צוגעבּרייטע שטיקלעך טייג, מען זאָגט דעריבּער, ווען מ׳קומט מיט אַ זאַך פּונקט אוים: „אוים געקומען ווי מיט קרעפּעל־פלייש״ 3). מען זאָגט אויך: „געטיילט ווי מיט קרעפּעל־פלייש״ 4). מיט פעראַכטונג זאָגט מען אויף „קרעפּלעך״— „קרעפּלעך״: „פינפצעהן הונדערט קרעפּלעך נרן״ 1). „טויזענט „קרעפּלעך״ 5).

* *
*

די רעדענסאַרטען איבּער נעוויקסער, ווי ציבּעלעס, רעטיך, חריין קרויט א. ד. ג. וועלען קומען אין אונזער אָבּהאַנדלונג איבּער „פלאַנצונגען נעוויקסער אין דער יודישער שפּראַך״

---

1) מענדעלי מו״ס ב. XI ז, 181
2) א. בּערנשטיין
3) שלום עליכם „סטעמפּעניו״ ז, 73, מענדעלי מו״ס ב. VII ז, 11 ב. VI ז, 29
4) שלום עליכם „לכּבוד יום טוב״ ז, 285, זעה אויך בּיי א. בּערנשטיין: „דעם גאַנצען קעז לייגט מען נישט אריין אין איין קרעפּעל״ ד. ה. מ׳גאַנצע געלד אין איין מסחר.
5) שלום עליכם, „מנחם מענדעל—„אָדעסער בּירזע״
6) דאָרט. „עס פידעלט נישט״

# אינהאלט *

## ערשטער טייל



## צווייטער טייל



---

*) א גענויער רעגיסטער און לוח־המפתחות וועלען צוגעגעבען ווערען צום לעצטען טייל פונ'ם ווערק

## II די וואָכֿעדיגע מאכלים אין דער שפּראַך פֿון זייט 87—106

זייט:

עֶס איִז עֶרשיִנעֶן דיִ צווייטעֶ אויפלאַגעֶ

# „ביאליק'ס טרעהרעז"

פון יהודה עלזעט.

## וואָס שרײַבט הלל צייטלין וועגען דעם „וואונדער אוצר״?

...אַ גוטען אײַנדרוק מאַכען די נײַע ביכלעך פֿון ה׳ י ה ו ד ה ע ל ז ע ט. דער „וואונדער אוצר״ איז דורכאויס חדושים, אינגאַנצען אָריגינעל, אינגאַנצען נלײַך פֿונ׳ם פֿאָלק געשעפּט. „מלאכה גדולה עשה״. ער האָט געזאַמעלט פּעריל פֿון דער פֿאָלקס־שפּראַך. איהר האָט אינ׳ם „וואונדער־אוצר״ אַלערלײַ מעגליכסטע פֿאָלקס־וויצען, אַלערלײַ מעגליכסטע פֿאָלקס־אַנעקדאָטען, אלערלײַ מעגליכסטע שאַרפֿזיניגע און געדאַנקפֿולע רעדענס־אַרטען. פֿאַר אַזאַ אַרבײַט קומט געוויס אַנ׳ערנסטער און אויפֿריכטיגער:

יישר כח!

(הלל צייטלין. „מאָמענט״)

דער וואונדער־אוצר פון דער יודישער שפּראַך.

# דער מענשליכער קערפּער.

ערשטער טהייל.

פאָלקסטימליכע רעדענסאַרטען,
גלייכווערטלעך און אנעקדאָטען.

געזאַמעלט און דערקלערט דורך
יהודה עלזעט.

וואַרשע תר"פ

דרוק ברידער לעווין עפּשטיין פּאַוויע 38 №

# דער קאָפּ.

דער קאָפּ ענטהאַלט אין זיך די וויכטיגסטע אָרגאַנען פון׳ם גוף׳ דערצו איז ער נישט בלויז דער חשוב׳סטער און פּאָרנעמסטער, נאָר אויך דער אממייסטען אָנגעזעהענסטער טהייל פון׳ם קערפּער. א גרויסער חלק פון איהם איז אויך תמיד אָפען ענטפּלעקט און נישט פּערדעקט ווי די איבריגע אברים פון׳ם גוף. דעריבער האָט דער קאָפּ שטארק געצויגען אויף זיך די מענשליכע אויפמערקזאמקייט און יעדעס לשון פערמאָגט א גרויסע צאָהל רעדענסארטען און שפּריכווערטער, וואָס אָדער זיי בעציהען זיך צום קאָפּ און זיינע אייגענשאפטען, אָדער זיי זענען געבאָרגט פון די לעצטע אום צו בעצייכענען פערשידענע בעגריפען, ווי אויך שטימונגען און אייגענשאפטען פון מענש.

יודיש איז אָבער פיעל רייכער אלס אנדערע שפּראכען אין אזעלכע רעדענסארטען. די געוואלטיגע מענגע פון די לעצטע ערשטוינט אונז אין פלוג, די זאך ווערט אונז אָבער פערשטענדליכער, ווען מיר דערמאָנען זיך שלום-עליכם׳ס ווערטער. ער האָט ריכטיג בעמערקט און געזאָגט: „דער קאָפּ שפּיעלט ביי אונז יודען די גרעסטע ראָליע, מעהר אלס אלע רמ״ח אברים. א קאָפּ, א קעפּעלע! אָט דאָס איז ביי אונז דער עיקר אנטיק״. *)

מיר ברויכען זיך אלזאָ נישט צו וואונדערן, ווען אויך אין דער

---

*) שלום-עליכם „סטעמפעניו״ ז. 53. דאָס זעלבע בעהויפּטען אויך איינינע יודישע אנעקדאָטען.

א) א פריץ האָט געפּרעגט ר׳ זלמן פּויזנער פּארוואָס ער טראָגט אזא טייער סויבעל-היטעל האָט איהם ר׳ זלמן געענטפערט: ביי אונז איז דער קאָפּ גאָרנישט, לאָ״ט איהר איהם בלויז.

שפּראך פֿון פֿאָלק האָבען מיר שפּורען פֿון דער גרויסער ראָליע, וואָס דער קאָפּ שפּיעלט בײַ'ם יודען,

די רעדענסאַרטען פֿונ'ם דאָזיגען פּרק זענען על פּי־רוב גאנץ אײנ־פֿאך און געגוג פֿערשטענדליך, אזוי דאָס מען דערקענט גלײַך אויף וואָס פֿאר אַ גרונד זיי זענען ענטשטאנען, פֿון וואנען זיי האָבען זיך גענומען, אויך וואָס מען מיינט מיט זיי צו זאָגען און צו בעצייכענען.

זיי ברויכען דעריבער מעהרסטענס נישט קײַן קאָמענטארען און פּירושים.

עס איז אָבער נויטיג און נוצליך זיי צו קלאסיפֿיצירען און אויס־צוסאָרטירען, אום דאָס בילד זאָל אויסקומען גענוג בולט און קלאָר.

---

דער עיקר איז בײַ אײַך דער גוף, ציהרט איהר און פּילנעוועט איהר איהם טאקי; בײַ אונז יודען איז אָבער דער עיקר דער קאָפּ, טהוט מען איהם אָן טײַערע סיבלען־היטלעך.

ב). מ'האָט צו אַ פּראָפעסאָר בעבּרענגט אַ יודיש וואונדער־קינד, ער גיט איהם אַ מאַ־טעמאטישע פראגע, ס'יונגעל מאכט עס גלײַך. דער פּראָפעסאָר וואונדערט זיך ער בעמערקט נאָר, אז ס'יונגעל האָט עס נישט געמאכט לויט די וויסענשאפטליכע רעגעל.

אודאי, זאָגט ס'יונגעל, יודען מאכען שטענדיג מיט'ן „ראש" נישט מיט'ן „רגל".

## I.

אין די אַלטע אַמאָליגע צייטען האָבען מענשען נישט געוואוסט, אַז דער קאָפּ ענטהאַלט אין זיך דעם דענק־אַפּאַראַט פון׳ם מענשליכען קערפּער און אַז דער מח איז דאָס דער פיהרער פון מענשען, וואָס געוועלטיגט מיט איהם, גיט איהם עצות, שכל און פערשטאַנד, ברענגט די אברים אין בעוועגונג און פיהלט אויך זייער שמערץ.

נאָך אַרסטוטלוס האָט אויסגעלאַכט דעם געדאַנק, אַז דער קאַלטער, ווייכער און שלאַבריגער קאָפּ־געהירען זאָל זיין דער צענטר פון די מענשליכע מחשבות און געפיהלען.

אַמאָל האָט מען די אַלע דערמאָנטע אייגענשאַפטען צוגעשריבען דעם האַרצען און אין העגרעאישען — אויך טיילוויים — ווי ס׳זאָל היינט נישט אויסקומען אויסטערליש — צו די נירען. דעריבער בעציהען זיך אין העברעאישען צום האַרצען אַ גרויסע צאָהל רעדענסאַרטען, וועלכע אין די היינטיגע לשונות בעציהען זיי זיך צום קאָפּ און צום מח.

ערשט אין דער גמרא יבמות דף ט׳ געפינען מיר אַ אויסדרוק פון וועלכען מיר זעהען, אַז אין דער צייט פון דער גמרא האָט מען ביי יודען שוין געוואוסט, אַז דער מח דענקט און טראַכט, און דעריבער האָט מען דאַן שוין געזאָגט אויף אַ מענש אָהן שכל: „אין לו מח בקדקדו״ 1).

אין יודישען לשון ווערט דער קאָפּ, וואָס ענטהאַלט דעם מח, שוין אָנערקענט — ווי אין אַלע אַנדערע נייע לשונות — אַלס דער מקור השכל פון מענש, אַלס זיין גייסטיגער פיהרער און ראַטגעבער, וואָס מוז זאָרגען פאַר׳ן גאַנצען גוף, דעריבער זאָגט מען: „אַז דער קאָפּ איז אַ נאַר, מוז דער גאַנצער גוף פערשוואַרצט ווערען״ 2) און אין פיעל רעדענסאַרטען בענוצט מען דאָס וואָרט „קאָפּ״ (טהייל־

---

1) זעה אין „האוצר״ פון רש״י פין די ווערטער „לב״ און „כליה״. זעה אויך די יודיש־רוסישע ענציקלאָפּעדיע באנד II דעם זעהר וויכטיגען ארטיקעל פון ד״ר קאצענעלעסאָן „די אנאטאָמיע אינ׳ם תלמוד״.

2) ביי א. בערנשטיין: „אז דער קאָפּ איז א נאר, ליגט דער גאנצער גוף אין דער ערד״ („קאָפּ״ 1.).

מאָל — „מח"; אָנשטאָט דעם וואָרט „שכל", אָדער „פֿערשטאַנד". אַזוי הייסט אַ מענש מיט שכל און פֿערשטאַנד: „אַ מ ע נ ש מ י ט ק אָ פּ" 1), „אַ ק אָ פּ = מ ע נ ש" 2), ער הייסט אויך „אַ ב ע ל = מ ח" 3) אָדער „אַ ק אָ פּ = ש ט י ק" 4).

טהון אַ זאַך מיט דער געהעריגער אויפֿמערקזאַמקייט, הייסט „ט ה ו ן ד י ז אַ ך מ י ט ק אָ פּ" 5), ווען איינער האָט דעם געהריגען חוש און פֿערשטאַנד צו אַ זאַך, הייסט עס: „ע ר ה אָ ט אַ ק אָ פּ צ ו ד ע ר ד אָ ז י ג ע ר ז אַ ך" 6), ווילענדיג אָבער זאָגען, אַז זיינע גייסטיגע פֿעהיגקייטען זענען נישט צו דער דאָזיגער אונטערנעהמונג, זאָגט מען: „ס'א י ז נ י ש ט פֿ אַ ר ז י י ן ק אָ פּ", „ס'א י ז נ י ש ט פֿ אַ ר ז י י ן מ ח" 7).

אויף אַ מענש, וואָס האָט נישט קיין שכל, נאָר גרויס איינרעדעניש — זאָגט מען, קלאַפּענדיג מיט'ן פֿינגער אויפֿ'ן שטערען, בלשון סגי=נהור און איראָניע: „ס'א י ז ק אָ פּ = מ ח !", „ק אָ פּ = מ ח = מ אַ ג י ס ט = ר אַ ט", „אַ ק אָ פּ, ו ו י אַ ר אָ ט ה ו י ז" 8).

נישט פֿערלירען זיך אין שכרות וכדומה, האַלטען דעם געדאַנק, די אויפֿמערקזאַמקייט געשפּאַנט אַ לענגערע צייט, הייסט: „האַלטען קאָפּ" 9).

ווען איינער רעדט, אָדער טהוט אַ זאַך, וואָס מען ווייסט, אַז דאָס

1) מענדעלע מוכר ספרים ב. XV ז. 43: „מיר האָבען אַ קיימאַ לן יודען זענען מ ע נ ש ע ן מ י ט ק ע פּ".

2) מענדעלי מוכר ספרים ב. VIII ז. 348: „אַ חכם=עתיק, אַ בריה נפלאה, אַ ק אָ פּ מ ע נ ש". ב. XVI „בישיבה של מעלה" ז. 32: „די ליטוואקעס האַלטען זיך פֿאַר תלמידי חכמים און גרויסע קאָפּ=מענשען".

3) מענדעלי מו"ס ב. I „אַלטע מעשה" ז. V.

4) „קאָפּ=שטיק" האָט אויך אין די אַלטע צייטען געהייסען אַ מטבע מיט אַ קאָפּ אויסגעקריצט. אויף דייטש הייסט היינט אויף לצנות „קאָפּשטיק" — אַ קלאַפּ אין קאָפּ. זעה ד"ר שראדער'ס. „Der Bilberschmuck der deutschen Sprache" ז. 505.

5) מענדעלי מו"ס ב. VI ז. 95, שלום עליכם ב. II ז. 67: „צ ו ה ע ר ע ן מ י ט ק אָ פּ". מענדעלי מו"ס ב. XIV ז. 10: „ע ס ע ן ה אָ ט מ ע ן ב ע ד אַ ר פֿ ט מ י ט ק אָ פּ".

6) מענדלי מו"ס ב. VII ז. 181: „אַ ק אָ פּ צ ו ם ה אַ נ ד ע ל".

7) מענדלי מו"ס ב. VI ז. זי 17, 54.

8) די לעצטע צוויי רעדענסאַרטען הייסען, א) „אַ גרויסער קאָפּ", דען דער מאַגיסטראַט, אָדער ס'ראָטהויז פֿלעגען זיין די גרעסטע הייזער אין די שטעדט און שטעדטלעך. ב) „ער מעג זיצען אין ראָטהויז, אַלס שטאָדט=חכם".

9) שלום=עליכם ב. XIII ז. 239: צי האַלט איהר קאָפּ?" ד. ה. צי הערט איהר מיט דער געהעריגער אויפֿמערקזעמקייט?

איז נישט פֿון זײַן אײגענעם פֿערשטאַנד, נאָר לויט אַ פֿרעמדענס עצה און אָנרעגונג, זאָגט מען: „עס איז נישט פֿון זײַן קאָפּ ארויס 1), „אין דעם שטעקט יענעמס קאָפּ" 2). מען זאָגט נאָך שטאַרקער: „ווען דאָס וואָלט זײַן פֿון זײַן קאָפּ אַרויס — וואָלט עס איהם אַ שטיק געהירן מיטגעריסען".

ווען מען האָט נישט דעם חוש, דעם רעיון צו אַ זאַך, מען איז דערצו נישט אויפֿגעלעגט, הייסט עס: „מען האָט נישט דעם קאָפּ יעצט דערצו".

ווען אין אַ עת-צרה, ווען מען איז שטאַרק צוטראָגען קומט אײנער אָנשלאָגען, פּראָפּאָנירען עפּעס אַ הײמערע טעטיגקייט אום זיך צוצערשטרײַען, זאָגט מען, נישט ווילענדיג דעם פֿאָרשלאַג אָננעהמען: „דער קאָפּ שטעהט מיר נישט דערצו" 3), „ס'געהט מיר נישט אין קאָפּ" 4), מען זאָגט אויך בקצור: „ס'געהט מיר נישט אײַן".

ווען עמיצענס רייד הויבען אָן געפֿעלען צו ווערען, זיי הויבען אָן צו ווירקען אויף'ן געדאַנק פֿון'ם צווייטען, הייסט עס, אַז „די רעד זענען איהם אין קאָפּ אַרײַן" 5), „די רעד קריכען איהם אין קאָפּ אַרײַן" 6) אַ זאַך וואָס געהט נישט פֿון זינען אַרויס, הייסט עס: „ס'קריכט נישט פֿון קאָפּ אַרויס" 7).

אַ זאַך, וועלכע מען ברויך צו טהון מיט פֿערשטאַנד און איבער-לעגונג, הייסט עס, אַז מען דאַרף דערצו „צולעגען קאָפּ" 8) אָדער „צולעגען מח" 9).

פֿערהאַן אַמאָל, ווען מען איז „מיט דעם גאַנצען קאָפּ

---

1) מענדלי מו"ס ב. I „ספֿר הבהמות" ז. 5

2) שלום-עליכם ב. V ז. 131 : „צום סוף איז עס גאָר אַ מאגיכאָדנע (?), פּיני'ס קאָפּ! אומיסטנע אזוי געזאגט'.

3) שלום אש „אמעריקא" ז. 39 : „דער קאָפּ איז מיר נישט געשטאַנען צו איהר". דאָרט ז. 116 : „זייער קאָפּ זאָל אזוי שטעהען צום טאַנצען:"

4) מענדלי מוכר ספרים ב. IV ז. 37 : עסען און טרינקען ווערען געהט אין קאָפּ?" דארט ב. VIII ז. 348 : „פּארזאָרגט, פּאראומערט, ס'געהט נישט אין קאָפּ די שענע וועלט".

5) מענדלי מו"ס ב. VIII ז. 421. שלום-עליכם „טביה דער מילכיגער" ז. 148 : „איז עס מיר ווי אַ אײַזערנער צוואַק אין מח אַרײַן".

6) מנדלי מו"ס ב. I „ספר הבהמות" ז. 44. שלום-עליכם ב. VII ז. 108. „ס'קריכט מיר אין קאָפּ אַרײַן דווקא זי".

7) שלום עליכם, „יאָסעלע סאָלאָוויי" ז. 11 : „די זינגערלעך זענען איהר נישט ארויסגעקראָכען פון קאָפּ".

8) מנדלי מו"ס ב. V „איבער אַ שטאָדט" ז. 11.

9) מנדלי מו"ס ב. IV פרק ב. VIII ז. 121.

אַרײַנגעטהון" אין אַזאַך 1), אָדער מען „לײגט דעם גאַנצען קאָפּ" אין אַזאַך, מען טראַכט תמיד און מען דענקט נאָר וועגען איהר, אַזוי איז דעם יונגען חדר־יונגעל דער קאָפּ געלעגען אין ים־סוף 2) און מאָטיל דעם חזנ׳ס איז דער קאָפּ געלעגען אין די פּלעשער טינט 3).

ווען אײנער האָט מיט אַלע חושים זיך פֿערנומען אויף אַזאַך, צו דערגרײכען עס, און זאָל זײן וואָס ס׳וויל, הײסט עס: „ער האָט געלעגט דעם קאָפּ דערויף" 4) אָדער: „ער האָט פֿערלײגט דעם קאָפּ דערויף".

בײ קינדער קומט פֿור פֿאָלגענדער קאַטאָוועס: אַ יונגעל זעהט אויף דעם צווײטענס מלבוש׳ל אַריס; ער געהט צו, ווײזט אָן מיט׳ן פֿינגער אויף דעם צוריסענעם אָרט און פֿרעגט כלומר׳שט נאַאיוו: „ווער דאָ אויסגעריסען?" 5).

ווען דער צווײטער איז אויך נישט קײן פֿערשלאָפֿענער, ענטפֿערט ער איהם: „פֿערלײג מיט׳ן קאָפּ וועט זײן גאַנץ" 6).

אַזאַך, וואָס ליגט אין זינען, הײסט — „עס ליגט מיר אין קאָפּ" 7).

ווען מ׳האָט אַטענה צו אײנעם, פֿאַרוואָס ער האָט אַ געוויסע זאַך פֿערגעסען, ענטפֿערט ער: „וואָס מײנסטו, ס׳ליגט מיר שוין מעהר גאָרנישט אין קאָפּ ווי דאָס?"

געבען אײנעם אַזאַך גוט צו פֿערשטעהען, ער זאָל עס אָהן מיה גוט פֿערנעהמען, הײסט: „לײגען עס איהם אין קאָפּ (אין מח) אַרײן". ווען אײנער געהט אַרום מיט עפּעס אַנ׳אײנרעדעניש, אַ אידעע־

---

1) מנדלי מו"ס ב. II ז. 27 „מיט׳ן גאַנצען קאָפּ אַרײנגעטאָן אין לערנען".

2) דאַרט. ב. II ז. 39.

3) שלום עליכם ב. IV ז. 78. זעה אויך ב. I ז. 65: „דער קאָפּ איז מיר גאָר אין אלקיר׳

4) שלום עליכם „מבול" ז. 345.

5) בעהאַלטענדיג אין די ווערטער די קללה ! „ווער דאָ אויסגעריסען"

6) „פערלײג מיט׳ן קאָפּ" הײסט דאָ : שטאַרב : זעה מענדלי מוכר ספרים ב. IX „דער פּריזיוו" ז. 17, ווי ר׳ שמחה בעגריסט ר׳ יוחנצן : „אַ אָנגעלעגטער גאַסט !" און מענדל ברומט דערבײ מיט אַ קללה : „אָנלעגען זאָל ער מיט׳ן קאָפּ ?" זעה אויך מענדלי מו"ס ב. XI ז. 101 : „לעג אנ׳עט מיט׳ן קאָפּ, ווערים זאָלען דיך עסען". זעה אויך שלום עליכם „לכבוד יום־טוב" ז. 196 : „ער זאָל ווערען אָנלעגען מיט׳ן קאָפּ".

אַ הינדעל, ווען ס׳שטאַרבט, „פערלעגט עס ס׳קעפּיל". אויך אַ מענש, אַז ער שטאַרבט, אָדער חלש׳ט, פערוואַרפט ער דעם קאָפּ. (זעה מענדלי מו"ס ב. VII ז. 144)

7) מענדלי מו"ס ב. IX „איבער אַ שטאָדט" ז. 19.

פּיקס, הייסט עס: ער האָט זיך אַריינגענומען אין קאָפּ אַריין..." 1) און דעריבער, ווען מען וויל דאָס ער זאָל זיך שטאַרקען און מיט כּח זיך פון דער זאַך בעפרייען און אָבזאָגען, זאָגט מען: „ער זאָל זיך עס פון קאָפּ אַרויסשלאָגען 2).

ביי טוביה דעם מילכיגען הייסט עס: „נעהמען אַ שטעקען און אַרויסשלאָגען זיך פונ'ם קאָפּ" 3).

אזאַך, וואָס איז לאָגיש נישט אויסגעהאַלטען, „לייגט זיך נישט אין קאפ" 4), „לייגט זיך נישט אויפ'ן מח" 5).

ווען איינער פערשטעהט נישט, וואָס מען רעדט צו איהם, אָדער, וואָס מען לערנט מיט איהם, מוז מען עס איהם „קלאַפּען, האַקען אין קאָפּ אַריין", „שלאָגען אין קאָפּ אַריין מיט געוואַלד" 6).

און נישט בלויז דעם שכל און פערשטאַנד בעצייכענט מען מיט'ן וואָרט „קאָפּ", נאָר אויך דעם זכרון 7). דעריבער, ווען איינער פערגעסט אַזאַך זאָגט ער: „ס'איז מיר פון קאָפּ ארויס" 8). „ער שטיקט אַבילד אויס'ן קאָפּ" 9) הייסט: פון זכרון, אָהן אַמאָדעל.

ווען איינער ברויך צו פערזאָרגען דעם צווייטען, צו טראַכטען און צו קלערען וועגען איהם, אָדער איהם אויסצוהאַלטען אויף זיין רעכנונג, הייסט עס: „ער טראָגט איהם אויף זיין קאָפּ" 10).

אַזוי אַשטייגער, אַגבאי, אַעסקן במצוות טראָגט אויפ'ן קאָפּ די

---

1) מענדעלי מו"ס ב. IX ז. 13 און ב. VIII ז. 401.

2) דאָרט ב. IX ז. 5. ב. X ז. 100. „ארויסשלאָגען פון קאָפּ", הייסט אויך, זיך בעזועגענען מיט א האפנונג. זעה שלום-עליכם ב. VII ז. 128

3) שלום עליכם ב. VII ז. 54.

4) מענדלי מו"ס ב. VI ז. 125.

5) דאָרט ב. XVI „בישיבה" ז. 66, שלום עליכם ב. VIII ז. 77. פרץ „פאָלקסט. געשיכטען" ז. 177: „וויל פלומרשט נישט ליגען זיך אויפ'ן קאָפּ".

6) מענדלי מו"ס ב. II ז. 27.

7) ווי זאָגט דער שמש אויף זיין זוהן דעם „וויגרישני-בילעט": „דאָס קעפיל זיינס, די גרויסע תפיסה מיזן איך, דער זכרון". שלום עליכם ב. II ז. 9.

8) דאָרט ב. I ז. 116: „דאָס פערדיל האָב איך גאָר פון קאָפּ ארויסגעלאָזען", די ה. — פערגעסען.

9) פרץ „פאָלקסטימליכע געשיכטען" ז. 288, זעה אויך שלום עליכם ב. I ז. 105: „געדענקען און אויסרעכנען אויפ'ן קאָפּ", אויך שלום עליכם ב. II ז. 17: אויסטראַכטען פון קאָפּ".

10) מענדעלע מו"ס ב. IX ז. 78.

גאנצע שטאָדט (1, און דעריבער זאָגט די וועלט, אז „אַ פּארך טאָר ניט זײַן קיין ראש הקהל, ווײַל ער האָט נעניג זײַן איי־גענס צו טראָגען אויפ'ן קאָפּ" (2.

בכלל, יעדער וואָס האָט עפּיס אַ דאַגה, אַ זאָרג, הייסט עס: „ער האָט אַ קלאָפּאָט אויפ'ן קאָפּ". אַ מענש אָבער, וואָס האָט נישט וואָס צו זאָרגען, האָט נישט קיין חובות, קיין עגמת־נפש א. ד. ג. איז ער „אַ מענש מיט אַ ריינעם קאָפּ" (3, ד. ה. מיט אַ רוהיגען קאָפּ.

ווען איינער ווערט פּטור פון אַ גרויסען און שווערען עול, פון עפּיס אַ גרויסע דאגה און קלאָפּאָט — הייסט עס: „אַראָבגעוואָרפען אַ באַרג פון קאָפּ" (4, דער בעגריף פון „אַ באַרג אויפ'ן קאָפּ" איז ווי עס שיינט, אין דער בילדער שפּראַך פונ'ם פאָלק, גענומען פון דער אַגדה פונ'ם תלמוד. איבער עוג מלך הבשן, וועלכער האָט אויסגעריסען אַ באַרג, איהם גענומען אויפ'ן קאָפּ און געוואָלט אַרויפוואַרפען אויף דער יודישער מחנה. ער האָט אָבער דעם באַרג פון קאָפּ שוין מעהר נישט געקאָנט אַראָבוואַרפען... (5

פערהאַן דער מענש זיצט דאָ און „דער קאָפּ איז אין בויבעריק" (6 „דער קאָפּ פליהט אַרום אין אַלדי רוחות", ער האָט אין זינען כל המיני מחשבות'ן, ערגער איז אָבער, ווען „דער קאָפּ ליגט אין דער ערד" (7.

---

1) מענדעלי מו"ס ב. IX ז. 22 אזא איינעם רופט מען אויך: „קהל'ס פּערזאָר גער" און מיט ליצנות: „קלאָץ־פּערזאָרגער".

2) א. בערנשטיין „פּארך" 4. זעה אויך מענדלי מו"ס ב. IX ז. 106: „יענעם, ווי אַ פּיאווקע, אויסצוזויגען אין צו האָבען אויף יענעמס קאָפּ קינדער"־ זעה אויך ב. I „די אַלטע מעשה ז. 19: „קבצנים, של עפּען ווילט זיך אַ־ך אויף יענעמס קאָפּ".

3) שלום עליכם ב. XII ז. 5.

4) דאַרט ב. X „בלאָנזענדע שטערען" ז. 170.

5) זעה גמרא ברכות דף נ"ד.

6) מענדלי מו"ס ב. VII ז. 15.

7) ד. ה. ווען דער מענש איז אַזוי נעפאַלען, אז ער האָט שוין קיין האָפנונג נישט אויפצוהויבען זיך. זעהר שען שרייבט דעריבער מענדעלי מו"ס (ב. I „אַלטע מעשה" ז. 4) אין זיין הקדמה צו דעם ספּור המעשה. ווענען דער אמאָליגער מחלוקת איבער די קאַלאָניעס אין חערסאָן:

„יש דבר, ס'איז פאַרהאַן אַ זאַך — קאָלאָניעס אַ שטיינער — שיאמר, וואָס מען זאָגט: זעה דאָס איז אַ נייעס! ניין ברודער. כבר היה, דאָס איז שוין לאַנג געווען, אויף דער וועלט. קוקט זיך זייט מוחל גוט צו צו דער מעשה דאָ, וועט איהר זעהען, אַז יודען איז שוין לאַנג דער קאָפּ געלעגען אין דער ערד"...

אויך אַ שלעכטער קאָפּ, וואָס טויג אויף כפּרות, הייסט דאָס ער איז אַ־ דער ערד (שלום עליכם ב. I ז. 54) און בכלל, אַ לאַ־יוצלח הייסט „אַ דר'ער ליגער".

פֿערהאן א ארבײַט, וואָס איז נאָר „א האנד-ארבײַט" ד. ה. אַ פֿיזישע מלאכה, בײַ וועלכער די האנד שטרענגט זיך אָן. פֿערהאן אָבער א געשעפֿט, בײַ וועלכען „דער מח ארבײַט" 1), דאָס איז שוין „קאָפּ-אַרבײַט".

אז מען וויל אויף אײנעם זאגען, דאָס ער האָט אַ פּוסטען קאָפּ אָהן שכל און פֿערשטאנד, זאָגט מען: „ער האָט נישט אין קאָפּ וואָס אנדערער אין פֿינגער" 2), אָדער „אין נאָגעל" 3), „אין מינדעסטען נעגעלע" 4), אָדער „אין פּיאַטע" 5). דאָס ווערט אַודאי געזאָגט אויך אויפֿ'ן גרונד פֿון דער כּלומר'שטער אַקסיאָמע, אַז וואָס ווײַטער אַ אבר איז פֿונ'ם קאָפּ, אַלץ ווינציגער פֿער-שטאַנד האָט עס. דעריבער קומט דאָך אויס, אַז די דערמאָנטע עק-אברים (פֿינגער. נאָגעל און פּיאַטע) פֿערמאָגען אַמווינציגסטען שכל.

אַז מען וויל זאָגען, דאָס די חכמה, די תּורה און די וויסענשאַפֿט, וואָס אַ געוויסע פּערזאָן בעזיצט, איז איהם מסתמא נישט לײַכט אָנגע-קומען, נאָר ער האָט דערויף אַודאי שווער און לאַנג געאַרבײַט, זאָגט מען: „עס שפּרינגט נישט פֿון קאָפּ אַרויס". עס איז נישט אויסגעשלאָסען, אַז דאָ האָבען מיר אַ ווײַטען ווידער-קלאַנג פֿון דער מיטאָלאָגישער ערצעהלונג דאָס מינערוואָ איז אין-גאַנצען בעוואָפֿענט אַרויסגעשפּרונגען יופּיטער'ן פֿון קאָפּ.

אַז מיט אײן קאָפּ איז דער מענש אַזוי קלוג, ווי נאָך, ווען ער וואָלט געהאַט אַ סך קעפּ? דעריבער, אַז מען וויל זאָגען דאָס אײנער וועט אַ זאך בשום אופֿן שבעולם נישט טרעפֿען, אָדער דערגעהען, זאָגט מען: „ער מעג אַפֿילו האָבען אַכטצעהן קעפּ" 6).

אַז אײנער פֿאַלט נישט אויף אַ זאַך, און דער צווייטער מאַכט איהם ערשט דערויף אויפֿמערקזאַם, הייסט עס, דאָס „ער האָט איהם ערשט דעם קאָפּ געעפֿענט".

עפֿנען דעם קאָפּ קאָן מען אָבער אויך אויף אַ פּשוט'ערען אופֿן — מיט אַ שטיין.

---

1) מענדעלע מו"ס ב. VII ז. 181. שלום עליכם „מנחם מענדעל": „און דער מח ארבײַט".

2) מענדעלע מו"ס ב. IV ז. 41.

3) דאָרט ז. 17.

4) פֿערגלײַך מיט דער תּלמודישער רעדענסאַרט: „טובה צפּרנן של ראשונים"...

5) שלום עליכם ב. II ז. 19 ב. XII ז. 10.

6) שלום עליכם ב. X ז. 176 „מבול" ז. ז. 61, 339.

ווילענדיג זאָגען — „זײַן מה קאָן עס נישט משיג זײַן“ — זאָגט מען: „זײַן מה קאָן עס נישט איבערקאָכען“ 1).

אויף אַיונגעל אַנאַר, זאָגט דער רבי: „מײַן קאָפּ קען איך אויף איהם נישט אַרויפזעצען“.

ווען צוויי מאַכען אַאַחדות צו בעקעמפען איינעם בדעה אַחת, הייסט עס: „זיי האָבען צוזאַמענגעשלאָגען די קעפּ“.

אַז מען וויל זאָגען אויף איינעם, דאָס ער ווייסט אַליין נישט, וואָס ער טהוט און וואָס ער רעדט, זאָגט מען: „ער ווייסט דאָר־טען, ווער ס׳האָט איהם דעם קאָפּ געמאַכט“.

---

1) שלום עליכם ב. XIII ז. 189.

## II.

ווי געזאגט, איז די אויפגאַבע פון׳ם קאָפּ צו קלערען, צו זאָרגען און צו פאַרשטעהען. נישט אלע קעפּ ערפילען אָבער זייער אויפגאַבע און פּליכט אין גלייכער מאָס. דעריבער האָבען יודען געגומען און אויסגעסאָרטירט די קעפּ און אויף יעדען אויפגעקלעבט אַ יאַרליק.

און אַזוי האָבען מיר אין דער יודישער שפּראַך אַ אויסערגעוועהנליך רייכען סאָרטימענט און אויסוואַהל פון קעפּ, איך בין מסופק צו מען קאָן אַזאַ רייכע קאָלעקציע פון קעפּ געפינען אין וועלכער עס איז נאָך אַ שפּראַך.

פערהאַן „אַ גוטער קאָפּ״ 1) „אַ וואוילקעפּיל״ 2) „אַ גוטער מח״ 3) וואָס האָבען שכל, אַ גוטע תּפיסה און זכרון, פערהאַן ווידער „שלעכטע קעפּ״ 4) מיט אַ קורצען זכרון און ווייניג פערשטאַנד, פערהאַן „אַ קלוגער קאָפּ״ 5) אַ קלוגער רמאי, און פערהאַן „אַ נאַרישער קאָפּ״ 6) פערהאַן „גרויסע קעפּ״ 7) און „קליינע קעפּלעך״ 8). אַ וואָלינער יוד האָט „אַ שמאָלען מח און אַ ברייטע קישקע״, אַ ליטוואַק האָט ווידער פערקעהרט: „אַ ברייטען מח און אַ שמאָלע קישקע״ 9).

פערהאַן „שווערע קעפּ״, „גראָבע קעפּ״ 10) ד. ה. אומבעוועגליכע, וואָס קאָנען קיין זאַך נישט תּופס זיין, פערהאַן אָבער אויך „פליה-קעפּ״ 11) „דרעה-קעפּ״ 12) פערהאַן אויך אַ מענש, וואָס

---

1) א. בערנשטיין „יונג״ 3, „קאָפּ״ 12, 15.

2) מענדעלע מוכר ספרים. ב. VII ז. 201.

3) דאָרט ז. 179.

4) א. בערנשטיין „יודע׳ע׳ 1.

5) מאָריס ראָזענפעלד ב. I ז. 179.

6) א. בערנשטיין „נצרש״.

7) מענדעלע מו״ס ב. I „די אלטע מעשה״. ז. 8 „ספר הבהמות״ ז. 7. א. מ. דיק. „דער אָפּקוּן״ (ווילנא תרל״ג) ז. 17: „אַקינד מיט אַ גרויסען קאָפּ און מיט זייער גוטע פעהיגקייטען״.

8) א. בערנשטיין „היט״. אז איינער באַקלאָגט זיך, בכן דאָס היטעל איז איהם צו גרויס, זאָגט מען צו איהם מיט לצנות; דער הוט איז נישט צו גרויס, נאָר דער קאָפּ איז צו קליין.

9) מענדעלע מוכר ספרים ב. XVI ז. 31.

10) דאָרט ב. VII ז. 18 ב. X ז. 62.

11) מנדלי מו״ס ב. XIII ז. 110:

„זריזים ווי די־־ חאָרט זענען די יודען אייך.

„דער קאָפּ זיין ער איז פלינק, פליהט אין דער הויך,

שלום עליכם „מאַטיל דעם הזנ׳ס״ ז׳ 107 „דער קאָפּ טראָגט איהם, דער קאָפּ פליהט; אזא משפחה. כּוּן פיזעברגע קעפּ״:

12) ד. ה. רמאים, שווינדלערס. זעה מענדלי מו״ס ב. IX ז. 21 און ב. VII. 217.

האָט „אַקאָפּ אויף שרויפֿען" 1) „אַקאָפּ אויף רעדער", וואָס פֿאָהרט פֿליִהט, פֿערשטעהט אַ זאַך פֿליִנק אויפֿ'ן וויִנק.

פֿערתאן מענשען, וואָס „שאַרפֿען זיִך דעם מח" 2) טהוען אויף סברות, שפּיִצלעך, קנייִטשלעך און בעוואָהרעניִשען, פֿערהאַן ווידער אַזעלכע, וואָס האָבען באַלד פֿון דער נאַטור „שאַרפֿע קעפּ" 3) „איִבערגעשפּיִצטע קעפּ" 4) ס'זענען אָבער אויך דאָ מענשען מיִט „פֿלאַטשיִגע קעפּ" 5) וואָס זענען ניִשט איִבערגעשפּיִצט און ניִשט איִבריִג קלוג. פֿערהאַן „פֿערשטאָפּטע קעפּ" 6) וואָס פֿער־שטעהען ניִשט און זענען ניִשט תּופֿס, וואָס מען רעדט צו זייִ און וואָס מען לערנט זייִ, פֿערהאַן „הוילע פּוסטע קעפּ" 7) אַזעלכע פּאַרשוינען האָבען פֿערשטעהט זיִך, „לייַכטע קעפּ" האָבען קייַן עול גיִשט און ערלויבען זיִך אַלאַך אַ שטיִף.

פֿערהאַן „פֿייַערדיִגע קעפּ" 8) וואָס זענען פּשוט „פֿלאַם־פֿייַער", פֿערהאַן אַ מענש מיִט אַ שטאַרקען, פּשוט „אַאייַזערנעם קאָפּ" 9) „אייַזערנעם מח", ס'טרעפֿט זיִך אָבער אַ קאָפּ, וואָס אין איִהם איִז לגמרי ניִשטאָ קייַן מח, נאָר גאָר עפּיִס אַנדערש, ס'איִז גאָר „אַקאָפּ מיִט טנוף" ד. ה. „אַמושב—קאָפּ", „אַקאָפּ—אַמושב". „אַ קאָפּ אַ מהילה".

---

1) מנדלי מו"ס ב. VII ז. 173 „אגוט קעפּעל, אויף שרויפֿען אקעפּעל, א פליִהענדיִגעס".

2) דארט. ב, V „איִבער א שטאָדט" ז. 19 ב, I „דיִ אלטע מעשה ז. 17.

3) דאָרט ב, XV ז. 90: „דיִ לומדים מיִט דיִ שארפֿע קעפּלעך, חקרנים".

4) דאָרט ב, XV ז. 93.

5) דאָרט ב. I „אלטע מעשה" ז. 18, שלום עליכם „יאָסעלע סאָלאָוויִ" ז. 106. אויף אזא אייִנעם זאָגט מען אויך: ער האָט „א פֿלאכען קאָפּ". אויף אייִנעם מיִט א ליִסיִנע זאָגט מען: „א גלאטען קאָפּ! האָטש נעם און קאטשע אויף איִהם אויס א בלאט לאָקשען" (שלום עליכם, כתבים פֿון א וואָיאזשאָר ז. 182). דיִ ליִסיִנע זעלבסט רופֿט מען אויף לצנות: „דאָס ווייַסע טעלעריל אויפֿ'ן שפּיִץ קאָפּ" (שלום עליכם, „לכבוד יום טוב" ז. 33.)

6) מענדעלע מו"ס ב, VII ז. 243 ב, VI ז. 99, 64.

7) שלום עליכם ב, VI ז. 203: „לאכען, לאכען נאָר פּוסטע קעפּ, לצים, הולטייַעס, לעדיִג בעהער".

8) מענדעלע מו"ס ב, II ז. 112 ב, XV ז. 80.

9) א. בערנשטייִן „זיִבען" 2. פֿערשיִדענע גרויסע רבנים זענען בעקאנט אונטער'ן נאָמען; „דער אייַזערנער קאָפּ".

מיִט לצנות זאָגט מען צו אייִנעם, וואָס רעדט זיִך אייַן, אז ער האָט א גוטען, אייַזערנעם קאָפּ „האָסט א גוטען קאָפּ, אויף אזא קאָפּ איִז גוט ניִס צו קנאקען" (שלום עליכם, „כתבים פֿון א וואָיאזשאָר" ז. 175) אַדער; „זעה זאָלסט ניִשט געהן אויף א רעגען, דער קאָפּ קאָן דיִר נאָך פֿערזשאַווערט ווערען" (ווייַל אייַזען זשאַווערט דאָך איִן דער נעץ).

פֿערהאַן אַ מענש אַ חקרן, אַ פֿלוסוף, וואָס האָט אויף זיך „אַ אַרס־טוטלוס קאָפּ", פֿערהאַן אויך אַ פּאָלטיקער, אַ חכם, וואָס האָט „אַ קאָפּ פֿון אַ מיניסטער"[1], אָדער, ווי אַלטע ווייבער זאָגען „אַ קאָפּ, ווי אַ ראש מדינה", עס גיבט אָבער אויך דאָס אײנער האָט גאָר לגמרי נישט קײן מענשליכען קאָפּ, נאָר „אַ פֿערדס־קאָפּ", „אַ אײזעל־קאָפּ"[2], „אַ חמור־קאָפּ", אָדער גאָר „אַ קאַצען־קאָפּ", „אַ קאַצען־מח"[3].

דאָס פֿאָלק האָט שטאַרק געהאַלטען פֿון אַ יודיש־קעפּעל"[4] אויף אַ קלוגען גוי האָט מען געזאָגט, דאָס „ער האָט אַ יודיש־

---

1) א. בערנשטײן „קאָפּ" 5; מנדלי מו"ס ב, II ז. 18.

2) מנדלי מו"ס ב. XI ז. 50.

3) א. בערנשטײן ברענגט א שפּריכוואָרט „נח מיט'ן קאַצען מח" („נח" 1) און ער שרייבט, דאָס אזוי זאָגט מען פֿון א מענשען, וואָס הייסט נח און איז א גרויסער נאַר. ער האָט אָבער דאָ געהאַט א דאָפּעלטען טעות: ערשטענס ברויך מען דערצו נישט צו הייסען נח, אײנער, וואָס האָט א קאַצען־מח, הייסט ממילא שוין אויף קאַטאָוועס „נח" צום גראַם צו, פּונקט, ווי ס'איז דאָ א צווייט שפּריכוואָרט „ר' נטע האָט תּמיד חרטה", וואָס ווערט אויך נישט געזאָגט דוקא אויף אײנעם, וואָס הייסט נטע, נאָר אײנער, וואָס האָט חרטה בעקומט ממילא דעם צונאָמען „רב נטע".

צווייטענס איז „א קאַצען־מח" נישט קײן נאַר, נאָר מיט א קורצען זכרון. אַזוי זאָגט מען: „א מאַמע האָט א קאַצען־קאָפּ", ד. ה. זי פֿערגעסט אַלע עברות און עוולות פֿונ'ם קינד און ליבט עס ווייטער. זעה אויך ביי מענדעלע מוכר ספרים ב, VII ז. 146 „א קאַצען־מח, אין איין אויער אַריין פֿון אַנדערען אַרויס" און דאָרט ז. 230: „ער האָט א קאַצענקאָפּ און האָט פֿערגעסען". אויף דייטש זאָגט מען אויך „א קאַצען־געדעכטניש" ד"ר שראַדער דערקלערט אין זיין „בילדערשמוק דער דויטשען שפּראַכע" ז. 175, דאָס דעריבער זאָגט מען אויף א קאַץ, אז זי האָט א קורצען זכרון, דען ווען מען שטראָפט זי אויף איהרע שלעכטע מעשים, געדענקט זי עס נישט לאַנג.

פֿאַר דעם יודישען לעזער וועט אָבער זיין אינטערעסאַנט די פֿאָלגענדע שטעל אין תּלמוד (גמרא הוריות דף י"ג) איבער אַ קאַץ: „מה האוכל ממה שעכבר אוכל משכח, האוכל עכבר עצמו לא כל שכן!" ווען אײנער עסט פֿון ברויט, וואָס א מויז האָט דערפֿון אָבגעגעסען פֿערגעסט ער שוין זיין לערנען, מכל שכן נאָך די קאַץ, וואָס עסט דעם מויז זעלבסט, פֿערגעסט זי דאָך אודאי. אַזוי איז געוועזען דער אַלטער פֿאָלקס־גלויבען, און נאָך יעצט איז אין די טיפֿענישען פֿון פֿאָלק פֿערהאַן א גלויבען, אז „א קאַץ איז א מזיק" (זעה ביי א. בערנשטײן „קאַץ" 8. ער האָט אָבער לגמרי נישט געוואוסט אין וואָס עס האַנדעלט זיך דאָ) דען זי זיצט אויפֿ'ן אויוועו און טראַכט אַלץ אומצוברענגען און זי וואָלט עס אויך געקאָנט בעווייזען מיט איהר בעהאַלטענעם ווילדען כח; וואָס טהוט אָבער גאָט? אַז זי גיט א שפּרינג אַראָב מיט אימפּעט איהר ווילען אויסצופֿיהרען, פֿערגעסט זי דערווייל, וואָס זי האָט געוואָלט, בלייבט שטעהן פֿערוואונדערט, קוקט זיך אַרום בעלעקט זיך און לעגט זיך אַוועק אין א ווינקעל.

4) א. בערנשטײן „בעסער" 8. „גאָט' 58, 62, „יודיש" 12; מענדעלע מוכר ספרים ב, X ז. 94.

קעפעל אויף זיך", נאָך העכער שטעהט אָבער „א תנו=רבנן=קעפעל, און „א גמרא=קעפעל" 1), דאָס גמרא=קעפעל איז נישט אַזוי קלוג, ווי ערפינדעריש 2).

טעמפ איז אָבער „אַ גויאישער קאָפ" 3) נאָך מעהר „אַ פויערשער=קאָפ" 4), „א קאָפ ווי א עשו".

א גרויסער רוהם פאר אַ פרוי איז, דאָס זי האָט „אַ מאנס=בילשען קאָפ" אויף זיך 5)

גאָר נישט שלעכט איז אויך געוועזען „אַ געשמד'טער קאָפ", פערקעהרט נאָך, דאָס איז גאָר א קלוגער קאָפ, א כל=בו, ער נוצט אָבער אויס די גאנצע הכמה צו כל=הבייז, צו שמד=שטיקלעך. 6)

אַ ליטוואק — זאָגט מען אין פוילען — האָט „א צלם=קאָפ" 7)

ווען איינער מאַכט דעם אַנדערען צו נאר, הייסט עס: „ער מאַכט פון איהם א נאַרען=קאָפ".

---

1) מענדעלע מו"ס ב, V ז. 14 ב, XV ז. 30.

2) זעה מענדעלע מו"ס ב, V ז. 77: „א חיטרע קעפעלע, א גמרא=קעפעלע מיט אלע דריידעלעך".

3) שלום עליכם ב' VII ז. 141 ב, XI ז, 55.

4) מענדעלע מו"ס ב, VII ז. 67 ב, X ז. 45.

5) שלום עליכם ב, X ז. 151, „מבול"ז. 42, „סענדערבלאנק" ז. 75. זעה אויך מענדעלע מו"ס (ב, IX ז. 89), ווי ר' חאסקיל זאָגט זיך א כלל: „וואָס א מינדעסטער מאנסביל האָט אין נאָגעל, האָבען עס צעהן קלוגע נקבות נאָך נישט אין קאָפ".

6) מ'האָט געפרעגט א מאָל א יוד, פארוואָס, ווען א יוד שמד'ט זיך איז ער עולה לגדולה, און אז א גוי איז זיך מגייר געהט ער בעטלען איבער די הייזער? האָט דער יוד ערקלעהרט: א גוי לעבט מיט דער הילף פון זיינע פאָררעכטען און פראוועס, א יוד ווידער מיט דער הילף פון זיין קעפעלע. ווען א יוד שמד'ט זיך, האָט ער אי דעם יודישען קאָפ, אי די גויאישע פראוועס, אז א גוי איז זיך מגייר בלייבט ער ביי'ם גויאישען קאָפ און בעקומט די יודישע פראוועס איז ער טאקי אויף גרויסע צרות.

7) מענדעלע מוכר ספרים ב. I „ספר הגלגולים" ז. 8. ב. VII ז. 133

א. בערנשטיין שרייבט אָבער, „א ליטוואק האָט א צלם אין קאָפ" („ליטוואק" 1). דער בעגריף פון א צלם=קאָפ, גלויב איך איז גענומען דערפון וואָס א געוויסער פיש—סענדאק — האָט אין קאָפ אזא ביינדעל, וואָס זעהט אויס ווי א צלם, און א טהייל חסידים ואנשי מעשה זענען טאקי נזהר דעם קאָפ פון דעם פיש נישט צו עסען.

## III

דאָס פֿאָלק האָט בעמערקט און געוואוסט, אַז פֿון צופֿיל מחשבות און דאגות פֿיהלט דער מעגש פֿיזישען וועהטאָג אין קאָפּ. דעריבער, ווען מען וויל זאָגען דאָס איינער האָט צו זאָרגען פֿאַר אַנדערע, הייסט עס, דאָס „איהם טהוט וועה דער קאָפּ פֿאַר אַלעמען". 1) אָהן מיה און דאגה, הייסט: „אָהן מיה אָהן קאָפּוועהטאָג" 2).

איינער, וואָס האָט אַלדעס גוטעס, ב'פֿעהלט איהם גאָרנישט, זאָגען אָויף איהם די, וואָס זענען איהם מקנא, דאָס ס'געהט איהם נאָר אָפּ קאָפּוועהטאָג 3) אויף אגוטען מענש ווידער, זאָגט מען: „דער קאָפּ זאָל איהם נישט וועה טהון".

פֿון צופֿיל דאגות, איבערקלעהרינישען און טראַכטען „פּלאַצט און שפּאַלט זיך שיער „דער קאָפּ" 4) ער ווערט אויך „שיער נישט צופּאַלען 5) און צוזעצט 6) „עס צוטראָגט דעם מח" 7) דאגות און קלאָפּאָטען „עקבערן דעם קאָפּ און לעכערן דעם מח". 8)

אַז איינער שרייט און רעדט הויך הייסט עס אויך דאָס „ער לעכערט דעם מח" 9).

אַ זאַך איבער וועלכע מען מוז אַ סך קלעהרען און טראַכטען, הייסט עס, דאָס מען מוז זיך איבער איהר „ברעכען דעם קאָפּ און דעם מח" 10) און מען האָט דערפֿון „קאָפּברעכעניש".

---

1) שלום עליכם ב, X ז. 14 און ז. 59: „מיין קינד האָט חעמען עס זאָל פּאַר איהר דער קאָפּ וועה טהון", ד. ה. — זאָרגען.

2) מענדעלע מוכר ספרים ב. VI ז. 112.

3) ד. ה. — ס'פעהלט איהם גאָרנישט, נאָר קאָפּ-וועהטאָג. שלום-עליכם ב, XIII ז. 10

4) מענדעלע מוכר ספרים ב. VII ז. 215, ב. VIII ז. 310.

5) שלום עליכם ב. XI ז. 31.

6) מענדעלע מוכר ספרים ב. VI ז. 142.

7) דאָרט ב. VII ז. 210.

8) דאָרט ב. VII ז. 87, 217.

9) דאָרט ב. I „ספר הגלגולים" ז. 7.

10) דאָרט ב. VII ז. 27, ב. XVI ז. 42.

אז אַ מענש ווערט איינגערעכט און איהם איז גוט, הייסט עס דאָס איהם „איז געוואָרען גראָמער אין קאָפּ" 1). צרות און דאגות אָבער „פערשלאָגען דעם קאָפּ" 2). נאָך מעהר האָט מען בעמערקט: נישט בלויז דער קאָפּ טהוט וועה פון דאגות, פון צופיל טראַכטען און קלעהרען — דער קאָפּ און דער מח דאַרען און טריקנען דערפון. איינעם „דאַרט דער קאָפּ" וועגען פרנסה 3), פאַר אַ שטיקעל ברויט 4) — דעם צווייטען דאַרט דער קאָפּ אויף בוטריקון 5), דעריבער זאָגט מען אויך אויף יודיש: „לאָז זיי דער קאָפּ נישט דאַרען פאַר יענעם" 6) ד. ה. זאָלען זיי נישט צופיל קלעהרען פאַר יענעם. אַ מענש מיט אַ אויסגעטריקענטען מח פערליהרט א סך פון זיינע גייסטיגע פעהיגקייטען און ער איז שוין נישט אומשטאַנד תופס צו זיין אַ זאַך נעשווינד, אזוי זאָגט טוביה דער מילכיגער: „דער קאָפּ איז מיר אויסגעטריקענט געוואָרען, אַז איך פערשטעה ניט" 7).

דאגה, יגון ואנחה, רופט מען דעריבער „קאָפּדאַרעניש" 8), מען זאָגט אויך „אַרוהיג לעבען אָהן קאָפּדאַרעניש" 9).

נאַנץ מעגליך איז, דאָס מען מיינט מיט די דאָזיגע רעדענסאַרטען צו זאָגען אַז דער מח גופא ווערט טאַקי אויסגעטריקענט (אויף פויליש אַ שטייגער זאָגט מען אויף אַ קלוגען מענש — „ער האָט בוימאייל אין קאָפּ") עס קען אָבער זיין, דאָס מען מיינט, אַז דאָס צופיעל איבערקלעהרען און זאָרגען, ווירקט שעדליך אויפ'ן קערפער און דער מענש ווערט דורך דעם אָבגעמאַטערט און איינגעטריקענט. מען שרייבט אָבער דאָס מאָגערקייט, בעזונדערס צו דעם קאָפּ, ווייל מען דערקאָנט עס געוועהנליך אַממעהרסטען אין פנים און אין קאָפּ.

---

1) מענדעלע מו"ס ב. XVI ז. 52.

2) דאָרט ב. IV ז. 94, ב. V ז. 23.

3) דאָרט ב. I „אספות" ז. 9.

4) דאָרט ב. XI ז. 151.

5) פרץ „אין פּאָליש אויף דער קייט" ז. 12.

6) שלום עליכם, „יאָסעלע סאָלאָוויי" ז. 144; מבול ז. 336.

7) שלום-עליכם, „טוביה דער מילכיגער" ז. 134. זעה אויך שלום-עליכם ב. I „א פרעהליכע קאָמפּאַניע" ז. 40: „דער מח איז איהם ניט אויסגעטריקענט..." זעה אויך שלום עליכם „מנחם מענדיל" און „ימים טובים" ז. 76: „דער מח איז איהם אויסגעדאַרט געוואָרען".

8) מענדעלע מו"ס ב. V ז. 21; ב. VII ז. 47, 166.

9) דאָרט ב. I „די אַלטע מעשה" ז. 6.

דען די איבעריגע קערפּער=טיילען ווענען דאָך פֿערדעקט.

אזוי גוט, ווי דער מענש קאָן פון עגמת נפש קריגען אַ דאַרען קאָפּ, קאָן ער אויך קריגען „אַ האַרטען קאָפּ". ווען איינער רעכענט עפּעס צו בעקומען פון צווייטען, מען וויל איהם אָבער זאָגען ער זאָל זיך גאָר נישט איינרעדען בחנם, דען ס'וועט דערפון גאָרנישט ווערען — זאָגט מען איהם: „יאָ, קאָנסט קריגען אַ האַרטען קאָפּ, אַ דאַרען קאָפּ", ד. ה. בלויז עגמת נפש. טוביה דער מילכיגער 1) זאָגט אויך: „פון אייערע טובות קאָן הארט ווערען דער קאָפּ!". און די באַבע מינדע עליה השלום פלעגט זאָגען: „לאָז אייך גאָט היטען פון אַ יודישע טובה און פון אַ יודישען נעבעך! פון אַ יודישע טובה קאָן האַרט ווערען דער קאָפּ, און פון אַ יודישען נעבעך — הייליג די ציינער" 2).

פאַרהאַן אַזא מין קאָפּוועהטאָג, וואָס דער מענש פיהלט דערביי, גלייך ווי דער קאָפּ וואָלט זיך אויף איהם געדרעהט, דאָס הייסט ער האָט קאָפּדרעהעניש 3). קאָפּדרעהעניש הייסט אויך אין אַלגעמיין אַ צומישונג פון דעם שכל און געדאַנק אַזוי אז מען ווייס אַליין נישט וואו מען האַלט אין דער וועלט, וואָס יאָ צו טהון און וואָס נישט 4).

אויך פערדרעהט מען און מען צומישט זיך דעם קאָפּ און די געדאנקען דורך שאַרפע משקאות 5), פערהאַן ווידער דאָס „דער קאָפּ דרעהט זיך" איינעם דורך דעם, וואָס מען רעדט איהם אָן אַ פולען קאָפּ 6) מען „דולט איהם אַ קאָפּ" 7) מען „פערדולט איהם דעם מח" 8) אז „דער קאָפּ ווערט אַזש דול" 9), אָדער ווען מען קלאפּט און מ'האַקט איהם אָן אַ קאָפּ מיט פערשיעדענע מעשיות, ביז מען

1) ז. 56.

2) שלום עליכם ב. II ז. 32.

3) מענדעלע מוכר ספרים ב. XIV ז. 3; ב: IX ז. 55.

4) זעה מענדעלע מו"ס ב. I „ספר הבהמות" ז. ז. 17, 26, 56, 62.

5) א. בערנשטיין „בראָנפען" 3: „בראַנפען פערדרעהט דעם קאָפּ".

6) מענדעלע מו"ס ב. II ז. 20: „אָנווינשענדיג איהם אַ פולען קאָפּ". זעה אויך ב VIII ז. 238.

7) דאָרט ב. I „די אַלטע מעשה" ז: 8.

8) דאָרט ב. I „ספר הבהמות" ז. 15.

9) דאָרט ב. II ז. 33.

פֿ ע ר ד ר ע ה ט א י ה ם ד ע ם  ק אָ פּ. 1) פֿערהאַן ווידער מען פֿער דרעהט איינעם דעם קאָפּ דורך דעם, וואָס מען פֿיהרט איהם אַריין אין שלעכטע ביטערע געשעפֿטען. 2) אויך ווערט דער געדאנק צומישט און מען בעקומט „אַ פֿ ע ר ד ר ע ה ט ע ן  ק אָ פּ" פֿון צרות און עגמת נפש. 3)

דער לעזער געדענקט אודאי דאָס ווערעמיל, וועלכעס האָט טיטוס'ן נישט געלאָזט רוהען, אין איהם אלץ געפּיקט דעם מח, פֿערהאַן נאָך ענליכע זאַכען, וועלכע „פּ י ק ע ן  ד ע ם  מ ח", אַזוי אַ שטייגער „דאגת פרנסה פּיקט דער מח". 4) אויך אַ זאך, וואָס מען וויל דורכאויס דערגעהן און וויסען „פּיקט דעם מח". 5)

ווען עס איז אַ גרויס געפּילדער, זאָגט מען: „מ ע ן  ק אָ ן  פ ו ן ק אָ פּ  ק ו מ ע ן".

---

1) מענדעלע מו"ס ב. I „ספר חבהמות" ז. ז. 17, 26, 56, 62 א. בערנשטיין „פֿערדרעהען" 2: „פֿערדרעה מיר ניט דעם קאָפּ"; נאָמבערג ב. I ז. 54: „פֿערדרעח דיר דיין קאָפּ!" (ווארשאָ, תרס"ח).

2) א. בערנשטיין, „משוגע" 6: „משוגע, מטירף און פֿער־דרעהט נאָר יענעם דעם קאָפּ".

איני'ם פֿאָלקס־ליעדעל זינגט מען:

„ווער האָט דיך געצוואונגען,
ווער האָט דיך בענעהט,
האָסט דאָך דיר אליין
דאָס קעפּעלע פֿערדרעהט".

3) א. בערנשטיין „פֿערדרעהען" 1 „ניט ראָס היטעל איז פֿערדרעהט — נאָר דער קאָפּ" — אזוי האָט געענטפֿערט א פֿערזאָרגטער מענש, ווען מ'האָט איהם אויפֿמערקזאם געמאכט דאָס ער געהט פֿערדרעהט דעם דאשעק. זעה אויך פרק „פֿאלקסטימליכע געשיכטען" ז. 18.

4) מענדעלע מוכר ספרים ב. IX „א גרויע האָר". ז. 15.

5) דאָרט ב. II ז. 28, ב. IX ז. 58, ב. X ז. 89.

## IV.

דאָס פאָלק האָט גענוֹי בעמערקט און אויפגעפאַסט די פערשידענסטע פּאָזעס, וועלכע דער קאָפּ נעהמט אָן אינסטינקטיוו ביי פערשידענע שטימונגען און אומשטענדען. און אָט די דאָזיגע פערשיעדענע פּאָזעס און האַלטונגען פונ'ם קאָפּ דינען אין דער שפּראַך צו בעצייכענען מיט זיי די שטימונג פון אַ מענש.

איינער, וואָס איז דרייסט און זיכער, איינער וואָס איז שטאָלץ ר'איז אָהן מורא, געהט ער אינסטינקטיוו אויסגעגלייכט, מיט'ן קאָפּ אַרויף, דעריבער אויף יודיש, אז מען זאָגט אויף איינעם „ער געהט מיט'ן קאָפּ אַרויף" הייסט דאָס, אַז ער שטעהט פעסט עקאָנאָמיש און האָט געלד אין די קעשענע און מאַכט גוטע געשעפטען אַממעהרסטען ווערט עס בעניצט אויף איינעם, וואָס איז „געוואָרען אויפגערעכט".

אחצוף, אַ פערשייטער מענש מיט שטאַרקער גאוה און איינרעדעניש „געהט מיט'ן קאָפּ פערריסען", דאָס זעלבע איז אויך ביי אַנדערע בעשעפענישען 1) בקצור הייסט דאָט — „ער איז ביי זיך פערריסען" 2) פון דעם קומט אבער קיין גוטס נישט אַרויס, דען „אַז מען פערררייסט דעם קאָפּ, קריגט מען אקלאַפּ" 3), זאָגט דאָס פאָלק.

אַז מען האלט איינעם אין דער צוים, מען לאָזט איהם נישט פריי אָבעטמען, הייסט עס „מען לאָזט איהם נישט (פריי) אַ קאָפּ אויפהויבען" 4) אַנ'ארימאַן אָבער געהט שטענדיג מיט'ן קאָפּ אראָפּ.

דאָס זעלבע אויך פון חרפה לאָזט מען דעם קאָפּ

---

1) זעה מענדעלע מוכר ספרים ב, VII ז. 20 וועגען האָהן, וואָס „געהט פערריסען דעם קאָפּ".

2) דאָרט ב. IV ז: 131 ב. II ז. 12.

3) א. בערנשטיין „קאָפּ" 4.

4) מענדעלע מוכר ספרים ב, I „די אלטע מעשה" ז. 14. זעה אויך ב VII ז. 117: „די נויט האָט איהם געהאלטען געפאנגען, איהם נישט געלאָזט אויפהייבען דעם קאָפּ".

אַראָפּ 1), דערפֿון מעגליך ווערט אויך געזאָגט בדרך גוזמא אויף־
אײנעם, וואָס איז אין אַ שווערע מצודה אהן אויסוועג; „ער פער־
לירט דעם קאָפּ". ס'קאָן אָבער זײַן דאָס מען מײנט דאָ מיט'ן
וואָרט קאָפּ צו בעצײכנען דעם שכל און פֿערשטאַנד. און דער טײַטש
איז: ער פֿערלירט דעם פֿערשטאַנד, ר'קאָן זיך קײַן עצה
געבען ר'איז „אַ אובד עצות". ווען אײנער פּאַסט אָבער מוטה און
פֿערלירט זיך נישט הײסט עס דאָס ער האָט דעם קאָפּ נישט
פֿערלוירען 2) אויף אײנעם וואָס קאָן זיך קײַן עצה נישט געבען
און גיט זיך אַיבער דער פֿערצווײפֿלונג, זאָגט מען בדרך הפלגה:
„ער געהט אַרום אָהן קאָפּ" 3) „ער געהט אַרום ווי
אָהן אַקאָפּ פֿאַר עגמת נפש" 4) מען זאָגט אויך: „צרות
נעמען דעם קאָפּ אַראָב" 5), אַז מען בעדויערט אײנעם,
שאָקעלט מען מיט'ן קאָפּ אויף איהם 6) אויך אויף
תנ"ך לשון הײסט עס אַזוי „ואניעה עליכם במו ראשי" 7) מען שאָקעלט
צו אויך, ווען מען איז מסכים צו אײנעם. אויך אין דער גמרא הײסט
עס: הרכן ראש.

אײנער וואָס פֿערליהרט זיך נישט אין אַ שווערען מאָמענט, „ער
האַלט קאָפּ", הײסט עס: „ער האָט דעם קאָפּ אויף די
פּלײצעס" דאָס הײסט: דאָס וואָס ער האָט אויף די פּלײצעס איז
טאקע אַ „קאָפּ!" 8) אויך הײסט עס: ער האָט דעם קאָפּ נישט פֿער־
לוירען נאָר ער איז נאָך אויף די פּלײצעס 9) פֿערגלײַך מיט דעם
דײַטשען — „Er hats Maùl aùf dem rechten Fleck" 10)

---

1) מענדעלע מו"ס ב. XV ז. 21 ב. II ז. 7, ב. VI ז. 24; שלום עליכם „טוביה דער מילכיגער" ז. 69: „דעם קאָפּ אַראָבגעלאָזט ווי אַ זינדיגער מענש". זעה אויך מענדעלע נו"ס ב. II ז. 31: ראש השנה ווערט אָנגעשריבען... ווער אָנהערען, ווער הויך ווערען, ווער האַלטען זאָל אַראָב און ווער אַרויף דעם קאָפּ".

2) מ. ספעקטאָר ב. I ז. 4.

3) מענדעלע כולל ספרים ב. V ז. ז. 37, 111: ב. VII ז. 36.

4) דאָרט ב. VIII ז. 346.

5) א. בערנשטײן „בראָנפֿען" 3.

6) מענדעלע מו"ס ב. VI ז. 111, ב. VIII ז. 410.

7) איוב ט"ז—ד.

8) שלום עליכם „טוביה דער מילכיגער" ז. 147: „און דערצו האָט ער אַ קאָפּ אויף די פּלײצעס נישט קײן לאָקשען טעפּעל".

9) מענדעלע מו"ס ב. VIII ז. 317: „דער קאָפּ איז מיר נאָך אויפֿ'ן אָרט".

10) Deutsches Sprichwörterbuch von Dr. F. Tetzner, Leipzig.

מען זאָגט אויך אין אזא פאל: ער האָט רעם קאָפּ אויף דער רעכטער זייט! פערגלייך מיט דעם העברעאישען אויסדרוק: לב חכם בימינו! 1)

אשטאָלצער מענש „בויגט נישט דעם קאָפּ" 2) דאַגעגען איינער, וואָס איז אונטערטעניג אונטער'ן צווייטען און טהוט אַלץ וואָס יענער פערלאַנגט, מוז ער פאַר איהם „דעם קאָפּ בויגען" 3) אויך פאַר אַגרעסערן מענש, פאַר וועלכען מען האָט דרך ארץ און אָבשיי ברויך מען דעם קאָפּ אָנבויגען 4).

דער מענש האָט געבוינען דעם קאָפּ פאַר'ן צווייטען אַלס סימבאָל, אַז ער מאַכט זיך קלענער פאַר איהם מען אַנערקענט יענעמס העכער־קייט. מיט דער צייט האָט מען זיך אזוי צוגעוואוינט צו דיעזער בעוועגונג אַז מען מאַכט עס שוין אינסטינקטיוו.

1) קהלת י' ב'.

2) מענדעלע מו"ס ב. XVI ז. 36: „גדלנים. ווילען נישט בויגען דעם קאָפּ".

3) דאָרט. ב. I ז. 10, ב. IX „א גרויע האָר" ז. 13.

4) שלום עליכם ב. II ז. 96.

## V

אין די רעדענסאַרטען, וואָס בעציהען זיך צום קאָפּ אין די אייראָפּעאישע שפּראַכען — זענען פערהאַנען פיעל, וואָס האָבען זייער אָבשטאַמונג אין די אַמאָליגע זעהר אָפּטע טויט־שטראָפען דורך געריכטס־אורטיילען, וועלכע זענען אויסגעפיהרט געוואָרען פון הענקער דורך אָבשניידען דעם קאָפּ, אָדער דורך דורכהאקען דעם האַלז. אין די אייראָפּעאישע שפּראַכען זענען פערהאַנען נאָך קאָפּ־רעדענסאַרטען, וועלכע בעצייכנען דאָס מפקיר־זיין דעם קאָפּ ד. ה. דאָס לעבען אויף די שלאַכטפעלדער און אין דועלען. אין דעם יודישען לשון האָבען מיר נישט אַ סך אַזעלכע רעדענסאַרטען, דאָך אייניגע פון דעם דאָזיגען סאָרט האָבען מיר אויך. אזוי זאָגט מען: „איך גיעב דעם קאָפּ“, „דעם האַלז“, אַז מיין השערה, אָדער מיינע רייד זענען אמת“, „ס'זאָל קאָסטען קאָפּ און קראָגען מוז איך ס'מייניגע אויספיהרען“. אמת קיינער מיינט נישט אין דער ווירקליכקייט זיך צו לאָזען דעם קאָפּ אָבשניידען — ער מיינט נאָר צו פערזיכער'ן, אַז ער איז איבערצייגט אין דער ריכטיגקייט פון זיינע ווערטער און וואָלט אויף דעם געקאָנט דאָס לעבען שטעלען, דאָך איז דאָס דאָזיגע אַרט רעדען גענומען פון דעם צוזעהען זיך, ווי טויט־אורטיילען ווערען אויסגעפיהרט. מען זאָגט אויך: „כ'געדענק נישט האָטש—נעם מיר דעם קאָפּ אַראָב“ 1) מען זאָגט אויך: „אַלץ קעפּען וועט מען מיך דאָך נישט“ 2) מען דראָהט אויך אָפּט: „געדענק כ'וועל דיר דעם קאָפּ אַראָפּדרעהען“, מען זאָגט אויך: „כ'האָב מורא, ער וועט מיר נאָך דעם קאָפּ אַראָפּדרעהען“ די דאָזיגע רעדנעסאַרטען זענען גענומען פון דעם אַרט טייטען די שטוב עופות, ווי היהנער און דאָס גלייכען דורך גויים אין טכויערען 3).

---

1) שלום עליכם „מבול“ ז. 97 ב. I ז. 120.

2) דאָרט „מנחם מענדעל“ — „א בכבוד'ע פרנסה“.

3) זעה מענדעלע מוכר ספרים ב. XIII ז. 105: „א חיה רעה האַפּט זיך אַריין אין טשערעוועס אויפ'ן סטעפּ, און דרעהט דאָרט שעפּעלעך נעביך אָב די קעפּ“.

אַז מ׳האַלט מענשען, וואָס קאָסטען אָב אַ סך עסען — הייסט עס, דאָס זיי „עסען, אָדער פרעסען אָב דעם קאָפּ״ 1), אויך דאָס איז גענומען פון דעם אַרט טויטען עופות דורך טכויערען.

אַראָפּדרעהען דעם קאָפּ, האָט אויך דעם זין, ווי פערדרעהען דעם קאָפּ, למשל, קינדער, וואָס טיילען צופיל אויס דער מוטער, ברויען אַרום א. א. וו. הייסט עס, דאָס זיי „דרעהען איהר דעם קאָפּ אַראָפּ״. מעגליך, דאָס מען מיינט דעם שלייער פון קאָפּ.

אין איבערגעטראָגענעם זין, ווען איינער האָט דעם אַנדערען אומגליקליך געמאַכט, ס׳געלד צוגענומען א. ד. ג. און מען וויל זאָגען „ער האָט איהם ס׳לעבען צוגענומען״ זאָגט מען: „ער האָט איהם געשאָכטען״ מען זאָגט אויך „ער האָט איהם גאָר דעם קאָפּ אַראָפּגענומען״ „ער האָט איהם דעם קאָפּ אָבגעשניטען״ 2).

ס׳איז אויך דאָ אַ ליצנות׳דיגע קללה: „ער וואָלט געמעגט זיין מיט אַ קאָפּ קלענער!״ ד. ה. מען וואָלט איהם געברויכט דעם קאָפּ אַראָפּצונעמען.

שוין אין תנ״ך געפינט מען דאָס מעסטען די הייך פון אַ מענש „מיט אַ קאָפּ העכער״ 3). אין איבערגעטראָגענעם זין, זאָגט מען אויף איינעם, וואָס איז גרויס געוואָרען סיי קערפערליך, סיי אין מדריגה און חשיבות: „ער איז אויסגעוואַקסען מיט אַ קאָפּ העכער״.

1) מענדעלע מו״ס ב. VI ז. ז. 118, 137.
2) שלום עליכם ב. II ז. 74.
3) „ויגבה מכל העם משכמו ומעלה״ שמואל א׳, י׳ כ״ג.
4) שלום עליכם ב. XI ז. 159

## VI

בּענשענדיג קינדער, אָדער זאָגאַר גרויסע מענשען, האָט מען פון אייביג אָן אַרויף געלעגט בּשעת מעשה די הענד אוי'פֿן קאָפּ פֿונ'ם געבּענשטען 1). איבּער דעם האָט מען ברכות צוגעשריבּען (אויך אין העבּרעאישען) צום קאָפּ 2). דערנאָך האָט מען די קללות אויך שוין אָבּגעשיקט צום שונא'ס קאָפּ 3). אזוי זאָגט מען מיט אַ פלוך: "צ ו  ז י ין  ק אָ פּ  צ ו  ז י ין  ל י יב  א ו ן  ל ע ב ע ן , וואָס ס'האָט געזאָלט זיין מיר און כל ישראל" 4). שלעכטע חלומות, אַז מען האָט זיי געוואָלט בּטל מאַכען 5) דורך הטבת חלום א. ד. ג., האָט מען נאָך געפֿונען פֿאַר נויטיג זיי אָנצוווייזען אַ וואוינונג אויף די שונאים'ס קעפּ. מען פלעגט צו זאָגען: "וואָס ס'האָט זיך מיר געחלומ'ט די נאַכט און יענע נאַכט — ז אָ ל  א ו י ס ג ע ה ן  צ ו  י ע נ ע מ ס  ק אָ פּ, ל י יב  א ו ן  ל ע ב ע ן" דערפֿון נעמט זיך דער אויסדרוק "ב ט ל נ ד י ג  צ ו  ז י ין  ק אָ פּ  ח ל ו מ ו ת" (מענדעלע מו"ס ב. I "ספר הבהמות" ז. 3). אז מען האָט איינעם גאָר ליעב נעמט מען אויף זיך דאָס, וואָס עס האָט בּעדאַרפֿט קומען אויף יענעמס קאָפּ; דען דאָס פֿאָלק האָט געג=

---

1) זעה די מעשה פון יעקב'ן מיט זיינע איינניקלעך אפרים ומנשה אין פרשת "ויחי".

2) "ברכות אביך . . . תהיינה לראש יוסף" בראשית מ"ט — כ"ו. "ברכות לראש צדיק" משלי י' — ו'.

3) מענדעלע מוכר ספרים ב. XIV ז. 9: "אויסלאָזען צו זיין קאָפּ מיט א קללה".

4) דאָרט ב. VI ז. 66.

5) א. ל. ביסקא אין זיין יודיש=העברעאישען ווערטערבוך "אויסבייטלען" 2 שרייבט: "אויסבייטלען — המטר. אויסבייטלען בייזע חלומות אויף זיין קאָפּ — המטר מבול של קללות על ראשו". און אין אנ'אָנמערקונג גיט ער צו אז אזוי טייטשט אויך א. הארק אזוי.

עס איז אָבער זעהר נישט ריכטיג; דאָס וואָרט שטאמט פֿונ'ם העברעאישען "בטל". "ער בטל'ט חלומות" — איז דער טייטש: ער איז מבטל זיינע חלומות אויף יענעמס קאָפּ — אָנווייזענדיג זיי אַ וואוינונג אויף יענעמס קאָפּ. (זעה שמואל—ב' ג', כ"ט: "יחילו על ראש יואב". זעה אויך ירמיהו ל'—כ"ג: "על ראש רשעים יחול".

די נאכט צו ערב פסח רופֿט מען אויך אויף יודיש: "די נאכט צו המץ=בייטלען" — און דאָ איז אויך דער טייטש: "צו חמץ=בטל'ען", ווען מ'איז מבטל ס'חמץ, ס'זאָל זיין בעפרא דערעא.

לויבט, אַז מען קאָן איבערנעמען אויף זיך דאָס, וואָס עס ברויך צו קומען אויף יענעם, אַ שטייגער ווי רבקה האָט געזאָגט צו יעקב'ן: „עלי קללתך בני", און אַזאַ פּאַל זאָגט מען: „עס זאָל מיר זיין פּאַר דיין קאָפּ" 1). פון דעם דערמאָנטען האָט זיך אויך גענומען דאָס ווען מען וויל זאָגען, אַז דאָס שלעכטס פון אַ זאַך וועט אַרויף פאַלען אויף איינעם, זאָגט מען: אויסגעהען זאָל עס צו יענעמס קאָפּ 2). „ס'וועט זיך אויסלאָזען צו מיין קאָפּ 3). דען צרות, קראַנקהייטען, עגמת נפש, זידלערייען א. ד. ג. געהען אויס און לאָזען זיך אויס צום קאָפּ. מעגליך אז דאָ מיינט מען מיט'ן קאָפּ — אַלס דעם מקור פון חיות — צו בעצייכנען דעם מענש איינגאַנצען.

„אז אָח און וועה צו זייער קאָפּ צו זייער לייב און לעבען" 4) „אויסגעגאַנגען אַ צאָרן צו זיין קאָפּ! 5), „אויף דיין קאָפּ מיין האַרצוועהטאָג" 6).

פאַרהאַן אַז איינער איז אין כעס אויף איינעם, וואָס מען קאָן איהם גאָרנישט טהון, אָדער מען האָט פון אַ זאַך עגמת נפש און ס'האַרץ איז פול, דאן לאָזט מען אויס דעם כעס, דעם צאָרן, דאָס גאַנצע שווער און ביטערע געמיטה צום קאָפּ פון ערשטען און בעסטען 7).

ווען איינער איז אין אַ צרה הייסט עס „ס'איז. אַ קלאָג צו זיין קאָפּ". פערקעהרט, ווען איינער דערלעבט עפּעס גוטעס הייסט עס „אַ שמחה אויף זיין קאָפּ" אַז ער האָט עס דערלעבט 8).

איך רעכען אַז דאָס, וואָס מען זאָגט מיט קאַטאָוועס אויף איינעם, וואָס האָט געקריגען אַ קלאַפּ אין קאָפּ — „ער האָט געקריגען אַ בענש אין קאָפּ", בעציהט זיך צו דעם לייגען די האַנד

---

1) מעדנעלע מו"ס ב. IV ז. 140.
2) דאָרט ב. V ז. 7.
3) דאָרט ב. IX ז. 73.
4) דאָרט ב. VII ז. 249.
5) דאָרט ב, IV ז. 5.
6) דאָרט ב. VI ז. 19.
7) דאָרט ב. I „ספר הבהמות" ז. 41; ב. VIII ז. 288.
8) דאָרט ב. VIII ז. 323.

אויפ׳ן קאָפּ ביים בענשען איינעם. עס הייסט: מען האָט צוגעלייגט די הענד צום קאָפּ — ווי עס ברויך צו זיין. און אויף דער דאָזיגער רעדענסאַרט האָט זיך אודאי בעצויגען דער מאָנאָלאָג פון די קרייץ=טרעגער ביי מענדעלע מוכר ספרים ב. IV ז. 143:

„סטייטש, וועט הייסען עס אַ גאַנג פון מענשען
לאָזען זיך אזוי ווייט אין אַ לאַנד,
און ר׳ יודעלן פריהער ניט צו „בענשען״?
נאַ=זשע, זאָלסט געדענקען, אונזער האַנד!...

# VII

אַזוי ווי דער קאָפּ איז דאָס העכסטע, ס'אויבערשטע אבר פונ'ם גוף, דעריבער, אַז מען וויל זאָגען אויף איינעם, דאָס ער איז איינגעטינקט אין חובות ווי גרויס ער איז, זאָגט מען: „ער איז פערחייבט, פערשולדיגט איבער'ן קאָפּ". „אַז מען איז שולדיג דעם קירזשנער (פאַר'ן היטעל) איז מען אַ בעל חוב איבער'ן קאָפּ", זאָגט דאָס שפּריכוואָרט 1). אַז איינער האָט אַ סך געשעפטען הייסט עס, דאָס ער האָט געשעפטען איבער'ן קאָפּ 2) אַז איינער פאַלט אריין אין אַ שלעכט געשעפט, הייסט עס: „ער איז אַריינגעפאַלען איבער'ן קאָפּ", אָדער „ער האָט דערלעגט דעם קאָפּ" 3). ווילענדיג זאָגען אויף אַ מענש „פון אויבען ביז אַראָב" — זאָגט מען: „פון קאָפּ ביז פיס" 4) ווען איינער טהוט אַ זאַך פערקעהרט און פערדרעהט, זאָגט מען, דאָס „ער מאַכט מיט'ן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף,'.

ווילענדיג זאָגען אויף איינעם, דאָס ער וועט אויף קיינעם פאַל נישט טרעפען אַ זאַך, אָדער נישט אויספיהרען דאָס, וואָס ער וויל, זאָגט מען: „ער זאָל זיך אפילו אויפ'ן קאָפּ שטעלען" 5) „ער זאָל זיך אפילו שטעלען מיט'ן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף" 6), ביי שלום עליכם'ן הייסט עס: „ער זאָל אפילו געהען מיט'ן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף" 7).

ווילענדיג זאָגען אויף אַ זאַך, דאָס אויף קיין פאַל וועט זי נישט

---

1) א. בערנשטיין „קירשנער".
2) מענדעלע מו"ס ב. VII ז. 61.
3) דאָרט ב. II ז, 102.
4) דאָרט ב. X ז. 63, ב. IX ז. 89: „אָנגעקוקט פין קאָפּ ביז פוס", ב. XVI ז. 7: „ער איז א וואַרשאָווער פון קאָפּ ביז די פיאָטעס".
5) זעה א. בערנשטיין „שטעלען" 3. נישט אינגאַנצען ריכטיג ערקלערט.
6) מענדעלע מו"ס ב. X ז, 62.
7) שלום עליכם ב. VII ז, 82, ב. XII ז. 57.

געענדערט ווערען, זאָגט מען: ס'זאָלען אפילו קומען כל מלכי מזרח ומערב, זיך שטעלען מיט דעם קאָפּ אראָפּ און מיט די פּיסאַרויף וועלען זיי גאָרנישט פּועל'ן" 1)

מען זאָגט אויך בקיצור; „ס'זאָל אפילו אויפגעהען מזרח ומערב!" מעגליך, אז די רעדענסאַרט מיינט צו זאָגען: זאָלסט אפילו מאַכען, וואָס פּאָר אַ קונצען און ־שטיקלעך דו ווילסט. דען ביי קינצענמאַכער, איז די הויפּט קינץ, דאָס שטעלען זיך און געהען אויפ'ן קאָפּ. שלור אש שרייבט אָבער: „אַ קינד אַ וואונדער! אַמעריקאַ וועט אויפ'ן קאָפּ שטעהען" 2). די אָנשטאַמונג פון דעם דאָ־זיגען בעגריף איז מיר אונבעגרייפליך, זעה אָבער ווייטער ז. 35.

ווען איינער לויפט זעהר געשווינד, זאָגט מען אין יודישען מיט די פּוילישע ווערטער: ער לויפט „נאַ לעב נאַ שיע" (Na łeb na szyje). דער מיין איז, דאָס ער וועט פאַללען און אז מען פאַלט איבערהויפּט פון דער הויך — קעהרט מען זיך איבער און מען פאַלט מיט'ן קאָפּ ס'ערשטע נאכהער ערשט מיט'ן האַלז 3). פערגלייך אויך מיט'ן דייטשען "Hals über Kopf" (4.

אויף אַ אַלטען שמד'ניק און צבועק, זאָגט מען אין בעסראַביען: „מיט'ן קאָפּ צו דר'ערד, 5) מיט די פיס צום קלויס־טער".

---

1) מענדעלע מו"ס ב. X ז. 8.

2) פון שטוינונג. „אמעריקא" ז. 57.

3) זעה שלום עליכם ב. I ז. 230: „מיט'ן קאָפּ אראָב, מיט די פיס ארויף איבער אלע טרעפ".

4) זעה דעם ד"ר שראַדער'ס "Wundergarten der deutschen Sprache" ז. 180. זעה אויך ביי שלום עליכם'ן די קללות: „אין דער ערד מיט'ן קאָפּ!" (ב. II ז. 120), „מיט'ן קאָפּ אין דער ערד." (ב. III ז. 18).

5) ד. ה. ער איז שוין אַ זקן. זעה „די חברה קדושה סעודה" (ווארשאַ תרס"ז) ז. 17: „ר' אפרים איז שוין געווען אין ערך — אַ יוד פון אַ יאַהר אַכציג, ער איז שוין געגאנגען מיט דעם קאָפּ אראָפּ גילאָזט".

מיט דעם נאָמען „קאָפּ״ בעצייכענט מען פיעל געגענשטענדען, וואָס פערטראָגען עפּעס פון זיינע אייגענשאַפטען.

אזוי רופען מיר אָן „קאָפּ״ דעם אויבערשטען דיקען עק פון אַ שטעקען, נאָגעל א. ד. ג. מיר רופען אויך אָן דאָס רונדיגע, קיילעכ־דיגע, קאָפּ־ארטיגע קרויט־געוויקס — „הויפּטעל קרויט״ (הויפּט־קאָפּ). אזוי ווי דער קאָפּ איז דאָס העכסטע און חשוב׳סטע גליעד פונ׳ם קערפּער, דעריבער הייסט דער עלטסטער, אָדער חשוב׳סטער מענש און פיהרער „דער קאָפּ פון הויז״ — „פון דער שטאָדט״ 1) וויסענדיג פון דער פּראַקטיק, אַז ביי אַ העכער׳ן מענשען קאָן מען גיך־כער אַ זאַך זיך דערלערנען און אפילו אויכפּועל׳ן אַ טובה, איידער ביי די „לעפּעל־לייט״, וואָס ווילען נאָר וויזען זייער הערשאַפט און זענען צופריעדען, אַז עס מאַכט זיך זיי גאָר אַ געלעגענהייט אַרויסצוווייזען, אַז זיי זענען אויך עפּעס, זאָגט מען: „שטענדיג זאָל מען געהן צום קאָפּ״ 2). מען ווייס אויך, אַז אַלץ ווענדעט זיך פונ׳ם פיהרער, פונ׳ם טאָן־געבער און, אַז „מושל מקשיב על דבר רשע כל משרתיו רשעים״, — דעריבער זאָגט מען: „פון וואַנען שטינקט דער הערינג? — פונ׳ם קאָפּ״ 3). שלעכט איז אויך, אז עס איז אינגאַנצען קיין פיהרער נישטאָ אין הויז, שטאָדט א. ד. ג. דען „אַז דער קאָפּ איז נישטאָ געהט אלץ אין דער ערד אַריין״ 4).

---

1) מענדעלע מו״ס ב. VII ז. 178: „אין שטוב דער גאַנצער, קאָפּ״; שלום עליכם „מאָטיל דעם חזנ׳ס״ ז. 126: „אונזער פּ. ה״ער אונזער קאָפּ״. „די חברה קדושה סעודה״ ז. 24: „רבי בּיציל דער גרעסטער קאָפּ פון שטאָדט.״

2) ביי א. בערנשטיין „ביקען״: „ביקען זאָל מען זיך נאָר צום קאָפּ. זעה אויך „בעסער״ 36.

3) א. בערנשטיין „הערינג״, ווען אַ זאַך הויבט אָן קאַליע ווערען, איז מסתמא שולדיג דער פיהרער, ד. ה. דער קאָפּ פון געשעפט.

4) דאָרט „קאָפּ״ 2.

פֿון גרויס צער און פֿערצווייפֿלונג „שלאָגט מען זיך קאָפּ אין דער וואַנד". דאָס איז נישט ווי ה׳ אַנטאָני קראַסנאָוואָלסקי 1) נעמט-אָן — אלס נקמה אין קאָפּ, וואָס ער האָט זײַן אויפֿגאַבע נישט ערפֿילט און דעם מענש נישט פֿערהיטען פֿאַר׳ן אומגליק, דען אויך אויף זאַכען, אויף וועלכע עס איז קײַן עצה נישט פֿערהאַן און דער קאָפּ איז אין זיי גאָרנישט שולדיג -- ווי דער טויט פֿון נאָהנטע און געליעבטע — שלאָגט מען זיך אויך דעם קאָפּ אין דער וואַנד.

ריכטיגער איז אָנצונעהמען, אַז דאָס איז אַ מין וועלען אַ מעשה זיך אָנטהון. פֿערגלײַך מיט די זעלבע רעדענסאַרטען אין תלמוד חולין ל״ט: „רישיך והר״ (רש״י: הרי ראשך והרי הר הכה זה על זה) און אין מדרש איכה רבתי פ״א, נ״א „לא היה לו לצדקיהו דעת להטיח ראשו בכותל עד שיצאת נפשו״ זעה אויך קהלת רבה פ״י, ז׳ „טרף רישיה אגודא ומת״.

זעהר אָפֿט ווערט בענוצט אַלס קללה „שלאָג דיר קאָפּ אין וואַנד" 2). ווילענדיג די קללה פֿערווייכער׳ן, זאָגט מען: „שלאָג דיר קאָפּ אין קישען" 3). שלאָגען זיך קאָפּ אין דער וואנד — הייסט אויך אַרבײַטען מיט אַלע כוחות, מיט׳ן נרעסטען מסירות הנפש, ס׳זאָל אפֿילו אויסקומען מיט׳ן קאָפּ מוי-ערען צו ברעכען און די זאַך דערגרייכען 4).

איינער, וואָס געהט לעדיג, שלינג און שלאַנג, מיט׳ן תירוץ דאָס ער האָט נישט וואָס צו טהון, זאָגט מען איהם: „ס׳איז דאָ אַ עצה: שלאָג זיך קאָפּ אין וואַנד" 5).

---

„Przenośnie mowy potecznej" (1

2) א. בערנשטיין „משוגע" 3, „שדכן" 7.

3) דאָרט, „שלאָגען" 7. מענדעלע מוכר ספרים ב. IV ז, 30.

4) זעה מענדעלע מוכר ספרים ב. VII ז. 195, „טאטע מאמע שלאָגען זיך—שונאי-ציון—קאָפּ אין וואנד, אקערען מיט דער נאָז די ערד און זוכען אויס אזא בריליאנט..." זעה אויך ביי שלום-עליכם׳ן „סטעמפעניו" ז. 127, „יענער שלאָגט זיך קאָפּ אין וואנד פאר דיר, הארעוועט, קריכט אין דער ערד..:"

5) שלום-עליכם ב. XII ז. 108, „די רעוואָלוציע׳ ז. 17.

## X.

אַז מען וויל זאָגען, דאָס איינער רעגירט שוין צו פיעל מיט׳ן צווייטען, ער פערראַכטעט און ערנידריגט איהם, זאָגט מען; „ער טרעט איהם אויפ׳ן קאָפּ״ 1). ווילענדיג זאָגען, דאָס איינער געוועלטיגט מיט׳ן צווייטען און פרעגט נישט נאָך איהם, זאָגט מען: „ער קריכט איהם אויפ׳ן קאָפּ ארום״ 2). ווען דער צווייטער איז עס מקבל באהבה, הייסט עס: „ער לאָזט זיך טאַנצען אויפ׳ן קאָפּ״ 3). די דאָזיגע רעדענסאַרטען האָבען געוויס זייער אָבשטאַמונג פון דעם זעהר אַלטען מנהג צו טרעטען אויפ׳ן קאָפּ און דעם האַלז פון דעם געפאַלענעם פיינד 4), אין שפּעטערע צייטען האָט מען זיך בעניגען געלאָזט מיט שטעלען די קניה אויפ׳ן האַרצען פון׳ם בעזיעגטען.

ווילענדיג זאָגען, דאָס איינער האַלט דעם אַנדערען פעסט, דער לעצטער איז ביי איהם איינגאַנצען אין דער האַנד, זאָגט מען: „ער האַלט איהם ביים קאָפּ״ 5).

ווען איינער וויל עפּעס פון׳ם צווייטען געוואָהר ווערען דורך ערמה, פערפרעדענדיג יענעם די ציינהן, ביז ער בעקומט פון יענעם די נויטיגע ידיעה, הייסט עס: „ער קומט איהם אויפ׳ס קאָפּ״.

פון גרויס וואונדער און ערשטוינונג „חאַפּט מען זיך אַזש ביים קאָפּ אָן״ 6). מען חאַפּט זיך אויך אָן ביים קאָפּ, זעהענדיג אַ גרויסע אונערהערטע עולה, אָדער אין אַ גרויס פערלעגענהייט און צרה ווען מען „רייסט פון זיך שטיקער״ 7).

ווען דער קאָפּ מהוט וועה, בינדט מען איהם, כידוע, צו. דערי=

---

1) א. בערנשטיין „בידריג״ 1: „אַז מען האַלט זיך צו נידריג—טרעט יענער אויפ׳ן קאָפּ״. שלום-עליכם „יאָסעלע סאָלאָוויי״ ז. 32: „ער לאָזט זיך טרעטען אויפ׳ן קאָפּ״.

2) מענדעלע מוכר ספרים ב. XVI ז. ז. 6, 58.

3) שלום-עליכם „סטעמפעניו״ ז. 78

4) יהושע יוד—כ״ד. מדרש אסתר-רבה פ״י ד׳.

5) מענדעלי מוכר ספרים ב. V ז, 40

6) דאָרט ב VI ז. 56.

7) זעה דאָרט ב. I ספר הבהמות ז. 12, ב. VII ז. 146

בער, ווילענדיג זאָגען אויף איינעם, דאָס מען האָט איהם בכלל ווצה געטהון, זאָגט מען: „מען האָט איהם דעם קאָפּ צוגעבינדען". איינער, וואָס איז נישט מיט אַלעמען, ער איז אַ ביסעל נאַריש, אַ ביסעל תמ'עוואַטע, הייסט עס; „איהם פעהלט א קלעפּקע אין קאָפּ" 1) ד. ה. דער קאָפּ, דער שכל איז ביי איהם נישט אינגאַנצען אין אָרדנונג, ווי ביי אַ פּעסעל פון וועלכען מען נעמט=צו אַ קלעפּקע און עס צופאַלט. נאָכהער האָט זיך פון דעם ענטוויקעלט צו מיינען, אַז דער מענש ברויך צו האָבען א קלעפּקע אין קאָפּ, און קוים האָט ער נאָר אַ קלעפּקע איז שוין גוט. אַזוי אַ שטייגער זאָגט מנחם מענדל: „מען דאַרף נאָר האָבען אַ קלעפּקע אין קאָפּ און קאָנען אויסמאַרקירען מיט'ן שכל" 2).

„ווען זי זאָל האָבען אַ קלעפּקע אין קאָפּ" 3).

„בערעכען זיך צו דו האָסט נאָך אַ שטיקעל קלעפּ=קע אין קאָפּ" 4), און נאָך אַ וואַריאַנט געפינען מיר ביי שלום עליכם'ן: „אַ מענש דאַרף האָבען אַ זיבעטע קלעפּקע און בע=דאַרף פערשטעהן" 5).

---

1) מענדעלע מוכר ספרים ב. X ז. ז. 15, 118

2) שלום-עליכם „מנחם=מענדעל", „ס'פידעלט נישט"

3) דאָרט ב. XI ז. 231

4) דאָרט ב. X ז. 198, ב. XII ז. 81

5) דאָרט ב. X ז. 94

וועגען דער צאָהל „זיבען", וועט אויספיהרליכער גערעדט ווערען אינ'ם „וואָונדער-אוצר", ביי דער אָבטהיילונג, וואָס וועט בעהאנדלען דעם ארט פון צאָהלען אין דער יודישער שפראך;

# XI.

אַזוֹי ווִי אַ שכּור פֿערלִירט דעם פֿערשטאַנד און עס פֿלאָנטערט זִיך אִיהם אִין קאָפּ, דערִיבּער ווערט ווֶעגֶען משקה גערעדט, גלַייך זִי וואָלט געגאַנגען דִירעקט אִין קאָפּ אַרַיין. „ער האָט אַ כּוֹסה אִין קאָפּ" 1) — זאָגט מען אוֹיף אַ שכּור. מען זאָגט אויך: „בּראָנפֿען אִיז אַ שלעכטער שלִיח: מען שִׁיקט אִיהם אִין בּוֹיך אַרַיין, קרִיכט ער אִין קאָפּ אַרַיין" 2). אוֹיף אַיינעם וואָס אִיז גוּט אָנגעשכּור'ט, זאָגט מען: „ער האָט מעהר אִין קעפּעל, ווִי אַן אַנדערער אִין פֿלעשעל" 3).

דאָס שפּרִיכוואָרט: „אַ למדן אַ מופלג, אַ קאָפּ ווִי אַ קופֿלעק" 4), בּעצִיהט זִיך צוּ אַיינעם, וואָס אִיז כּלומר'שט אַ אַיידעלער יוד און לִיבּט דִי כּוֹסה 5), דען kuflik האָט געהַייסען דער גלעזערנער גרוֹיסער כּוֹס מִיט וועלכען מען פֿלעגט טרִינקען בִּיער אִין דִי שענקען, דערִיבּער אִיז דאָ דִי גלַייכעניש, אַ קאָפּ, ווִי אַ קופֿעל בִּיער, ד. ה. דער קאָפּ אִיז „כּלו משקה". אַוֹיף פּוֹילִיש ווערט גערופֿען „קופלִיק" אויך דער שכּור דער וואָס לִיבּט דעם כּוֹס.

1) מענדעלע מו"ס ב. I „דִי אלטע מעשה" ז. 6; ב. VII ז. 192.

2) א. בערנשטיין „בּראָנפֿען" 2.

3) זעה דאָרט „שכּור" 12.

4) דאָרט „למדן" 3.

5) בּדרך ליצנות זאָגט מען עס אָבער אויך אִיף אַ שכּור אַ עם־הארץ גמור.

## XII.

ביי געשלעגען ליידט גאנץ אָפט דער קאָפּ. „מען רייסט זיך ביי די קעפּ"; מען רייסט איינער דעם אַנדערען אָב דעם קאָפּ" (זעלבסטפערשטענדליך בדרך גוזמא) 1), „מען פלעט דעם קאָפּ, דעם מ׳ח" 2). פערהאַן אויך דאָס אַ פלוצלינגער געדאַנק און איינפאַל „גיט אַ קלאַפּ אין קאָפּ" 3): ווען איינער קומט צו לויפען מיט גרויס עגמת נפש, מיט אַ גרויסע צרה, הייסט עס אויף דער בילדער שפּראַך: „ער קומט מיט אַ צובליטען קאָפּ", „מיט אַ צעיושעטען קאָפּ" 4).

אַלאָך אין קאָפּ", אַלס איינע פון די געפערליכסטע וואונדען, ווערט זעהר אָפט בענוצט אין יודישען צו בעצייכענען אַ מסוכן׳דיגען וואונד, אַזוי זאָגט ס׳שפּריכוואָרט: „שלאָג מיר ניט אַלאָך אין קאָפּ און לייג מיר ניט צו קיין פּלאַסטער" 5), ד. ה. לא מעוקצך ולא מדובשך.

אַז מען וואַרפט איינעם מיט קראַפט ארויס פון אַ שטוב, אַזוי אַז דער קאָפּ שלאָגט זיך אָן אין דער טהיר און פראלט זי אויף הייסט עס: „ער האָט געעפענט מיט׳ן קאָפּ די טהיר" 6).

אַז ס׳פאַלט איינעם אַ שטיין אין קאָפּ אַריין, איז עס נישט פון די אָנגענעמסטע זאַכען, ווען איינער בעקומט אַ גרויסע ירושה, זאָגט מען בדרך הלצה: „ער האָט נעבעך געקריגען אין קאָפּ אַריין אַ ירושה פון כך וכך". ווען איינער וויל זאָגען, דאָס אַ געוויסע דאגה און עול וועט אויף קיינעם נישט אַרויספאַלען נאָר אויף איהם — זאָגט ער: „וועמען וועט עס פאַלען אין קאָפּ אַריין אַז נישט מיר?"

---

1) מענדעלי מו״ס ב. I „די אלטע מעשה" ז. 21.
2) דאָרט ב. VI ז. 23. ב. XIII ז. 95. מ. ספעקטאָר ב. I ז. 125.
3) מענדעלי מו״ס ב. VI ז. 69.
4) שלום עליכם ב. XII ז. 110. „מבול" ז. 240.
5) א. בערנשטיין „שלאָגען" 8 זעה אויך „שטאָק" 1, „וואָרט 15, „מוטער" 48.
6) שלום עליכם ב. VII ז. 255.

# XIII.

ביי דער חתונה פֿלעגט מען די כלה דעם קאָפּ בעדעקען און פֿון דאמאָלס אָן האָט זי שוין די האָר מעהר נישק ענטפּלעקט. מען פֿלעגט נאָך דעם קאָפּ אָבגאָלען און תּמיד איהם האַלטען פֿערדעקט[1]. דעריבער ווען די מוהמע שיינצע טאַפּט זיך ביים קאָפּ און זאָגט: „שוין, ברוך השם, אַ צוגעדעקטער קאָפּ"[2], מיינט זי: „שוין ברוך השם, חתונה געהאַט". עס איז מיר אָבער אונפֿערשטענדליך, וואָס מענדעלע מוכר ספרים מיינט שרייבענדיג: „מיידען מיט צוגעדעקטע קעפּ"[3].

האָבען אַ שטיקעל מקום=מנוחה וואו ס'איז, אַבי דורכצוקומען, הייסט בדרך מליצה: „האָבען וווּ דעם קאָפּ אנידערצולעגען, אָנצושפּאַרען"[4].

ווילענדיג זאָגען, אַז אויף אַ אָרט איז געוועזען פֿול מענשען אָנגעפּראָפּט, זאָגט מען: „ס'איז געווען קעפּ אויף קעפּ"[5], „מען האָט זיך געשטופּט אויף די קעפּ"[6], „מען איז געשטאנען קעפּ אויף קעפּ"[7], געשטאַנען איינער ביי'ם אַנדערען אויף די קעפּ"[8].

ווילענדיג זאָגען אויף איינעם, דאָס ער איז זעהר צופֿרידען, זאָגט מען: „דער גאַנצער קאָפּ לאַכט אין איהם", „דער קאָפּ שיינט אויף איהם". דען זייענדיג צופֿרידען האָט דער מענש אַ פּנים=שוחקות.

---

1) מענדעלע מו"ס ב. VIII ז. 402: „זי גאָלט ווי געהעריג דעם קאָפּ, בעדעקט איהם גוט מיט א קאָפּקע".

2) דאָרט, ז. 236 זעה אויך ז. 235: „דערנאָך שוין, אין די יאָהרען, גענומען פּלוצ- לים און צוגעדעקט דעם קאָפּ — חתונה, הייסט עס, געהאט"...

3) ב. VII ז. 4.

4) דאָרט ב. VII ז. ז. 222, 266, 275.

5) פּרץ, „אין פּאָליש אויף די קייט" ז. 13.

6) מענדעלע מו"ס ב. VI ז. 36.

7) שלום עליכם ב. X ז. 186, „מבול" ז. 453.

8) דאָרט, „יאָסעלע סאָלאָוויי" ז. 65.

# די האָר.

האָטש מען געהט ביי יודען פּערדעקט די האָר פֿון קאָפּ, סיי
ביי מענער סיי ביי פֿרויען, און האָטש די האָר האָבען קיין שום אַקטיווע
טעטיגקייט נישט צו ערפֿילען, דאָך זענען זיי נישט געבליבען פֿער-
באָרגען פֿונ׳ם פֿאָלקס-אויג, און צווישען די יודישע רעדענסאַרטען האַ-
בען מיר אַ היבש ביסעל, לפֿי הערך, וועלכע זענען געבאָרגט און גע-
נומען פֿון די האָר.

שטאַרק האָט זיך געוואָרפֿען דעם מענשען אין די אויגען דער
פֿאַקט, וואָס די האָר ענדערען זייער פֿאַרב און קאָליר אין די עלטע-
רע יאָהרען אויף גרוי. „אין די גרויע האָר דערקענט מען
די יאָהר” זאָגט דאָס פֿאָלק 1) און דעריבער שוין אין תנ״ך האָט
מען זיך בענוצט צו בעצייכנען דעם עלטערען לעבענס-אַלטער דורך
דער קאָליר. „מפּני שיבה תקים” א. ד. ג. דאָס זעלבע איז אויך אין יו-
דיש. זעהר שען איז דער יודישער אויסדרוק: „גרויע האָר זענען
קברות בלעטלעך” 2). פֿערגלייך מיט׳ן דייטשען „קירכהאָפֿס-
ראָזען”.

געוועהנליך האָט מען אָנגענומען, אַז אַ יוד מיט אַ גרויען קאָפּ
בעדאַרף צו זיין קלוג און פֿערשטענדיג, דען „זאָרג און יאָהר —
מאַכען גרוי די האָר” 3) און פֿון די דאָזיגע צוויי זאַכען ברויך
מען קלוג צו ווערען. עס איז אָבער אין כּלל בלי יוצא, און פֿאַרהאַן
אַמאָל אַ מענש, וואָס האָטש ער איז אַלט אין יאָהרען האָט ער דאָך
יונגען שכל, אויף אַזאַ איינעם זאָגט מען: „אַ קאָפּ מיט גרויע
האָר און גרינעם שכל” 4) און מען זאָגט אויך: „וואָס קומט
אַרויס פֿון אַ גרויען קאָפּ, אַז דער שכל איז גרין” 5) ד
ה. דער שכל איז נאָך נישט רייף און צייטיג.

דאגות און צרות מאַכען דעם מענשען גרוי. ווען אַ קינד טיילט
אויס צרות די עלטערן, זיי האָבען פֿון איהם עגמת נפֿש, זאָגט מען:
„ער מאַכט זיי גרוי און אַלט”. ווילענדיג זאָגען אויף אַ בתולה, אַז זי

1) א. בערנשטיין, „האָר” 1.
2) דאָרט, „האָר” 2.
3) דאָרט „זאָרג” 1
4) דאָרט „קאָפּ” 6.
5) דאָרט 13.

וועט פֿערזיצען אַלס מיידעל ביז אין די עלטער אַריין, זאָגט מען „זי וועט פֿערזיצען ביז צום גרויען צאָפּ״, 1) דען ווייבער האָבען דאָך קיין צעפּ נישט געטראָגען, נאָר בלויז מעדלעך, אַלזאָ זאָגט מען דאָס זי וועט נאָך טראָגען אַ גרויען צאָפּ. דער געדאַנק וועגען דעם גרויען צאָפּ איז געוועזען ביי יודען עטוואָס שרעקליכעס, ווי זאָגט שפּריכווערט: „ערגערס איז שוין, דאַכט זיך, גאָר נישטאָ, ווי צו זיצען ביז דעם גרויען צאָפּ, און בפֿרט נאָך ביי יודען״ 2), זעה אויך ביי שלום עליכם'ן: „חלילה, איך זאָל גאָרנישט דערלעבען מען זאָל אויף מיין קינד זאָגען: „ביז דער גרויער צאָפּ!״ 3)

געלע האָר זענען ביי יודען נישט געליבט. אַ תרתי לריעותא — אַ טאָפּעלער חסרון הייסט דעריבער „אַ פּאַרך מיט געלע האָר״. דאַגעגען ביי די אַלטע רעמער און גערמאַנער זענען בלאָנדע און בעזונדערס גאָלד-געלע האָר געוועזען דאָס שענסטע, און אויף אַ מענש, וואָס איז קיינמאָל נישט צופֿרידען, זאָגט מען: „לא די ער האָט בלאָנדע האָר — וויל ער נאָך זיי זאָלען איהם געקרויזעלט זיין״ 4).

געלע מענשען האַלט מען ביי יודען פֿאַר זעהר קלוגע און מען זאָגט: „אַ געלער מאַכט קיין פֿעהלער״. 5) יעדען געלען רופֿט מען אויך „רמאי״ 6), דען מען האַלט געלע מענשען פֿאַר גרויסע שווינדלערס דעריבער רופֿט מען שוין אָן אַ געלען אויך: „לבן הארמי״. דער זעלבער גלויבען עגזיסטירט, וואָס אמת, אויך ביי פֿיעל אַנדערע פֿעלקער. מיר האָבען אָבער צוויי עכט יודישע ערקלערונגען דערצו; מען זאָגט, אַז געלע בערד האָבען זייער אָבשטאַמונג פֿון פֿאָלגענדער מעשה:

בשעת משה רבינו האָט דעם פֿאָלק געגעבען צו טרינקען דאָס וואַסער מיט'ן אַש פֿון עגל, וועלכעס האָט בעדאַרפֿט טייטען די, וועלכע האָבען געדינט צום עגל (שמות ל״ב, כ׳), האָבען די שווינדלערס און רמאים זיך בלויז געמאַכט טרינקען, און אין אמת'ן האָבען זיי עס געגאָסען דערנעבען אויף די באָרד, איז די באָרד געוואָרען אָבגעברענט — געל, אַלזאָ זענען דאָך די געל-בערדיגע שווינדלערס. מען

1) „סערקעלע״ (וואַרשאָ 1875) ז. 24

2) מענדעלע מו״ס ב. IX ז. 95.

3) יאָסעלע סאָלאָוויי ז. 149. זעה אויך ז. 141 און 164.

4) זעה ד״ר שראַדערס „Wundergarten der deutschen Sprache“. זעה אויך הערשכערג „ההלבשה העברית הקדומה״ ז. 68 אָנמערק נג 1.

5) א. בערנשטיין;

6) נאָמבערג ב. I (וואַרשע תרס״ח) ז.ז. 46, 51: „געלער רמאי״. זעה אויך א. בערנשטיין „רויטער״ 2. „אַ רויטער (אָדער אַ זעלער) איז אַ רמאי״.

ערקלערט עס אויף דערמיט, וואָס דער ושט האָט צוויי הויטען, די אויסווייניגסטע איז רויט און די אינווייניגסטע איז ווייס. (זעה די גמרא חולין מ״ג „שני עורות יש לו לושט חיצון אדום ופנימי לבן״). דער-פון זעהען מיר אַלזאָ, דאָס ווער ס'איז רויט פון אויסען, איז אינווייניג „לבן״... 1) מען זאָגט אויף; „פאַר אַ רויטען זאָל מען זיך היטען״, „אַ רויטען (געלען) מוז מען יונגערהייט (וואַר. אין פנקס) פערשרייבען״ ווארום, אַז ער וועט אַלט און גרוי ווערען, וועט מען שוין נישט דערקענען זיך צו היטען פאַר איהם 2).

ווילענדיג זאָגען אויף איינעם, דאָס ער איז שוין אין די עלטערע יאָהרען, און איז שוין גרוי און שוואַך, זאָגט מען זעהר שען: „ער איז שוין אַ איינגעזייפטער״.

ווען איינער פאַלט אַריין אין אַ שלעכט געשעפט, ער געפינט זיך אין אַ שווערע לאַגע און געפינט נישט קיין אויסוועג, הייסט עס אויף „ער איז גוט איינגעזייפט״ 3).

גענומען איז דאָס בילד פון די פריזירערס, ווען עס קומט אָן אַ גרויסער עולם זיך ראַזירען און ער האָט מורא, אַז די אומגעדולדיגע וועלען זיך נישט וועלען דערוואַרטען און וועלען אַוועק לויפען צו אַ צווייטען, זעצט ער קודם אַלע אַוועק און זייפט זיי איין, יענע מוזען שוין נעבעך זיצען און וואַרטען נישט האָבענדיג קיין ברירה, 4)

אויף אַ אַלטען מאַן זאָגט מען ער איז „גרוי ווי אַ טויב״ —ווייס ווי שניי״.

מען האָט אַ מאָל געפרעגט איינעם אַ לץ אויף אַ אַלטען מאַן, וואָס ער מאַכט, זאָגט ער: ר'מאַכט ווי דער ווינטער — ר'איז ווייס ווי שניי און פרעסט...

---

1) זעה אויף מלים בלשוני פון צ. נ. גאָלאָמב ז. 338. רמזים דערויף פון אלטע יודישע ספרים אזוי א שטייגער דער „תשבי״ ברענגט אויף געלע דעם מאמר: „הזהרו מן הצבועים״. אַנ'אַנדערער מחבר ברענגט אויף געלע דעם פסוק: „שער צהוב — וטמא אותו הכהן״. ויקרא י״ג—י״ב.

2) א. בערנשטיין „רויטער״ 1, 3.

3) ביי שלום עליכם'ן (יאָסעלע סאָלאָוויי ז. 32, 90) הייסט „זי האָט איהם גוט אָנגעזייפט״ — גוט אָנגעזידעלט.

4) זעה פרץ „שוועסטער״ ז. 23 : „איבערגעלאָזט אָנגעזייפטע בעסט״.

## II

אַמאָל אין די אַלטע צײַטען האָבען גאַנץ אָפט אויך מאנספּערשוינען געטראָגען לאַנגע האָר בײַ יודען.

אַזוי האָבען געטראָגען לאַנגע האָר נזירים און נביאים, ווי שמשון און אליהו הנביא. און, אַז אלישע האָט געהאַט אַ גאָלען קאָפּ, האָט מען איהם אַלס שאַנד און שפּאָט נאָכגעשריגען „קרח!" (גאָלער). לאַנגע האָר האָט אויך געטראָגען אבשלום דוד׳ס זוהן.

און די שולמית ריהמט די שײנע שוואַרצע לאָקען פֿון איהר געליבטען 1). אויך אין די שפּעטערע צײַטען, אין די צײַטען פֿון בית שני האָט מען זיך געצאַצקעט מיט לאַנגע האָר.

אַמאָל, ווערט פֿערציילט, איז געקומען צום כהן גדול שמעון הצדיק אַ יונגער שעגער פּאַסטוך, אַ נזיר, זיך אָבצושערען זײַנע האָר לויט׳ן נדר. שמעון הצדיק קוקט איהם אָן — ער זעהט זײַן שען געשטאַלט און זײַנע שענע לאָקען און פֿרעגט איהם פֿערוואונדערט: קינד מײַנס! ווי פּאַלסט דו אויס צו ווען פֿערניכטען דײַנע פּראַכטפּול־געלאָקטע האָר? „מה ראית להשחית שערך זה הנאה?" 2).

נאָך שפּעטער אפּילו אין די צײַטען נאָכ׳ן חורבן האָט מען אויך נאָך געקוקט מיט עהרע אויף מענשען מיט שענע געלאָקטע האָר. מעשה בר"י שהלך לרומי, אמרו לו תינוק אחד יש בבית האסורים יפה עינים וטוב רואי וקווצותיו סדורות לו תלתלים (גטין נ"ח). אויך בײַ די רעמער אין יענער צײַט זענען לאַנגע האָר געווען א צײַכען פֿון פֿרײַהײַט און אַריסטאָקראַטיזם 3). אין די שפּעטערע צײַטען אָבער האָבען יודען על־פּי־רוב שוין קײַן לאַנגע האָר נישט געטראָגען — איבערהויפּט אין די צײַטען, אין וועלכע יודיש עגזיסטירט אין דער יודישער גאַס.

כמעט דאָס זעלבע איז אויך געוועזען בײַ דער יודישער פֿרוי.

---

1) שיר השירים ה׳—י"א.

2) נדרים ט.

3) פֿונ׳ם ערשטען בריעף צו די קארינטיער XI אין עוואנגעליום האבען מיר גארנישט צו לערנען, ער איז נישט געשריבען נישט פֿון און נישט פֿאר יודען.

אמת, שוין אין די עֶלטסטע צײַטען האָבען פֿרויען בײַ יודען זיך פֿער־דעקט די האָר. מבזה צו מאכען אַ סוטה האָט מען איהר די האָר אָבּגעדעקט און צולאָזען.

„מכאן לבנות ישראל שגלוי הראש גנאי להן", זאָגט דער ספרי.

אַז אַ יודישע פֿרוי איז געגאַנגען מיט אַ ענטבלויזטען קאָפּ האָר, איז איהר געקומען אַ גט אָהן אַ כתובה.

דאָך האָבען אמאָל די יודישע פֿרויען געטראָגען לאַנגע האָר און דערמיט זיך געציהרט און שטאָלצירט. זעה שיר השירים רבה פ"ד—ג': „האשה הזאת, כשמצמת שערה לאחוריה תכשיט היא לה".

און רבי זאָגט, אַז ווען אַ אשה טהוט אַ נדר אין נזירות — זי זאָל זיך ברויכען אָבשערען די האָר, קאָן דער מאַן שטערען און זאָגען: „איך וויל נישט אַ אָבגעגאָלטע ווײַב" — אי אפשי באשה מגולחת" (משנה נזיר פ'ד—ה') 1).

אין די צייטען אָבער ווען יודיש האָט געהערשט אין דער יודשער גאַס, האָבען די יודישע פֿרויען זיך אינגאַנצען אָבגעגאָלט די קעפּ, אַזוי אַז פֿון לאַנגע האָר האָט גאָר קײַן רייד נישט געקאָנט זײַן און די צײַט, אין וועלכע זיי האָבען יאָ געטראָגען די האָר, ד. ה. — די מיידעלשע יאָהרען, איז אין די גאַנצע יודיש־צײַט געוועזען אויסערסט קורץ. ווי זאָגט מענדעלע מוכר ספרים: „יונגע מיידלעך זענען אין אונזערע צײַטען כמעט גאָרנישט געוועזען. עס זענען געווען יונגע ווײַבלעך, כלות און קינדער" 2).

דאָך זאָגט מען אויך אויף יודיש, ווי אין אַ סך אַנדערע לשונות אויף פֿרויען: „לאַנגע האָר און קורצער שכל" 3). דער געדאַנק פֿון דעם דאָזיגען שפּריכוואָרט, גלויב איך, איז:

די פֿרוי מעג זײַן נאָך אַזוי שען, מיט וואָס פֿאַר אַ לאַנגע האָר, האָט זי דאָך גאַנץ ווייניג שכל.

ווען אַ פֿרוי געהט אָהן אַ קופּקע אָדער שייטעל, הייסט עס: „זי

1) די פֿרויען־געגנער האָבען אָבער געלאַכט פֿון די לאַנגע האָר פֿון דער פֿרוי אין געדרש'נט, אַז די לאַנגע האָר פֿון דער פֿרוי זענען אַ גלײַכעניש צו לילית מיט איהרע האָר, „ומגדלת שער כלילית", עירובין ק'. זעה אויך דעם פּרק „יפיה והתיפותה של האשה בזמן התלמוד" פֿון א. ש. הערשבערג. „העתיד" IV תרע"ב.

2) ב. IX ז. 55.

3) א. בערנשטיין „ווײַב" 42. פּרץ ב. VIII ז. 227. שלום עליכם „יאָסעלע סאָלאָוויי" ז. 19. „דאָס שטערענטיכעל", אָקסענפעלד ז, 10

געהט אין די האר". ביי מענדעלע מוכר ספרים 1) געפונען מיר אבער א אויסטערלישע רעדענסארט: „ווען נישט איהר, וואלטען מיר נעבעך געקאנט געהן מיט די האר", ד. ה. ווען נישט איהר וואלטען מיר ארויס פון געשעפט בדיל=הדל.

וואס פאר א שייכות האט א היזק און דלות צום געהען ניט די האר? מעגליך ס'האט עפעס עהנליכעס צום געדאנק פונ'ם פסוק אין איוב י"ט—כ': „ואתמלטה בעור שני", ס'זאל אלזא הייסען — כ'וואלט ארויס נאקעט בלויז מיט די האר.

1) ב. VI ז 88.

## III.

ביי פֿערשידענע חיות בעמערקט מען, דאָס בשעת כּעס, אָדער שרעק שטעלען זיך זיי די האָר קאַפּויר. צי איז ביים מענשען אויך אַזוי, דאָס איז מיר אונבעקאַנט. יעדענפֿאַלס איז אָהן צווייפֿעל, דאָס דער מענש פֿיהלט גלייך עס וואָלט אַזויווירקליך געוועזען, און מען זאָגט: „די האָר שטעלען זיך אויף" 1) פֿון שרעק אויך צוזעהענדיג אָדער ציהערענדיג שרעקליכע זאַכען. די דאָזיגע רעדענסאַרט, זאָגט ה' קראסנאָוואָלסקי 2), איז דאָ אין אַלע שפּראכען. מיר בעגעגענען זי שוין ביי ווירגיליוס'ן. אין אַנדערע שפּראַכען רעדט זיך אָבער בלויז, אַז „די האָר שטעלען זיך אויף", די פּוילישע שפּראַך איז דאָ אָבער פֿיעל מ...לערישער". אויף פּויליש זאָגט מען: „די האָר שטעלען זיך אויף ווי דעמבעס".

ביי מענדעלי מוכר ספֿרים געפֿונען מיר טאַקע בלויז די רעדענס=אַרט „די האָר שטעלען זיך קאַפּויר" 3), מען בענוצט אָבער אין רעדען „האָר און נעגעל שטעלען זיך אויף" אויך ביי פּרץ'ן האָבען מיר „האָר און נעגעל שטעלען זיך קאַפּויר" 4). דאָס אויפֿשטעלען זיך פֿון נעגעל איז מיר אונפֿערשטענדליך. איך גלויב אָבער, אַז דאָ האָט מען געברויכט צו זאָגען, אָדער געמיינט צו זאָגען „האָר ווי נעגעל" ד. ה. אַז די האָר שטעלען זיך אויף ווי נעגעל און עס איז גענומען פֿונ'ם ביבלישען אויסדרוק „תסמר שערת בשרי" 5). אונזער רעדענסאַרט איז אַלזאָ גענוג מאַלעריש, אָבער ווינציגער איבערגעטריבען ווי די פּוילישע דעמבעס.

---

1) מענדעלע מו"ס ב. XIII ז. 101.

2) אין זיין ווערק „Przenośnie mowy potocznej".

3) ב. V „די ענטדעקונג פֿון וואָלין" ז. 3. פֿערהאַן נאָך א נוסח: „די האָר געהען קאַפּויר" זעה „די הפיר וועלט" (ווארשא תרס"ב) ז, 34: „דאָס שטערינטיכעל" אָקסענפֿעלד, ז, 41

4) „פֿאָלקסט. געשיכטען" ז. ז. 31, 173. אין „די גאָלדענע קייט" ז. 15 שרייבט ער ברמז: מויל און אויערען — האָר און נעגעל (שטעלען זיך אויף) — קרענק און אונטערגענג (וועלען זיין), זעה אויך „סערקעלע" (ווארשא 1875) ז, 19: „האָר און נעגיל שטעלין זיך מיר גיפּויר".

5) איוב ד'—ט"ו. זעה אויך תהלים קי"ט—ק"כ.

## IV

אַזוֹי ווי דעֶר מעֶנש האָט אַ אונגעֶהוֹירעֶ צאָהל האָר (ביז 130 טוֹיזעֶנד), דעֶריבעֶר, אַז מעֶן וויל אוֹיף איינעֶם זאָגעֶן דאָס עֶר האָט אַ סך חובות, זאָגט מעֶן: „עֶר האָט נישט אַזוֹי פיעל האָר אוֹיפ׳ן קאָפּ“ [1]. אזוֹי ווידעֶר, ווי אַ האָר האָט אַ גאַנץ קליינעֶם ווערט ביי אַ מעֶנשעֶן, צי עֶר האָט אַ האָר מעֶהר, אָדעֶר אַ האָר ווינציגעֶר, דעֶריבעֶר, ווענדיג בעצייכנעֶן אַ זאַך אָהנעֶ ווערט, רוּפט מעֶן עֶס אָן: אַ „האָר“. אַזוֹי זאָגט מעֶן: „אז מעֶן גיט דעֶם טייוועֶל אַ האָר — וויל עֶר גאָר“ [2] ד. ה. מעֶן טאָר דעֶם טייוועֶל באַלד נישט נאָכגעֶבעֶן דאָס מינדעֶסטעֶ, ווי אין תלמוד: כך דרכו של יצר הרע היום אומר לו עשה כך ומחר אומר לו עשה כך, עד שיאמר לו לך ועבוד עבודה־זרה.

ווילעֶנדיג זאָגעֶן אוֹיף איינעֶם, אַז עֶר איז פעֶר׳חייב׳ט איבעֶר׳ן קאָפּ, און די מינדעֶסטעֶ זאַך געֶהעֶר נישט איהם, זאָגט מעֶן: „די האָר אוֹיפ׳ן קאָפּ זעֶנעֶן נישט זיין“ [3]. אַז מעֶן האָט פון אַ קאַרגעֶן אַרוֹיסבעֶקוּמעֶן עֶפּעֶס אַ סוּמעֶ, ווי אַ נדבה, אַ פּאַפּיראָס א. ד. ג. זאָגט מעֶן: „עֶלעֶהיי פון אַ חזיר אַ האָר אוֹיסגעֶריסעֶן“ [4].

---

1) שלום עליכם ב. XI ז. 355. מענדעלע מו״ס ב. IX ז. 31. אויך אין תנ״ך: „רבו משערות ראשי“, תהלים ס״ט—ה׳.

2) א. בערנשטיין „טייבעל“ 1.

3) דאָרט „האָר“ 3. שלום עליכם ב. XIII ז. 160 בי XII ז. 61. א עהנליכען אויסרוק געפינען מיר אין דער משנה נדרים פ״ט—ה׳: „אמר לו ר׳ עקיבא אפילו אתה מוכר שער ראשך אתה נותן לה כתובתה“: מען ווייזט אָן, אז ר׳ עקיבא׳ן האָט געברענגט צו דער דאָזיגער מליצה דאָס, וואָס זיין פרוי האָט פערקויפט די האָר פון איהר קאָפּ, אום ער זאָל קענען לערנען תורה. (זעה ש״י איש הורוויץ „השחר“ שנה י״ב)

4) א בערנשטיין „מצוה“ 2: „א מצוה פון א חזיר...“. מענדעלע מו״ס ב. VI ז. 34: „פון א חזיר א האָר איז אויך גוט, ביי א חזיר איז א מצוה צו רייסען“.

דען איבעראַל הייסט אַ קאַרגער -- אַ „דבר אחר" 1), דען פֿון אַ חזיר קאָן קיין יוד אויף דעם מינדעסטען נישט נהנה זיין. מיט די האָר פֿלעגען אָבער יודען האַנדלען און פֿון זיי הנאה האָבען. אַלזאָ פֿון דעם חזיר פֿלעגען יודען הנאה האָבען נאָר פֿון די האָר, דעריבער, אַז עס מאַכט זיך איין האָר אפילו, ד. ה. ס'מינדעסטע פֿון אַ דבר אחר איז אויך גוט 2). זעה אויך א. מ. דיק „נטע גנב" (ווילנא תרמ"ז) ז. 46: „אין אים און זיינער טאָכטער, וואַר קיין גוטע האָר".

---

1) זעה שלום עליכם „מבול" 29: „א דבר אחר, קיינער האָט פֿון איהם קיין הנאה געהאט",

אויך אין שרכנ'ס ביכעל שטעהט פֿערשריבען: „ר' נתן — גביר, ממון קורח, דבר-אחר גדול" (מנחם מענדעל).

א חזיר איז בכלל דער סימבאָל פֿון א גביר: „לית דעתיר מחזירא" (שבת קנ"ה). אויף יודיש רופֿט מען חזיר נאָר אזא גביר, וואָס מען קאָן פֿון איהם קיין הנאה האָבען: „א קארגער, א חזיר" (מענדעלע מו"ס ב. XI ז: 137).

2) זעה אויך גאָלאמב „מלים בלשוני" ז. 146.

## V

ווילענדיג זאָגען אויף א זאַך, אַז זי וועט דעם מענשען גאָר נישט שאַדען און עס וועט פון איהם גאָר נישט אָבקומען, זאָגט מען אויף פּיעל לשונית: „ס'וועט איהם אַ האָר פון קאָפּ נישט פּאַלען". די דאָזיגע רעדענסאַרט האָבען מיר שוין אין תנ"ך 1). אין תנ"ך ווערט עס אָבער בענוצט דאָרט, ווי עס האָט איינעם גע-דראָהט טויט-שטראָף, און מיט די דערמאָנטע ווערטער האָט מען איהם אָבגעראַטעוועט. דערינער ברויכען מיר אָנצונעמען, דאָס אַם אָנפאַנג האָט עס געהייסען: נישט בלויז דער קאָפּ וועט איהם צו דער ערד נישט פּאַלען, נאָר אפילו די האָר פון'ם קאָפּ אויך נישט. אויף יודיש זאָגט מען: „קיין האָר זאָל נישט פון איהם געריהרט ווערען" 2) און ווי אין דייטשען: „קיין איין האָר אויפ'ן קאָפּ וועט איהם גישט געקרומט ווערען" 3) ד. ה. נישט בלויז קיין אבר וועט נישט נעקרומט ווערען, נאָר אפילו אויך נישט אַ האָר, וואָס איז בויגזאַם און קרימט זיך אָהן וועהטאָג און אָהן שאַדען

1) שמואל א' י"ד—מ"ה: ,,הי ה' אם יפול משערת ראשו ארצה", שמואל ב' י"ד—י"א: ,,חי ה' אם יפול משערת בנך ארצה".

2) מ. ספעקטאר ב. II ז. 4.

3) פרץ פּאָלקסט. געשיכטע ז. 283, מענדעלע מו"ס ב. IV ז. 139, ב. XVI ז. 21.

האָר זענען זעהר דין און שוואַך, גרינג און לייכט, דאָס האָט געגעבען אַ וואָרט צו די פאָלגענדע רעדענסאַרטען: אויף אַ זאַך, וואָס הענגט גאַנץ שוואַך, וואָס האָט אַ גאַנץ קנאַפּען האַפט און האַלט ביי פאַלען, זאָגט מען: „ס'הענגט אויף אַ האָר" 1). אויף איינעם, וואָס איז געוועזען אין אַ גרויסע סכנה, זאָגט מען: „ס'לעבען האָט איהם געהאָנגען אויף אַ האָר" 2). ווילענדיג בעגרייפען די דערמאָנטע רעדענסאַרט ברויכען מיר אפילו נישט צו צוקומען צו די מעשה פון „דעמאָקלעס'עס שווערד".

אויך אין דער גמרא געפונען מיר שוין „הררים התלויין בשערה", 3).

צוליב דעם, וואָס אַ האָר איז זעהר דין און שמאָל און פערנעמט אַ גאַנץ קליינע ברייט, דעריבער, ווען אַ זאַך איז שיער געוואָרען אזוי צי אַזוי, עס האָט דערצו געפעהלט נאָר אַ גאַנץ קליינינקייט, זאָגט מען: „ס'האָט געפעהלט אַ האָר" ס'זאָל זיין אזוי צי אזוי.

ווען איינער האָט געטראָפען אַ זאַך אויף פונקט, זאָגט מען: „ער האָט נישט געחיביעט (chybieć — פערפעהלט) אויף אַ האָר". ווען ער האָט שיער געטראָפען און געפעהלט נאָר מיט אַ קליינינקייט, זאָגט מען: „ער האָט געחיביעט אויף אַ האָר". די לעצטע רעדענסאַרטען האָבען מעגליך אַ שייכות צו די ביבלישע ערצעהלונגען וועגען די בני בנימין (שופטים כ׳, ט"ז) „קולע באבן אל השערה ולא יחטא".

ווען מען וויל זאָגען אויף צוויי מענשען דאָס זיי זענען אויסער־געוועהנליך ענליך איינער צום צווייטען, וואָלט געווען די גרעסטע גוזמא צו זאָגען, אַז זיי זענען אַזוי ענליך, דאָס עס פעהלט נישט איינעם קעגען צווייטען אַ האָר. פון דאַנען בעצייכענט מען יעדע ענליכקייט

---

1) מענדעלע מו"ס ב. V „איבער אַ שטאָדט" ז. 6.

2) דאָרט ב. IV ז. 87. פרץ ב. II ז. 2: „דעמאָלט הענגט די נשמה אויף אַ האָר".

3) אויך ביי מאָריס ראָזענפעלד ב. II ז. 147: „אין די שאַכטען הענגט דאָס לעבען אויף אַ האָר". חגיגה יו"ד. זעה אָבער „ערוך השלם" פון קאָהוט אַ גירסא: „התלויין בסערה".

מיט די ווערטער: „ס'איז געגנע, ס'זאָל פעהלען אַ האָר" 1).

מען זאָגט אויך: „געקאָנט גרינג ווי א האָר איינ=
עלינגען" 2), „נישט אָפטרעטען אויף אַ האָר" 3),
„דין ווי אַ האָר" 4), „ס'אַרט מיך נישט אויף אַ האָר" 5).
„פּיהלען אויף קיין האָר" 6) און אַזוי ווייטער.

---

1) שלום עליכם, „מאָטיל דעם חזנ'ס" ז. 214. מענדעלע מו"ס ב. VII ז. 24:
„יענעמס נאטור, ס'זאָל פעהלען א האָר".

2) מענדעלע מו"ס ב. XIII ז. ...

3) דאָרט ז. 109.

4) דאָרט ב. VII ז. 112.

5) דאָרט ב. IV ז. 46.

6) דאָרט ב. VI ז. 8.

## VII

פון גרויס צער און עגמת נפש רייסט דער מענש זיך די האָר פון קאָפּ 1) אויך ביי איוב'ן שטעהט „ויגז ראשו” 2), ווילענדיג זאָגען „וואָלסט געהאַט גרויס עגמת נפש”, זאָגט מען דעריבער „וואָלסט אויף זיך די האָר פון קאָפּ געריסען” 3).

אויף דער דאָלינע פון דער האַנד וואַקסען קיינמאָל קיין האָר נישט, ווילענדיג זאָגען, אַז אַ זאַך וועט קיינמאָל נישט פאָרקומען, זאָגט מען: „ס'וועט געשעהן, ווען אויף דער דאָלינע וועלען האָר אויסוואַקסען” 4), אָדער מען ווייזט מיט אַ פינגער אויף דער האנד און מען זאָגט: „ווען מיר וועלן דאָ האָר אויסוואַקסען!” 5) ביי מענדעלי מו"ס 6) געפונען מיר אַ אויסטערלישע רעדענסאַרט: „איך בין אַ שוטה תמ'עוואַטע, ווייס נישט ווער עס האָט מיך געשוירען” אויף וואָס דאָס בעציהט זיך איז מיר אונבעקאַנט.

---

1) זעה מענדעלע מו"ס ב. VII ז. 168. אויך מ. ראָזאַנפעלד ב. II ז. 289: „איהר וועט די האָר זיך רייסען”.

2) איוב א', כ'.

3) שלום עליכם ב. II ז. 70, „לכבוד יום טוב” ז. 246.

4) דאָרט „יאָסעלע סאָלאָווײ” ז: 21.

5) דאָרט „יודישע קינדער” ז. 71. „סערקעלע” (ווארשא 1875) ז, 31: „אזוי ווי מיר וועט דאָ האָר ארויסוואקסען אזוי וועט זי...”

6) ב. VI ז. 39.

# די הויט.

I

די רעדענסארטען, וואָס בעציהען זיך אין יודיש צו דער הויט — צייכנען זיך אויס מיט זייער טונקעלקייט, און די אָבשטאַמונג פון זייער גרעסטען טייל איז וויט פון צו זיין פערשטענדליך. מיר וועלען זיי כסדר פערצייכנען און זיך בעמיהען על־כל־פנים צו פערשטעהן, וואָס מען מיינט מיט זיי צו זאָגען.

ווען מען וויל זאָגען אויף איינעם דאָס ער האָט קיין צייט נישט, ער איז אונגעדולדיג און איילט זיך שטאַרק, זאָגט מען: „די הויט ברענט אויף איהם". פון וואַנען נעמט זיך דער אויסדרוק „די הויט ברענט", און וואָס פאַר אַ שייכות האָט דאָס צו איינעם, וואָס איילט זיך?

מעגליך, אַז דאָס איז ווירקליך אַ פיזיאָלאָגישע ערשיינונג, דאָס פון שטאַרקען אונגעדולד ווערט דעם מענשען הייס און די הויט גליהט אויף איהם. עס שיינט אָבער צו זיין ריכטיגער, אַז דאָ מיינט מען צו זאָגען, אַז דער מענש וואַרפט זיך און דרעהט זיך ער קאָן נישט איינזיצען אָדער איינשטעהן אויפ'ן אָרט, גלייך מען וואָלט איהם די הויט געברענט.

דען אויף צו בעצייכנען דעם זעלבען בעגריף פון איילען זיך — בענוצט מען זיך אויך מיט די רעדענסארטען „ער שטעהט ווי אויף שפילקעס", „ווי אויף הייסע קויהלען".

די אַלע רעדענסאַרטען האָבען אַ אָנגעהער (ווי נאָך פיעל אַנדערע, וועגען וועלכע מיר וועלען רעדען אויף אַ געהעריג אָרט) צו די אַלטע באַרבאַרישע און אינקוויזיציאָנס געריכטען, וועלכע האָבען געברענט דאָס לייב פון מענשען, אָדער געשטעלט די לעצטע אויף שפילקעס, צי אויף לעבעדיגע קויהלען, אַלס שטראָף פאַר פערשידענע פערברעכען, אָדער אום זיי צו צווינגען זיך מודה צו זיין אויף בעשולדיגונגען, וועלכע מען האָט געגען זיי אויסגעשטעלט. —

## II

זײַלענדיג זאָגען, דאָס אײַנער איז געוואָרען פּלוצים אויסערגעוועהנליך שטאַרק איבעררצשט פון שרעק, וואונדער, כעס אָדער שמחה, אָדער דאָס ער איז געווען שטאַרק אונגעדולדיג, זאָגט מען: „ע ר א י ז ש י ע ר פ ו ן ד י ה ו י ט אַ ר ו י ס ג ע ש פ ר י נ ג ע ן“ 1). מען שפּרינגט אויך אויס דער הויט ביי גרויס אָנשטרענגונג, ווען מען האָט אַ סך צו טהון און פערשיעדענעס צו בעזאָרגען 2). אויך אַ אָרימאַן שפרינגט פון דער הויט אַרויס דערזעהענדיג אַ גראָשען 3). יעצט מוז שוין דער לעזער אַזוי גוט זיין און זיך זעלבסט מטריח זיין און טרעפען מחמת וואָס, איז „מאָיסיע אַנדרעיעוויטש“ 4) פון דער „שקוראַ“ געשפּרונגען?

פון וואַנעט האָט זיך גענומען אַזאַ וואונדערליכער אויסדרוק, ווי אַרויסשפרינגען פון דער אייגענער הויט? אַזוי פרעגט ה' קראַסנאָוואַלסקי 5) און ער נעמט אָן, דאָס מיט דער דאָזיגער רעדענסאַרט ווילען מיר בעצייכנען אַ שטאַרקע אויפלעבונג, אָדער אויפרעגונג, ביי וועלכער דעם מענש ווערט ווי צו ענג אין זיך זעלבסט און ער וואָלט גערן

1) מענדעלע מו״ס ב. XI ז. 34: „בין איך פשוט אויס דער הויט געשפרונגען פאַר גרויסע חאונדער“. ב. VII ז. 61: „דער עולם ווערט משוגע, שפרינגט אויס דער הויט, הערענדיג די שענע זאכען פון חזן“. דאָס זעלבע ב. IX ז. 48: „אנידערגעלעגט א דאווגען, אז מען איז אויס דער הויט געשפרינגען און געלעקט די פינגער פאַר מתיקות“. ווידער ב. VIII ז. 309: „ר' אשר איז פאַר גרויס פערדרוס פון דער הויט געשפרינגען“. ב. V ז. 66: „שפרינגט פון דער הויט פאַר צרות“. ב. VI ז. 16: „אקאָרשט פון דער הויט נישט ארויסגעשפרינגען פאַר כעס“. ביי מ. ספעקטאר ב. II ז. ז. 144, 108 פאַר גרויס ליבשאפט. ביי א מחלוקה און מחיה — מענדעלע מו״ס ב. V „איבער א שטאָדט“ ז. 23. פון אונגעדולד — ביי שלום עליכם ב. X ז. 134. פון אויפרעגונג — ביי מענדעלע מו״ס ב. XVI ז. 38.

2) פרץ ב. II ז. 146 „פאַר פסח בין איך שיער נישט אויס דער הויט געשפרונגען פון שארען, רייבען און קראצען“. מענדעלע מו״ס ב. X ז. 63: „ער האָט געארבייט אויף אלע כלים און שיער נישט געשפרינגען פון דער הויט“. זעה אויך ב. IX ז. 12.

3) א. בערנשטיין נומער 262.

4) פרץ ב. II ז. 224.

5) „Przenośnie mowy potocznej“. ב. I

אַרויסגעשפּרינגען און זיך בעפרייט. און דאָס האָט אַ שייכות צום גלוי־
בען, אַז דער קערפּער איז נישט מעהר נאָר אַ לבוש, אַ וואוינונג פאַר
דער נשמה, וועלכע קאָן איהם צו יעדער צייט פערלאָזען.

אויף איין אָרט ווייזט אויס, אַז מענדעלע מוכר ספרים האָט אויך
אַזוי אָנגענומען, דעריבער שרייבט ער: „איבערכאַפּענדיג איינמאָל די
מאָס (פון טרינקען בראָנפען) בין איך אַרויס פון די כלים ד. ה.
התפשטות הגשמיות, אַרויסגעשפּרונגען פון דער הויט און געוועזען בגילוי־
פּנים אויף דעם זיבעטען הימעל!" 1)

די רייד לאָזען זיך אָבער עפּעס נישט אַזוי גרינג רעדען, דען
דאָ ווערט דאָך נישט גערעדט וועגען דער פערבינדונג פון די נשמה
מיט'ן גוף, נאָר פון גוף מיט דער הויט.

ווען מיר קוקען זיך גוט צו צו אונזערע רעדענסאַרטען, זעהען
מיר, אַז דאָס פאָלק מיט זיין פּאָעטישע אויפפאַסונג און מיט זיין אי־
ראָנישען אַרט רעדען, האָט זיך בעצויגען צו דער הויט נישט ווי צו
עפּעס אַזוינס, וואָס איז נאָר אַ טפל צום גוף און זיינס אַ בעשטענדיגער
אונאָבטיילבאַרער טייל, נאָר ווי צו אַ געגענשטאַנד אַ פאַרזיכדיגען
און זעלבסטשטענדיגען, אין וועלכען דער גוף געפינט זיך נאָר ווי צופעליג.

אַזוי צום ביישפּיל, אַז מען פרעגט איינעם, ווי אַ צווייטער איז
און ער וויל נישט, אָדער ווייסט נישט צו ענטפער'ן ריכטיג, ענטפערט
ער מיט ליצנות: „ע ר א י ז א י ן ד ע ר ה ו י ט".

אויף איינעם, וואָס מאַכט זיך תמ'עוואַטע, פאַר אַ נעביכעל, אַ
שאינו יודע לשאול און איז „סקריטנאָ", בעהאַלטען אין זיך, זאָגט מען:
„ע ר פ ג ר'ט א י ן פ ע ל י כ ע ל' 2). אויך שלום אַש שרייבט: „און
מ א י ר ג ע ה ט אַ ר ו ם א י ן ז י י ן ה ו י ט, ו ו י אַ פ ר ע מ ד ע ר"
(„אַמעריקאַ" ז. 97). זעה אויך „סערקעלע" (וואַרשאָ 1875) ז. 7, 61: וועט זי זיך
אָבער נישט מודה זיין, ווינטש איך מיר אָסור נישט אין איהר הויט צו שטעקען
(דען מען וועט זי שטאַרק שלאָגען און פייניגען). מיר וועלען דאָס זעלבע בע־
מערקען אין נאָך איניגע רעדענסאַרטען. אויך ווען איינער שטרענגט זיך אָן
מיט כל הכוחות צו טהון עפּעס, הייסט עס: „ע ר ק ר י כ ט פון דער ה ו י ט" 3).

מיר ווייסען אויך, אַז ביי גרויס אויפרעגונג קאָן אַ מענש נישט

1) ב. I ספר הגלגולים ז. 9.
2) זעה ווייטער דעם ווייטער ציטירטען זאַץ פון מענדעלע מו"ס „די אַלטע מעשה" ז. 10.
3) מענדעלע מו"ס ב. II ז. 103: „שלמה'לע איז פון דער הויט געקראָכען צו דיענען
פריידעלס עלטערן". ב. VII ז. 223: „איך טהו, אַרבייט, קריך אויס דער הויט". זעה אויך
בז. ספעקטאַר ב. I ז. 36.

אײַנריִהען און נישט אײַנזיצען און ווען מען הערט וועגען אַ גרויסען אונרעכט און חוצפּא, וואָס רעגט אויף, זאָגט מען: „כ׳קען נישט אײַנזיצען״! אָדער „עס הויבט מיך אויף״ „ס׳הויבט מיך אונטער!״

נאָך דעם אַלעם בעטראַכטען, איז אונז, שוין גרינגער צו פֿער־שטעהן, פֿאַרוואָס אויף אויסערגעוועהנליך שטאַרקע אויפֿרעגונג, וואָס קומט דערצו פּלוצים, ווערט געזאָגט, דאָס עס האָט אַזוי שטאַרק פּלוּ־צים און קרעפֿטיג אַ הויב געטהון, דאָס מען איז שיער פֿון דער הויט אַרויסגעשפּרונגען. זעהענדיג ווידער, ווי אַ פֿערד, למשל, אַז עס שלעפּט אַ שווערען וואָגען בכל הכוחות, ווי עס ציהט זיך אויס אינגאַנצען צום שלעפּען, האָט מען עס אויפֿגעפּאַסט, ווי אָט, אָט קריכט עס אַרויס פֿון דער הויט. דערצו מוז מען נאָך אין אַכט נעמען, אַז דאָס שפּרינגען און קריכען פֿון דער הויט געפֿינט זיך אין דער נאַטור בוכשטעבליך. אַזוי קריכען, ווי בעקאַנט, אָפּט די שלאַנגען אַרויס פֿון זייער אַלטע הויט, און וועגען דעם אַרויסשפּרונגען פֿון דער הויט, לאָמיר הערען, ווי מענדעלע מוכר ספרים שילדערט אונז, ווי אַזוי דאָס קומט פֿאָר. אַזוי שרײַבט ער: „פֿיעל קלײנע שרצים׳לעך ווערען נאָך דעם אַרויסקריכען פֿון׳ם איי מגולגל בײַ׳ם לעבען אין דרײערלײ געשטאַלטען, כסדר אײנע נאָך דעראַנדערער: אין דער געשטאַלט פֿון אַ ווערעמעל, וואָס קריכט נאָר און פֿרעסט; דאָס ווערעמעל מאַכט זיך שפּעטער תּם, קלומפּערשט ווי געפּגר׳ט, מיט אַ פּנים׳על גאָר עפּעס טאַקי אַ ליאַלקע, און פֿון דער שטילער ליאַלקע שפּרינגט דערנאָך פֿון דער העלער הויט אַרויס אַ באַבאָטשקע, אַ זומער פֿויגעלע, וואָס צושפּרייט די פֿליגעלעך און פֿליהט — העהע — גאַנץ הויך״ 1).

1) ב. I „די אַלטע מעשה״ ז. 10 זעה אויך ז. 12

## III

וועז אײנער שרעקט זיך זעדר און האָט שטאַרק מורא פֿאַר אַ
זאַך, זאָגט מען דאָס „ד י ה ו י ט צ י ט ע ר ט א ו י ף א י ה ם" 1).
די רעדענסאַרט שטאַמט פֿון דער פֿיזיאָלאָגישער ערשײנונג דאָס פֿון
שרעק ווערט די בלוט-צירקולאַציע שוואַכער און דעם מענש ווערט
„ק אַ ל ט א י ן ד י ג ל י ע ד ע ר" און אַ ציטערניש געהט דורך דער
הויט. דאָס בילד פֿון הויט ציטערן איז גענומען פֿון פֿערד, ווי מענדע-
לע מוכר ספרים שרײַבט: „ס'ציטערט אויפֿ'ן פֿערד. ס'טרײסעלט זיך אויף
איהם די הויט" 2) „אַ טרעסע געבענדיג דערבײַ מיט דער גאַנצער פֿעל
פֿון אויבען ביז אַראָב" 3).

אויף לצנות מיט איראָניע שרײַבט מען צו שלאָגען און קלעפּ
נישט דעם גאַנצען קערפּער, נאָר דער הויט 4), גלײַך נישט דעם קער-
פּער, נאָר די הויט מײנט מען. דערבײַ רופֿט מען אויך די הויט אָן
נישט „הויט", נאָר „ל ע ד ע ר", „פֿ ע ל" און „ס ק ו ר אַ" ד. ה. גלײַך
עס וואָלט נישט געוועזען הויט פֿון אַ מענשען, נאָר פֿון אַ בהמה אָדער חיה.

אַזוי, אַז מען דראָהט אײנעם, דאָס ער וועט קריגען געשלאָגען,
זאָגט מען: „ה י ט ד י ר ס'ל ע ד ע ר!" „ה י ט ד י ר ד י ס ק ו-
ר אַ", „ד י פֿ ע ל". אויף אײנעם, וואָס האָט געקריגען געשלאָגען,
זאָגט מען: „מ ע ן ה אָ ט א י ה ם אָ נ ג ע ה אַ ק ט אַ ל ע ד ע ר",
אָדער „אָ נ ג ע ק ל אַ פּ ט א ל ע ד ע ר" אויך „צ ו ק ל אַ פּ ט אַ ל ע-
ד ע ר". אין אַנדערע שפּראַכען גיבט נאָך פֿיעל מעהר רעדענסאַרטען
אין דעם דאָזיגען זין און נאָך פֿיעל שטאַרקערע, דען אין אַנדערע
שפּראַכען שרײַבט מען צו דער הויט, נישט נאָר קלעפּ, נאָר אויך יע-

---

1) מענדעלע מו"ס ב. VIII ז. 419 ; „אויף די מלמדים ציטערט די הויט". ב. II ז. 62 : „יודישע קינדער געהען אין וואַלד קלײַבען יאַגאָדעס און עס ציטערט אויף זיי די הויט, אַט קומט עשו..."

2) ב. I „ספר הבהמות" ז. 22.

3) דאָרט ז. 25.

4) פֿערגלײַך איוב ב', ד': „עור בעד עור" און דער „מצודות" שרײַבט: „שאם יבוא מי להכות בעור פניו ישים ידו לקבל ההכאה בעור היד".

דע געפאַהר און סכנה פאַר'ן קערפּער און זאָגאַר פאַר'ן לעבען. דע־ריבער געפינען כּיעל איין, אַז די דאָזיגע רעדענסאַרטען האָבען זיך אַם אָנפאַנג בעצויגען ווירקליך נאָר צו די כּעל פון חיות, אויף וועל־כע מען האָט זיך געיאָגט נאָר צוליב די פעל און דער עיקר האָט מען געטראַכט נאַר וועגען זייער פעל און שפּעטער ערשט האָט זיך די דאָזיגע אַרט רעדען איבערגעטראָגען זויך אויף די הויט פון מענשען 1).

עס קאָן אָבער אויך מעגליך זיין, אז דער אַויס־דרוק „די הויט ציטערט" מיינט צו זאָגען איינפאַך, דאָס די הויט ציטערט, מורא האָבענדיג פאַר קלעפּ, שפּעטער האָט זיך דער אויסדרוק פערשפּרייט אויך אויף יעדע מין שרעק. עס ווערט נאָך ביי יודען זעהר אָפּט בענוצט אַ פּויל׳ישער אויסדרוק, וועלכען איך האָב ביי ה' קראַסנאָוואָלסקי נישט געפונען.

ווען איינער האָט זיך פערקויפט צום צווייטען און טהוט אַלץ נאָר לויט יענעמ׳ס פערלאַנג, נישט אַכטענדיג דערביי אויף יושר, אמת און אייגענעם כבוד, רופט מען איהם מיט פעראַכטונג „ספּזשעדאַנאַ סקורא" „Sprzedana skóra". דיזער אויסדרוק שיינט צו זיין זעהר אויסטערליש, וואָס עפּיס האָט מען זיך דאָ אָבגעשטעלט אויף די סקו־ראַ? מיר וועלען אָבער דעם אויסדרוק פערשטעהן לויט דעם, וואָס מיר האָבען שוין געשריבען, אַז יעדע סכנה, ווי קריגען קלעפּ, געשלאָגען א. ד. ג. בעציהט זיך אין פאָלקס־מויל צו דער הויט, אָדער אויפ'ן פאָלקס־לשון — פעל־סקוראַ. דעריבער איז דאָס געוועזען דער שטייגער אָנצורופען מיט פעראַכטונג די, וואָס האָבען זיך פערקויפט צו די פּריצים און ריטטער זיך צו שאָגען פאַר זיי: „פ ע ר ק ו י פ ט ע פ ע ל" דען זיי האָבען זייער פעל פערקויפט און מכּקיר געוועזען צו סכנות, וואונדען, קלעפּ א. אז. וו. נאָכהער האָט זיך די רעדענסאַרט פערשפּרייט אויף יעדען מין פערקויפען זיך און די נשמה.

מיר ברויכען נאָך אויפמערקזאַם צו מאַכען, אַז „זעלנער" ווי „סאָלדאַט" הייסט אין דער ווירקליכקייט אַ מענש, וואָס דיענט פאַר געלד, פאַר אַ געוויסען געהאַלט, דען דער מקור פון די ווערטער איז דאָס לאַטיינישע Solidum און איטאַליענישע Soldo, וועלכע הייסען: אַ געלד־סוממע, פּענסיע, בעצאָהלונג.

---

1) פערגלייך אויך ביי שלום עליכם'ן ב. XIII ז. 248: „וועט ער וועלען ראַטעווען זיין אייגענע פעל". זעה אויך „כתבים פון א וואַיאַזשאַר" ז. 19: „מען דערלעגט די הויט, מען ווערט בדיל הדל".

## .IV

ווען איינער איז אויסערגעוועהנליך מאָגער און דאַר, זאָגט מען מיט איבערטרייבונג און גוזמא: „ע ר א י ז ה ו י ט א ו ן ב י י ן" 1), ד"ה ער האָט אויף זיך נישט „קיין לויט פליזש נאָר הויט און ביין" 2), ווען איינער איז נאָך דאַרער זאָגט מען: „ס'איז אַ סקעלעט!".

אַ טונקעלע רעדענסאַכט איז דאָ: „פ ו ן דער ה ע ל ע ר ה ו י ט" 3) מעגליך, אַז דער בעגריף איז גענומען דערפון, וואָס עס טרעפט זיך עס מאַכט זיך אָהן שום בעוואוסטע סיבה א געשוויר אויף א האַנד, אָדער אויף אַ אַנדער אָרט אויף'ן קערפער, און דאָס הייסט ס'האָט זיך געמאַכט פון דער העלער הויט — מען זאָגט אויך פון דער הייל ע ר הויט.

און נאָך אַ טונקעלע רעדענסאַרט האָבען מיר; ווען טוביה'ס פערד'ל האָט זיך ביי'ם גביר אין שטאַל גוט אָנגעפרעסען און זיך ס'האַרץ דערחאַפט, זאָגט טוביה: „מיין פערד'ל איז געוואָרען גאָר נישט דאָס וואָס פריהער: אַ נ י י ע ר פ ע ל איז א ו י ף ד ע ם א ו י ס ג ע = ו ו אַ ק ס ע ן", 4) „אַ ז ע ס ק ו מ ט ש מ ח ת ־ ת ו ר ה ו ו ע ר ט א ו י ף א י ה ם אַ נ י י ע ה ו י ט, עס איז איהם גאָר נישט צו דערקענען" 5), „ער האָט זיך ממש מחיה געווען, אַ נייע הויט אויף איהם געקומען" 6), מעגליך אַז דאָס שטאַמט אויך דערפון וואָס נאָך פערשידענע קראַנקהייטען, ווי טיפוס א. ד. ג. קריכט דעם מענש אָב די אַלטע הויט, און אַז ער ווערט געזונד, צוריק מענש, און קומט צו די כוחות בעקומט ער אַ נייע הויט.

---

1) מענדעלע מו"ס ב. V ז. 93.

2) דאָרט ב. X ז. 105.

3) דאָרט ב. VII ז. 50: „פלוצים פון דער העלער הויט הויבט ער זיך אָן שעהמען". ב. I „אויף אסיפות" ז. 9: „מאכט זיך פון דער העלער הויט א שריפה". ב. VI ז. 135: „רעדען מיט א מענשען און פון דער העלער הויט ארומשטעקען איהם מיט פעדערען" (?) אויך ביי פרץ'ן „פאָלקסט. געשיכטען" ז. 189: „ער זאָגט נישט פון דער העלער הויט"— (ד. ה. מסתמא וויסט ער וואָס ער רעדט).

4) שלום עליכם ב. VII ז. 25.

5) דאָרט ב. XIV ז. 229.

6) דאָרט „כתבים פון א וואַיאזשאָר" ז. ז. 121, 132.

.V

פֿון חרטה, פֿאַר עגמת־נפֿש, רײַסט מען פֿון זיך די הויט 1). ווען מען „בערײַסט" אײנעם שטאַרק, מען נעמט פֿון איהם צו טײַער בעצאָהלט אד"ג, הײסט עס אויך, „מען רײַסט פֿון איהם די הויט" 2).

פֿון דעם איז גענומען ווײַטער צו זאָגען „בערײַסען" 3), דאָס איז אַודאי גענומען דערפֿון, וואָס ווילדע חיות רײַסען די הויט־פֿעל פֿון בהמות און פֿרעסען זײ אויף. דאָס בילד געפֿונען מיר שוין אין תנ"ך: „ואשר אכלו שאר עמי ועורם מעליהם הפשיטו ואת עצמותיהם פצחו" (מיכה ג' ג').

אַז מען שלאָגט אײנעם גוט, הײסט עס אויך: „מען האָט פֿון איהם פּאַסען געריסען" 4).

בײַ שלום עליכם'ן לעזען מיר: „האָטש שינד מיר די פֿעל, האָטש הרג'ע מיך אויפֿ'ן אָרט געדענק איך ניט" מען זאָל מיר אַראָבנעהמען די פֿעל, וואָלט איך נישט געזאָגט, אַז דו ביזט אַ יודיש קינד" 5).

די דאָזיגע רעדענסאַרטען זענען פֿערבליבען פֿון די רויהע צײַטען, ווען מען פֿלעגט ווירקליך שינדען די הויט פֿון מענשען אַלס אַ

---

1) מ. ספעקטאָר ב. II ז' 15: „האָבען אויף זיך די הויט גערײסען פֿון בזיון". אין די אוראַלטע צײַטען פֿלעגט מען זיך טאַקי בוכשטעבליך רײַסען די הויט נאָך אַ טויטען (ויקרא י"ט—כ"ח, כ"א—ה', דברים י"ד—א') אָדער בײַ אַ אַנדערען גרויסען צער (ירמיהו מ"א—ה').
2) מענדעלע מו"ס ב. XVI ז. 15: „די מלמדים רײַסען די הויט שכר למוד", ב. V ז. ז. 43, 110: „פֿון אונז נעמען לופֿעט ער די הויט". ב. V ז. 80: „ער שינדט איהם די פֿעל". ב. VI ז. 85: „די נעהמען און יענע גיבען דאָס היטעל". ב. I „אַלטע מעשה" ז. 22: „אָנגעריסען די הויט פֿון לעבעדיגע און פֿון טויטע". זעה ריב"ל „די הפקר וועלט" (וואַרשב תרס"ב) ז. 34: „מ'האָט בײַ די אָרימע לײַט די הויט אַראָפּגעצויגען מיט פֿאַלשע נתינות און הערכות" זעה אויך ז. 47: „דער רבי פֿלעגט פֿון זײ די הויט אָפּשינדען דורך די גרויסע פדיונות".
3) דאָרט ב. V ז. ז. 25, 114: „בערײַסען אַ שטאָדט אָרימע לײַט". ב. IX ז. 60: „אַ הויט־שינדער, אַ בערײַסער".
4) שלום עליכם, „יאָסעלע סאָלאָוויי" ז. 285. ב. VI ז. 107: „קאַטעווען, שינדען די פֿעל". מאָריס ראָזענפֿעלד ב. II ז. 263: „איך האָב מיר אין אַ ליעד אַ מאָהל דעם עולם אָבגעשמיסען, געשאָטען שמיץ גאָר אָהן אַ צאָהל, גאָר פּראָסט די הויט גערײסען".
5) „יאָסעלע סאָלאָוויי" ז. 175.

מיטעל פון פייניגען, ווילענדיג אַרויס בעקומען געוויסע ערקלעהרונ= גען, אָדער אַלס שטראָף.

אַזוי ווערט אויך פערצעהלט וועגען ר׳ ישמעאל כהן גדול — פון די עשרה הרוגי מלכות — דאָס מען האָט איהם די הויט פון געזיכט אָבגעשינדען.

עס זענען אויך נאָך עד היום פערבליבען ביכער געבונדען אין מענשליכע הויט.

ביי פרץ'ן געפונט זיך א טונקעלע רעדענסאַרט: „דערנאָך געהט עס שוין מיט דער הויט" 1). לויט'ן עני שיינט דער זין צו זיין: עס געהט לייבט און גרינג, ווי געשמירט. ערקלעהרען די אָב= שטאַמונג דערפון קאָן איך לייבער נישט.

1) ב. II ז. 98.

# דער שטערן.

צו דעם שטערן בעציהען זיך נישט פיעל רעדענסארטען אין אונזער לשון, און עס דארף אונז נישט וואונדערען, דען דער שטערן האט דאך קיין שום טעטיגקייט נישט אויסצופילען. דאך איז פערהאן אמאהל, דאס דער מענש, זייענדיג איינגעטהון אין מחשבות, ווען ער קלעהרט און טראכט, קנייטשט ער דעם שטערן.

„פעררינקט א יודעל ס'היטעל, ווערט געבוירען א פלאן. גיט ער זיך א קנייטש דעם שטערן שפרינגט ארויס א עסק'ל" אזוי שרייבט מענדעלע מוכר ספרים 1).

מען „רייבט זיך דעם שטערן" ווידער, ווען מען איז אין א פערלעגענהייט, אומרוהיג, 2) אדער ווען מען ישוב'ט זיך שטארק 3). אויך ווען מען וויל זיך עפעס דערמאנען 4), מען גיט זיך ווידער „א פאטש אין שטערן", ווען מען דערמאנט זיך פלוצים עפעס א נויטיגע זאך 5), אדער ווען מען פאלט אומגערעכט אויף א וויכטיגען געדאנק 6). דעריבער שילדערט מענדעלע מוכר ספרים זעהר געלונגען: „קיי איך מיר דאס שטרויעלע, דער מוח מיינער ארבייט. א קנייטש־עלע, אהער, אהין. און באלד טאקי א קלאפ מיט'ן פינגער אין שטערן! ס'איז דא א שען געשעפט'ל!" 7). מען גיט זיך אבער אויך א פאטש אין שטערן פאר גרויס וואונדער 8).

---

1) ב. VII ז. 159. זעה אויך ב. VI ז. 46: „דער רב האט נעקנייטשט דעם שטערן, וואס האט בעוויזען, אז אין קאפ איז דא פיעל מחשבות". זעה אויך דינעזאהן „הערשעלע" ז. 131: „געקנייטשט דעם שטערן, ווי אויף עפיס רעכטס" און מאריס ראזענפעלד ב. I ז. 143: „דער אלטער קנייטשט זיין הויכען שטערן, ער קלעהרט א תירוץ פאר זיין קינד".

2) דארט ב. VII ז. 142. ב, VIII ז. 301.

3) דארט ב, VI ז. 9.

4) שלום עליכם ב, II ז. 237. אויך ב. XIII ז׳ 214: כ'האב מיר געריבען דעם שטערן, געזוכט אין אלע קעשענעס, ניטא!".

5) מענדעלע מו"ס ב. V ז. 16. שלום עליכם ב. VII ז. 137: „גיט זיך א פאטש אין שטערן, שוין דערמאנט!".

6) דארט ב. VIII ז. 313: „און ר' אברהם טהוט זיך א חאפ, א פאטש געבענדיג זיך אין שטערן און מאכענדיג אהא! גלייך, ווי ער וואלט געחאפט רש"ס א בעווארעניש מיט'ן כלומר". זעה אויך שלום עליכם „מבול" ז. 60, „פרעהליכע קאמפאניע" ז. 47.

7) „פישקע" ז. 26.

8) מענדעלע מו"ס ב. XI ז. 81.

די דאָזיגע אַלע אינסטינקטיווע בעוועגונגען און תּנועות האָבען נישט אויפֿגעפֿאַסט מענדעלע מו"ס און שלום־עליכם אַליין, וועגען זיי רעדט, זאָגאַר אונבעוואוסטזיניג, — יעדער יוד, האָטש עס איז נישט דאָ קיין פֿעסטע פֿאָרמען אין דער שפּראַך וועגען זיי, דען זעלטען, ווען עפּעס אַ בעוועגונג אָדער אַ תּנועה איז פֿערהוילען געבליבען פֿונ'ם פֿאָלק'ס אויג.

קינדער אַז מען ווערט געוואָהר דאָס זיי האָבען געזינדיגט, און מען שטראָפֿט זיי דערפֿאַר, מען וויל זיי אָבער נישט זאָגען, ווער ס'האָט ערצעהלט וועגען זייערע נישט שעהנע מעשים, ווער ס'האָט גע'מסר'ט אויף זיי, זאָגט מען זיי דאָס עס שטעהט אויפֿגעשריבען אויפֿ'ן שטערען.

מעגליך, אַז דאָס, וואָס מען רעדט איין די קינדער, אַז דער מלאך שרייבט אויף אויפֿ'ן שטערען זייערען, וועגען אַלע זייערע שלעכטע מעשים מיט אַ כּתב וואָס נאָר עלטערען אד"ג קאָנען עס זעהען, דאָס איז מיט אַ כּונה אָנצוּוואַרפֿען אויף זיי אַ מורא, זיי זאָלען נישט טהון שלעכטס, אפילו ווען קיינער זעהט נישט. דאָס איז אָבער נישט בלויז קיין גלויבען פֿון קינדעד, דאָס איז אַ אוניווערסאַלער גלויבען דאָס אויפֿ'ן שטערען איז אויפֿגעשריבען און אָנגעצייכענט אַלץ וואָס ס'איז שייך דעם מענש. אויך אין פּושקינ'ס בעריהמט ליעד איבער'ן קניאַז „אָליעג" זאָגט דער טרעפֿער צום גלויביגען פֿירשט, „איך זעה דיין גורל אויף דיין ליכטיגען שטערען", „נאָ וויזשו טוואָי זשרעבי נאַ סווי עטלאָם טשעליע". פֿון דאַנען נעהמט זיך, וואָס דאָס ווייב זאָגט צום מאן, ווען זי וויל ער זאָל דעם „דייטש" נעהמען צו זיך אויף אַכסניה: „עס שטעהט דען אָנגעצייכענט ביי דיר אויפֿ'ן שטערען אז ס איז ביי דיר קיין אַכסניה?" 1), און אויף דעם דאָזיגען אַרט ווערט עס גאנץ אָפּט געברויכט אויך אין אַלטעגליכען לשון. ווען מען וויל זאָגען, דאָס מען ווייט גאָר נישט וויסען און שטויסען זיך וועגען אַ זאַך. אויך מענדעלע מוכר־ספרים האָט זיך זעהר שעהן בענוצט מיט דעם דאָזיגען אויסדרוק, ווי מיר וועלען ווייטער זעהען.

ביי פּרץ'ן („פֿאָלקסטימליכע געשיכטען" ז. 53) לעזען מיר: „א גרויסער בקי אין חכמת הפּרצוף, וועט שוין זעהען וואָס ביי דער אשה איז אויפֿגעשריבען אויפֿ'ן שטערען". און זעה דעם זהר אין יתרו, דאָס פֿון שטערען מיט זיינע קנייטשען קאָן מען דערגעהן דעם כאַראַקטער פֿון אַ מענשען. און נאָך אין יחזקאל (ט' ד') שטעהט שוין „והתוית תו על

---

1) שלום עליכם ב. II ז. 115.

מצחות האנשים הנאנחים והנאנקים". און אַז אין דער תורה שטעהט: „וישם ה' לקין אות", זאָגען די חכמים: „חקק לו אות משמו במצחו", און אין פזמון זאָגען מיר: „כתב אות חיים והיה על מצחו תמיד". אין מיטעלאַלטער האָט אָבער געגעבען פערברעכער, וואָס זייער פערברעכען איז זיי געוועזען פשוטו כמשמעו אָנגעשריבען אויפ'ן שטערן, דען מען פלעגט זיי אויסברענען אַ צייכען אויפ'ן שטערען.

אַ גרויסער שטערען איז ביי יודען זעהר געשעצט, אַלס סימן פון אַ למדן, אַ גאון, אַ גרויסען קאָפּ". מענדעלע מוכר־ספרים בענוצט זיך, ווי זיין שטייגער צו שרייבען אויך ווענען בופעלאָקס־„בוהאי"; „אַ גדול, אַ גרויסער, א הדרת־פנים מיט אַ ברייטען שטערען" 1), „א גרויסען שטערען, ווי ביי אַ מיניסטער" זאָגט מען אויף קאָפּעל בעל־מוח" 2). מען זאָגט אויך: „אַ שטערען ווי אַ ריש־גלותא!".

מענדעלע מוכר־ספרים שרייבט דעריבער אויף בנימין'ען: „ער האָט געהערט צום סאָרט איידעלע יודען, וואָס דאָס איידעלקייט ליגט זיי אויפ'ן פנים... און אויף דעם הויכען שטערען שטעהט זיי אָנגעשריבען: דאָס זענען גאַנץ אַלטע מיוחסים פון דער גאָלדענער פאָהן!". 3) דער זהר ויתרו זאָגט אָבער, דאָס אַ גרויסער שטערען איז אַ גוטער סימן, נאָר ווען ער איז דערצו אויך קיילעכדיג.

פון תנ"ך (ישעיה מ"ח ד') איז גענומען געוואָרען אין יודיש דער אויסדריק „אַ קופּערנער שטערען", אויף אַ פערשייטען, דרייסטען, אונפערשעהמטען מענש 4). אַז איינער טרעט אַרויס מיט'ן עזות־פנים און שייגעץ, זאָגט מען אויך „ער האָט אויפגעשאַרצט דעם שטערען". דאָס שייכות פון שטערען מיט „העזה" האָבען מיר שוין אין אַלט העברעאיש, נאָך שאַרפער אין שפעטער'ן העברעאיש פון נאָכ'ן תנ"ך: „עזות־מצח". זעה אויך דעם מדרש ויקרא רבה פרק י': „הציץ מכפר על עזי פנים, כתיב הכא: על מצח אהרן וכתיב: ומצח אשה זונה היה לך" (ירמיהו ג').

מען ברויך נעהמען אין בעטראַכט, דאָס די יודען, איבערהויפט אין דער יודיש־צייט, זענען תמיד געגאַנגען מיט די שטריימלעך און,

1) ב. I „ספר הבהמות" ז. 40.

2) שלום עליכם „לכבוד יום טוב" ז. 219. זעה אויך ב, V ז. 104: „אַלע זאָגען, אַז ער איז א קאָפּ מענש, ער האָט טאַקי א גרויסען שטערען".

3) ב, I „די אלטע מעשה" ז. 12.

4) מענדעלע מו"ס ב. XI ז. 99. ב. VII ז. 218. ב. VIII. ז 316.

הִיטלעֶך אויף דִי קעֶפּ, פֿעֶרשטעלעֶנדִיג אַזוֹי=אַרוּם דעֶם שטעֶרעֶן, און ווען אייִנעֶר האָט זִיך צוּקאָכט און צוּהִיצט, אַרויסגעֶגאנגעֶן פֿוּן די כּלים, און זיך גענוּמעֶן צוּ יעֶנעם מִיט'ן „אָז-בקול", האָט עֶר זִיך אויפֿגעֶשאַרצט אִינסטִינקטִיוו דאָס הִיטעֶל. טעֶן זאָגט דעֶרִיבעֶר אויך: „עֶר האָט זִיךְ פֿעֶרשאַרצט דעֶם דאַשעֶק", (זעֶה אויך דִי מעשה אִין מסכת כּלה פֿוּן דעֶם יוּנגעֶל מִיט'ן אָפּגעדעֶקטעֶן קאָפּ).

מעֶן זאָגט אויך אויף אַזאַ אייִנעם: „עֶר געֶהט אויסגעֶ=שטערעֶנט".

פֿעֶרהאַן בייִ קִינדעֶר אַזאַ מין גוֹרל: מעֶן מאַכט צוּ דִי האַנד אַלס אַ קוּלאַק, און מעֶן גִיט מִיט דער אַויבערשטעֶר זייַט פֿוּנ'ם קוּלאַק זִיך אַ פּאַטש אִינ'ם שטערעֶן, דעֶרנאָך קנייִטשט מעֶן דִי הויט אויפֿ'ן קוּלאַק און מעֶן זעֶהט צִי עֶס האָבעֶן זִיך געֶבִילדעֶט קנייִטשעֶן „גראָד" אָדעֶר „אִים", ד. ה. אִין אַ געֶפּאָרטעֶר אָדעֶר נִישט = געֶפּאָרטעֶר צאָהל. אייִדעֶר מעֶן מאַכט דעֶם דאָזיגעֶן גוֹרל, בעֶשטִימט מעֶן בייִ זִיך אִין זִינעֶן, אויף וואָס עֶס זאָל בעֶדייַטעֶן דִי גראָדעֶ און אויף וואָס די נִישט גראָדעֶ צאָהל. מעֶנדעֶלעֶ מו"ס (ב. VI ז. 2) שרייבּט דאָס זעֶלבּעֶ אויך וועֶגעֶן גרויסעֶ מעֶנשעֶן. אָט שרייַבּט עֶר: „זאָגט מִיר, איך בעֶט אייַך, וואָס אִיז אַזוינס אַ פּאַטש טהוּן זִיך, אִין אַזאַ פֿאַל, אִין שטערעֶן און מאַכעֶן אויף דעֶר האַנד קנייִטשעֶן? אָדעֶר וואָס שטעֶקט אַזוינס נאָך אִין אַנדערעֶ אַזעֶלכעֶ גוֹרלוֹת און אַלעֶרלייַ סימנים?".

# באָרד און פאות.

## I.

זעהר ווילטיג זענען באָרד און פאות געווען ביי יודען, און לויט דער לענג פון באָרד און פאות האָט מען געמאָסטען ביי'ם ערשטען בליק די מדריגה פון א מענש און געשאצט, ווי ער האַלט אין לערנען, יו־דישקייט און בעל־הבתישקייט. שוין אין די אַלטע צייטען, האָט זיך די באָרד גערעכענט ביי יודען אַלס די שאָנקייט פון אַ מאַנספערשוין 1) און דער גאַנצער „הדרת פני" זיינער 2). דאָך האָט מען זיך ביי יודען אָפט צוגעשוירען די באָרד, מעהר אָדער ווינציגער 3). אין שפּעטערע צייטען איז מען אין דייטשלאַנד אויך שטאַרק געוואוינט געוועזען זיך צו שערען די בערד, אַזוי אַז אין די „דריי וואָכען" איז ביי זיי געוועזען יעדער טאָג אַ יאָהר 4). גאַנץ אַנדערש איז עס אָבער געוועזען אין פוילען. דאָ איז די באָרד געוועזען דער ערשטער סימן פון דערוואַקסענקייט 5). די באָרד איז געוועזען די גאַנצע ציהרונג און שאָנקייט פון מענשען.

פרץ 6) דערצעהלט אונז, ווי אַ יוד, וואָס מען האָט איהם אָבגעשוירען די באָרד בשעת דער גזירה אויף בערד, איז ער קראַנק געלעגען דער־נאָך וואָכען. אויך מענדעלע מוכר ספרים 7) שטעלט אונז פאָר, ווי עס

1) ירושלמי קדושין פרק ב' סוף הלכה ד': „זקן נוי באיש".

2) שבת קנ"ב: „הדרת פנים — זקן". עס שיינט, אז שוין דאמאלס איז געוועזען עטוואָס פון דעם היינטיגען יודישען „ווערטעל", דען די לעצטע רעדענסארט שיינט צו זיין א ווערטעל אויפ'ן פסוק „והדרת פני זקן" ויקרא י"ט—ל"ב.

3) זעה ירושלמי ראש השנה פרק א' הלכה ג' זעה אויך רש"י כריתות ה'.

4) זעה תשובות „חתם סופר" — „יורה דעה" סימן שמ"ז, „נודע ביהודה" קמ"א „אורח חיים" סימן ז"ג—י"ד. זעה אויך תשובות „באר עשק" סימן ע' וועגען גדולי מקובלי תלמידי האר"י ז"ל.

5) זעה ביי לינעצקי „נ‍ים טויט, נ‍ים לעבעדיג". ווילנא, תרנ"ח די פרקים. 11 12 און 13.

6) אין דער הומאָרעסקע „שכנא און יאכנע".

7) ב. XI ז. 54.

קלאָגט ביִטערליך איינער, וואָס די פּאָליציי האָט איהם אָבגעשניטען א פּאה.

ווען איינער וויל זיך איינאיבען און געניִעט ווערען אין אַ זאַך אָדער אין אַ מלאכה, נישט ריזיקירענדיג דערביי זיין אייגענעם, נאָר אַ צווייטענס כבוד אָדער אַ צווייטענס פערמעגען, הייסט עס אויך ביי יודען: „ער לערנט זיך שערען אויף יענעמס באָרד" 9), דען די באָרד איז דאָך יענעמס כבוד און פערמעגען.

ביי אַ עלטערען מענשען רופט מען די באָרד מיט אַכטונג: „אַ זקנה" 2).

דאָך איז די באָרד נישט געוועזען אַלץ. ווען איינער האָט זיך געפיהרט אָרענטליך און איידעל איז זאָגאר ער איז נישט געוועזען גאַר פרום האָט מען איהם דאָס מוחל געוועזען (בעזונדערס אין די שפּעטערע צייטען), זאָגענדיג, „בעסער אַ יוד אָהן אַ באָרד, איידער אַ באָרד אָהן א יוד" 3).

פערקעהרט ווידער, ווען איינער האָט געהאַט זאָגאַר אַ גרויסע באָרד און איז קיין לייט נישט געוועזען, האָט עס איהם וועניג וואָס געהאָלפען, דען מען האָט געזאָגט: „אַ ציג האָט אויך אַ באָרד און איז פאָרט נאָר אַ ציג" 4) און אַזוי האָט טאַקי געקאָנט טרע=פען אַ יוד מיט „שעהנע באָרד און פאות — און וויניג דעות" 5).

דער שטייגער פון אַ יוד איז, ווי בעקאַנט, צו שווערען בנקיטת=חפץ, אַזוי אָבער ווי נישט שטענדיג האָט מען אונטער דער האַנד אַ דבר מצוה, שווערט מען „ביי באָרד און פאות" 6), אָבער אויך ביי דייטשען זאָגט מען: „ביי מיינעם באַרד" 7), דען די באָרד גילט פאַר אַ חשיבות פאַר'ן מענש און מען זאָגט: „דער באַרד מאַכט דעם מאַנן" — לאַטייניש: Barba majorum dignus est. (8).

---

1) א. בערנשטיין „באָרד" 1, „לערנען" 2, מענדעלע מוכר ספרים ב. IV ז. 153.

2) ביי מענדעלע מו"ס ב. XVI ז. 10: „מיט זיין הדרת פנים", אויך פרץ, פאלקסט: געשיכטען ז. 28. ביי שלום עליכם ב. I ז. 147: „א שענע באָרד—א זקנה". אויך ב. I „חוה" ז. 8.

3) א. בערנשטיין „בעסער" 7. מענדעלע מו"ס ב. VI ז. 152.

4) א. בערנשטיין „ציעג" 5.

5) דאָרט „באָרד" 3.

6) דאָרט „באָרד" 4 און ביי פיעל יודישע מחברים, למשל, ביי ספעקטאָר „די יו=דישע וועלט" (ווילנאָ, תרע"ב) ז. 5: „ער האָט זיך אָבגעשוואוירען מיט באָרד און פאות", זעה אויך ליניעצקי: „דאָס פוילישע יונגעל", אָדעססא תרמ"ה ז. 15) ווי דער דיין זאָגט: איך שווער דיר ביי באָרד און פאות".

7) Dr. Franz Tetzner: „Deutsches Sprichwörterbuch"

8) דאָרט,

ווען איינער שערט זיך אָב די באָרד, זאָגט מען אויף ליצנות: „די באָרד האָט ביי איהם געקריגען אַ מיאוס'ען אָב־שניט" 1). אַז איינער גאָלט זיך אָב די באָרד, זאָגט מען: ער האָט געמאַכט „וגילו ברעדה" 2). ביי ליגעצקי'ן („דאָס משלחת פון „עלי הקצין הצחקיאולי", אָדעססא תרל"ה) איז „ער גאָלט זיי נעבעך אָב" דער טייטש: ער גענאַרט זיי אויס. אונפערשטענדליך אַיז מיר די רעדענסאַרט: „אָנפּייפּען אין דער באָרד" 3).

---

1) שלום עליכם ב. XI ז. 254.

2) א פאראָדיע אויפ'ן פוילישען „גאָלי בראָדא".

3) ביי שלום עליכם'ן ב. XI ז. 292 און ז. 293.

## II.

ווען אײנער זאָגט: „ווען עס וואָלט געווען אַזוי וואָלט אויך געווען אַזוי", זאָגט מען צו איהם מיט קאַטאָוועס, „ווען די באָבע וואָלט געהאַט אַ באָרד — וואָלט זי געדאַווענט פאַר'ן עמוד" אָדער: „וואָלט זי געווען אַ זיידע". מען האָט דאָ אָנגעחאַפּט די באָרד, אַלס אַטריבוט פון אַ מאַנספערשוין, ווייל צום דאַווענען פאַר'ן עמוד איז דאָס האָבען אַ גרויסע באָרד געווען אַ גרויסע מעלה, אַזוי ווייט, אַז דער חזן זאָגט פאַר די מוסף'דיגע שמונה עשרה פון די ימים נוראים: „וקבל תפלתי כתפלת זקן ורגיל ופרקו נאה וזקנו מגודל".

הערענדיג אַנ'ערצעהלונג און ווילענדיג זאָגען, אַז דאָס האָט מען שוין לאַנג געהערט און דאָס איז שוין אַנ'אַלטע מעשה, זאָגט מען: „די מעשה האָט שוין אַ באָרד" 1). די דאָזיגע רעדענסאַרט קאָנען מיר אַפילו גאַנץ אײנפאַך פערשטעהען, דען יעדער ווייסט דאָך, אַז אַ באָרד האָט נאָר אַ עלטערער מענש, אַלזאָ, ווען די מעשה האָט שוין אַ באָרד, איז זי מסתמא נישט קיין נייע, נאָר אַ עלטערע מעשה. די וועלט האָט זיך אָבער נישט בעניגען געלאָזט מיט די דאָזיגע פשוט'ע ערקלערונג און פערטייטשט דאָס ווערטעל מיט נאָך אַ ווערטעל: דער שטייגער איז, אַז איבערדערציילענדיג אַ מעשה, לייגט יעדער עפּעס, חאָטש אַ האָר (ד. ה. חאָטש עפּעס אַ קלייניגקייט), אײגענס צו. צו אַנ'אַלטע מעשה, וואָס איז שוין דורכגעגאַנגען פיעל מיילער, און יעדער האָט דאָך מסתמא, צוגעלייגט אַ האָר, האָט זי ממילא שוין אַ באָרד.

אַז אײנער האָט פּרנסה בשפע, הייסט עס: „ס'רינט איהם אַזש איבער די באָרד", ד. ה. „ער האָט אַ פעטען ביסען", אַז ס'שמאַלץ רינט איבער דער באָרד 2). ווילענדיג זאָגען, אַז טהוענדיג אַ עברה, מוז זיך חאָטש לוינען, זאָגט מען: „עסט מען חזיר, זאָל

---

1) א. בערנשטיין „מעשה" 3 שלום עליכם ב. I ז. 66 ב. XII ז. 85.

2) שלום עליכם ב. II ז. 15. ליניעצקי „דאָס משלחת" ז. 78: עס זאָל אַזש רינען איבער דער באָרד".

ריִנען איִבער דער באָרד" 1), ד. ה, זאָל מען חאָטש הנאה האָבען ווי ס'בעדאַרף זיַין. אַז איינער רעדט וועגען אַפּועל יוצא, וואָס איז זעלבסטפעֶרשטעֶנדליִך זאָגט מען: „אַודאי — אַז די באָרד ברעֶנט, איִז די גאָמבעֶ לעֶבלעֶך" 2).

---

1) שלום עליכם „מאָטיל דעם חזנ'ס" ז. 97.

2) ביי א. בערנשטיין „באָרד" 2: „איז הייס אין מויל".

## III.

דעֶר מעֶנש טאַפּט און קראַצט זיך אין דעֶר פאה, ווען עֶר איז שטאַרק צוטראָגען 1), אָדעֶר ווען ער איז אין גרויס פּעֶרלעֶגעֶנהײַט 2) און אין צווײַפעֶל.

„יודעֶל שלאָגט זיך מיט דער דעה.
איז צודרעהט און קראַצט די פאה" 3).

בעֶזונדעֶרס טרעֶפט דאָס מיט דעֶר לינקעֶר פאה 4). מעֶגליך, אַז צו אָט דעֶר דאָזיגעֶר אינסטינקטיווער בעֶוועֶגונג בעֶציהט זיך די גאַנץ אָפּט געֶברויכטע רעֶדעֶנסאַרט: „ס'ליגט מיר נישט אין דעֶר לינקעֶר פאה" 5), דען ווײַל אין פּעֶרלעֶגעֶנהײַט קראַצט מעֶן און מעֶן זיכט אין דעֶר פאה, בעֶזונדעֶרס אין דעֶר לינקעֶר, זאָל עֶס אַלזאָ הײַסעֶן, אַז דאָרט איז דער אוצר פון אַלעֶ האַלב־פעֶרגעֶסעֶנעֶ זכרונות און גויט אײַנפאַלעֶן.

נאָכהעֶר האָט זיך עֶנטוויקעֶלט צו זאָגעֶן: „פּוסטעֶ זאַכעֶן, וואָס קריכעֶן מיר נישט אין דעֶר לינקעֶר פאה" 6); „אין זינעֶן געֶהאַט אין דעֶר לינקעֶר פאה" 7); „עֶר הערט זיי אין דעֶר לינקעֶר פאה" 8); „עֶר האָט איהם אין דעֶר לינקעֶר פאה" 9) מיר ברויכעֶן אָבעֶר צו וויסען, אַז ס'איז דאָ אויך אַ רעֶדעֶנסאַרט: „מעֶן האָט אונז אין זינעֶן געֶהאַט אין דעֶר לינקעֶר פּיאַטעֶ" 10).

---

1) מענדעלע מו"ס ב. IX ז. 149.
2) דאָרט ב. XVI ז. 53.
3) דאָרט ב. IV ז: 55.
4) דאָרט ב. XVI ז. 44.
5) פרץ ב. II ז. 15. זעה אויך שלום עליכם ב. I ז. 184: „אפילו נישט אין זינען געהאט אין דער לינקער פאה". יאָסעלע סאָלאָוויי ז. 61: „געלעגען אין דער לינקער פאה".
6) שלום עליכם ב. I ז. 266 ב. VII ז. 144. מאָריס ראָגענפעלד ב. II ז. 276: „עס קריכט מיר נישט אין פאה."
7) שלום עליכם ב. I ז: 152.
8) דאָרט ב. III ז. 21.
9) דאָרט „יודישע קינדער" ז. 81.
10) דאָרט ז. 114.

ווען אײנער ברענגט אונז אַ זאַך, וואָס מיר ברויכען אַקוראַט זעהר, זעהר נויטיג זאָגען מיר: „ער האָט געטראָפען פונקט אין דער פאה אַרײן", וואָס פאַר אַ שייכות האָבען דאָ די פאות? ווער ווייסט!

בײַ מענדעלע מו"ס 1) געפונען מיר פאָלגענדען זאַץ „בײדע אויגען וואָלט זיך אַגלופּסקער געלאָזט אַרויסנעמען פאַר אַגראָשען, סײַדען מען רײַסט איהם נישט פאַר דער פאה".

ווען אײנער בעלײדיגט זיך פון גאָר אַ קלײניגקײַט זאָגט מען: „קוים בלאָזט איהם נאָר ווער אין דער פאה אַרײַן בעלײדיגט ער זיך באַלד".

---

1) ב. II ז. V,

# די אויערען.

## 1.

אין פיעל רעדענסארטען רעדט מען וועגען אויערען און מען מיינט נישט דאס אויער פונ'ם וויילען ביין מיט הויט איבערגעצויגען, נאר דעם חוש השמועה — די פעהיגקייט אויפצונעמען פערשידענע קולות און קלאנגען און זיי אויסצוסארטירען אין ווערטער און צו פערשטעהן זייער בעדייטונג. מיר זאגען „שיק דיינע אויערען אין די גאסען" 1) און זעלבסטפערשטענדליך מיינט מען נישט איינפאך, ווי מען רעדט, צו נעמען די אויערען און זיי צו שיקען אין גאס אריין, נאר מיר מיינען גאר צו זאגען, דאס ער זאל „הערען", וואס מען רעדט וועגען איהם אין גאס. ווען מיר זאגען אבער „ווענד האבען אויערען" 2), מיינען מיר אפשר נישט בלויז, אז דורך דער וואנד קאן „געהערט ווערען" וואס מען רעדט, נאר טאקי, אז אויף דער אנדערער זייט וואנד קאן זיך געפונען אפשוט „אויער", וואס הערט אויף יעדעס ווארט, וואס מען רעדט דא „אויף פיער אויערען" 3).

אין דעם שפריכווארט „איין אויג האט מעהר גלויבען, ווי צוויי אויערען" מיינט מען: ווי צוויי וואס האבען „געהערט" מיט די אויערען 4).

ווען איינער וויל אזאך נישט הערען, זאגט מען צו איהם:

---

1) א. בערנשטיין „אויער" 4.

2) דארט „וואנד" 1. פון מדרש ויקרא רבה פרק ל"ב: „אזנים לכותל". ביי מענדעלע מו"ס ב. XVI ז. 7: „דער בוידעם האט אויערען".

3) א. בערנשטיין „סוד" 2.

4) דארט „אויג" 7. פערגלייך מיט'ן דייטשען שפריכווארט: „איין אויגען-צייגע גילט מעהר, אלס צעהן אוירען-צייגען". („דייטשעס שפריכווערטער-בוך" ד"ר פראנץ טעטצנער)

„פֿערשטאָפּ דיר די אויערען" 1). אויף איינעם, וואָס האָט אַ גוטען חוש השמועה, וואָס מען זאָל נישט רעדען ערגעץ אין אַ ווינקעל דערהערט ער, דערשמעקט ער, זאָגט מען: „ער האָט געבויערטע אויערען" 2). ווען מען זאָגט איינעם עפּעס אין דער שטיל, איבערהויפּט, ווען מען רוימט איהם איין אַ סוד, הייסט דאָס: „ער זאָגט איהם אויפ'ן אויער" 3).

ליניעצקי אין זיין „וועלט לוח צום יאָהר אין כסף" (פֿון עלי קצין הצחקיאלי, אָדעססאַ תרל"ה) ז. 34, זאָגט אונז, בכן אַ בחור פֿאַר אַ חתן ווערען, „קומט אָנציהען ביידע אויערען". אין פוילען זאָגט מען אָבער, דאָס אַ חתן קומט צוציהען ביי דער נאָז. זעה אויך אינ'ם מעשה-ביכעל „דער דעקטוך" פֿון יאָזעף ווערבליינסקיא (וואַרשא 1876) ז. 10; „ווען איינע איז אַ כלה געוואָרען פֿאַר אַ חתן אָהן אַ נאָז, זאָגט איינער צו איהר, דאָס דער חתן וועט צו איהר האָבען אַ טענה, באשר אַז ער איז פֿאַר איהר אַ חתן געוואָרען, האָט מען איהם אַזוי לאַנג ביי דער נאָז געצויגען, ביז מען האָט זי איהם אינגאַנצען אראָבגעצויגען. וואָס דאָס ציהען ביי דער נאָז צי ביי'ם אויער האָט צו בעדייטען, בין איך נישט קלוג.

זעה אויך אינ'ם זאַמעלבוך „רשימות" (אודיסה תרע"ח) ז. 374, דאָס עס איז פֿערהאַן אַ מנהג, אַז ווען איינער ניסט, בשעת מען רעדט פֿון אַ טויטען, ציהט ער זיך ביי'ם אויער און זאָגט: „לישועתך קויתי ה' — לפורקנך סברית ה'". און טייל לייגען נאָך צו: „ווי לאַנג זיי צו שוועבען, אַזוי לאַנג מיר צו'ם לעבען". זעה אויך דינעזאָהן „הנאהבים והנעימים" ז. 38. דאָס די מוטער זאָגט צום קינד, וואָס האָט גענאָסען: „לייבקע, קום אַהער, וועל איך דיר אָבציהען פֿאַר'ן אויערעל, מ'האָט דאָך גערעדט פֿון אַ שוכן עפר".

---

1) מענדעלע מו"ס ב. V ז. 104. זעה אויך כתובות ה'.

2) „דאָס שטערנטיכעל" פֿון אָקסענפֿעלד ז. 112.

3) שלום עליכם ב. V ז. 77: „צוזאָג נעטהון שטילערהייט אויפ'ן אויער".

## II.

„האָרכֶען״ — ווייס יעדער, הייסט אויך — „פֿאָלגען״. „איך האָרך דיך״ הייסט — „איך פֿאָלג דיך״1), „ער האָרכט נישט וואָס מען רעדט צו איהם״ הייסט: „ער פֿאָלגט נישט, וואָס מען הייסט איהם״. שוין אין תנ״ך ווערט „שמועה״ בענוצט אין זין פֿון אָננעמען די רייד און טהוען לויט זיי. „שמע אלהים אל קול הנער״ 2), „ויהי באמרם אליו... ולא שמע אליהם״ 3). דען האָרכען רייד, הייסט, אַז זיי געפֿעלען דעם מענשען, קוים אָבער געפֿעללען די רייד נישט, און מען וויל זיך מיט זיי נישט רעכנען, הייסט דאָס נישט געהאָרכט, ווי די חכמים דריקען זיך אויס: „לא שמיע לי, כלומר לא סבירא לי״ 4). אין די דאָזיגע אויסדרוקען מיינט מען נישט ווערטליך, אין איינפאַכען זין, דאָס מען הערט נישט, דען דאָס אויער הערט פֿיזיאָלאָגיש, געגומען דער מעגש אָבער אַלס אַזעלכער, האָרכט נישט. און אין דער בילדער-שפּראַך, ווי אַלץ ווערט רעליעף, בולט אַרויסגעזאָגט, טרייבט מען עס אויך עטוואָס איבער און מען זאָגט אויף רייד, וואָס געפֿעללען נישט, אָדער וואָס מען אָנערקענט זיי נישט פֿאַר ריכטיג, אָדער מען לייגט אויף זיי קיין אכט נישט: „קריכען נישט אין די אויערען אַריין״ 5).

נאָך דעם אַלעם געזאָגטען, פֿאַרשטעהען מיר פֿאַרוואָס אין יודי־שען, ווען מען הערט איינעם זאָגען אַ זאַך, וואָס מען וויל זי זאָל מקוים ווערען, זאָגט מען מיט אַ וואונש: „פֿון דיין מויל אין גאָטס אויערען אַריין״ 6), דען רייד, וואָס „גייען אין די אויערען אַריין״ הייסט דאָס: זיי געפֿעלען, מען רעכענט זיך

---

1) „איך הער דיך ווי דעם ראבבען קאָטער״ מענדעלע מו״ס ב. IV ז. 52. ב. III ז. 132.

2) בראשית מ״ב—כ״ג.

3) אסתר ב׳—ד׳.

4) פסחים מ״א.

5) מ. ספעקטאר „עניים ואביונים״ (ווילנאָ 1903) ז. 92 : „דיר קריכט עס אפילו נ׳ט ארײַן אין אויער״. זעה ביי די חכמים: „ פותרין היו אותו, אלא שלא היה קולם נכנס באזניו״ בראשות רבה און רש״י אָנפֿאנג פרשת מקץ.

6) א. בערנשטיין גאָט 109. מענדעלע מו״ס ב. X ז. 113.

מיט זיי און מען „האַרכט" זיי.

ווען מיר זאָגען אָבער: „דאָס אויער מעג מען איטלי־כען געבען" 1) מיינט מען נישט, אַז מען זאָל „האָרכען" יעדען און פאָלגען איהם, מען מיינט נאָר, אַז אויסהאָרכען זאָל מען יעדען מענש, דען אַזוי ווערט די פאָלקס מיינונג בפירוש אויסגעשפּראָכען אין פאָלגענדען זעהר פערשפּרייטען שפּריכוואָרט: „יעדענס דעה זאָל מען אויסהערען — און זיין אייגענע זאָל מען האַלטען".

„הערען" האָט שוין אויך אין העברעאישען געהייסען פערשטעהן, וואָרום דאָס, וואָס מען פערשטעהט נישט, הייסט דאָך, ווי נישט געהערט. „כי שומע יוסף" 2) הייסט: יוסף פערשטעהט, דעריבער אין דעם שפּריכ־וואָרט: „אַרבצין האָט אַ לאַנגע האַנד און אַ קורץ אויער" (זי נעמט גערן חורש, אָבער זי פערשטעהט נישט די טענות פון די צדדים) 3) ווערט דאָס וואָרט אויער בענוצט צום בעגריף „הערען" — „פערשטעהן".

ווען איינער הערט עפּעס אויסטערלישע רייד, וואָס כאָטש ער הערט עס מיט די אייגענע אויערען, איז עס איהם דאָך שווער צו גלוי־בען, דאָס יענער זאָל אַזוי זאָגען, זאָגט מען: „ער גלויבט נישט די אייגענע אויערען" 4) ד. ה. ער האָט מורא טאָמער גענאַרען איהם די חושים, דען ער קאָן זיך גאָרנישט צוגלויבען, דאָס יענער זאָל אַזוינס זאָגען.

איינער, וואָס פרעגט נישט נאָך קיינעם, הייסט עס: „ער הערט נישט די וועלט". ביי שלום עליכם'ן, זאָגט מען נאָך שענער: „ס'איז ביי זיי קאַליע די שמועה, זיי הערען ניט די וועלט" 5). דיק שרייבט אַזאַ מליצה: „דיזע נאַכריכט האָט אָבער אָפּ־געשפּרונגען פון זיינע אויערען ווי אַיינע אייזענע קוגעל (קויל) שפּ־ריגט אָפּ פון איינעם ציגונען פאַנציר, דען ער האָט עס ניט געוואָלט גלויבען" 6).

---

1) א. בערנשטיין „אויער" 2.
2) בראשית מ"ב—י"ג.
3) א. בערנשטיין „רביצין" 1.
4) פרץ בי VIII ז. 288.
5) ב. II „דאָס נייע כתריליווקע" ז. 18.
6) „די סקלאַווערײ", ווילנאַ 1868. ב. II ז. 66.

## III

פֿאַרהאַן אַ איבּעראַל בּעקאַנטע, דאָך אַ ביסעל אויסטערלישע רעדענסאַרט: „שטיל ווי אין אײַן אויער!" 1). צי דאָס אויער, ווי עס שלאָגען זיך אָב אַלע קולות, און וועלכעס חאַפּט אויף יעדען קלאַנג, שטיממע און געראויש, זאָל אונז טאַקע דיענען אַלס מוסטער פֿון שטילקייט? מען קאָן עס אָבער אפשר אויסטייטשען מיט דעם, וואָס אין יעדער הוילקייט (חלל) פֿון קערפּער קומט פֿאָר עפּעס אַ רודערונג, אַ בּעוועגונג, אין מויל קלאַפּט די צונג (אַמאָהל גרעגערט זי טאַקע אויך) און די צייהן, אין ברוסט-קאַסטען קלאַפּט דאָס האַרץ א. אז. וו. אין חלל פֿון אויער אָבער איז שאַ, שטיל, דאָרט איז רוהיג און קיין שום זאַך קומט דאָרט נישט אַרײַן, עס כאַפּט נאָר אויף טענער, וואָס קומען פֿאָר אין דערווײַטענס, ערגעץ אַנדערש.

דאָך שײַנט מיר, אַז די רעדענסאַרט האָט אָנפֿאַנג געהאַט אַזא צורה: „שטיל ווי אײַן אויער" און עס איז בּענוצט געוואָרען צו בּעצײַכנען דאָס זיצען שטיל אָהן בּעוועגונג, וועלכעס מען האָט זעהר טרעפֿליך געגליכען צום מענשליכען אויער, וואָס קאָן קײַן בּעוועגונג נישט מאַכען, דערנאָך ערשט איז עס אָבער פֿערגרײַזט געוואָרען אין „שטיל ווי אין אַ אויער" און עס ווערט בּענוצט צו בּעצײַכנען שטילקײַט אָהן רעש און געפּילדער.

מען זאָגט אויך „וואַרים ווי אין אַ אויער", מען האָט טרעפֿליך בּעמערקט, דאָס כאָטש דאָס אויער פֿריהרט אַמערשטען פֿון אַלע אברים, דאָך שפּירט מען אין אויער אינווײַניג קײַן קעלט נישט כאָטש עס שטײַט אָפֿען.

1) א. בערנשטיין „שטיל" 1.

# IV.

חאָטש דער מענש קאָן מיט זיין אויער נישט בעוועגען, דאָך ווערט אין דער שפּראַך גערעדט וועגען אויפשטעלען דאָס אויער „מען שטעלט אויף די אויערען“, ווילענדיג זיך צוהערען צו אינטערעסאַנטע רייד אָדער צו אַ קול פֿון דערוויטענס 1).

מען עפּענט אויך „מויל און אויערען“ און מען קוקט פֿערגאַפּט ביי גרויס פֿעוואונדערונג, זעהענדיג, אָדער הערענדיג עפּעס אונגעוועהנליכעס 2).

אַ מעשה, וואָס איז חידושים ונפלאות — איז „ממש מויל און אויערען אויפצושטעלען“ 3). אין אמת'ן איז טאקי דער שטייגער פֿון אַ מענש צו שטעהן מיט אַ אָפּען מויל פֿערגאַפּט, זעהענדיג, אָדער הערענדיג אַ אויסטערלישע מעשה, אָבער פֿון וואַנען האָט זיך גענומען צו רעדען וועגען אויפשטעלען אויערען? ד״ר שראדער (אין זיין „וואונדערגאַרטען) פֿערצעהלט, דאָס ער האָט אַמאָהל געזעהען א מענש, וואָס האָט געקאָנט אַ ביסעל בעוועגען מיט די אויערען אויף פּרץ פֿערצעהלט אונז, וועגען בחור דעם נסתר, דאָס „ער האָט מיט די לעפּלעך פֿון די אויערען געריהרט שטענדיג, ווי אַנדערע מיט די ברעמען פֿון די אויגען, גלייך ער וואָלט שטענדיג געכאַפּט קולות פֿון דער לופט 4), דאָך ברויך מען רעכנען, דאָס נישט אַזעלכע איינצעלנע עקזעמפּליאַרען האָבען געדיענט צו דער ענטשטעהונג פֿון די רעדענסאַרטען. שראַדער נעמט דעריבער אָן, אַז דאָס איז געבאָרגט פֿון דעם שטייגער פֿון אַ פֿערד אויפצושטעלען די אויערען אין דער צייט ווען עס וויל פֿערנעהמען קולות פֿון דערוויטענס. ביי מענדעלע מו״ס

---

1) פּרץ ב. VIII ז. 292: „זי שפּיצט אויף די אויערען, און עפּענט דאָס מויל, ווי צום איינשלינגען די מוטערס ווערטער“. מענדעלע מו״ס ב. II ז. 26! „האָט געשלינגען איטליכעס וואָרט, אויפשטעלענדיג די אויערלעך“. זעה אויך ז. 81.

2) מענדעלי מו״ס ב. X „שם ויפת“ ז. 11.

3) דאָרט ב. XV ז. ז. 40, 50. פּרץ „פֿאָלקסטימליכע געשיכטען“ ז. 32: „ער דערצעהלט — מויל און אויערן אויפצושטעלען“.

4) „פֿאָלקסט. געשיכטען“ ז. 147.

„עֶפֿענֶען מִיר אָבֶער: „ווִי א הֶעזֶעלע צוהאָרכֶענדִיג... מִיט אויפֿגֶעשטֶעלְ-
גֶע אוירעלֶעך" 1) „דִי אויעֶרֶען הֶערֶען צו, או יפֿגֶעשטעלט, ווִי בַיי אַ-
טֶעזֶעלֶע" 2) און נִישט נאָר „מענדֶעלֶע מו"ס" דֶער מחבר פֿון דעם
התולדות הטבע" שרייבט אַזוי, נאָר אויך „שלום עליכם" שרייבט:
„שטֶעלט אויף דִי אויעֶרֶען, ווִי אַ האָז" 3).

---

1) ב. I „אויף אסיפֿות" ז. 7.
2) ב. II ז. 20.
3) ב. II ז. 23.

## V.

אין יודיש האָבען מיר עטליכע רעדענסאַרטען, וואָס בעצייכנען דעם איינדרוק, וואָס פערשיעדענע קולות און רייד מאַכען אויפ'ן אויער.

ווענען שלעכטע בשורות, אָדער אין אַלגעמיין רייד, וואָס זענען מצער דעם הערער און פערשאַפען איהם עגמת-נפש, זאָגט מען: „די אויערען טהוען וועה הערענדיג", „וועה צו די אויערען, וואָס הערען עס"1) „אוי לאזנים שכך שומעות".

פערקעהרט ווידער, אַז מען הערט גוטע רייד, זאָגט מען: „וואויל צו די אויערען, וואָס הערען אַזוינע ווערטער" 2).

ווען מען רעדט אין איינעם צופיעל אַריין, הייסט עס: „מ'לעכערט איהם די אויערען" 3). שלעכטע זינגער „רייסען די אויערען", („הערשעלע" פון דינעזאָהן ז. 43: „דער קול האָט געריסען די אויערען". א. מ. דיק, „די שקלאַווערײַ" ב. II ז. 53: „צו שקריפען אַזוי א ניגון, דאָס עס האָט צוריסען די אויערען הערענדיג") „גרילצען אין די אויערען" 4), אַ הויך געשריי „פערטייבט די אויערען" 5).

ווען איינער רעדט אַ סך, זאָגט מען אויך: „ער האָט אָנגערעדט פולע אויערען", „אָנגעזשוזשעט פולע אויערען" 6), מ'זאָגט אויך: „ס'קלינגט אַזש אין די אויערען" 7). ס'קלינגען אויך אין די אויערען אויף אַ לאַנגע צייט רייד, וועלכע קאָנען פון זכרון נישט אַרויס און מאַכען אַ אונגעהויערען איינדרוק 8).

---

1) א מ. דיק „דער אָפּיעקון" ווילנאָ תרל"ב ז. 32: „וויזהע איז מיינע אויערען, דאָס זיי הערען אַ זעלכע רייד".

2) מענדעלע מו"ס ב' XVI ז. 61.

3) שלום עליכם „מנחם-מענדיל".

4) ספעקטאַר „יודישע וועלט" (ווילנאָ תרע"ג) ז. 34. לינעצקי „וועלט-לוח פון יאָהר אין כסף" ז, 88: „ס'גרילצט אין די אויערען"

5) אָקסענפעלד, „דאָס שטערינטיכל" ז. 30.

6) מענדעלע מו"ס ב. I „די אַלטע מעשה" ז. 25. ב, II ז. 94, פערגלייך קהלת: „לא תמלא אוזן משמוע".

7) שלום עליכם ב. I ז. 98.

8) מענדעלע מו"ס ב. VI ז. ז. 147, 150. ב. VII ז. ז. 123. 181, פערגלייך מיט'ן ביבלישען „דבר אשר כל שומעו תצלינה שתי אזניו", שמואל א' ב'—י"א.

# .VI

יונגלעך שטראָפֿט מען אָפֿט מיט „אָנדרייען אַ אויער" [1] ביי גרויס פֿערלעגענהייט, אונענטשלאָסענהייט און פֿערטראַכטקייט, אָדער זעהענדיג חדושים, קראַצט מען זיך אונטער'ן אויער אין דער פּאַטיליצע [2].

שווער איז אָבער זיך אויסצוטייטשען די רעדענסאַרט, וואָס ווערט געזאָגט, ווען איינער שטעלט דעם אַנדערען בדיל=הדל, מען זאָגט: „ער האָט איהם (גוט) איין אויער אויסגעמאַכט" [3].

ווען איינער מאַכט דעם צווייטען דאָס אויער אויס (רייניגט אויס) טהוט ער איהם דאָך גאָרניש? זאָל דאָס נאָר געזאָגט ווערען בלשון סגי נהור?

מעגליך אַז אונזער רעדענסארט זאָל האָבען דעם אייגענעם זין, ווי די דייטשע „איינעם אַ נאָז אויסשנייצען". ד"ר שראַדער [4] טייטשט אויס, אַז דער זין איז אַזוי: ווען איינער שנייצט זיך אַליין אויס די נאָז, מאַכט ער עס געלאַסען, פֿאָרזיכטיג. ווען מען שנייצט אָבער אַ צווייטען אויס די נאָז שאַנעווען מען איהם ניט און עס פֿערשאַפֿט דעם צווייטען שמערצען. אפֿשר וואָלט מען אויף דעם זעלבען אופֿן אויך „דאָס אויער אויסמאַכען" געקאָנט זיך אויסטייטשען.

בנוגע די נאָז, זאָגט מען אויף יודיש אַלס דראָהונג: „כ'וועל דיר שוין די נאָז אָפּווישען"! „אָברייבען", און איך גלויב, אַז דער זין פֿון די דאָזיגע נאָז=רעדענסאַרטען איז: „כ'וועל דיך שוין אָנלערנען שכל! זאָלסט וויסען מורא צו האָבען פֿאַר אַגרעסערען, שטאַרקערען

---

1) זעה מענדעלע מוכר ספרים ב. VI ז. 94: „אז ער דרייט ביים אויער, קאָן מען טאקי, יאהרצייט פֿערגעסען".

שלום עליכם ב. VI ז. 213: „געמאכט א פּזור מיט א שלשלת, ד. ה. געריסען ביי די אויערען אלע יונגלעך".

2) מענדעלע מו"ס ב. XV ז. 61. מען קראצט זיך אויף זעהענדיג חדושים. דאָרט ב. V ז. 71. ב. VI ז. 70. שלום עליכם ב. I ז. ז. 120, 215.

3) מענדעלע מו"ס ב. IX. שלום עליכם ב. II ז. 73. „דער עולם התוהו'ניק". מאָני דלוגאטש, זיטאָמיר 1875 ז, 89: „ער האט איהם אויסגעמאכט דעם אויער מיט די ממתקים".

4) אין זיין „וואונדערגארטען דער דויטשען שפראכע" ז. 170.

און קלוגערען. „זאָלסט וויסען ווער עלטער איז״ 1), דען אויף איונגעל און אַנאַר, זאָגט מען: „ער קאָן זיך נאָך נישט די נאָז אָבווישען!״ „ער קאָן זיך נאָך נישט רעכט די נאָז אָפּווישען״.

אין דעם זעלבען זין קאָן מען אויך אויסטייטשען די רעדענס־אַרטען: „ער האָט איהם גוט דעם קאָפּ געצוואָגען״ 2) ד. ה. אָנגלערנען שכל. „וועט ער אַיהם צוואָגען זייער שטאַרק דעם קאָפּ און וועט אַיהם אויסטהון ביז איין העמד״ 3).

ווען איינער דערצעהלט דעם אַנדערען אַזאַך, וואָס פּייניגט יענעם וואָס לאָזט איהם נישט רוהען, זאָגט מען אויף דייטש: „ער האָט איהם אַ פלוי אין אויער אַריינגעזעצט״. אויף יודיש זאָגט מען: „ער האָט איהם אַ גריל אין אויער אַריינגעלאָזט״ 4).

אַזאַ איינער וואָס דולט יענעם, לאָזט איהם נישט רוהען, וויל אויספּועל׳ן נאָר ס׳זייניגע, הייסט, ווי אויף דייטש: „אַ אויער־וואָרם״ 5) אויף דעם אויער־וואָרם זאָגט מען, דאָס ער האָט ליעב צו קריכען אין אויער אַריין.

---

1) מענדעלע מו״ס בי I „די אלטע מעשה״ ז. 25. ב. II ז. ז. 25, 112.

2) א. מ. דיק „די שקלאווערײ״ ב. I ז. 33.

3) א. מ. דיק „דער אָפּיעקון״ ז. 39.

4) שלום עליכם „מבול״ ז. 40. ב. XI ז. 236 אויך: „לאָזט איהם אריין א וואָרם״ – שלום עליכם ב. X ז. ז. 81, 82.

5) זעה שראדערס אויבען־ציטירטען „וואונדערגארטען״.

# VII.

א) ווען מען פֿערגעסט אַ זאַך גלייך ווי מען האָט זי געהערט, זאָגט מען: „ס׳איז אין אין אויער אַריין — פֿון אַנדערען אַרויס״ 1). מיר געפֿעלט נישט די ערקלעהרונג פֿון שראַדער׳ן 2), בכן, אַז דאָס איז אַ פֿערגלייכונג מיט אַ פֿויגעל, וואָס פֿליהט אין איין פֿענסטער, למשל, אַריין און פֿון צווייטען אַרויס, די רעדענסאַרט — גלויב איך — שטאַמט פֿון די פֿערגלייכונג מיט אַ לעיעק, וואָס אויבען גיסט מען אַריין און גלייך געהט עס פֿון אַנדערן עק היינטען אַרויס.

פֿאַר דעם יודען ברויכען מיר גאָר קיין אנדער גלייכונג נישט צו זוכען, איז דאָך יעדען געענוג בעקאַנט די משנה אין אבות פ״ה משנה י״ח: „ארבעה מדות בתלמידים... ומשפך, שמכניס בזו ומוציא בזו״.

אין מדרש במדבר רבה פי״א, כ״ב, שטעהט: „מפני מה אזנים שמנים? בזמן שאדם שומע שמועה קשה, אלמלי תופשה באזניו מתקשרת ומת, ומתוך שהם שמנים מוציא בזה ומכניס בזה״.

ב) ווילענדיג זאָגען אויף אַ זאַך אַז מען וועט עס נישט פֿערגעסען, איבערהויפּט ווען מען האָט אַ עולה, אַ קשיוודע פֿון איינעם, און מען וויל זאָגען, אַז עס וועט קומען א צייט ווען מען וועט עס יענעם דערמאָנען און איהם „צו חלום קומען״, זאָגט מען: „כ׳לייג עס מיר (גוט) אַוועק אונטערן אויער״, „ס׳ליגט מיר אונטערן אויער״. דאָס איז אַ מערקווירדיגער אויסדרוק. אויף דייטש זאָגט מען: „אויפשרייבען אונטערן אָ׳יער״. און ד״ר שראַדער 3) טייטשט עס אַזוי אויס: ווען איינער זאָגט: איך וועל עס מיר אונטער די אויערען אויפֿשרייבען״ האָט ער עפּעס אַ עולה, אַ אומרעכט געהאַט, אָדער מען האָט איהם בעליידיגט און געקרענקט און ער זאָגט, דאָס ער וועט עס זיך אויף אַ פֿערבאָרגען אָרט (היינטער די אויערען) אויפֿשרייבען, ער וויל עס נישט פֿערגעסען, נאָר עס געֿ

---

1) מענדעלע מו״ס ב. VII ז. ז. 146, 224. שלום עליכם ב. I ז. 60.

2) 3) אין זיין „וואונדערגארטען״.

דענקען און עס האַלטען אין דער שטיל ביי זיך, ביז עס וועט זיך מאַכען אַ געלעגענהייט און און אַ פּאַסענדען מאָמענט, וועט ער נקמה נעהמען און זיך אָברעכענען מיט יענעם", די יודישע רעדענסאַרט איז מעגליך גענומען פון דעם שטייגער פון שרייבערס, אַז אויפהערענדיג צו שרייבען צייטווייליג, אויף אַ ווײַלע נאָר, לייגען זיי די פעדער דערווייל אונטערן אויער, נרייט זייענדיג צו יעדער צייט זיך צוריק צונעהמען צו דער אַרבייט 1).

ג) א. בערנשטיין ברענגט אַזאַ מין שפּריכוואָרט: „פּאָליאַק! וואו איז דיין אויער?" און ער פּערטייטשט, דאָס אַזוי זאָגט מען אין דייטשלאַנד, ווען איינער מאַכט אַ ווייטען וועג און ענטפערט נישט גלייך צו דער זאַך. — מען דערצעהלט אַז איינער האָט אַמאָהל געפרעגט אַ פּוילישען יודען „ווי ער האָט זיין אויער" האָט ער איבערגעלעגט די רעכטע האַנד איבער׳ן קאָפּ און האָט געוויזען זיין לינק אויער.

כאָטש אין דייטשלאַנד איז גאַנץ געשיקט מיט אַזאַ ווערטעל צו בעצייכנען דעם פּוילישען יודען מיט זיין ליעב האָבען תמיד נאָר אַ שפּיצעל און אַ איבער המצאה׳לע און נישט צו געהן אויפ׳ן גלייכען וועג, דאָך ווערט דאָס ווערטעל געברויכט אויך אין פּוילען אין דער פאָלגענדער פאָרם: „וואו האָסטו ס׳לינקע אויער!"

ד) אויף זעהר אַ שלעכטען מענש, אַ ביטערען יונג, זאָגט מען: „ער איז אַ הונד מיט אויערען" 2), וואָס בעצייכענט מען עפּעס דעם הונד מיט די אויערען, נישט מיט די צייהן? זאָל עס אונז אפשר דערמאָנען דעם פּסוק: „אוחז באזני כלב"?

ה) ווילענדיג זאָגען אויף איינעם, אַז ר׳וועט אַ געוויסע זאַך קיינמאָהל נישט זעהען, זאָגט מען: „ער וועט עס זעהען ווי זיינע אויערען" 3).

ו) ווילענדיג זאָגען אויף אַ עלטערען מענש, אַז ער איז נאָך פריש און געזונד, מלא חיות, זאָגט מען: „ער איז נאָך רויט אונטער די אויערען". געוועהנליך קאָן מען אָננעהמען, אַז די דאָזיגע, אין פליג אַזוי אויסטערלישע רעדענסאַרט, איז גענומען פון דעם שטייגער פון די ווייבער קויפענדיג פיש, צו עפענען די אויערען

1) זעה ליניעצקי: „פּוילישער יונגעל" ז. 123, ווי ער זעהט אין חלום דער שד קומט צו איהם „אין איין האַנד אַ גרויס בוך, אין דער אנדערער אַ בלייַשטיפט, אונטערן אויער אַ גרויסע פעדער".

2) שלום עליכם ב. XI ז. 74.

3) א. בערנשטיין „זעהען" 2. מענדעלע מו"ס ב. XV ז. 17.

די לאַפּען), און זעהענדיג אַז זיי זענען נאָך רויט אונטער די אויערען, איז עס ביי זיי אַ סימן, אַז דאָס זענען פרישע פיש. און ווער האָט נאָך אַזוי פיעל צו טהון מיט פיש ווי יודען? די וועלט טייטשט אָבער אויס די זעלבע רעדענסאַרט טאַקי לויט די אויבערשטע ערקלעהרונג. נאָר נאָך אַ ביסעל „געפּעפּערט”... און נעמליך: אַ פיש ווען ער איז רויט הינטער די אויערען איז אַ סימן אַז ער איז ערשט נישט לאַנג—פריש געחאַפּט. ווען איינער איז נאָך רויט הינטער די אויערען, איז עס אַ סימן, אַז ער איז ערשט נישט לאַנג געחאַפּט אין דער מעשה...”

ז) ווען איינער פאַלט אַריין און אַ שלעכט געשעפט, אַזוי דאָס ער קאָן שוין קיין תקומה נישט האָבען, זאָגט מען: „ער איז אַריין ביז איבער די אויערען” [1], גענומען איז עס פון׳ם בילד פון איינעם, וואָס טרענקט. ווען איינעם ווערט רויט ס׳פּנים איינגאַנצען, פון חרפּה א. ד. ג. זאָגט מען: „ער איז געוואָרען רויט איבער די אויערען” [2]. מען זאָגט אויך „פערליעבט איבער די אוי-ערען” [3].

ח) אויף איבערגעטראָגענער ווייזע רופט, מען „אויער” יעדען אָננעמער פון אַ כלי, וואָס איז האלב רונדיג און דערמאָנט אַ ביסעל די צורה פון אַ אויער. מען זאָגט דעריבער גאַנץ שען „אזנים לכותל — עס וועל האָבען אויך אויערען” [4]. דאַגעגען אַ אָננעמער, וואָס איז לאַנג און דערמאָנט אָן די צורה פון אַ האַנד רופט מען „הענטעל”.

---

1) דאָרט ב. VII ז. 158. שלום עליכם „כתבים פון אַ וואַיאושאַר” ז. 74.

2) שלום עליכם ב. II ז. 159.

3) פרץ „שוועסטער” ז. 18. דיק. „פייגעלע מגיד” ווילנא תרכ״ח ז. ז. 7, 37.

4) א. בערנשטיין.

# די אויגען.

די אויגען זענען פון די גאָר וויכטיגסטע אָרגאַנען פונ'ם מענש־ליכען קערפּער, דורך זייער הילף ווייסט דער מענש וואו ער געפינט זיך, און וואָס עס געפינט זיך אַרום איהם, ווי ער האָט צו געהען און צו שטעהען; און ווי לאַנג דער מענש לעבט און „די אויגען זענען אָפען", זענען די אויגען אָהן אויפהער ווילענדיג צי נישט־ווילענדיג טעטיג.

מיט די אויגען בענוצט מען זיך נישט אין פערגלייך מעהר, ווי מיט אַלע אַנדערע חושים און דעריבער האָבען מיר אין דער שפּראַך אַ גאָר גרויסע מענגע רעדענסאַדטען, וואָס זענען גענומען פון די אויגען, זייער טעטיגקייט, אייגענשאַפטען און ווערטה.

## 1

אמת טאַקי, דאָס פאָלק זאָגט: „דער בלינדער האָט זיינע אויגען אין די שפּיץ פינגער" 1) ד. ה. דאָס טאַפּענדיג מיט די פינגער, דערגרייכט ער אַ סך פון דעם, וואָס דער זעהענדיגער דערגעהט מיט דער הילף פון זיינע אויגען, אָבער יעדער פערשטעהט, אַז פון דעם בלינדענס אויגען אין די שפּיץ פינגער און דעם זעהענדיגענס „אויגען אין קאָפּ" — איז אַ ווייטער מרחק, און נור אויף אַ זאַך, וואָס איז שוין צופיל בולט, אפילו נישט פיזיש נאָר בלויז אַבסטראַקט, למשל — אַ אמת, צי אַ ליגען, זאָגט מען: „דאָס זעהט דאָך אַ בלינדער אויך" 2).

און שוין אין די אַלטע צייטען אַמאָל האָט מען געזאָגט, אַז אַ מענש אָהן אויגען — אַ בלינדער, איז גלייך צו אַ טויטען.

נאָך מעהר וויכטיגקייט האָט מען געגעבען די אויגען, אָננעמענדיג, אַז יעדע אויגען קראַנקהייט איז אויך געפעהרליך פאַר'ן גאַנצען

---

1) א. בערנשטיין „בלינדער" 5.

2) שלום עליכם ב. I ז. 30. מ. ספעקטאר ב. II ז. 40.

3) נדרים ס"ד :

יקערפער און זאָגאַר פאַר'ן לעבען פון מענש 1).

דעריבער האָט דער מענש פון אייביג אָן זעהר געהיטען זיינע אויגען. און שוין אין דער תורה געפינען מיר דעם אין יודיש זעהר אָפט בענוצטען אויסדרוק: „היטען, ווי ס'שוואַרצע אַפּעל פון אויג" 2).

אַז איינער איז דעם אַנדערען זעהר ליב און טייער, הייסט עס: „ער איז ביי איהם ס'שוואַרצע אַפּעל פון אויג" 3). „ער היט איהם (אָדער: האַלט איהם), ווי אַן אויג אין קאָפּ" 4).

אַ בן-יחיד, אָדער אַ בת-יחידה, וועלכע זענען ביי'ם מענשען, איבערהויפּט ביי'ם יודען זעהר טייער, הייסען: „איין אויג אין קאָפּ" 5), „איין אויג אין שטערען" 6), דען ווען אַ געוועהנליכער מענש היט זעהר זיינע אויגען — איז דאָך גרינג זיך משער צו זיין, ווי חשוב עס מוז זיין ביי איינעם דאָס איינציג איבערגעבליבענע אויג, ווען ער האָט ס'צווייטע פערלוירען. מעגליך, דאָס מיר ברויכען זיך דאָ צו דערמאָנען אין די לעגענדאַרע ריזען, די ציקלאָפּס מיט איין אויג אין קאָפּ, אָדער ריכטיגער טאַקי — אין שטערען.

ווען מ'ברויך אַ זאַך נויטיג, זאָגט מען: „נויטיג ווי אַ אויג" 7).

ווען איינער האָט פיינט אַ מענש צי אַ זאַך און ער היט זיך פאַר זיי, זאָגט מען: „ער האָט איהם ליב ווי אויגענוועהטאָג 8), ווי אין אויג אַ שטאָך, היט ער זיך פאַר איהם 9).

---

1) זעה גמרא ,,עבודה זרה" כ"ח: ,,שריינא דעינא באבנתא דלבא תלי". זעה אויך דמ"א ,,יורה דעה" סימן רס"ב—ב': ,,כאבו עיניו—הוי כחולי בכל הגוף".

2) דברים ל"ב—א': ,,יצרנו כאישון עינו". מענדעלע מו"ס ב. XI ז. 148. פּרק ,,פאָלקסט. געשיכטען" ז. 196.

3) שלום עליכם ב. VII ז. 146. מענדעלע מו"ס ב. IV ז. 41. מאָריס ראָזענפעלד ב. II ז. 244: ,'זי איז מיר דאָס אויג אין קאָפּ". דיק. „די שקלאָוועריי" ז. 18: ,,זיי וואַרין ביי איר די אויגען אין קאָפּ".

4) פּרק „פאָלקסט. געשיכטען" ז. ז. 175, 218. א. בערנשטיין „אָבהיטען" 1.

5) מענדעלע מו"ס ב. IX ז. ז. 37, 86. ספּעקטאַר „די יודישע וועלט" ז' 109.

6) שלום עליכם ב. XIII ז. 89.

7) דינעזאָהן „הנאהבים והנעימים" ב. II ז. 58: „ער איז נויטיג ווי די אויג".

8) שלום עליכם ב. VI ז. ז. 124, 171. ב. X ז. 24. ביי מענדעלע מו"ס ב. VII ז. 82 און ב. XVI ז. 28: „מען דאַרף זיי האָבען, ווי אויגענוועהטאָג".

9) שלום עליכם ב. XII ז. ז. 20, 86.

טרעפֿען אין געפֿעהרליכסטען אָרט, הייסט: „טרעפֿען אין שוואַרצען אַפּעל" 1).

ווען איינער איז אַ גרויסער חשוב בײַ'ם צווייטען, וואָס ער וואָלט „פֿאַר איהם געגאַנגען אין פֿײַער און אין וואַסער", זאָגט מען: „ער וואָלט זיך פֿאַר איהם אַ אויג אַרויסגענומען".

אויף אַ גרויסען קאַרגען, זאָגט מען: „ער וואָלט זיך פֿאַר אַפּעניג די אויגען אַרויסגענומען" 2). „פֿאַר אַ גראָשען, וואָלט ער זיך ביידע אויגען געלאָזט אויסשטעכען" 3).

אין די אַלטע ספֿרים ווערט פֿערצעהלט, דאָס אַ מלך האָט גע־פֿרעגט אַ בעל־מקנא וואָס ער פֿערלאַנגט וועט ער בעקומען, נאָר זיין חבר וועט עס בעקומען טאָפּעלט, האָט ער פֿערלאַנגט מען זאָל איהם אויסשטעכען איין אויג, אַבי מען זאָל זיין חבר אויסשטעכען ביידע אויגען. פֿון דעם זאָגט מען איבעראַל אויף אַזאַ שטייגער מענש: „ער וועט זיך לאָזען איין אויג אַרויסנעמען, אַבי יענעם צוויי".

אויף אַ גרויסען שווינדלער, וואָס קאָן דעם אַנדערען גענאַרען און בעטריגען, נישט קוקענדיג אויף יענעמס פֿאָרזיכטיגקייט, זאָגט מען בדרך גוזמא והפֿלגה: „ער קאָן אַרויס'גנב'נען דאָס ווייסעל פֿון אויג" 4) ד. ה. אפֿילו אַזוינס, וואָס יענעם איז עס זעהר ליב און חשוב און „ער האָט עס אין אויג" שטענדיג. מעגליך, אַז מען זאָגט דאָ „ווייסיל" — ווייל פֿאַרהאַן ווייסיל פֿון אַ איי, וואָס איז געברויכליך.

דאָך שיינט, אַז ביי מענדעלע מוכר ספֿרים ב. VI ז. 97: „אַ גנב־שבגנבים, דאָס שוואַרצאַפּעלע פֿון אויג!" — איז דער פּשט: ער קאָן ס'שוואַרצאַפּעלע פֿון אויג אַרויס'גנב'נען, פּונקט ווי ביי דינעזאָנען („יאָסעלע" ז. ז. 53, 71): „ער איז אַ גנב, אַ ווייסעל פֿון אויג" איז דער טייטש: ער קאָן אַרויס'גנב'נען דאָס ווייסעל פֿון אויג.

---

1) שלום־עליכם ב. XI ז. 169.

2) מענדעלע מו"ס ב. XI ז. 137.

3) דאָרט ב. VII ז. ז. 81, 213.

4) א. בערנשטיין „ארויסגנב'ענען".

## II

מיט דעֶר הילף פון די אויגעֶן זעֶהט דעֶר מעֶנש, און קיין אַנדעֶרעֶ אויפגאַבעֶ אויסעֶר זעֶהען האָבעֶן די אויגעֶן נישט. אַלזאָ ווען מיר רעֶדעֶן סתם וועֶגעֶן אויגעֶן, מיינט מעֶן, וועֶגעֶן „זעֶהעֶן". און אום צו בעֶצייכנעֶן דעֶם לעֶצטעֶן בעֶגריף בעֶנוצעֶן מיר אָפט, דאָס וואָרט „אויגעֶן".

מיר זאָגעֶן, למשל: „גאַסעֶן האָבעֶן אויגעֶן" 1) און מיר מיינעֶן צו זאָגעֶן, דאָס אין די גאַס ווערט שוין בעֶמעֶרקט און דעֶרזעֶהעֶן, וואָס איינעֶר טהוט, אָבוואָהל עֶר מיינט, אַז קיינעֶר זעֶהט נישט. מיר זאָגעֶן אויך אויף יודיש: „אויס די אויגעֶן — אויס דעֶם האַרצעֶן" 2). אויף דייטש ווערט דאָס געֶזאָגט באריכות'עֶר: „וואָס די אויגעֶן ניכט זעֶהעֶן, בעֶקיממעֶרט דאָס העֶרץ ניכט".

מעֶן זאָגט אויך: „דאָס אויג וויל אויך עֶפּעֶס האָבעֶן", ווען מעֶן וויל אַ זאַך, למשל, נחת פון קינדעֶר אליין זעֶהעֶן מיט אייגעֶנעֶ אויגעֶן, אָדעֶר ביי אַ שדוך, ווען מעֶן פאָדעֶרט, אַז אויסעֶר אַלעֶ מעלות זאָל דאָס „קרן" נאָך זיין שעֶהן, און בכלל, אַז אויך דאָס אויסעֶרליכעֶ פונ'ם מענש צי פון דעֶר זאַך זאָל אויך זיין ווירקונגס מעֶכטיג.

ביי יודעֶן האָט די דאָזיגעֶ רעֶדעֶנסאַרט נאָך מעֶהר קראַפט נאָך דעֶם, וואָס יעֶדעֶן איז בעֶקאַנט דעֶר אויסטייטש פון מדרש, דאָס די פרעֶטעֶנזיעֶ פון די יודעֶן אויפ'ן מן, וואָס האָט געֶהאַט אַלעֶ טעמים, איז נאָר בעֶשטאַנעֶן דעֶרין, וואָס „בלתי אל המן עינינו" (במדבר י"א—ו'), דעֶן חאָטש זיי האָבעֶן געֶפיהלט דעֶם טעם פון יעֶדעֶן מאכל, וואָס זיי האָבעֶן נאָר פעֶרלאַנגט, און דעֶר מאָגעֶן און דעֶר גומעֶן האָבעֶן דאָס זייעֶריגעֶ געֶהאַט, די אויגעֶן ווילעֶן אָבעֶר אויך עֶפּעֶס האָבעֶן, און זיי האָבעֶן נישט מעֶהר געֶזעֶהעֶן ווי מן און מן... מיר זאָגעֶן

---

1) א. בערנשטיין „וואנד" 1.

2) דאָרט „אויג" 1. זעה אויך „מת" 2. אקסענפעלד „דאָס שטערנטיכעל" ז. 36: „פון די אויגען — פונ'ם הארצען". שלום עליכם „מנחם מענדל": „עס וועט דיר ארויס פון די אויגען, פונ'ם קאָפּ".

אויך: „די זאַך איז פֿאָרגעקומען אַללע (אָדער: יענעם) אין די אויגען" 1) ד. ה. אַלע האָבען געזעהען. „געהן אינעם אויס די אויגען", הייסט: נישט וועלען ווייזען זיך פֿאַר יענעם, צי פֿון חרפה, מורא, ברוגז א. ד. ג.

אויך זאָגט מען: איידער מען ווערט אַלט זיבציג יאָהר, קומט אַלץ פֿאַר די אויגען" 2), פֿון וואָס מען לאַכט — קומט אַלץ פֿאַר די אויגען" 3) ד. ה. זעהט מען זיך מיט דעם אַלעם.

חאָטש די פּיס טראָגען דעם מענשען, דאָך ווען מען וויל זאָגען, דאָס מען וועט געהן גלאַט אין דער וועלט אַריין, אַליין נישט־וויסענ־דיג וואוהין — זאָגט מען: „געהן ווי די אויגען וועלען טראָגען" ד. ה. אויפ'ן ערשטען וועג, וואָס די אויגען וועלען דערזעהען 4).

אַז איינער זעהט נישט, וואָס עס טהוט זיך אַרום איהם, הייסט עס: „ער האָט גאָר קיין אויגען נישט" 5), אַז מען האָט אַ זאַך נישט גוט בעטראַכט און מען איז דעריבער אַריינגעפֿאַלען האָט מען אַ טענה: „כ'וויס נישט וואו כ'האָב געהאַט די אויגען!", „וואו האָסטו די אויגען געהאַט?!" 6). ווילענדיג זאָגען: „איך זעה אַלעס", זאָגט מען: „די אויגען זענען נאָך מיר ב"ה נישט אַרויס" 7).

אַז מען וויל זאָגען אויף איינעם, דאָס ער האָט אַלעס אין דער וועלט, זאָגט מען: „וואָס אַ אויג קאָן זעהען, וואָס אַ מויל קאָן רעדען" 8).

אַ זאַך, וואָס קומט פֿאָר נאָר בלויז צווישען צוויי מענשען, הייסט

---

1) פרץ ב. VIII ז. 175: „פֿאַר אלעמען אין די אויגען". שלום עליכם ב. XI ז. 175.

2) א. בערנשטיין „יאהר" 4.

3) דאָרט „לאַכען" 10. זעה אויך שלום עליכם ב. I ז. 144: „וואָס ס'איז מיר געקומען פֿאַר די אויגען", ד. ה. וואָס כ'האָב דערזעהען.

4) מענדעלע מו"ס ב. VII ז. 108. ב. X ז. ז. 35. 113. דינעזאָהן „הנאהבים והנעימים" ז. 42: „ווי מיינע אויגען וועלען מיך פֿיהרען".

5) דאָרט ב. IX ז. 82.

6) שלום עליכם ב. I ז. ז. 165, 97: „וואו זענען געווען אייערע אויגען".

7) מענדעלע מו"ס ב. II ז. 73. ב. VII ז. 194.

8) שלום עליכם ב. XII ז. 4. זעה אויך מענדעלע מו"ס ב. VII ז. 217: „צו דערלאַנגען, וואָס די אויגען זעען, וואָס דאָס הארץ גלוסט"!

עס: „ס׳קומט פֿיר אונטער פֿיער אויגען" 1). מ׳זאָגט אויך: אויג אַויף אַויג" 2).

ביי שלום עליכם׳ן ב. XIV ז. 184: בעווייזען אויג אויף אויג" שיינט צו האָבען דעם זין, וואָס „עין בעין יראו" ד. ה. בעשיינפערליך 3).

אַ זאַך, וועלכע מען געדענקט גענוי כהויה כיצירה -- הייסט, דאָס „עס שטעהט נאָך פֿאַר די אויגען" 4).

„זוכען מיט די אויגען" הייסט אַרום קוקען זיך גוט אומעטום 5).

בעלייטען איינעם מיט די אויגען, הייסט, איהם נאָכקוקען 6).

ביי שלום עליכם׳ן „סענדער בלאַנק" ז. 9 געפֿינען מיר דעם אויסדרוק: „ליב צו קוקען מיט זיבען אויגען" אין תנ"ך זכריה (ג, ט) האָבען מיר „על אבן אחת שבעה עינים", און „שבעה אלה עיני ה׳ המה משוטטים בכל הארץ" (ד׳, מ"ד).

„וואַרפֿען אויגען" אָדער „אייגעלעך" הייסט געבען יענעם אַלע ווײַלע אַ קורצען קוק אָן, 7). אָדער בגניבה אָנקוקען איינעם אַלע מינוט, אָדער זיך איבערווינקען מיט איהם 8) פֿערהאַן אויך מען „וואַרפֿט אייגעלך הינטערווײַלעכס" 9).

---

1) שלום עליכם ב. I „חוה" ז. 12. ב. II ז. 30. מענדעלע מו"ס ב. II ז. 97. ב. VIII ז. 313. מ. ספעקטאר „יודישע וועלט" (ווילנאָ תרס"ג) ז. 75: „צווישען צוויי אויגען האָב איך איהם דאס געפרעגט". דיק „דער פּאָרטעפּיאַניסט" ז. 62: „נור אונטער פיר אויגען דערציילען".

2) שלום עליכם ב. XIV ז. 274: „געבליבען אויג אויף אויג", פֿערגלייך: „Tete a tete". פרץ ב. VIII ז. 276: „זיך געטראָפֿען אויג אויף אויג מיט׳ן חנוכה-לעמפעל". פרץ ב. VIII ז. 16 „שמועסט זיך אויס אויג אויף אויג". זעה אויך שלום עליכם ב. IX ז. 227.

3) ישעיה נ"ב—ח׳, און במדבר י"ד—י"ד: „עין בעין נראה אתה ה׳". זעה אויך ספעקטאר „עניים ואביונים" (ווילנאָ 1903) ז. 152: „ערשט איצט האָט זי געזעהען אויג אויף אויג דעם חלוק". זעה אויך דינעזאָהן „יאָסעלע" ז. 92: „טאָ קום צום מײַסטער, לאָם איך אויספֿיהרען אויג אויף אויג".

4) שלום עליכם ב. I ז. 17 „סטעמפעניו" ז. 110. מענדעלע מוכר ספרים ב. VII ז. ז. 33, 153.

5) מענדעלע מו"ס ב. VII ז. 139.

6) דאָרט ב. VIII ז. 388.

7) דאָרט ב. II ז. 119. פרץ ב. II ז. 145: „וואַרפֿט אנ׳אויג אין שפּיגעל". מאני דלוגאטש „דער עולם התוהו׳ניק" ז. 56: „הויבט אָן וואַרפֿען אויגען אויף די קלימקעלעך".

8) מענדעלע מו"ס ב. VII ז. 180. ב. VIII ז. 253. מ. ספעקטאר „עניים ואביונים" ז. 192: „זיי מאכען אויגעלעך צו דער יונגער דינסט".

9) מענדעלע מוכר ספרים ב. VIII ז. 274.

פערהאַן ווידער אַ זאַך, וואָס „וואַרפט זיך אין די אויגען אריין" ד. ה. וואָס יעדער דערזעהט עס באַלד, אָדער ס'איז יעדען אויפפאַלענד 1) ווען איינער קוקט איינעם כסדר אָן, הייסט עס: „ער נעמט פון איהם נישט אַראָב די אויגען" 2).

אַז מען בענוצט זיך מיט אַ אויסרעד, מיט אַ תירוץ יענעם צו פאַררעדען ער זאָל נישט פערשטעהען די ריכטיגקייט, זאָגט מען, אַז די רייד זענען אום יענעם „צו פערשטעללען די אויגען" 3) דאָס איז ווי דער אויסדרוק „כסות עינים" אין דער תורה.

ווען מען האָט צו איינעם פרעטענזיעס אָהן אויפהער, מען יאָגט איהם און מען טיילט איהם כסדר אויס, הייסט עס: „מען לאָזט איהם נישט אויף די אויגען" 4).

ווען מען טרייבט איינעם אַוועק, זאָגט מען: „אַוועק פון מיינע אויגען" 5).

ווען מען וויל ערקלעהרען קאַטעגאָריש, דאָס מען האָט אַ זאַך אַבסאָלוט נישט געזעהען, זאָגט מען: „כ'האָב עס נישט געזעהען פאַר די אויגען", „אין די אויגען נישט אָנגעזעהען" 6).

---

1) מענדעלע מו"ס ב. VII ז. 11: פרק ב. VIII ז. 16. דיק. „דער פאָרטעפיאַניסט" ז. 45: „איך בין איר דער ערשטער אין אויג געפאַלען" ד' ה. מיך האָט זי אמערשטען דערזעהען.

2) מענדעלע מו"ס ב. II ז. 46. דינעזאָהן „הערשעלע" ז. 89: „פון איהר אַנ'אויג נישט אראָבגענומען' (פון ליבשאַפט כסדר אָנגעקוקט). אויך דינעזאָהן „יאָסעלע" ז. 110 מ. ספעקטאָר „יודישע וועלט" ז. 65: „קיין אויג פון איהם נישט אראבגעלאָזט". „די געשיכטע פון בבא" ז. 15: „זי לאָזט נישט אָפגיין אירע אויגען אַ גאַנצען טאָג פון דעם בבא" ז. 62. „זי לאָזט נישט קיין אויג אראָפּ פון אים". „דער קאַטאָק" פון ש. ב. ז. 23: „ער האָט די אויגען נישט געקאָנט אראָבגעהמען פון איהר".

3) מענדעלע 193 ב. VII ז.

4) שלום עליכם ב. XIV ז. 210, פרק „גאָלדענעקייט" ז. 42.

5) מענדעלע מו"ס ב. V ז. 43. פרק „שוועסטער" ז. 11: „געה מיר פון די אויגען אוועק".

6) דאָרט ב. IX „אַ גרויע האָר" ז. 19, ב. II ז. ז. 21, 65' ב. I „ספר הבהמות" ז. 45.

## III

דעם פֿאָלק איז שטאַרק אויפֿפֿאַלענד געווען די ערשיינונג, דאָס די אויגען האָבען נישט שטענדיג איין און דעם זעלבען אויסדרוק, גלאַנץ און פּאָזע, און אַז דאָס איז פֿערשידען און עס ענדערט זיך הן לויט די שטענדיגע שטימונג פֿון מענשען, הן לויט זיין צייטווייליגען בעציהען זיך צו די אַרומיגע מענשען און זאַכען און לויט דעם איינדרוק, וואָס די לעצטע מאַכען אויף איהם.

„אויגען ביי מענשען זענען אַ גרויסע זאַך. וואָס אַ מענשענס אויגען קאָנען אייך אַמאָל זאָגען אין איין מינוט — וועט אייך דאָס מויל ניט אויסרעדען אין קיין טאָג" שרייבט שלום עליכם 1). דעריבער איז פֿערהאַן אַמאָל, דאָס „דער מענש שווייגט און זיינע אויגען רעדען" 2). קוקענדיג יענעם אין די אויגען אַריין, קאָן מען גוט וויסען יענעמס געדאַנקען און מיין, דען „דאָס אויג דערצעהלט, וואָס דאָס האַרץ מיינט" 3), דאָך מוז מען פֿאָרזיכטיג זיין און נישט צופֿיל זעצען דערויף, דען יענער קאָן אַמאָל מאַכען נאָר אויסערליך דעם אַנשטעל, און „אַ מענש אין די אויגען אַריין קאָן מען קוקען, אָבער נישט אין האַרצען" 4).

אָבער קוים מיינט דער מענש קיין רמאות נישט, זענען די אויגען די בעסטע אויסזאָגער פֿון זיינע פֿערלאַנגען, דעריבער ווילענדיג זאָגען, דאָס מען האָט איינעם זעהר גערן, און מען קוקט נאָר אויס צו וויסען, וואָס ער פֿערלאַנגט, כדי עס צו טהון, דהיינו אַ מאַן צו אַ-

---

1) ב. II ז. 91.

2) דאַרט ב I ז. 243. מענדעלע מו"ס ב. II ז. 6. ב. VII ז. ז. 100, 217.

3) א. בערנשטיין „אויג" 12. זעה אויך ביי מענדעלע מו"ס ב. I „די אַלטע מעשה" ז. 6: „די תורה שיינט זיך ארויס אין די אויגען", און ב. XVI ז. 43: „איך לייען אין זיינע אויגען".

4) א. בערנשטיין „אויג" 6.

וויב, אָדער פֿערקעהרט, זאָגט מען, דאָס „ז י י ק ו ק ע ן  ז י ך  נ א ר  אַ ז ו י  א י ן  ד י  א ו י ג ע ן  א ר י י ן", און דאָס ווערט געזאָגט נישט נאָר אויף אַ פֿערליבט פּאָר, דען אַזוי שרייבט מאָריס ראָזענפֿעלד „אין בוזעם פֿון ים":

„ג ע ק י כ ע ל ט  א ו ן  ש ט ע נ ד י ג  ג ע ק ו ק ט
א י ן  ד י  א ו י ג ע ן
ה א ָ ט  א ו נ ז  א ו י ך  אַ  פֿ אָ ט ע ר"... 1)

מעגליך, אַז דער אויסדרוק האָט אויך אַ שייכות מיט דעם שטייגער פֿון דעם טרייען הונד צו קוקען דעם בעל־הבית אין די אויגען אריין אום אויפֿצוכאַפּען יעדען מינדעסטען פֿערלאַנג זיינעם.

פֿערהאַן אַ מענש מיט „ג נ ב ה ' ש ע  א ו י ג ע ן" 2). פֿערהאַן אפֿילו „ג ז ל 'ו ו אָ י ע  א ו י ג ע ן" 3), פֿערהאַן אַ מענש מיט „אַ ש אַ ר ף  א ו י ג" 4), וואָס בעגרייפֿט אַ זאַך באַלד און איז תּופֿס אַ מענשען גוט און גיך. פֿערהאַן אויך „ג ע 'מ מ ז ר 'ט ע  א ו י ג ע ן" 5).

ווי געזאָגט גלויבט מען, דעם גנב צו דערקענען אין זיינע אויגען, וועלכע זאָלען האָבען אַ ספּעציעלען אויסדרוק. מעגליך, דאָס דעריבער געהען די גנבים דעם הוט אַראָב געדרוקט, אַזוי דאָס דער דאַשעק זאָל פֿערשטעלען די אויגען. אַז איינער געהט דעם הוט אַראָב אויפֿ'ן שטערען, זאָגט מען: „ע ר  ג ע ה ט  ד ע ם  ה ו ט  א י ב ע ר  ד י  א ו י ג ע ן,  ו ו י  אַ  ג נ ב".

דער איינדרוק, וואָס אַ מענש אָדער אַ זאַך מאַכט, אויף אונז, דער אורטייל וואָס מיר טראָגען אַרויס וועגען זיי — איז פֿיל אָבהענגיג פֿון דעם פֿאָראורטייל, וואָס מיר האָבען געהאַט וועגען זיי און ווי מיר האָבען זיך צו זיי בעצויגען איידער מען האָט זיי גענוי בעקענט, דען „מ י ט  ו ו אָ ס  פֿ אַ ר  אַ  א ו י ג  מ ע ן  ק ו ק ט  א י י נ ע ם  אָ ן, אַ ז אַ  פּ נ י ם  ה אָ ט  ע ר" 6), דען אַזאַך, צו וועלכע

---

1) זעת שלום עליכם „יאָסעלע סאָלאָוויי" ז. 153: „בעקוקט איהם אין די אויגען אריין". זעה אויך פּרץ ב. II ז. 21: „דאָס פּאָר פֿאָלק קוקט זיך אין די אויגען אריין אַזוי גוט"

2) שלום עליכם ב. V ז. 130; ב. XIV ז. 140; מענדעלע מו"ס ב. VII ז. ז. 145, 53 2; ב. VIII ז. 316.

3) שלום עליכם ב. V ז. ז. 43, 79.

4) דאָרט ב. X ז. 232 ב. VIII ז. 26.

5) שלום אש „אַמעריקא" ז. 89: „אַ פּאָר גע'ממזר'טע אויגעלעך".

6) א. בערנשטיין „אויג" 17.

מיר בעציהען זיך גוט, קוקען מיר דערויף מיט אַגוט־אויג. אַזאַך וואָס עפּעס ווי אינסטינקטיוו פיהלען מיר דערגעגען אַ ווידער־געפיהל, הייסט עס: „מ'האָט געוואָרפען דערויף אַבייזאויג", אָדער: „אַשלעכטאויג דערויף געוואָר־פען" 1). אַבייז־אויג האָט מען אויך איבעראַל אויף יעדע זאַך וואָס מ'איז דערויף אין כעס, אָדער מ'האָט דערויף קנאה.

„אַבייזאויג" (אַעין־הרע) פון קנאה איז זעהר געפעהרליך, ווי בעקאַנט, דעריבער משום אַל תפתח פה לשטן, האָט מען עס אַפילו מורא איבער'ן מויל צו ברענגען, און בלשון סגי־נהור, רופט מען עס אויך אָן — „אַגוטאויג" 2).

מיט אַקרום אויג" קוקט מען אָן אַזאַך, אויף וועלכער מ'איז אין כעס, ווייל מען געפינט זי אײַן פּאַר נישט ריכטיג, אָדער אויף אַמענש, וואָס מיר זעהען פון איהם נישט צופרידען. דאָס איז אַוויר־קליכע פיזאָלאָגישע ערשײַנונג, דאָס אין אַזאַ צושטאַנד קוקט מען אויף יענעם קרום 3). ווען די מדריגה פון דעם כעס און נישט צופרידענהייט איז נאָך גרעסער, דאַן קאָן מען דעם מענש, צי די זאַך — אינגאַנצען נישט אָנקוקען. ווען איינעם געפעלט נישט אונזער הנהגה זאָגט מען צו איהם: „ס'געפעלט דיר נישט — מאַך צו די אויגען און קוק נישט" 4).

פערגלאָצטע, אָדער פערגלײַזעלטע אויגען זע־נען אַסימן פון פרומאַקעס און צבוע'קעס, וואָס רעדענדיג נאָר מיט גאָט קוקען זיי אַלץ צום הימעל אַרויף, אַזוי דאָס מען זעהט נאָר דאָס ווײַסע פון אויג 5).

---

1) פרץ ב. II ז. 129.

2) מענדעלע מו"ס ב. IV ז. 19: „פון אגוטען אויג האָט מען עס אָבגעהיט". ז. 20: „קיין בייז־אויג זאָל איהר נישט שאטען".

3) שלום עליכם ב. XI ז. 165: „קוקען אויף איהם קרום".

4) זעה אויך מענדעלע מו"ס ב. X ז. 85: „וועמען עס געפעלט נישט, לאָז ער צומאַכען די אויגען".

5) דאָרט ב. V ז. 15: „פערפרומט מיט אויסגעגלאָצטע אויגען". ב. VII ז. 81: „געגלאָצט מיט די אייגעלעך, מיט א יראת שמים פנים'ל". דאָרט ז. 93: „געגלאָצט מיט די אייגעלעך, מאַכענדיג א פרום פנים'ל", זעה אויך ז. ז. 83, 124, און ב. IV ז. 116: „ווי א חסיד אין צעהנטען אײַנגעבויגען מאַכט כוונות, גלאָצט מיט די אויגען". זעה אויך מ. ספּעקטאָר „עניים ואביונים" ז. 93: „יענער איז נישט קיין חסיד ווי איהר, גלאָצט נישט די אויגען בײַם דאַווענען". אקסענפעלד, „דאָס שטערינטיכעל" ז. ז. 46, 128: „פערגלײַזטע אויגען, ווי א געבוירענער חסיד".

אויך ווען איינער פֿאַלט אין חלשות „פֿערגלייזעלט ער די אויגען". אין צומישונג און פֿערוואונדערונג האָט מען אויך „אויסגעגלאָצטע אויגען" 1).

איינער וואָס האָט אַ אויסגעשלאָגען אויג, און וויל מען זאָל עס נישט אָנזעהען, זעצט ער זיך אַריין אַ גלעזערען אויג, אויף וועלכען ער זעהט, זעלבסטפֿערשטענדליך, גאָרנישט. דעריבער ווילענדיג זאָגען, דאָס פֿון גרויס ליבשאַפֿט, וואָס א חתן=כלה האָבען איינער צום צווייטען (אָדער פֿאָטער און מוטער צו אַ קינד) זעהען זיי נישט ביי זיך קיין חסרונות, וואָס אַנדערע זעהען יאָ, דען על כל פשעים תכסה אהבה, זאָגט מען זעהר שען אויף יודיש: „זיי האָבען גלעזערנע אויגען" 2).

קלאָר איז מיר אָבער נישט, וואָס מענדעלע מו"ס (ב. VII ז. 218) מיינט, שרייבענדיג: „רשעים מיט שטיינערנע הערצער, קופערנע שטערענס און גלעזערנע אויגען..."

אויף איינעם אַ וואוילען=יונג, נישט קיין פֿערשלאָפֿענעם, וואָס האָט ליעב אַלעס צו טהון אויף דער וועלט, זאָגט מען: „ער איז אַ מענש מיט אָפֿענע אויגען". 3) דאָ האָט מען אפשר נישט געמיינט אַזוי צו זאָגען, דאָס ער האָט ליעב אַלץ צו זעהען, נאָר, דאָס ער איז דער היפך פֿון די חסידים, וואָס פֿלעגען געהן מיט אַראָבגעלאָזטע, אַמאָל גאָר מיט האַלב=פֿערמאַכטע אויגען, אום צו זיין אַ „עוצם עיניו מראות ברע", און פֿלעגען „קריכען אויף דער וואַנד".

ווען מען קלערט איינעם אויף אַ זאַך, וואָס ער האָט פֿריהער נישט פֿערשטאַנען, מען מאַכט איהם אויפֿמערקזאַם אויף אַזעלכעס, וואָס ער האָט פֿריהער נישט בעמערקט, הייסט עס מען האָט איהם „געעפֿענט די אויגען" 4). דאָ מיינט מען נישט, דאָס מען האָט איהם פֿיזיאָלאָגיש געעפֿענט די אויגען, נאָר די עיני השכל, ווי אַ שטייגער עס בענוצט זיך אין דער תורה ביים עסען פֿון עץ הדעת: „ונפקחו עיניכם והייתם כאלהים יודעי טוב ורע".

אין גרויס כעס, ווען עס ברענט אינ'ם מענשען די רציחה, האָט

---

1) מענדעלע מו"ס ב. VI ז. 39. מ. ספעקטאָר „עניים ואביונים" 91: „זיינווויל האָט אויף איהם אויסגעגלאָצט אַ פּאָר פֿערוואונדערטע אויגען".

2) א. בערנשטיין „חתן" 7, „פֿעטער" 6.

3) ליגעצקי „דאָס פּוילישע יונגעל" ז. 118: „ער לערנט תורה מיט אָפֿענע אויגען".

4) מענדעלע מו"ס ב. V ז. 28. ב. VIII ז. ז. 242, 262. ליגעצקי „דאָס פּוילישע יונגעל" ז. 117: „געשריבען ספרים יודען די אויגען צו עפֿנען", ז. 102: „דאָס פֿאָלק האָט אַ מאָל עפֿנען די אויגען".

ער „אויגען פלאם־פייער" 1). אויך אין אגוטען, גוטמוטיגען צושטאנד האט מען „שיינענדיגע אויגען" 2) און זיי „פלא־קערן" 3), אויך „ווייזט זיך א פייערל אין די אויגען" פאר פרייד 4), עס גיבט דעריבער „ברענענדיגע אויגען" 5), אויגען וואס לייכטען 6), ווען „עס צינדען זיך אן ליכטלעך אין די אויגען פאר שמחה" 7), בעזונדערס ביי יונגע מענשען איז אפט פערהאן, דאס די אויגען ברענען און לייכטען „ווי די הבדלות" 8).

---

1) מענדעלע מו"ס ב. VII ז. 273. זעה אויך ב. VI ז. 41: „די אויגען האבען געפייערט".

2) מענדעלע מוכר ספרים ב. II ז. 116.

3) דארט ב. VI ז. 65, ב. VII ז. 135.

4) דארט ב. VIII ז. 394.

5) דארט ב. V ז. 76, שלום אש „מאטיווען" ז. 109.

6) שלום עליכם ב. VI ז. 15.

7) פרץ ב. II ז. 280.

8) פרץ אין זיינע זכרונות אינ'ם זשורנאל „אידישע וועלט" יאהר 1913 דערצעהלט, דאס אזוי האבען די ווייבער געזאגט אויף איהם אין זיין יוגענד. און דאס איז א פעסטער פאלקס־אויסדרוק, זעה שלום עליכם „סטעמפעניו" ז. ז. 10, 31.

# IV.

„עין רואה ולב חומד“ זאָגען די חכמים, ד. ה. אַז דאָס אויג אַליין גלוסט נישט, עס איז נאָר אַ מעקלער, אַ סרסור דעבירא ביי'ם האַרצען, דאָס אויג איז גורם אַז דאָס האַרץ זאָל גלוסטען. אין יודיש האָט מען די זאַך אַזוי פיעל נישט צענומען און גלייך דעם אויג צו־געשריבען דאָט גלוסטען און געפעלען ווערען, ווי אין אלט־העברעאיש.

מען זאָגט אויף יודיש: „ביי זיי אין די אויגען איז זי מלא חן“ 1), „ביי איהם אין די אויגען האָט זי געהאַט דעם יודישען חן“ 2), „האָבען חן און ליטזעליגקייט אין די אויגען זייערע“ 3), „נושא חן זיין אין זייערע אויגען“ 4). דאָס איז אויך אין העברעאיש: „ונח מצא חן בעיני ה'“, „ומצא חן ושכל טוב בעיני אלקים ואדם“ (משלי ג' ד'). דעריבער ווען איינער וויל איינעם נידריג מאַכען, פערמאוס'ען ביים צווייטען, הייסט עס: „ער וויל איהם אַראָבוואַרפען אין זיינע אויגען“ 5). אַזעהר שענע זאַך „פערנעמט די אויגען“ 6).

ווען אַ זאַך געפעלט איינעם און ער וויל עס דורכאויס אָנקריגען, הייסט עס „ער האָט געוואָרפען דערויף אַ זיין אויג“ 7) אָדער „ער האָט געלייגט דערויף אַנ'אויג“, „ער לאָזט נישט אַראָב קיין אויג דערפון“ 8). זעהר שעהן איז דער אויסדרוק: „ער קאָן נישט די אויגען אָברייסען דערפון“ 9), „ער

1) מענדעלע מוכר ספרים ב. VII ז. 189.
2) דאָרט ב. VI ז. 126.
3) דאָרט ב. VII ז. 88. לינעצקי „דאָס פוילישע יונגעל“ ז. 14: „ער איז יעדען געפע־לען אין די אויגען“.
4) דאָרט ב. XVI ז. 59. דינעזאָהן „הערשעלע“ ז. 115: „חן געפינען אין די אויגען“. „די געשיכטע פון בבא“ ז. 26: „מיט אים מאַכען, ווי אייך געפעלט אין אייערע אויגען“.
5) דאָרט ב. VI ז. 108.
6) דאָרט ב. VIII ז. 250: „ס'קופערוואַרג האָט געשיינט, געפינקעלט, פערנומען די אויגען“. פרץ ב. VIII ז. 195: „ס'פינגערל פערנעמט די אויגען“. שלום עליכם „יאָסעלע סאָלאָוויי“ ז. 45: „שאַרפע קראַמען, אז ס'נעמט אָפּ אנ'אויג“.
7) מענדעלע מו"ס ב. VII ז. 13. שלום עליכם ב. I ז. 229, „סענדער בלאַנק“ ז. 55.
8) שלום עליכם ב. I ז' ז. 87, 238 „סענהער בלאַנק“ ז. 40.
9) דאָרט ב. XIV ז. 38, מענדעלע מו"ס ב. VII ז. 185.

עסט עס מיט די אויגען" 1). גלייכענדיג עס צו עסען, זאָגט מען אויך; „ער קאָן זיך נישט זאַט אָנקוקען" 2).

ווען מען גלוסט צו אַ זאַך און מען וויל עס אָנקריגען הייסט אויך „מ'האָט אַ אויג דערויף" 3), ד. ה. אייגענטליך „מ'האָט אַנ־אויסזיכט", „האָבען אַ אויג אויף אַ זאַך" הייסט אויך אַכטונג געבען אַז זי זאָל נישט אַוועקקומען 4) אָדער השגחה האָבען, זי זאָל איהר געברויך בעקומען 5). עס הייסט אויך האַלטען, אָדער „האָבען די זאַך אויפ'ן אויג" 6).

היטען אַ זאַך, הייסט אויך „נישט אַראָבלאָזען דערפון קיין אויג" 7). מען זאָגט אויך „די זאַך נישט אָבלאָזען פון אויג" 8). ווען איינער איז אַ חשוב ביי יענעם, יענער איז געניגט איהם אַ טובה צו טהון—הייסט עס: „ער האָט ביי איהם אַנ'אויג".

בעזונדערס גלוסטען אַלעס „גרויסע אויגען". אַזוי זאָגט מען, „דער מענש האָט גרויסע אויגען (זעהט און גלוסט אַלץ) און זעהט נישט זיינע אייגענע פעהלער" 9). מ'זאָגט אויך: „די אויגען זענען גרעסער ווי דאָס מויל" אָדער: ווי דער מאָגען, ווי דער האַלז, ד. ה. זיי פערלאַנגען מעהר וויפיעל דער גוף קאָן אין דער ווירקליכקייט געברויכען 10).

„גרויסע אויגען האָט מען אָבער נישט בלויז אויף אַ זאַך וואָס מען גלוסט עס אַליין צו האָבען, נאָר אויך אויף אַ מענש, 11) וואָס מען

---

1) מענדעלע מו"ס ב. I „ספר הבהמות" ז. 43. ב. II ז. 70. ב. VI ז. 110.

2) שלום עליכם ב. II ז. 11 „סענדער בלאנק" ז. 35: „זיך נישט בעקאָנט זאט אָנקוקען זיין שעגע צורה".

3) מענדעלע מו"ס ב. VII ז. 158, ב. IX ז. 65.

4) דאָרט ב. X ז. 95, פרק ב. II ז. 27.

5) מענדעלע מו"ס ב. XIII ז. 102:

„ווער עס האָט אויף די אַלע חיות אַ אויג
„איטליכער חיה צו געבען וואָס איהר טויג".

זעה אויך ב. IV ז. 37: „אָהן אַ אויג פון אַ בעל־בית", ד. ה. אָהן אויפזיכט, אָהן אָפּיעקע פון אַ בעל־בית.

6) שלום עליכם ב. XII ז. 12, ב. XIV ז. 134.

7) דאָרט „יאָסעלע סאָלאָוויי" ז. 319.

8) מענדעלע מו"ס ב. V ז. 17, ב. II ז. 72.

9) א. בערנשטיין „מענש" 28.

10) דאָרט „אויג" 14, 15.

11) מ. ספעקטאָר „עניים ואביונים" ז. 125: „די האָסט גרויסע אויגען, דרום ביזטו איהם מקנא".

לינעצקי „משלחת" ז. 73: „אים איז צו גרויס אין די אויגען, וואָס עס לעבען נאָך עטליכע אָרמע פאַמיליעס".

א. מ. דיק; „מאַטקע און הערשקע" ז. 22: „איז מען נאָך יעדען גרויס אין די אוי־

האָט קנאה אויף איהם און מען גינט איהם נישט זײַן וואוילשטאַנד אין הצלחה.

מעגליך, אַז דאָס בעציהט זיך דערצו, וואָס די אויגען זאָלען ווירקליך גרעסער אַרויסקוקען פון זייערע לעכער ביי די דאָזיגע צוויי אומשטענדען: א) אויסוואַרטען און גלוסטען אויף אַ זאַך צו בעקומען, ב) האָבען קנאה און נישט פערגינען אַ צווייטען. מען זאָגט דעריבער: „די אויגען קריכען אַרויס ביז מען דערלעבט זעהען אַ קינד אונטער דער חופה" 1), „אַרויסגעקוקט אויף אַ דעפּעש. אַז די אויגען זענען שיער פון קאָפּ נישט אַרויס" 2). ווען איינער ווערט געהאָלפען, און ער איז צופרידען, וואָס די שונאים וועלען פּלאַצען פאַר קנאה, זאָגט ער: „לאָזען זיי זאָטש די אויגען אַרויס". „עס וועט זיי אַרויס די אויגען" (פון קנאה צוזעהענדיג מיין גליק שלום עליכם ב. XIII ז. 28). דען די אויגען קריכען ארויס אויף ביי דעם, וואָס איז מקנא דעם צווייטען, צוזעהענדיג יענעמס גליק.

ווען מיר האָבען קנאה אויף אַ זאַך און מיר ווילען עס זאָל גע=מינערט ווערען, אָדער גאָר אינגאַנצען פערשוואונדען ווערען, איז די זאַך אונז „גרויס אין די אויגען" 3).

ווען איינער פיהרט זיך אויף ברייט „כיד המלך" און איז גורם דאָס מענשען זאָלען אויף איהם קנאה און שנאה האָבען, הייסט עס אויף יודיש: „ער רייסט אויף מענשען די אויגען", דען ווי געזאָגט האָט דער בעל מקנא „גרויסע אויגען". דעריבער האָט אויך יעקב גע=זאָגט צו די קינדער למה תתראו (בראשית מ"ב, א'). מענדעלע מוכר ספרים שרייבט אָבער: „אויפרייסען די וועלט די אויגען, זי זאָל זיך וואונדערן און חידוש'ן" 4), דען אויך ווען מען וואונדערט זיך שטעלט מען אויף אַ פּאָר אויגען 5), ד. ה. מען עפענט אינסטינקטיוו ברייט די ברעמען און די אויגען גלאָצען אַרויס, דעריבער הייסט עס

---

בען" (מ'איז אונז מקנא). שלום עליכם ב. XII ז. 161: כתרילוקע, איז ביי איטליכען גרויס אין די אויגען".

1) שלום עליכם „יאָסעלע סאָלאָוויי" ז. 164.

2) דאָרט ב. VIII ז. 178, מענדעלע מו"ס ב. VII ז. 75, ב. XII „אַ סגולה צו צרות" ז. 15.

3) א. בערענשטיין „יוד" 10: „אַ יוד איז דאָס קלענסטע בעשעפעניש, אָבער איטליכען גרויס אין די אויגען", מענדעלע מו"ס ב. XIII ז. 84:

„פיעל ברואים זעגען דעם מענש גרויס אין די אויגען
„און ער פרעגט צו וואָס פּאַרט אַזעלכע טויגען".

4) ב. VI ז 99.

5) דאָרט ב. VII ז, 9, ב. X ז. 26, ב. II ז. 61: „שלמה'לע שטעלט אויס אַ פּאָר

אויך בײַ שלום עליכם׳ן: „אַלטע הערט מיט גרויסע אויגען" 1).

פון פערוואונדערונג, אויך פון כעס האָט מען „אויסגעגלאָצטע אויגען" 2), מען גלאָצט אויס אַ פּאָר גלעזערנע אויגן" 3), דען די אויגען זענען דעמאָלס גרויס און ווײַס ווי גלעזערנע (זעה אויך ממו"ס ב. V „די ענטדעקונג פון וואָלין" ז. 9). דעריבער הײסט עס אויך, ז'אָס פון פערוואונדערונג שטעלט מען אויס אַ פּאָר גרויסע קעלבערנע אויגען" 4).

אויך פאר גרויס רציחה און כעס שטעלט מען אויף אַ פּאָר אויגען אויפּצועסען יענעם, די אויגען ברענען און שטראַהלען ווי מיט שפּיזען, דעריבער הײסט עס „ער שפּיזט אויס אַ פּאָר אויגען", ער דרינגט מיט'ן בליק יענעם דורך און דורך, ד. ה. „ער שטעכט איהם אַדורך מיט די אויגען" 5). אויף אַזאַ אײנעם זאָגט מען אויך: ער שטעלט אויס אַ פּאָר אויגען ווי דער בריסקער מלאך=המות". בײַ מאני דלוגאטש („דער עולם התוהו'ניק" ז. 38) האָבען מיר אַזאַ מין מליצה: ער גלאָצט אויס אַ פּאָר אַויגען, ווי דער אַרענדאַר אויפ'ן „אָץ קוצץ".

---

אויגען, קוקענדיג דערויף איינגאנצען פערגאפט". ב. VII ז. 184: „חנצה שטעלט אויף די אויגען אויף איהם פערוואונדערט". ב. VI ז. 16: „איך האָב שוין נישט געוואוסט, וואָס מיט מיר טהוט זיך, האָב אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגען, ווי אַ ליימענער גולם", און ז. 63: „האָב איך אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגען און איהם אָנגעקוקט שטאַרק תמ'עוואטע". ליניעצקי „פוג'ם יאריד" ז. 19: „יעקל שטעלט אויס די אויגען, פון פערוואונדערונג".

1) שלום עליכם „מאָעיל דעם חזנ'ס" ז. 188.

2) מענדעלע מו"ס ב. VI ז. 9. מאָני דלוגאטש „דער עולם התוהו'ניק" ז. 107: „גלאָצט די אויגען מיט כעס".

3) דאָרט ב. VI ז. 131.

4) דאָרט ב. I „ספר הבהמות" ז. 41, ב. II ז. 35.

5) דאָרט ב. VI ז. 63, ב. V ז. 76: „ער נעמט איבּך דורך און דורך מיט אַ פּאָר ברענענדע אויגען". זעה אויך מענדעלע מו"ס ב. I „ספר הבהמות" ז. 15: „איטליכער בליק איז מיר אַ פײַל אין הארצען", ב. II ז. 6: „איטליכער בליק איז אַ שטאָך".

# V.

פֿערהאַן מענשען, וואָס עס איז בײַ זײ קײַן איבעריג שווערע זאַך צו זאָגען ליגענט וועגען אײנעם. זעלטען אָבער, אַז עמיצער זאָל בײַ זיך פּועל'ן צו זאָגען אַ ליגען וועגען אײנעם אין יענעמס אָנוועזענהײַט, צו דעם מוז מען שוין זײַן אַ אויסערגעוועהנליכער חצוף מחוצף, עזות פנים און פֿערדאָרבענער מענש. סתם נעמט מען אָבער אָן, איז אַ מענש אויף אַזוי פֿיעל נישט פֿערדאָרבען, דעריבער, האָטש מיר וועלען נישט אַזוי געשווינד גלויבען, ווען אײנער זאָל פֿערצעהלען עפּעס אַ שלעכטע זאַך וועגען אַ צווײַטען, דאָך, ווען ער זאָל עס „זאָגען יענעם אין די אויגען אַרײַן" מוזען מיר עס שוין גלויבען (1. מען מאַכט דעריבער אַ חילוק און מען זאָגט: „אין די אויגען הײסט גערעדט, הינטער די אויגען הײסט געבילט". (2

ווען אײַנער איז גערעכט און ער האָט פֿאַר יענעם קײַן מורא נישט, קוקט ער איהם „גלײַך אין די אויגען אַרײַן", פֿון דעם זאָגט מען אויך אויף אײַנעם, וואָס שרעקט זיך נישט פֿאַר אַ סכנה, „ער קוקט דעם טויט אין די אויגען" (3, מ'זאָגט אויך „ער געהט דעם טײַוועל אין די אויגען".

ווען אײנער ווערט פֿערשעמט, מען ווײַזט איהם אויס אַ ליגען צי אַ פֿערברעכען, „שעמט ער זיך די אויגען אויפֿצוהויבען, 4) און „ער

---

1) און אין חושן-המשפט סימן כ"ח, סעיף ט"ו ווערט נעפסק'עט „אין מקבלין עדות שלא בפני בעל-דין".

„סערקעלע" ז. 59: „לאָז ער מיר זאָגען אין די אויגען אַרײַן, אויב ס'איז ליגען". דאָרט ז. 79: „דעם אמת מעג מען זאָגען איטליכען אין די אויגען אַרײַן".

2) א. בערנשטיין „אויג" 5, זעה אויך די אויסדרוקען דאָרט „רעדען" 7, 15. דיק. „פֿייגעלע דער מגיד" ז. 26: „ער האָט איהם געזאָגט אין אויג, דאָס ער איז אַ כלי נפֿלאה"

3) מאָריס ראָזענפעלד, „אויפֿ'ן בוזעם פֿון ים". אַ זאַך, וואָס קומט שווער אָן, מיט סכנות נפשות, זאָגט מען: „מ'זעהט דערבײַ דעם טויט פֿאַר די אויגען".

4) די געשיכטע פֿון בבא ווילנא, תר"ע ז. 15: „ער הויבט זײַנע אויגען קוים אויף פֿאַר שאנדע".

„לאָזט אַראָב די אויגען" 1). די אויגען לאָזט מען אַראָב בכלל ווען מען שעמט זיך, נישט דוקא ווען מען טהוט אַליין אַ פערברעכען נאָר אפילו ווען אַ צווייטער רעדט נישט קיין אַנשטענדיגע רייד א. ד. ג. 2). ווען איינער פיהלט זיך שילדיג אָדער זינדיג קעגען צווייטען, שעמט ער זיך נישט בלויז צו קוקען איהם אין די אויגען אַריין, נאָר אפילו „צו ווייזען זיך יענעם פאַר די אויגען" 3), ווי אויך „ווייזען די אויגען" 4), אָדער דעם צווייטען „צוקומען הינטער די אויגען", און ער געהט איהם דעריבער „אויס די אויגען".

בעזונדערס שעמט זיך „די אויגען צו ווייזען" אַ גנב 5). און נישט קיין וואונדער, שוין אין תנ"ך איז דאָ דער אויסדרוק: „כבושת גנב", ביי פרץ'ן געפינט זיך זעהר אַ בילדליכער און שטאַרקער אויס= דרוק אויף איינעם וואָס לאָזט אַראָב די אויגען פון הרפה: „ער שטעהט אַריינגעשטעקט די אויגען אין די פאָדלאָגע אַריין, ווי אַ טריפה מעסער" 6) „דיא אויגען האָב איך אַריינגעשטעקט אין דער ערד, ווי א טריפה מעסער" 7). גענומען איז עס דערפון, וואָס פאַרהאַן ס'מאַכט זיך אין שטוב אַ שאלה, מען שניידט וואַרם פלייש מיט אַ מילכיג מעסער, אָדער מען שניידט קעז, צי מען שמירט פוטער מיט אַ מילכיג מעסער, פסק'נט דער רב, צי דער דיין, מען זאָל עס אַ ריין שטעקען אין דער ערד, אָדער פאָדלאָגע, אום עס זאָל זיך אזוי אַרום גוט אָברייבען. די ווייבער לאָזען אָבער אזוי שטעקען דאָס מעסער צווישען די ברעטער פון דער פאָדלאָגע אַ האלבע שעה, אַזוי אַז ס'האָט זיך אָפט געלאָזט זעהען אין אַ יודישע שטוב אַ מעסער, וואָס שטעקט

---

1) שלום אש מאָטזוועץ ז. 101: „שעמען זיך איינער פאַר'ן אנדערען די אויגען אויפצוהויבען" מענדעלע מו"ס ב. IX ז. 91: „לאָזט פערשעהמט אראָב די אויגען". ב. VII ז. 50: „רויט ווערען און אראָב לאָזען די אויגען". מ. ספעקטאָר „עגיים ואביונים" ז. 138: „מיט אראָבגעלאָזטע אויגען געבעטען א נדבה".

2) מענדעלע מו"ס ב. X ז. 8.

3) שלום עליכם ב. I ז. 39: „געשעמט ווייזען זיך פאַר די אויגען".

4) מ. ספעקטאָר ב. I ז. 66: „האָבען פאַר בושה נישט געקאָנט ווייזען די אויגען".

5) „די אויגען פאַרשטעלט (פון שאנדע) גלייך ווי זיי וואָלטען עטוואָס געגנב'ט". ק עפשטיין, „לייבקע קלאָץ" (ווילנא 1914) ז. 22. ווען איינער געהט דעם הוט טיף אריבער= געריקט אין פנים, זאָגט מען: „ער געהט דעם הוט איבער די אויגען ווי א גנב".

6) „וואָס אין פידעלע שטעקט" ז. 38.

7) „וואָס נשמה הייסט" ז. 23.

אין פּאָדלאָגע 1). פאַרהאַן ווען מען זינדיגט קעגען איינעם, וואָס מען ווייסט, דאָס פון זיין האנד איז אָבהענגיג אונזער גורל, אין מען קוקט איהם דעריבער אין די אויגען, ווי דער פסק זיינער וועט אַרויסגעהן לשבט או לחסד... דעריבער זאָגט מען: „ער קוקט גלייך אין די אויגען אריין, ווי אַ זינדיגער מענש” 2).

אַז מען וויל זאָגען, דאָס כען וועט איינעם אויסווייזען, דאָס ער האָט ליגען געזאָגט, אָדער אַנדערע פערברעכערישע מעשים בעגאַנגען, זאָגט מען: „מען וועט איהם חאַטש די אויגען אויסשטעכען”, דען ער וועט זיך שעהמען זיי צו ווייזען און צו עפנען 3). אין די אַלטע צייטען און אינ'ם מיטעלאַלטער האָט דאָס אָפט געטראָפען, דאָס מען האָט אלס שטראָף ווירקליך מענשען די אויגען אויסגעשטאָכען. געדענקט דאָך צום ביישפּיעל, דער יודישער לעזער, ווי נבוכדנאצר האָט צדקיהו'ן דעם מלך פון יהודה בלינד געמאַכט, פערגלייך אויך מיט'ן אויסדרוק פון דתן ואבירם צו משה'ן: „העיני האנשים ההם תנקר” 4).

א אונפערשעמטער מענש, וואָס ווייסט נישט פון קיין חרפה און בושה, הייסט „אַ מענש מיט אויסגעשטאָכענע אויגען” 5), אַזאַ איינער זאָגט: „שאַנד איז ניט קיין רויך — זי עסט די אויגען נישט אויס” 6), צו אַזאַ איינעם איז דאָ נאָר איין עצה: אָנשפּייען איהם אין די אויגען אריין”.

---

1) די פרטים פון דעם דאָזיגען דין פון נעיצה בקרקע, זעה אין „דרכי תשובה”, יורה דעה סימן צ”ד סעיף קטן ק”ב.

ביי לינעצקי „דאָס משלחת” ז. 9: „אויף איך, אז מ'זאָל פרעגען א שאלה, וועט מען א ודאי פסק'נען מען זאָל איך כשרה'ן, גליען, אָדער גאָר אין דער ערד אריין שטעקען”.

2) שלום עליכם ב. VIII ז. 243, ב. XIV ז. 50, ב. X ז. ז. 85, 335, ב. XI ז. 92, ב. XIII ז. 36.

3) שלום עליכם ב. XI ז. 286: „געשטאָכען איחם די אויגען”. „מנחם מענדל”: „לאָז די וועט אויפהערען מיר שטעכען די אויגען”. פרץ ב. II ז. 63: „ווייזט דער ליטוואק א בפרושע גמרא — די אויגען שטעכט ער אויס”.

לינעצקי „דער וועלט לוח” ז. 55: „כדי שונאים צו שטעכען די אויגען”, „דאָס פוילישע יונגעל” ז. 100: „די משכילים מוזען זיך היטען נישט צו געבען קיין געלעגענהייט צו שטעכען די אויגען, אז די בילדונג פיהרט אראָפּ פון וועג”.

4) במדבר, ט”ז, י”ד.

5) ביי שלום עליכם'ן ב. XI ז. 393: „פערשטאָכענע אויגען” (מחוצפים), ב. XII ז. 112: „און איהר האָט נאָך א זאָלכע פערשטאָכענע אויגען, בערוהמען זיך...”

6) א. בערנשטיין „שאנד” 2

# VI.

מען האָט בעמערקט און אָנגעצייכענט אין דער שפראַך פיעל איינדרוקען, וואָס דאָס אויג בעקומט פון זאַכען און געשעהענישען, וואָס האָבען מיט'ן אויג קיין דירעקטע שייכות נישט, און געהערען גאָר צו אַנדערע אברים, נאָר אַלס דער גאנצער קערפער מיט זיינע פערשידענע אברים זענען דאָך איין אָרגאניזם, פיהלט איין אבר אין דעם צער, ווי אין דער פרייד פון אַנדערע אברים אויך.

אַזוי ווערט דעם מענש „פינסטער אין די אויגען" פאַר חרפה 1), פאַר שרעק 2), בעקומענדיג אַ שטאַרקען קלאפ 3), ליינענדיג אָדער הערענדיג, צי זעהענדיג אַ שלעכטע בשורה, צרה און פאָרפאַל, 4), קריגענדיג גוט אָנגעזידעלט 5).

עס ווערט אויך טונקעל אין די אויגען פאַר גרויס הונגער און אַפעטיט צום עסען 6), דאַגעגען ווערט דעם מענש ליכטיג אין די אויגען און אין אַלע רמ"ח אברים פאַר שמחה און פרייד 7).

מען האָט אויך אויפגעפאַסט דאָס בעקומענדיג גוטע קלעפ, איבער-הייפט פעטש, ווערט ווי אַ פלאַם פאַר די אויגען און עס שיינט גלייך

---

1) מענדעלע מו"ס „שם ויפת" ז. 29. ב. XV ז. 33, פרק „פאָלקסט. געשיכטען" ז. 54 אז מען טהוט איינעם אָן חרפה, הייסט עס: „מען פערשווארצט איהם די אויגען", מענדעלע מו"ס ב. VII ז. 8. פרק „פאָלקסט. געשיכטען" ז. 68: „פערשווארצען די טאָכטער די אויגען מיט זײן אָרימקייט וויל ער ניט".

2) מענדעלע מו"ס ב. X ז. 19.

3) דאָרט ב. VI ז. 94.

4) שלום עליכם ב. V ז. 144, ב. VIII ז. 194, „מבול" ז. ז. 52, 239, 367. דינעזאָן „הנאהבים" ה. 42: „יוסף'ן איז פינסטער געוואָרען אין די אויגען, אז ר'האָט דאָס איבערגע-לעזען". מאַני דלוגאטש „דער עולם התוהו'ניק" ז. 32: „איך האָב דאָס דערהערט און ס'איז מיר פיננסטער געוואָרען אין די אויגען".

5) שלום עליכם ב. V ז. 97.

6) מענדעלע מו"ס ב. XI ז. 20. פערגלייך מיט'ן תלמודישען „בולמס"!

7) דאָרט ב. IV ז. 32, ב. VI 60, ב. V ז. ז. 15, 61. דינעזאָהן. „יאָסעלע" ז. 96: „און יאָסעלען איז ליכטיג געוואָרען אין די אויגען" (בעקומענדיג עסען.) זעה אויך שמואל א'. י"ד, כ"ט: „ראו נא כי אורו עיני, כי טעמתי מעט דבש הזה". זעה אויך דינעזאָהן „הערשעלע" ז. 155: „ס'איז אַ נחת, אַ ליכט אין די אויגען".

פונקען וואָלטען געפּלויגען, מען זאָגט דעריבער: „געשמאַקע פּעטש, אַזוי אַז פינקען זענען געפּלויגען" 1), „פּעטש — אַז פונקען זענען געפּלויגען פון די אויגען". אַז מען וויל זאָגען דאָס אַ מענש וועט אַ זאַך שווער אָנקומען — זאָגט מען: „עס וועט איהם נאָך גרין און געל געהן פאַר די אויגען" פערגל. „עס וועט איהם אָנקומען מיט גרינע ווערם" 2).

אין פוילען זאָגט מען אויך: „ער האָט געקריגען אַ פּאַטש — אַז ער האָט דערזעהען די עלטער באָבע פאַר די אויגען", „אַז ער האָט דערזעהען קראָקע מיט לעמבערג" 3). מען זעהט די דאָזיגע מקומות נישט בלויז ווען מען בעקומט גוטע קלעפּ, נאָר אויך ביי אַנדערע אונאַנגענעמליכע אומשטענדען. זעה שלום-עליכם ב. V ז. 150: „למאי זאָגט מען ביי אונז „קראָקע מיט לעמבערג"? אַז מען עסט אַ זויערע זאַך, זאָגט מען: ס'איז אַזוי זויער, אז מען קאָן דערזעהען קראָקע מיט לעמבערג, אָדער אַז מען דערלאַנגט איינעם אַ גוטען פּאַטש. זאָגט מען אַז „ער האָט דערזעהען קראָקע מיט לעמבערג". 4)

וועגען דעם זעהען זיך מיט דער באָבען, געפינען מיר ביי „טביה דעם מילכיגען" (ז. 47): „ביזט ווערט מען זאָל דיך אַנידערלעגען און ברכוש גדול אַריינצימבלען, אַזוי פיל אַז זאָלסט זיך זעהען מיט דער באָבע צייטיל פון יענער וועלט". מען געפינט נאָך ביי שלום עליכם'ן ב. VI ז. 218: „יעדער שנעל האָט מיר געגעבען צו זעהען זיך מיט'ן טאַטען פון יענער וועלט".

איך גלויב אַז דאָס אַלץ הייסט: ער איז געוועזען קרוב למיתה און זיך שוין געזעהען מיט יענער וועלט. פערגלייך מיט די פאָלגענדע שטעלען ביי שלום עליכם'ן: ב. V ז. 164: „איהר ווייסט, וואָס הייסט „שטעלען אַ גובערנאַטאָר"? מען טהוט אַנעץ איין דעם גראָבען פינגער אין מויל, און מען דערלאַנגט אייך אין זייט צווישען די ריפּען און

---

1) שלום עליכם ב. V ז. 145. „סערקעלע" ז. 31: „זי האָט מיר אפּאַטש געגעבען זענען מיר אַ זוינע פינקען פאַר די אויגען גיפּלויגען".

2) שלום עליכם ב. VII ז. 15, ב. X ז. 86. זעה אויך שלום עליכם ב. II ז. 109: „דערלאַנגט אין די צייהן, אַזוי אַז פינקען זענען געפּלויגען פון די אויגען".

3) וועגען דערזעהען „קראָקע מיט לעמבערג" זעה מענדעלע מו"ס ב. III ז. 159 און ב. VII ז. 86.

4) זעה אויך שלום עליכם ב. V ז. 34.

צווישען בויך, דערזעהט איהר אייך מיט'ן מלאך המות". אין ב. XIII ז. 134: „פון די קרייטער פלעג איך מיך זעהען בשעת מעשה מיט'ן מלאך המות". ב. V ז. 33: „איך האב דעם פראשעק איינגענומען אין זיך געזעהען מיט'ן טויט" 1).

אין תלמוד איז דא א אויסדרוק „אוי לעינים שכך רואות". אויף יודיש זאגט מען נישט בלויז די איבערזעצונג דערפון: „וועה צו די אויגען וואס זעהען דאס צו", ווען מען זעהט א שלעכטע זאך, נאר מען זאגט אויך: „די אויגען טהוען וועה צוזעהענדיג".

שוין אין תנ"ך ווערט א מענש, וואס מען קאן פון איהם נאר צרות האבען, אנגערופען — „א דארן אין אויג" (ולצנינים בעיניכם. יהושע כ"ג, י"ג) אויף יודיש רופט מען אזוי, א מענש וואס מען קאן איהם נישט אנקוקען, און עס שטעלט יעדער קוק אויף איהם 2).

א מענש וואס מען קאן איהם נישט ליידען הייסט אויך, דאס ער איז „ווי א בילמע אין אויג" 3).

אזא מענש איז אויך „א שפין אין די אויגען" 4). ווען איינער דרעהט זיך ארום פיסט און פאס און רוהרט זיך דעריבער צו צו זאכען וואס ער ברויך נישט — זאגט מען צו איהם: „האסט נישט וואס צו טהון—נעם א שפילקע און גראבעל דיר אין די אויגען".

---

1) זעה אויך ב. VI ז. 120: „אז ער נעהמט אייך אן מיט די דארע פינגער ביי דער הא ה, דערזעהט איהר יענע וועלט", ב. XIII ז. 152: „מיט אזא רציחה, אז זיי האבען זיך דערזעהען מיט יענע וועלט".

2) מענדעלע מו"ס ב. I „די אלטע מעשה" ז. 15, ב. VI ז. 20, ב. IV ז. 112.

3) דארט ב. II ז. 7.

4) פערגלייך מיט דער רעדענסארט: „פיינט ווי א שפין' א. בערנשטיין.

## VII.

אַ טויטען פֿערמאַכט מען די אויגען אפילו ווען ער שטאַרבט מיט אָפֿענע אויגען, דעריבער אַז מען זאָגט „כל זמן די אויגען זענען אָפֿען" הייסט דאָס: כל זמן דער מענש לעבט. דאָס שפּריכוואָרט זאָגט: „כל זמן דער מענש האָט די אויגען אָפֿען, זאָל ער נאָך האָפֿען" 1). „אַבלינדער, זאָגט מען ווידער, האָט אַגרינגען טויט", מען פֿערשפּאָרט איהם די אויגען צו צומאַכען 2).

„צומאַכען אַ אויג" הייסט ווידער — שטאַרבען 3), אויך שלאָפֿען. מען בענוצט אַממיינסטען בדרך גוזמא אויף איינעם, וואָס האָט נישט געקאָנט איינשלאָפֿען, און מען זאָגט: „ער האָט קיין אויג נישט צוגעמאַכט", „קיין אויג נישט געקאָנט צוטהון" 4). פֿערהאַן אַ זאַך ביי וועלכער מען טאָר נישט צופֿיעל נאָך קלערען, נאָר „צומאַכען די אויגען און טהון אויף גאָטס בעראָט" 5).

ווען איינעם שלעפֿערט, און „די אויגען פֿאַלען איהם צו", הייסט עס, דאָס „די אויגען קלעפען זיך איהם" 6). „ער קאָן די אויגען נישט אויפֿרייסען" 7).

---

1) א. בערנשטיין „האָפֿען" 3.

2) דאָרט „בלינדער" 2.

3) מענדעלע מו"ס ב. VII ז. 25, שלום עליכם ב. VIII ז. 166: „סיידען איך וועל חלילה צומאַכען איין אויג".

4) מענדעלע מו"ס ב. II ז. XVIII, ב. VI ז. ז. 66, 70, 112. „סערקעלע" ז. 59: „די נאַכט כאָטש קענען אַ אויג צו טהון".

5) דאָרט ב. IX ז. 58.

6) שלום עליכם ב. I ז. 122. ב. II ז. 117.

7) „די געשיכטע פֿון בבא" (ווילנא תר"ע) ז. 27.

## VIII.

די זון פֿערבלענדט די אויגען, אַז מען קאָן אין איהר נישט אַרײַן קוקען, דעריבער ווערט געזאָגט אויף יעדער ווײַסע, רײַנע, שעה־נע זאַך, בדרך גוזמא — „עס פֿערבלענדט די אויגען" 1). אויף זעהר אַ שענעם מענש זאָגט מען אויך, ווי אויף דער זון — „ס'איז איהם אין פנים נישט אריינצוקוקען" 2).

אויך קונצען־מאַכער פֿערבלענדען די אויגען (אחיזת עינים) דורך זײַערע פֿערשידענע געשיקטע געפֿלינקע בעוועגונגען, וואָס דער צושויער בעווײַזט נישט צו בעמערקען דעם שווינדעל, דעריבער ווען מען גענאַרט דעם צווײַטען דאָס ער זאָל נישט קענען בעמערקען ווי מען בעשווינדעלט איהם, דען מען נעמט איהם אַרום מיט חניפה, פֿאַל־שקײַט און צביעות, הײַסט עס אויך, דאָס מען פֿערבלענדט איהם די אויגען 3). אויך דאָס רענדעל קאָן „פֿערבלענדען די אויגען" 4).

פֿערהאַן ווידער אַ זאַך וואָס „פֿערשײַנט די אויגען" מיט איהר שענקײַט 5).

---

1) פרק „פאָלקסט. געשיכטען" ז. 244: „איהר שענקײַט האָט אלע אויגען פֿערבלענדעט".

2) שלום עליכם ב. XIII ז. 59, ליניעצקי „דאָס פּוילישע יונגעל" ז. 29: „שען, אז ס'איז איר גאָר ניט אין צורה אַרײַנצוקוקען", פֿערגלײַך מיט דעם אויסדרוק „פניו כפני חמה" און מיט דער מעשה וועגען משה רבינו שמות ל"ד, כ"ט—ל"ה. אַ רב האָט אַ מאָהל געשריבען אין א הסכמה אויף א ספר: „פניו כפני חמה", אז מ'האָט זיך געוואונדערט, ווי קומט דאָס אזוי צו שרײַבען אויף אזא שלעכטען ספר? האָט ער זיי ערקלעהרט, דאָס דער פשט איז: פניו כפני חמה, אז מ'קאָן אין איהא נישט אַרײַנקוקען, ווי אין דער זון אַרײַן.

3) מענדעלע מו"ס ב. IV ז. 63, ב. IX ז. 60, ב. II ז. 23, ב. VII ז. 316.

4) אקסענפֿעלד, „דאָס שטערינטיכעל" ז. 138. פֿערגלײַך מיט'ן פסוק וועגען שוחד: „כי השוחד יעור עיני חכמים".

5) מענדעלע מו"ס ב. VI ז. 20.

# IX.

אויף אַ גרויס פּינסטערניש זאָגט מען: „פינסטער חאָטש אײַן אויג אַרויסצונעמען" 1), שײַנט אַז דאָ מײַנט מען נישט, אַז עס איז פּינסטער אַזוי אַז מען קען זיך אַ אויג אַרויסנעמען אָנשלאָגענדיג זיך אין עפּעס, ווײַל מען קאָן נישט בעמערקען וואָס עס טהוט זיך אַרום, נאָר ווײַל אַז מען שטרענגט שטאַרק אָן דאָס אויג, ווילענדיג דערזעהען עפּעס און מען דערזעהט נישט, איז פון אָנשטרענגונג און שפּאַנונג שטאַרצט מען אויס אַפּאָר אויגען, גלײַך ווי זיי וואָלטען אַרויסגעקראָכען. דערום בענוצט מען אויך דעם אויסדרוק: „ער נעמט זיך די אויגען אַרויס", אויך ווען מען לײַנט און מען שרײַבט אין דער פּינסטער, אָדער גאָר קלײַנע אותיות, אָדער מען קוקט אײַנעם שטאַרק אויס 2).

אויף וואוילערניש לשון זאָגט מען אויף אַ גרויס פּינסטערניש „מען מוז נעמען די אויגען אין די הענד" (זעה שלום עליכם ב. VII ז. 123: „ביז ס'איז געבליבען, אַז מען מוז נעמען די פּיס אויף די פּלייצעס און די אויגען אין די הענד און עולה=רגל זײַן" 3).

1) מעידעלע מו"ס ב. VI ז. 43, ב. X ז. 17.

2) דאָרט ב. X ז. 36: „זיך ארויסגענומען די אויגען קוקענדיג", ב. VII ז. 115: „גענומט זיך ארויס די אויגען מיט'ן פעדערען פליקען שפּעט ביי נאכט", ב. VI ז. ז. 33, 63: 104: „גענעמט זיך די אויגען ארויס ביי דער נאָדעל".

3) פּרק „פּאָלקסט. געשיכטען" ז. 54: „עס פּאַלט צו די נאכט, חאָטש נעם די אויגען אין די הענד און זוך זיך א וועג".

# X.

ווען צוויי האָבען זיך שטארק געשלאָגען, זאָגט מען „זיי האָבען זיך די אויגען אויסגעריסען". דאָס איינער וועט דעם צווייטען שלאָגען, שטאַרק זיך כעס'ן אויף איהם — הייסט: „ער וועט איהם די אויגען אויסרייסען", „אַרויסנעמען" 1), דען ביי אַ געשלעג טרעפט זיך אָפּט דאָס „מען שלאָגט איינעם אַנ'אויג אויס" 2) אָדער, מען האַקט איהם אונטער אפּאָר אויגען. און מען מאַכט איהם „לאַנטערנעס אונטער די אויגען" 3)

ווען איינער טהוט אַזוינס, וואָס אַלע האָבען צו איהם פּרעטענזיעס דערויף, הייסט עס, דאָס „אַלע רייסען איהם די אויגען אויס", 4). אויף אַ גרויסען חצוף, זאָגט מען: „אַ גרויסער עזות־פּנים. רייסט יונג און אלט אויס די אויגען" 5).

---

1) שלום עליכם ב. I ז. ז. 171, 196. ב. V ז. 164.

2) „וכי יכה איש את עין עבדו" „משפטים", כ"א, 26.

3) שלום עליכם ב. VI ז. 96.

4) מ. ספעקטאָר „עניים ואביונים" ז. 87: „ער וועט איהר פשוט דערפאַר אַרויסרייסען די אויגען".

5) לינעצקי „דאָס פּוילישע יונגעל" ז. 122.

# XI.

עֶהנלִיכֿקײַט אִין געֶשטאלט און אויסזעֶהעֶן הײַסט אויף העֶברעֶאִיש „עינו כֿעין״ 1).

אויף יודִיש זאָגט מעֶן אויך, ווען אײַנעֶר אִיז עהנליך צום צווײַ־טען, ווען אפִילו נאָר גײַסטליך און אִין כֿאַראַקטעֶר — „עֶר אִיז יעֶנעֶר אויס׳ן אויג״ 2).

ווען אַ זאַך אִיז זעֶהר פֿול, זאָגט מעֶן „ס׳אִיז פֿול מִיט׳ן אויג״. בײַ שלום עליכֿם׳ן, אָבעֶר: „פֿול ווִי אײַן אויג״ 3). כֿ׳ווײַס נישט צו דאָס מײַנט מעֶן צופֿעֶרגלײַכֿעֶן מִיט דעֶם אויג־באַללעֶם, וואָס פֿולט אָן דעֶם חלל פון אויג־לאָך אִין קאָפּ, אָדעֶר מִיט דעֶם אויג באַללעֶם זעֶלבסט, וואָס אִיז אַזוֹי פֿול אָנגעֶגאָסעֶן.

אויף אִיבעֶרגעֶבאָרגטעֶן אופֿן רופֿט מעֶן אָן „אויג״ דִי טראָפּעֶנס פֿעֶטקײַט אויף א זופּ, א. ד. ג. אויך אין שטרִיקעֶן רופֿט מעֶן יעֶדעֶן שטרִיק, יעֶדעֶ פֿעֶרשלײַפֿונג — „אויג״ 4). אויך אִין קאָרטעֶן־שפִּיל אִיז פֿעֶרהאן „אויגעֶן״ 5).

---

1) „ועינו כעין הבדולח״ במדבר י״א—ז׳.

2) פרץ ב. I ז. ז. 177, 196. ב: VIII ז. 283.

3) ב. I ז. 195 ב. VII ז. 27.

4) מענדעלע מו״ס ב. II ז׳ 46: „אוִיף ווִיפִּיעל אייגעלעך אָבצולאָזען דען זאָק״. „צעהלט דִי אייגעלעך פֿון זאָק״ שלום עליכם „דער גט״, „הויזפֿרײַנד״ ב. I ז. 46.

5) שלום עליכם ב. VIII ז. ז. 144, 147: „כשרע דרײַ אויגען״, „ר׳האָט זעקס אויגען״, „ס׳פֿעהלט איהם סך הכל איין אויג״.

## XII

אויף צוויי געליבטע, וואָס קוקען זיך כסדר נאָר אָן, שרייבט א. מ. דיק: „זי האָט געהאַט אויגען נאָר פאַר איהם, און ער נאָר פאַר איהר״ 1). ווען איינער האָט איינעם צום ערשטען נישט דערקאָנט, נאָר ערשט דערנאָך גוט צוקוקענדיג זיך צו איהם דערקענט ער איהם, שרייבט דערויף א. מ. דיק: „איהם זענען אַראָבגעפאַלען צוויי שופין פון די אויגען און ער האָט איהם אָנגעהויבען דערקענען״ 2).

פאַרהאַן אַ מענש, ביי וועלכען עס איז „טונקעל די ראיה״ 3) ד. ה. „ער האָט אַ נידריגע ראיה״, פאַרהאַן ווידער איינער, וואָס האָט „א שאַרפע ראיה״ 4) ד. ה. „אַ ווייטע ראיה״ 5), און „אַ ווייטען קוק״.

פערהאַן איינער, וואָס „האָט די אויגען אין קאָפּ״ 6) פערהאַן אָבער איינער, וואָס פאַרזעהט גאנץ געוועהנליכע זאַכען, דאַן זאָגט מען צו איהם: „דו זעהסט נישט? צי זענען דיר דיינע אויגען אויף דער פאטיליצע אַרויס״? 7).

---

1) „פייגעלע מגיד״ ווילנא תרכ״ח ז. 35.

2) „די שקלאַווערײ״ ב. II ז. 60, ב. I ז. 50: „עס זענען איהם דאַן ערשט, ווי צוויי שופין אראָפּגעפאַלען פון די אויגען און האָט דיזען יונגען מאַן באַלד דערקענט״.

3) מאַני דלוגאַטש „דער עולם התוהו'ניק״ ז. 141.

4) דאָרט ז. 23.

5) ביי דיק „די שקלאַווערײ״ ב. II ז. 72: „די נעבער האָבען איינע זייער ווייטע אויג״ אויך איינער וואָס זעהט גייסטיג ווייט, הייסט: ער האָט אַ ווייט אויג.

6) דינעזאָהן. „הערשעלע״ ז. 63, א. מ. דיק „דער פּאָרטעפּיאַניסט״ ז. 38: „ווער נור אויגען האָט אין קאָפּ צו בעטראַכטען״. פערגלייך „החכם עיניו בראשו״.

7) מ. ספעקטאָר „די יודישע וועלט״ ז. 114, ביי מאַני דלוגאַטש „דער עולם התוהו'ניק״ ז. 113 איז דאָ אַ מין שבועה, אָדער קללה. „זאָלען מיר די אויגען ארויס אויף דער פאטיליצע״!

# XIII

מיט די אויגען וויינט מען. פערהאַן אָבער דאָס מען וויינט נאָר בדרך מליצה, ד. ה. מען קלאָגט זיך, מען זשאַלעוועט זיך פאַר אַ צוויי-טען. דעריבער ווילענדיג זאָגען דאָס איינער האָט געוויינט אין דער ווירקליכקייט, זאָגט מען: „ער האָט געוויינט מיט טרעה-רען" 1). פערהאַן אפילו דאָס מען וויינט „מיט ביטערע טרערען" 2). ס'גיבט אָבער מענשען וואָס וויינען אומזיסט און אומנישט, דעריבער זאָגט די וועלט זעהר שעהן; „איבער די זיסע טרעהרען, קאָנען די ביטערע נישט קומען פאַר גאָט" 3). פאַלשע טרעהרען — הייסען אויך: „ציבעלע-טרעה-רען" 4). דען שניידענדיג ציבעלעס געהען די אויגען איבער. חאָטש דער מענש האָט דאַמאָלסט קיין בעזונדערען עגמת נפש נישט. פערהאַן גוטע טרערען, טרערען פון פרייד 5). פערהאַן אָבער אויך „הייסע בלוטיגע טרערען" 6). פערהאַן „ס'שטעלען זיך טרערען אין די אויגען" 7). אָבער: „די טרע-רען קומען אין די אויגען אַריין" 8). פערהאַן „מען שטיקט די טרערען" 9). פערהאַן אָבער, דאָס „מען

---

1) שלום עליכם ב. V ז. 107.

2) פרץ ב. II ז. 94.

3) ביי א. בערנשטיין „טרעהר" 1: „איבער די פאַלשע טרעהרען קענען שוין די אמת'ע נישט אַרויף אין הימעל"

4) א. בערנשטיין „טרעהרען" 2.

5) שלום עליכם ב. II ז. 201.

6) מענדעלע מו"ס ב. IX ז. 87, ב: VIII ז. ז. 278, 234, 276, 294.

7) שלום עליכם ב. II ז. 201, דיק „די שקלאַווערײ" ב. II ז 70.

8) א. בערנשטיין „זיידע"

9) מענדעלע מו"ס ב. VII ז. 76.

בעוואַשט זיך מיט טרערען" 1). פון וויינען אסך וועֶרען די אויגען קאַליע ד. ה. אויף יודיש „ער האָט זיך די אויגען אויסגעוויינט" 2) „אויף פרעמדע קברים זאָגט מען גבער, וויינט מען זיך קיין אויג ניט אויס" 3). פון פיעל וויינען בעקומט מען רויטע פערוויינטע אויגען 4), און נעשוואָלענע אויגען 5). דינענזאָהן ברענגט: „אַז מען וויינט זיך אויס, זאָגט מען, ווערט קלעהרער אין די אויגען" 6). אויף אַ זאַך, וואָס מען האָט דערפון קיין גרויס צער נישט געהאַט, זאָגט מען מיט קאַטאָוועס: „איך האָב מיר אויסגעוויינט דערויף דאָס דריטע אויג" 7). ביי דיק'ען זאָגט מען אויך אויף צוויי, וואָס האָבען ציזאַמען געוויינט אויף איין זאַך „זיי האָבען זיך גענוג איינגעוויינט הייסע טרערען איינער אין דעם אַנערענס אויגען" 8). דיק ברענגט אויך אויף פיעל ערטער דאָס אַ אַלט שפּריכוואָרט זאָגט: דער מענש איז ניט צו פריידען געמאַכט, דאַהער איז דאָס אויג מיט טרערען פול אויך ווען ער לאַכט" 9). „אַז דאָס האַרץ איז פול (עגמת נפש), געהען די אויגען איבער" 10). פאַרהאַן אָבער אַ אויסדרוק, וואָס איז מיר נישט גענוג קלאָר; ווען איינער פערלאַנגט צו טייער פאַר אַ זאַך, זאָגט מען: „ער האָט געבאָטען, אַז די אויגען זענען אַזש איבערגעגאַנגען".

---

1) מענדעלע מו"ס ב. IV ז. ז. 38, 54. ב. VII ז. ז. 8, 130, 196. דיק „די שלאָווערײַ" ב. II ז. 70.

2) פרץ ב. II ז. 30. זעה ביי שלום עליכם ב. XI ז. 195 דעם אויסדרוק: „וויינט אויף ביידע אויגען", און ביי מענדעלע מו"ס ב. VIII ז 338: „איין אויג וויינט און איינס לאַכט", פערגלייך אויך מיט די אייסדרוקען: „זי האָט זיך די אויגען אויסגעקוקט" דינעזאָהן „הערשעלע" ז. ז. 127, 153: „קוקט זיך די אויגען אויס", פרץ „פאָלקסט. געשיכטען" ז. ז. 16, 61.

3) א. בערגשטיין „וויינען" 1.

4) מענדעלע מו"ס ב. VI ז. 121.

5) דאָרט ז. 130,

6) „הנאהבים והנעימים" ז. 24. ביי מאָני דלוגאטש „דער עולם התוהו'ניק" ז. 23: זאָגט מען אויך „דאָס טאַבאַק מאַכט לויטער די אויגען".

7) א. מ. דיק. „דער פאָרטעפּיאַניסט" ז. 61.

8) דאָרט ז. 29. „די שקלאַווערײַ" ב. I ז. 43, ב. II ז. ז. 50, 73: „זיי האָבען ארײַנגעוויינט הייסע טרעהרין איינע די אנדערע אין די אויגען".

9) „דער אפּיקורס" ז. 60 און נאָך.

10) בערנשטיין „הארץ".

# הוספות.

צו ז. 5: ליניעצקי „דאָס משלחת" ז. 19: „לעג צו מח", „הערען מיט קאָפּ".

„דער פוימאַניק" (ר' אבא מווילנא. זיטאָמיר תרל"ד) ז. 30: „זאָלסט שכל האָבען, נאָר קאָפּ!"

ליניעצקי „דאָס פוילישע יונגעל" ז. 120: „עס לייגט זיך מיר גאָרנישט אין קאָפּ אַריין עס זאָל זיין אַזוי גאָר פשוט". „דער וועלט לוח" ז. 69: „געהט גאָר נישט אין קאָפּ אריין". „די געשיכטע פון בבא" ז. 35: „אָבער איר גייט דאָס אלץ ניט איין".

„די הפקר וועלט" (מאת יעבץ רוקח מעיר קצר עינים, ווארשא, תרס"ב) ז. 33: „עס געהט מיר פאָרט נישט אין קאָפּ אריין, עס זאָלען אַזוינע עפּענטליכע רציחות קענען געשעהען".

ליניעצקי „דאָס פוילישע יונגעל ז. 23: „מיר איז דאָס גוט אין קאָפּ אַריין". ז. 38: „דעם טאַטען איז דאָס אַריין אין קאָפּ".

ק. עפשטיין („לייבקע קלאטץ" ווילנא 1914 ז. 19): „די דאָזיגע ווערטער זענען סאָפיען טיף אין קאָפּ אַריין". „הערשעלע אָסטראָפּאָליער" ז. 12: „זיך גוט גענומען אין קאָפּ אריין". ז. 21: „איינגעפאלען אַ מחשבה אין קאָפּ".

ליניעצקי „דאָס פוילישע יונגעל" ז. 24: „רבונו של עולם! שיק דעם מינ:סטער אין קאָפּ אריין, אַז ער זאָל..." ז. 30, 31: „דאָס פארשפּיעל ליגט איהם גאָר אין קאָפּ".

ז. 131: „דער חלום איז מיר אַלץ געלעגען אין קאָפּ". ע. בלאשטיין (שפּרינצע די פקחית" ז. 17): „מער ווי אַזעלכע ווערטער ליגט איהם אין קאָפּ ניט".

א. מ. דיק „די שקלאַווערייַ" ז. 28: „דאָס מוז שטאַמען פון דער מאַדאַמס קאָפּ".

צו ז. 6: „דאָס פּרייליכע הערשעלע" ז. 17: „די נגידים, מיט דעם קאָפּ זאָלען זיי אָנלייגען". ליניעצקי „דער וועלט לוח" ז. 66: „דעם רב'ס ציג האָט אָנגעלעגט מיט'ן קאָפּ".

צו ז. 8: דיק „נטע גנב" ז. 60: „אים אָבצופּאַרטיגען די בעלי־עגלות פון מיין קאָפּ".

ליניעצקי, „דאָס פּוילישע יינגעל" ז. 7: „נאַ דיר גאָר אַ ניאנקע איף מיין קאָפּ!". ע. בלאשטיין „שפּרינצע די פּקחית" (ווילנא תרנ"ה) ז. 15: „אַרויף נעשיקט געוואָרען אַ צרה אויף מיין קאָפּ". ז. 21: „וואָס צרות עס איז אייסנעגאָסען געוואָרען אויף מיין קאָפּ".

צו ז. 9: „סערקעלע" ז. 58: „ער זאָל האָבען צעהן קעפּ, ווערט ער זיך אויך ניט שטויסען".

צו ז. 12: דיק „נטע גנב" ז. 12: „אַ שפּיציגען קאָפּ". בלאשטיין, „שפּרינצע די פּקחית" ז. 12: „דער שפּיציגער קאָפּ". „לייבקע קלאטץ" פון ק. עפּשטיין ז. 27 „מיין אַלטער נאַרישער קאָפּ".

צו ז. 16: ע. בלאשטיין. „שפּרינצע די פּקחית" (ווילנא תרנ"ה) ז. 11: „זיין מח איז איהם ניט אייסגעדאַרט" (ד. ה. קיין נאַר איז ער ניט). ליניעצקי „פון'ם יריד" ז. 6: „אַזוי האָט מיר געדארט דער קאָפּ טראַכטענדיג". „דער וועלט לוח" ז. 54: „דאַרט אויס דער קאָפּ, וואו נעמט מען"... מען זאָגט אויך. „דער קאָפּ ווערט מיר אויסגעהוילט" פון דאגה...

צו ז. 17: ליניעצקי „פון'ם יאַריד" ז. 5: „דילט דער וועלט אַ קאָפּ". מאני דלוגאַטש ז. 5: „אָנדרשינען אַ פולען קאָפּ".

צו ז. 18: מאָני דלוגאַטש. „דער עולם התוהוניק" ז. 156: „פּלעגט איהם גריזען און פּיקען דעם קאָפּ".

ליניעצקי. „דאָס משלחת" ז. 17: „מיר איז דער קאָפּ אומשטיינס געזאָגט פאַרשלאָגען מיט דאגת פרנסה".

אקסענפעלד „דאָס שטערנטיכעל" ז. 45: „ער האָט איהם דעם קאָפּ זאטשמעליעט". „סערקעלע" ז. 19: „ער מוז עפּיס האָבען אַ מאַליגנע אין קאָפּ".

„דער פּוימאָניק" (פון ר' אבא מווילנא. זיטאָמיר תרל"ד ז. 31): „אַ שען מיידעל זי האָט מיר פשוט דעם קאָפּ פערדרעהט".

ליניעצקי „דאָס פּוילישע יונגעל" ז. 103: „אַז ער האָט שכל

אַזוי פֿיעל מענשען די קעפּ צו פּערדרעהען". דיק „מאַטקע און הערשקע" ז. 15: „געהען אום מיט פּערדרעהטע קעפּ" (פֿון זאַרג).

פֿון „הערשעלע אָסטראָפּאָליער" (א. מ. ש. ווארשא ז. 41) ווערט ערצעהלט, דאָס ער איז אַמאָל געפּאָהרען אין וועג מיט'ן רבי ר' ברוכ'ל איז געוואָרען אַ שטורם ווינט. הערשעלע שטעלט זיך אָפּ און נעהמט זיך זוכען.

וואָס זוכסט דו? פֿרעגט איהם דער רבי. איך זוך דעם פּאַגרעבען, איך וויל נעמען אַביסעל בראָנפען.

— וואָס עפּיס אין מיטען דערינען בראָנפען?

— פּערשטייט איהר מיך רבי לעבען, דער ווינט בלאָזט מיר אין פּנים, וויל איך נעמען אַביסעל בראָנפען, וועט זיך מיר פּערדרייען די קאָפּ, וועט דער ווינט מיר בלאָזען אין דער פּאטיליצע.

ליניעצקי „דאָס פּוילישע יונגעל" ז. 103: „ער האָט מורא פֿאַר די קינדער, זיי וועלען איהם דעם קאָפּ אַראָב דרייען".

צו ז. 19: „דאָס פּרייליכע הערשעלע" ז. 28: „געהט אַרים אימע-טיג אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ". ליניעצקי „דאָס פּוילישע יונגעל" ז. 125: „ניט לאָזען די אויפקלעהרונג אַ קאָפּ אויפהויבען". „דער וועלט ליה" ז. 50: „וואָס מעהר מען פּערדרייסט דעם קאָפּ, מעהר חאַפּט מען אַ קלאָפּ".

צו ז. 22: ליניעצקי „דאָס משלחת" ז. 47: חאָטש האַק מיר דעם קאָפּ אָפּ, ווייס איך ניט".

ליניעצקי „דאָס פּוילישע יונגעל" ז. 23: „חאָטש נעם מיר אַראָפּ דעם קאָפּ, געדענק איך ניט". די געשיכטע פֿון בבא" (ווילנא תר"ע) ז. 67: „ער האָט פּערדינט מען זאָל איהם קעפּען".

צו ז. 24: אַקסענפעלד: „דאָס שטערינטיכל" ז. 88: „מיין שווער האַרץ צו זיין קאָפּ אויסגעלאָזט".

ליניעצקי „דאָס פּוילישע יונעל" ז. 32: „דעם רבינס יונגעל האָט ביי אונז אויסגעבייטולט דעם לעצטען גראָשען ביי דער נשמה". ז. 6: „איך האָב אָנגעהויבען אויסצובאַטלען הלומות".

מוסטערען פֿון חלומות-בייטלען: 1) אַקסענפעלד. „דער ערשטען יודישער רעקרוט" ז. 41: „וואָס האָט זעך מיר געחלומט, מיר און מיינע קינדער און מיינע פריינד און מיינע שכנים אַ גאַנץ געהעדיג יאָהר. זאָל מיר צו מיינע שונאים'ס קעפּ אויסגעהן".

2) ליניעצקי, „דאָס משלחת" ז. 23: וואָס עס האָט זיך מיר גע-

חלומט היינטיגע נאכט און יענע נאכט און א גאנץ געהענדיג יאָהר, זאָל אויסגעהן צו דיין קאָפּ, צו דיין הענט און פיס, צו דיין ליב און לעבען, צו דיר זאָל עס זיך צו קלעבען". :

צו ז. 25: מאָני דלוגאַטש, „דער עולם התוהו'ניק" ז. ז. 73, 78 „געגעבען א בענטש איבער'ן קאָפּ".

צו ז. 27: אסטרינסקי; „די יועלט האָט זיך איבערגעקעהרט" (ווילנא תרס"ט) ז. 5: „קלעהרסט שוין איבער. ווי מען זאָגט, איבער'ן קאָפּ", ז. 6: „גענוג שוין דיר צו פילאָזאָפירען און צו טראַכטען איבער'ן קאָפּ".

דיק, „נטע גנב" ז. 45: „אייסגעקליידט ווי אַ מאגנאַט פון קאָפּ ביז צו די פיס" ליניעצקי „משלחת" ז. 27: „בעשריבען זיי פון קאָפּ ביז פיס". פערגלייך: „מכף רגל ועד ראש אין בו מתום".

צו ז. 28: ליניעצקי „פונ'ם יאַריד" ז. 8: „איך ליף סטרים גאַלאָוואַי".

צו ז. 31: „סערקעלע" ז. 26: „זיך לאָזען אויפ'ן קאָפּ אַרומרייטען".

צו ז. 34: דלוגאַטש, „דער עולם התוהוניק" ז. 12: „ווי לאַנג קרענקט מיר שוין מיין קאָפּ ניט". מען ערצעהלט דאָס ווייבער שווערע אמאָל כּאַלש, האָבענדיג אַ שפּילקע אין די האָהר שווערענדיג, ריהרען זיי זיך צו, צו דעם קאָפּ פון דער שפּילקע און שווערען: „דער קאָפּ זאָל אַזוי געזונד זיין". בעטאָנענדיג דאָס וואָרט „דער". און אין זין האָבענדיג דעם קאָפּ פון דער שפּילקע.

ביי א. מ. דיק „די שקלאַווערייי" ז. 44: „איך בעט אייך איר זאָלט מיר פון היינט-אָן ניט וואַרעם מאַכען רעט קאָפּ מיט אַזעלכע פּראָזבעס" (ד. ה. פערדרעהען דעם קאָפּ).

— ליניעצקי „שרייבענדיג וועגען משכילים, וואָס מאַכען מיט די חסידישע שטיק, שרייבט ער: „שטיפּען זיך מיט דעם קאָפּ אין רער היטץ אַריין" („דאָס פּוילישע יונגעל" ז. 98). ווען איינער וויל זיך ניט אַריינלאָזען אין פּוילע געשעפטען, זאָגט ער: „כ'וויל מיך ניט מיט אַ געזונדטען קאָפּ לייגען אין אַ קראַנק בעט אַריין" (אין „קראַנקען-בעט").

* * *

מען זאָגט: „זיי רייסען זיך ביי די קעפּ".
„ער האָט דעם קאָפּ פערזעצט" (אַלץ שוין פערמשכנ'ט).
„איך לאַך פון דיר אונז פון דיין קאָפּ" (דיק. „די שקלאַווערייי" II 26).
„זיי אין דער ערד מיט'ן קאָפּ" (ליניעצקי „דאָס משלחת" ז. 33)

„מיט'ן קאָפּ אין דער ערד, ווי אַ באַרג" (ליניעצקי, „דער וועלט לוח" ז. 26, ז. 34; „בין איך שוין גאָר מיט'ן קאָפּ אין דער ערד"). געשליפן זיך דעם מח, ווי אויפצוזוכן אַ פלאַן" (בלאָשטיין. „שפּרינצע די פקחית" ז. 9).
„מען מוז דעם מח שאַרפן" (ליניעצקי „דער וועלט לוח" ז. 55).
ביי א. מ. דיק זאָגט מען אַנשטאָט „ס'איז דאָרט געוועזן אַ מחיה" — „נון וואַר דאָרט קעפּלעך — פּיסלאַך" („פייגעלע דער מגיד" ז. 34 און נאך).

צו ז. 39: איך די מענער פלעגן זיך געגצליך גאָלן די קעפּ און די משכילים פלעגן דאָס שטאַרק קריטיקירן.
זעה ליניעצקי „דאָס פּוילישע יינגעל" ז. 36: „גייען גיגאָלט די קעפּ, ווי די אַרעסטאַנטען". „ניט טויג ניט לעבעדיג" ז. 60: „די מילציגבלויע געגאָלטע קעפּ".
עס איז אלזאָ ביי מענער און פרויען געוועזן איינס און דאָס זעלבע: ביידע געגאָלטע קעפּ, נאָר די מענער פערדעקט מיט יאַרמאָלקעס און שטריימלעך און די פרויען מיט קאָפּקעס, הויבען, א. ד. ג.

צו ז. 48: ביי שלום-עליכם'ן (ב. XII ז. 25): זאָגט מען אַ ווערטעל אויף אַ מעדעל וואָס איז שוין עלטער ווי דרייסיג יאָהר: „ס'איז אַ סברא זי מעג זיך שוין אָבשערן, וואָרום זי איז שוין איבער די שלושים". דען אַ אבל אין די שלושים טאָר זיך ניט אָבשערן. און אַ מעדעל ביי דער חתונה שערט מען דאָך אָב די האָר.

